באָלעסלאַוו פּרוס.

# די קרוין פון מצרים

היסטאָרישער ראָמאַן

יידיש: ע. נ. פרענק.

2-טעס בוך



פערלאַג „א. גיטליך.

וואַרשוי

געזעצט ביי א. שריפטגיסער, שוו.-יורסקא 28.

Druk. Br. Wójcikiewicz, Pawia 10.

# צווייטער טייל.

## ערשטעם קאפיטעל.

נישט ווייט פון דער שטאדט פי־בושת איז געווען דער גרויסער בית־המקדש פון דער געטין התור.

אין חודש פאאני (מערץ, אפריל), ווען דער טאג איז גלייך מיט דער נאכט, ווען דער שטערען סיריוס האט שוין געזאלט אונטערגעהן, זענען נעבען דעם טויער פון דער בית־המקדש געשטאנען צוויי רייזענדע כהנים און איין בעל־תשובה, וועלכער איז געגאנגען בארפוס. אויפ'ן קאפ האט ער געהאט אש און איז געווען בעדעקט מיט א גראב לייליך, וועלכעס האט איהם זיין פנים אויך פערדעקט.

חאטש די נאכט איז געווען א ליכטיגע, האט מען די רייזענדער נישט געקאנט דערקענען. זיי זענען געשטאנען אין שאטען פון צוויי ריזענדיגע בילדער פון געבער מיט קעפ פון אקסען, וועלכע האבען געהיט דעם איינגאנג אין בית־המקדש און מיט גנעדיגע אויגען האבען זיי אבגעהיט די פראווינץ חובה פון מגפות, שלעכטען אויסגוס פון נילוס און פון דרום־ווינדען.

אברוהענדיג זיך אביסעל, איז דער בעל־תשובה געפאלען מיט'ן פנים אויף דער ערד און לאנג מתפלל געווען. דערנאך האט ער זיך אויפגעהויבען, האט אנגענומען דאס קופערנע האמערל און געקלאפט דערמיט אויף דעם טויער. דער שטארקער מעטאל־אבקלאנג איז דערהערט געווארען אין

אַלע הויפען , האָט זיך אָבגעקלאַפּט אָן די דיקע מויערען פון בית-המקדש און איז געלאָפען איבער די פעלדער מיט וויין , די לעהם-היילעך פון די פויערען און דעם זילבערנעם וואסער פון נילוס, וואו עס האָבען אָבגעענטפערט מיט אַ שוואך געשריי די פויגעל , וועלכע האָבען זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף .

נאָך אַלאַנגער ווײַלע, האָט זיך פון אינעווייניג געהערט אַ מורמלען און אַ פראַגע :

— ווער וועקט אונז פון שלאָף ?

— גאָטס קנעכט, רעמסס,— האָט דער בעל-תשובה געענטפערט .

— צו וואָס קומסטו דאָ אהער ?

— נאָך ליכט פון קלוגהייט קום איך .

— וואָס פאַר אַ רעכט האָסטו דערצו ?

— איך בין בעשטימט געוואָרען אַלס נידריגער כהן און אויף גרויסע פּראָצעסיעס אין בית-המקדש טראָג איך שטאָלקאַצען .

דאָס טויער האָט זיך ברייט געעפענט , אין מיטען איז געשטאַנען אַ כהן אין אַ ווייס מלבוש, וועלכער האָט אויסציהענדיג די האַנד געזאָגט לאַנגזאַם און דייטליך :

— געה אַריין . איבערטרעטענדיג די שוועל , זאָל גאָטס מנוחה אָנהויבען וואָהנען אין דיין נשמה און אָנגענומען זאָלען ווערען אַלע דיינע תפלות, וועלכע דו ביזט מתפלל צו די געטער .

ווען דער בעל-תשובה איז איהם געפאַלען צו די פיס , האָט דער כהן געמאַכט געוויסע צייכענס איבער זיין קאָפּ און געמורמעלט :

— אין נאָמען פון דעם, וועלכער לעבט היינט, האָט געלעבט און וועט לעבען, העלכער האָט אלץ בעשאַפען... וואס זיין אָטהעם פערפולט די וועלט און יענע וועלט און איז דאָס אייביגע לעבען...

און ווען דאָס טויער איז פערמאַכט געוואָרען, האָט דער כהן גענומען רעמסס'ן ביי דער האנד און איז דער פינסטערניש, צווישען די ריזיגענדיגע זיילען פון פאָדערהויז, האָט ער איהם געפיהרט צו זיין בעשטימט וואהנונג. די וואָהנונג איז געווען א קליינע צעל, וואס איז געווען בעלויכטען מיט א לעמפעל. אויף א שטיינערנער פאָדלאָגע איז געלעגען א בינדעל טרוקען היי, אין ווינקעל איז געשטאנען א קרוג מיט וואסער, און אין דער זייט — א פלעצעל פון גערשטען-מעהל.

— איך זעה, אז דאָ וועל איך טאקי קאָנען אָברוהען נאָך די אויפנאהמען ביי די הויפטמענער!...— האָט רעמסס פרעהליך אויסגעשריען.

— קלער בעסער וועגען אייביגען לעבען! — האָט דער כהן געענטפערט און איז אוועקגעגאנגען.

דער קרוין-פרינץ איז בייז געוואָרען, הערענדיג די ווערטער פון כהן. חאָטש ער איז געווען הונגעריג, האָט ער נישט געוואָלט עסען דאָס פלעצעל, נישט טרינקען קיין וואסער. ער האָט זיך געזעצט אויף דעם גראָז און, קוקענדיג אויף זיינע צוקאָלעטשעטע פים, האָט ער זיך געפרעגט: צו וואס איז ער דאָ געקומען?...

זעהענדיג די וועגד פון דער צעל און איהר אָרימקייט, האָט ער זיך דערמאָהנט די יאָהרען, ווען ער איז א יונגעל געווען, ווען ער איז געווען אין דער שולע פון די כהנים,

וויפֿיעל שטעקענס ער האָט דאָרט בעקומען!... וויפֿיעל נעכֿט האָט ער פֿערבראַכֿט אויף דער שטיינערנער פּאָדלאָגע אַלס שטראָף!... רעמסס האָט איצט אויך דערשפּירט די זעלבע שנאה, די זעלבע קרענקעניש, וואָס ער האָט דאַמאָלס געהאַט צו די שטרענגע כהנים, וועלכֿע האָבען אויף אַלע זיינע קשות און שאלות געענטפֿערט נאָר דאָס איינע: „קלער בעסער פֿון דעם איביגען לעבען!"...

— איך בין משוגע געוואָרען!... איך בין משוגע געוואָרען!...— האָט רעמסס געזאָגט צו זיך זעלבסט.

ער האָט געוואָלט באַלד צוריק אַרויס פֿון דעם בית-המקדש; ער האָט זיך אָבער דערמאָהנט, אַז די כהנים וועלען איהם דאָס טויער נישט עפֿענען. זעהענדיג זיינע שמוציגע פֿיס, דאָס אַש, וואָס ער האָט געשאָטען אויף זיינע האָר, דאָס דיקע לײַלעך, מיט וועלכֿען ער איז בעדעקט געוועזען — איז איהם דאָס אַלץ זעהר מיאוס געוואָרען. וואָלט ער האָטש זיין שווערד געהאַט!... נאָר צי אין די מלבושים און אויף דעם אָרט וואָלט ער געהאַט די העזה זיך מיט דעם שווערד בענוצען?..

ער האָט דערשפּירט אַ שרעקליכֿע אימה און דאָך האָט איהם אַביסעל דערמונטערט. ער האָט זיך דערמאָהנט אַז די געטער אין בית-המקדש שיקען אויף מענשען אַ אימה און די אימה איז ווי אַ טויער צו קלוגהייט.

— איך בין דאָך אַ שני-למלך און אַ קרוין-פּרינץ — האָט ער זיך געקלערט — וואָס וועלען זיי מיר דאָ קאָנען שלעכֿטס טהון?

ער האָט זיך אויפֿגעהויבען און איז אַרויסגעגאַנגען פֿון זיין צעל. ער האָט זיך געפֿונען אין אַ גרויסען הויף,

וואס איז געוועזן ארומגענומען מיט זיילען. די שטערן האבען העל געלויכטען, האט ער אלזא דערזעהן, — אין איין עק פון הויף שטעהען ריזענדיגע טהורעמס, אין דעם צווייטען א אפענער איינגאנג אין דעם בית־המקדש.

ער איז דארט אהין געגאנגען. ביי דער טהיר האט געהערשט א פינסטערניש, און וויים האבען עטליכע לאמפען געלויכטען, ווי זיי וואלטען זיך אין דער לופט געהאלטען. איינקוקענדיג זיך האט ער דערזעהן צווישען דער טהיר און דעם ארט, וואו די לאמפען זענען געוועזן, — א גאנץ געדיכט וואלד מיט דיקע זיילען, וואס זייערע שפיצען זענען זיך פונאנדערגעשוואומען אין פינסטערניש. אין דער טיעף, עטליכע הונדערט טריט פון איהם, האט ער נישט דייטליך געזעהן ריזענדיגע פים פון א זיצענדער געטין און איהרע הענד, וואס זענען אנגעשפארט געוועזן אויף די קניען, און וועלכע עס האט זיך שוואך אבגעשלאגען דער בלאנק פון די לאמפען.

פלוצלונג האט ער דערהערט עפעס א שטיל מורמלונג. פון ווייטענס האט זיך ארויסגערוקט א רייהע פיגורען, וועלכע זענען געגאנגען פארוויי. דאס איז געוועזן די נאכט־פראצעסיע פון די כהנים, וועלכע האבען מתפלל געוועזן און געלויבט דאס שטיינבילד פון דער געטין, זינגענדיג אין צוויי קאהרען:

ערשטער קאהר: „איך בין דער, וואס האט בעשאפען הימעל און ערד, און אלץ, וואס אויף זיי איז האב איך געמאכט".

צווייטער קאהר: „איך בין דער, וואס האט דאס וואסער געמאכט און דעם מבול בעשאפען, איך בין

דער, וואָס האָט דעם אָקס זײַן מוטער געמאַכט, וועלכער איז אַ פּאַטער".

ערשטער קאָהר: „איך בין דער, וואָס האָט דעם הימעל בעשאַפֿען, און די סודות פֿון הימעל און די נשמות פֿון די געטער האָב איך אין זײ אַרײַנגעלעגט".

צווייטער קאָהר: „איך בין דער, וואָס ווען ער עפֿענט די אויגען, ווערט ליכטיג, ווען ער פֿערמאַכט זיי, ווערט פֿינסטער".

ערשטער קאָהר: „דאָס וואַסער פֿון נילוס פֿליעכט, ווען איך הייס"...

צווייטער קאָהר: „אָבער געטער קענען ניט זײַן נאָמען". *)

די קולות, וואָס זענען פֿון אָנפֿאַנג געווען ניט דײַטליך, זענען אַזוי שטאַרק געוואָרען, אַז רעמסס האָט יעדעס וואָרט געהערט; און ווען די פּראָצעסיע איז פֿערשוואונדען געוואָרען, זענען די קולות פֿונאַנדערגעשפּרייט געוואָרען צווישען די זײַלען און שוואַכער געוואָרען... ענדליך זענען זיי אין גאַנצען פֿערשוואונדען געוואָרען.

— און דאָך — האָט זיך רעמסס געקלערט — עסען די מענשען, טרינקען און קלויבען רײַכטהומען... און דערצו דיענען זיי די געטער, אַפֿילו בײַ נאַכט אויך... האָטש וואָס האָט דאָס שטײַנבילד פֿון זייער דיענסט?!...

דער קרוין־פּרינץ האָט ניט איינמאָל געזעהן שטיינבילדער פֿון געטער, וואָס שטעהען בײַ די גרענצען און זענען בעשמירט מיט בלאָטע דורך די אײַנוואָהנער פֿון

*) ריכטיג איבערגעגעבען.

אנדערע פראָווינצען, אָדער זיי זענען דורכגעשאָסען: סאָל־דאַטען פון אויסלענדישע פאָלקען האָבען צו זיי געשאָסען מיט פייל און בויגענס. אויב די געטער בעליידיגען זיך נישט, ווען מען טהוט זיי אַזוי, מאַכען זיי זיך אודאי נישט זעהר פיעל אויך פון תפלות און פראָצעסיעס.

און ווער האָט געזעהן די געטער? — האָט רעמסס צו זיך אַליין געזאָגט.

דער ריזענדיגער בית־המקדש, די מעננע זיילען, די לאָמפּען, וועלכע האָבען געלויכטען פאַר דעם שטיינבילד— דאָס אַלץ האָט צו זיך געצויגען רעמסס'ן. ער האָט גע־וואָלט זיך אַרומקוקען און איז געגאַנגען פאָרווערטס.

פלוצלונג האָט זיך איהם געדאַכט, אז עפּעס אַ האַנד בעריהרט איהם זעהר עדעל... ער האָט זיך אומגעקוקט און האָט קיינעם נישט געזעהן... ער איז אַלזאָ ווייטער געגאַנגען.

פלוצלונג האָבען איהם אָבער צוויי הענד ביי דעם קאָפּ אָנגעכאַפּט און אַ דריטע, גרויסע האַנד, האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף זיין קאָפּ.

— ווער איז דאָ? — האָט דער קרוין־פּרינץ גערו־פען און איז געלאָפען צווישען די זיילען.

ער איז אָבער געשטרויכעלט געוואָרען און איז שיעור נישט געפאַלען: עס האָט איהם עפּעס ביי די פיס אָנגעכאַפּט.

רעמסס'ן האָט ווידער בעהערשט די אימה, וועלכע איז ביי איהם גרעסער געווען איצט, ווי אין דער צעל. ער האָט גענומען אַנטלויפען, אָבשלאָגענדיג זיך אָן די זיילען, וועלכע האָבען איהם ווי דעם וועג פערשטעלט און

אַ פִינסטערניש האָט אִיהם אַרומגענומען אִין אַלע זייטען.

— אָ, הייליגע געטין, ראַטעווע!... — האָט ער געמורמעלט.

באַלד אִיז ער אָבער שטעהן געבליבען: עטליכע טריט פאַר אִיהם אִיז געווען די גרויסע טהיר פון דעם בית-המקדש און דורך דער טהיר, האָט ער געזעהן אַ אויסגעשטערנטען הימעל. ער האָט אומגעדרעהט דעם קאָפּ: צווישען דעם וואַלד פון די ריעזענדיגע זיילען האָבען געלויכטען לאָמפּען און זייערע שטראַהלען האָבען זיך שוואַך אָבגעשלאָגען אָן די קניע פון דער הייליגער געטין התור.

דער קרוין-פּרינץ אִיז צוריק געגאַנגען צו זיין צעל, אַ אויפגערעגטער און נידערגעשלאָגענער; דאָס האַרץ האָט זיך אִין אִיהם געוואָרפען, ווי אַ פויגעל, וואָס ווערט געחאַפּט אִין אַ נעץ. צום ערשטען מאָל, זייט שוין פיעל יאָהר, אִיז ער געפאַלען מיט'ן פּנים אויף דער ערד און הייס האָט ער מתפלל געווען, בעטענדיג די געטער, זיי זאָלען אויף אִיהם רחמנות האָבען און אִיהם מוחל זיין זיינע זינד.

— דיין תפלה אִיז אויסגעהערט געוואָרען!... — האָט זיך אָנגערופען אַ קול אִיבער אִיהם.

רעמסס האָט פּלוצלונג אויפגעהויבען דעם קאָפּ. נאָר אִין דער צעל אִיז קיינער נישט געווען; די טהיר אִיז געווען פערמאַכט, די מויערען זענען דיק. ער האָט אַלזאָ נאָך הייסער מתפלל געווען, בִיז ער אִיז אַנטשלאָפען געוואָרען מיט'ן פּנים אויף די שטיינער.

ווען ער האָט זיך צומאָרגענס אויפגעכאַפּט, אִיז ער שוין אַן'אַנדער מענש געווען: ער האָט דערקענט דעם קראַפט פון די געטער און געהאַט האָט ער שוין פער-

שפראָכען, אַז זיין תפלה איז אָנגענומען געוואָרען.

פון דאמאָלס אָן האָט ער מיט חשק מתפלל געוועזען פיעל טעג דורכאנאנד. ער האָט זיך קורץ אָבגעשאָרען די האָר, זיך געקליידט ווי אַ כהן און פיער מאָל אין טאָג איז ער געגאנגען צו דעם קאָהר פון די יונגסטע כהנים.

זיין פריהעריג לעבען מיט פערוויילונגען און פערגניגענס, האָט ער געהאסט, און דאס אונגלויבען, וואָס ער האָט בעקומען זייענדיג צוזאמען מיט אויסלענדער און יונגע לייט, האָט אויף איהם געוואָרפען אַ פחד. ווען מען וואָלט איהם היינט געגעבען צו וועהלען צווישען דער קרוין פון דער מלוכה און אַמט ביי די כהנים, וואָלט ער אודאי די קרוין אָבגעוואָרפען פון זיך.

אַ מאָל האָט איהם דער גרויסער נביא פון דעם בית-המקדש גערופען צו זיך, און איהם דערמאָהנט, אַז ער איז דאָ אהער געקומען נישט אויסשליסליך צוליעב תפלות, נאָר אום צו לערנען און קלוג צו ווערען. דער נביא האָט געריהמט זיין פרומקייט, ער האָט איהם געזאָגט, אַז ער איז שוין ריין פון דעם שמוץ פון דער וועלט און ער האָט איהם געהייסען זיך בעקענען מיט די שולען, וועלכע עקזיסטירען ביי דעם בית-המקדש.

מעהר אוים געהאָרזאמקייט, ווי אוים נייגיעריגקייט, איז דער קרוין-פרינץ באלד געגאנגען אין דעם אויסערליכען הויף, וואו עס איז געווען די אָבטהיילונג פון לעזען און שרייבען.

די שולע איז געוועזען אין אַ גרויסען זאַל, וועלכער איז בעלויכטען געוועזען דורך אַ לאָך אין דאך. אויף ראָגאָזשעס זענען געזעסען עטליכע צעהנדליג נאקעטע שילער מיט

טאָוולען פון וואַקס אין די הענד. איין וואַנד איז געווען פון גלאַטען אַלבאַסטער, נעבען איהר איז געשטאַנען דער לעהרער און מיט פערשיעדענע פאַרבען האָט ער אויף איהר געשריבען עפּעס צייכענס.

ווען דער קרוין־פּרינץ איז אַריינגעקומען, זענען די שילער (כמעט אַלע זענען געווען אין איין אַלטער מיט איהם) געפאַלען אויף די פּנימ'ער פאַר איהם. דער לעהרער, בוקענדיג זיך, האָט אויפגעהערט צו שרייבען און האָט אָנגעהויבען ערקלערען די שילער די וויכטיגקייט פון דער לעהרע.

— מיינע געליעבטע, — האָט ער געזאָגט,—„א מענש, וואָס האָט נישט קיין האַרץ צו קלוגהייט, מוז זיך בעשעפטיגען מיט האַנד־אַרבייט און קוועטשען די אויגען. אָבער דער, וואָס פערשטעהט די וויכטיגקייט פון דער לעהרע און בילדעט זיך, קאָן דערגרייכען צו יעדער מאַכט, צו דער מלוכה. געדענקט דאָס". *)

„קוקט זיך איין אין דעם עלענדען לעבען פון מענשען, וועלכע קאָנען נישט לייענען. א שמיעד איז שוואַרץ, פערשמירט, די פינגער זיינע זענען פול מיט היהנעראויגען און ער אַרבייט טאָג און נאַכט. א שטיין־האַקער רייסט זיך אָב דעם אָרעם, אום ער זאָל קאָנען זיין הונגער שטילען. א מויערער, וועלכער בויעט טהורעמס אין געשטאַלט פון לאָטוס, ווערט פון שפּיץ אַראָבגעוואָרפען דורך דעם שטורם־ווינד. א וועבער האָט צונויפגעדריקטע קניע, דער וואָס אַרבייט אוים געוועהר, מוז שטענדיג רייזען;

*) ריכטיג איבערגעגעבען.

באַלד ווען ער קומט אַהיים, מוז ער צוריק אַרויספֿאָהרען. אַ צימער-מאָלער האָט אונרײַנע הענד, אַלויפֿער איז שטענדיג אין סכנות: עס פֿאַלען איהם אָן ווילדע חיות, אָדער ווילדע מענשען.

„איך האָב אײַך געוויזען דעם גורל פֿון פֿערשידענע מלאָכות, ווײַל איך וויל, איהר זאָלט ליעבען די קונסט פֿון שרײַבען, וועלכע איז אײַער מוטער, און איצט וועל איך אויך פֿאָרשטעלען איהר שענהײַט. זי איז נישט עפּעס אַ לעער וואָרט אויף דער וועלט, זי איז וויכטיגער פֿון אַלע אַנדערע מלאָכות, ווער עס קאָן שרײַבען דער איז געאַכטעט פֿון זײַן יוגענד טאָג אָן; ער מאַכט גאָר גרויסע זאַכען אויף דער וועלט. אָבער דער וואָס לערנט זיך נישט שרײַבען, לעבט אין עלענדקײַט.

„די לעהרע איז שווער, ווי באַרגער; נאָר איין טאָג אין דער לעהרע איז בעסער פֿון אַלץ, וואָס איז פֿערהאַן אויף דער וועלט. בכן דערקענט די לעהרע זעהר גיך און ליעבט זי... דער וואָס קאָן שרײַבען, איז מעהר געאַכטעט פֿון אַ פֿירשט, זײַן טינט-פֿאַס און זײַן בוך גיעבען איהם פֿערגניגען און רײַכטום!“...

נאָך דער רעדע וועגען דער וויכטיגקײַט פֿון דער לעהרע, וועלכע די שילער אין מצרים האָבען געהערט דרײַ טויזענד יאָהר אָהן שום ענדערונג, האָט דער לעהרער ווידער גענומען זײַנע פֿאַרבען און אויף דער אַלבאַסטער-וואַנד האָט ער אָנגעהויבען צו שרײַבען — די אותיות. יעדער אות איז געווען אַ בילד פֿון עפּעס און האָט געהאַט אַ בעזונדער בעדײַטונג. אַ פֿיגור פֿון אַ אויג, פֿויגעל אָדער פֿעדער האָט בעדײַטעט: שאָף, אָדער אַ טאָפּ אַ

שטעהנדער מענש אָדער אַ שיפֿעל, אַ זיצענדער מענש אָדער אַ שטערן. און ווייל די אותיות זענען געווען פֿיעל און יעדער אות האָט געהאַט עטליכע בעדייטונגען, איז דאָס לעזען און שרייבען זעהר שווער געווען.

דאָדורך מאַקי איז רעמסס פֿערמאַטערט געוואָרען מיט'ן בלויזען אויסהערען די לעהרע. די איינציגע זאַך וואָס האָט אַביסעל פֿערגניגען געמאַכט, איז געווען דער שטעקען, מיט וועלכען דער לעהרער האָט „מכבד געווען" דעם שילער, וואָס האָט נישט געקאָנט לעזען אָדער צייכע־נען אַ אות.

אַרויסגעהענדיג פֿון דער שרייב־שולע, האָט זיך רעמסס געזעגענט מיט דעם לעהרער און מיט די שילער און איז איבערגעגאַנגען אין דער שולע פֿון די מעסטער. דאָ האָט מען געלערנט די שילער מאַכען פּלאַנען פֿון פֿעלדער. דאָ האָט מען געלערנט צייכענען ציפֿערען, וואָס איז אויך זעהר שיוער אָנגעקומען זיך אויסצולערנען. די געוועהנליכע אריטמעטישע רעכענונגען זענען געלערנט געוואָרען נאָר אין דער גרעסטער כתה און געמאַכט זענען זיי געוואָרען דורך קיילעכלעך.

רעמסס איז דאָ נאָך מעהר פֿערמאַטערט געוואָרען מיט'ן אויסהערען די לעהרע און ערשט עטליכע טעג שפּע־טער האָט ער בעזוכט די שולע פֿון רופֿאים.

די שולע איז געווען אין אַ גרויסען גאָרטען, אין וועלכען עס זענען געוואַקסען פֿיעל בוימער און איז גע־ווען אויסגעזייהט מיט שמעקענדע קרייטערכסער. דאָרט זענען אָנגענומען געוואָרען קראַנקע, וועלכע זענען

געװעזן דעם גאַנצן טאָג אױף דער לופֿט, אונטער דער זון ליגנענדיג דאָרט אױף בעטען.

װען דער קרױן־פּרינץ איז דאָרט אַרײַן, האָט ער געטראָפֿען אַלעם זעהר רײַן. עטליכע קראַנקע האָבען זיך געבאָדען אין טײַך, אײַנעם האָט מען געשמירט מיט שמעקענדע שמירעכטס, אַנ'אַנדערען האָט מען בערױכערט, עטליכע האָט מען אײַנגעשלעפֿערט מיט'ן קוקען אױף זײ; אײַנער האָט געשריען, װען מען האָט איהם אױסגעגלײַכט אַ אױסגעלענקטען פֿוס.

אײַן שװער קראַנקער פֿרױ האָט אַ כהן אַנידערגעשטעלט אין אַ כּלי עפּעס אַ רפֿואה, זאָגענדיג:

„קום, רפֿואה, קום, פֿערטרײַב דאָס פֿון מײַן הערצען, פֿון די אברים מײַנע, שטאַרק אין כשוף בין איך בײַ דער רפֿואה”, *)

דערנאָך איז דער קרױן־פּרינץ אין בעגלײַטונג פֿון דעם גרעסטען רופֿא אַרײַנגעגאַנגען אין דער אַפּטײק, װאו אײַנער פֿון די כּהנים האָט געמאַכט אַ רפֿואה פֿון קרײַטעכסער, האָניג, בױמעהל, פֿעל פֿון שלאַנגען און יאַשטשורקעס, בײנער און פֿעטס פֿון חיות. רעמסס האָט עפּעס געפֿרעגט דעם אַפּטײקער, ער האָט אָבער נישט געענטפֿערט און נישט אָבגעריסען די אױגען פֿון זײַן אַרבײַט. ער האָט געװעגען און געריבען די מאַטעריאַלען, זאָגענדיג דערבײַ די תּפֿלה:

„זי האָט געזונד געמאַכט איזידאַן, זי האָט געזונד געמאַכט איזידאַ'ן, זי האָט געזונד געמאַכט חרות'ן ... אָ, איזידאָ, גרױסע מכשפֿה, מאַך מיך געזונד, בעפֿרײַ פֿון אַלע

---

*) ריכטיג איבערגעגעבען.

שלעכטע, שעדליכע, רויטע זאכען, פון דער היץ פון א געטין און פון דער היץ פון א גאָט...

„א שוואַגאַט עענאַגאַטע סין! ערוקאַטע! קויאַרושאַגאַטע! ... פּאַפּאַרוקאַ פּאַפּאַרוקאַ פּאַפּאַרוראַ..." *)

— וואָס זאָגט ער? — האָט דער קרוין־פּרינץ געפרעגט.

— דאָס איז א סוד — האָט געענטפערט דער גרויסער רופא, לעגענדיג דעם פינגער אויפ'ן מויל.

ווען זיי זענען ארויסגעגאַנגען אויף דעם לעערען הויף האָט רעמסס געזאָגט צו דעם גרויסען רופא:

— זאָג מיר, היילינער פאָטער: ווי אזוי היילט מען און ווי אזוי לערנט מען זיך אויס היילען? איך האָב געהערט, אַז א קראַנקהייט איז א שד, וועלכער בעזעצט זיך אין דעם מענשען, און ווייל ער איז הונגעריג, קוועלט ער דעם מענשען, ביז ער בעקומט א מאכל, וואָס איז איהם צוגעפּאַסט. א שד, אָדער קראַנקהייט, נעהרט זיך מיט האָניג, אַנ'אַנדער שד—מיט בוימעהל, נאָך אַנ'אַנדערער — מיט דעם, וואָס עס געהט אָב פון בהמות. דער רופא מוז אלזא קודם־כל וויסען: וואָס פאַר א שד האָט זיך בעזעצט אין קראַנקען און דערנאָך — מיט וואָס דער שד שפּייזט זיך, כדי מען זאָל וויסען, וואָס איהם צוגעבען, ער זאָל דעם מענשען קיין יסורים נישט אָנטהון.

דעם כהן האָט זיך פערטראַכט און געענטפערט:

— וואָס א קראַנקהייט איז און ווי אזוי זי פאַלט אויף דעם מענשליכען קערפּער, דאָס קאָן איך דיר, רעמסס.

---

*) ריכטיג איבערגעגעבען.

נישט זאָגען. איך וועל דיר אָבער ערקלערען, ווייל דו ביזט געוואָרען אָבגעריינינגט, ביי וואָס מיר האַלטען זיך ארויסגעבענדיג די רפואות.

שטעל דיר פאָר: איינער איז קראַנק אויף דער לע־בער. מיר כהנים ווייסען, אַז די לעבער געפינט זיך אונ־טער דער מאַכט פון שטערן פענעטער־דעוואַ און די רפואה מוז זיין אָבהענגיג פון דעם שטערן.

אין דעם זענען אָבער די חכמים אונזערע מחולק: איינינגע חכמים זאָגען, אַז אַזאַ קראַנקען מוז מען געבען אַלץ, איבער וואָס דער שטערן פענעטער־דעוואַ האָט אַ ממשלה, ווי קופער, בריה פון בלומען און פלייש פון טוי־בען און ווילעלטהיר. אנדערע רופאים זאָגען אָבער, אַז מען דאַרף צו היילען מיט פערקעהרטע מיטלען. און ווייל דער געגנער פון פענעטער־דעוואַ איז דער שטערן סעבעג, מוז מען דעם קראַנקען געבען: קוועק־זילבער, שמאַראַגד, ניסענבלעטער, פלייש פון פרעש און סאָוואַ׳ס...

דאָס איז אָבער נאָך נישט אַלץ. מען מוז נאָך גע־דענקען דעם טאָג, דעם חודש און די תקופה. יעדער טאָג פון יעדען חודש און תקופה איז אונטער דער מאַכט פון אַ שטערן, וועלכער קאָן שטאַרקען אָדער אָבשוואַכען די רפואה. מען מוז אויך געדענקען: וואָס פאַר אַ שטערן הערשט איבער דעם קראַנקען? ערשט ווען דער רופא בעטראַכט דאָס אַלץ, קאָן ער געבען אַ גוטע רפואה.

— צו ווערען ביי אייך אַלע קראַנקע אויסגעהיילט?

דער רופא האָט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.

— ניין — האָט ער געזאָגט — אַ מענש קאָן זיך לייכט טועה זיין, בפרט ווען ער מוז געדענקען אַזוי פיעל

זאכען, פון וועלכע איך האב דיר געזאגט, און נאך מעהר שאדען די רוחות, וועלכע זענען מקנא דעם רופא און פערדארבען די רפואות. דאדורך קומט אוים, אז די רעזולטאטען פון די רפואות זענען פערשידען: איינער ווערט אין גאנצען געזונד, א אנדערער ווערט נאר בעסער, נאך א אנדערער ווערט נישט בעסער אויך. עס טרעפט אויך, אז די קראנקהייט ווערט געשטארקט און דער קראנקער שטארבט... די געטער ווילען אזוי, מוז זיין אזוי.

דער קרוין-פרינץ האט מיט אויפמערקזאמקייט אויסגעהערט, און דאך האט ער נישט זעהר פערשטאנען. ער האט זיך דערמאהנט דעם צוועק פון זיין קומען אין דעם בית-המקדש און פלוצלונג האט ער א פרעג געטהון דעם גרויסען רופא:

— איהר, הייליגע פאטערס, האט מיר געזאלט וויזען דעם סוד פון פרעה'ס שאף. צי דאס, וואס איך האב געזעהן, איז דער סוד?

— ניין, — האט דער רופא געענטפערט, — מיר קאנען זיך נישט אויף ענינים פון דער מלוכה. עס וועט דא קומען דער כהן-גדול, פענטעאור, וועלכער איז א גרויסער מענש און ער וועט דיר אראבנעהמען דעם דעק פון דיינע אויגען.

רעמסס האט זיך געזעגענט מיט דעם רופא און איז נאך מעהר נייגיעריג געווארען צו הערען, וואס פענטעאור וועט איהם זאגען.

# צווייטעס קאפיטעל.

דער כהן-גדול פענטעאור איז מיט גרויס כבוד אנגענומען געווארען אין דעם בית-המקדש התור, און די נידר-

ריגערע כהנים זענען איהם אקעגענגעגאנגען א האלבע שעה-וועג. עס זענען אנגעקומען פיעל נביאים פון פיעל בית-המקדש'ס און הייליגע ערטער אין נידריגערן מצרים, אום צו הערען ווערטער פון חכמה. עטליכע טעג דערנאך זענען אנגעקומען: דער כהן-גדול מפרים און דער נביא מנטו-זופית.

מען האט פענטעאורען אבגעגעבען אזוי פיעל כבוד, נישט נאר ווייל ער איז געווען א יועץ פון קריעגס-מיניסטער און א מיטגליעד פון דעם העכסטען קאלעגיום, חאטש ער איז נאך יונג געווען, נאר דערפאר, ווייל ער איז זעהר גערימט געווען אין גאנץ מצרים. די געטער האבען איהם געגעבען א ריעזענדיגען, אונמענשליכען זכרון, א גוטע אויסשפראכע און א רוח-נביאות. אין יעדער זאך האט ער דערזעהן דאס, וואס איז געווען פערהוילען פון אנדערע מענשען און ער האט דאס געקאנט פארשטעלען אזוי גוט, אז עס איז געווען יעדען פערשטענדליך.

נישט איינער פון די הויפט-מענער אדער גרעסערע בעאמטע פון פרעה'ן, געוואהר ווערענדיג, אז פענטעאור קומט אן אין דעם בית-המקדש, האט מקנא געווען דעם קלענסטען כהן, אז ער וועט הערען די ווערטער פון דעם הייליגען נביא.

די כהנים, וואס זענען אקעגענגעגאנגען פענטעאור'ן, זענען זיכער געווען, אז ער וועט קומען אין א וואגען פון קעניגליכען הויף, אדער אין א לעקטיקע, וועלכע אכט שקלאפען טראגען. ווי גרויס איז אבער געווען זייער פער-וואונדערונג, ווען זיי האבען דערזעהן איהם פאר זיך א דא-

רען אין א דיק ליילעך, מיט א אויפגעדעקטען קאפ, ריטענ־
דיג איינער אליין אויף א איזעל!

דער נביא האט זיי בעגריסט מיט הכנעה און איז זיך
מיט זיי צוזאמען געגאנגען אין דעם בית־המקדש אריין.
דארט האט ער מקריב געוועזן א קרבן צו די געטער און
באלד איז ער געגאנגען זעהן דעם פלאץ, וואו עס האבען
געזאלט פארקומען פייערליכקייטען.

פון דאמאלס אן האט מען איהם מעהר נישט געזעהן.
נאר אין דעם בית־המקדש און אין די הויפען ארום איהם האט
געהערשט א אונגעוועהנליכע בעוועגונג. מען האט געבראכט
טייערע כלים, תבואה, מלבושים, עס זענען אנגעקומען
עטליכע הונדערט פוהרען און ארבייטער, מיט וועלכע דער
נביא האט זיך פערמאכט אין דעם בעשטימטען הויף און האט
דארט געמאכט זיינע הכנות.

אכט טעג האט ער דארט אזוי געארבייט און דערנאך
האט ער מודיע געוועזן דעם כהן־גדול פון דעם בית־המקדש
התור, אז אלץ איז שוין פארטיג.

די גאנצע צייט איז רעמסס געזעסען אין זיין צעל און
האט פערבראכט די טעג אין תעניתים און תפלות. ענדליך
זענען איין מאל דריי א זייגער נאך מיטאג צו איהם אריין עט־
ליכע הונדערט כהנים און איהם גערופען צו'ם פייערליכקייט.

אין פאדערהויז פון בית־המקדש האבען כהנים־גדולים
בעגריסט דעם קרוין־פרינץ און צוזאמען מיט איהם האבען
זיי דערלאנגט קטורת פאר דעם ריזענדיגען בילד פון דער
געטין התור. דערנאך זענען זיי געגאנגען אין דעם זייטיגען,
ענגען און נידריגען קארידאר, וואס אויף זיין עק האט
געברענט א פייער. די לופט פון קארידאר איז געוועזן דורכ־

גענומען מיט אַ ריח פון פעך, וואָס האָט זיך געקאָכט אין אַ קעסעל.

נעבען דעם קעסעל איז געווען אַ לאָך אין דער פּאָדלאָגע און פון דאָרט האָבען זיך געהערט זיפצען און קללות.

— וואָס איז דאָס?... — האָט רעמסס געפרעגט איינעם פון די כהנים, וואָס איז געגאַנגען מיט איהם צוזאַמען.

דער כהן האָט נישט געענטפערט; אויף די פנים'ער פון אַלע האָט זיך דערקאָנט אַ אויפרעגונג און אַ שרעק.

גלייכצייטיג האָט דער כהן־גדול מפריס געגומען אַ גרויסען לעפעל און, אָנשעפענדיג פון קעסעל הייסען פעך, האָט ער געזאָגט מיט אַ הויך קול:

אַזאַ סוף זאָל האָבען יעדער. וואָס גיסט אַרויס די הייליגע סודות!..

זאָגענדיג דאָס, האָט ער אַריינגעגאָסען פעך אין דעם לאָך פון דער פּאָדלאָגע, און פון אונטער דער ערד האָט זיך געהערט אַ מורא'דיג געשריי:

— דערהרג'עט מיך... אויב איהר האָט אין הארצען האָטש אַביסעל רחמנות!... — האָט מען פון דעם לאָך געשריען.

— זאָלען ווערים עסען דיין פלייש!...— האָט געזאָגט מנטו־זופית, אַריינגיסענדיג הייסען פעך אין לאָך.

— הינד... שאַקאַלען!..— האָט דאָס קול שרעקליך געזיפצט.

— דיין הארץ זאָל פערברענט זיין און דאָס אַש זאָל אַרויסגעוואָרפען ווערען אין דער מדבר...— האָט געזאָגט אַנ'אַנדער כהן גיסענדיג פעך אין לאָך אַריין.

— אָ, געטער!... — צו איז מעגליך אַזוי פיעל צו ליידען?..— האָט מען פון אונטער דער ערד געענטפערט.

— דיין נשמה מיט דעם פלעק פון דיין שאַנד זאָל אַרומבלאָנזען אין די ערטער, וואו עס לעבען גליקליכע מענשען...— האָט נאָך אַן'אַנדערער כהן געזאָגט און האָט אויך אַריינגעגאָסען פעך אין לאָך.

— זאָל די ערד אייך אויפפרעסען!... רחמנות!... לאָזט מיך אָבעטעמען!...

אַזוי האָבען די כהנים איינער נאָכ'ן אַנדערן געגאָסען פעך אין דעם לאָך אַריין. ווען עס איז געקומען די צייט, וואָס רעמסס האָט בעדאַרפט גיעסען דעם פעך, האָט מען שוין פון אונטער דער ערד קיין זיפץ און קיין געשריי נישט געהערט.

— אַזוי שטראָפען געטער די, וואָס גיעבען אַרויס אונזערע הייליגע סודות!..— האָט דער כהן-גדול פון דעם בית-המקדש געזאָגט צו רעמסס'ן.

רעמסס האָט געקוקט אויף איהם מיט אויגען, וואָס זענען געווען פול מיט שרעקליכען כעס. עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז זיין כעס וועט מוזען אויספלאַצען און ער וועט באַלד פערלאָזען די פערזאַמלונג פון די תלינים; ער האָט אָבער דערשפירט אַ אימה פאַר די געטער און שטיל איז ער געגאַנגען צוזאַמען מיט אַנדערע.

איצט האָט רעמסס פערשטאַנען, אַז עס איז פערהאַנען אַ מאַכט, פאַר וועלכער פרעה'ס מוזען דעם קאָפּ אַראָבבויגען. ער איז שרעקליך אויפגערעגט געוואָרען, ער האָט שוין געוואָלט אַנטלויפען, ענטזאָגען זיך פון דער מלוכה... דערווייל האָט ער אָבער געשוויגען און איז געגאַנגען ווי-

טער, זייענדיג ארומגענומען מיט כהנים, וועלכע האבען געזונגען תפלות.

— אט ווייס איך שוין, וואו עס קומען אהין די מענשען, וועלכע זענען נישט בעליעבט די דיעני־ פון געטער!...

די פ־אצעסיע איז ארויס פון דעם שמאלען קארידאר, וועלכער איז פול געוועזען מיט רויך, און איז געגאנגען אויף ־רגעל אונטער דעם פרייען הימעל. אונטער דעם בערגעל איז געוועזען א הויף, וועלכער איז געוועזען ארומגענומען נישט מיט מויער, נאר מיט א נידריגען בנין. פון דעם ארט, וואו די כהנים זענען געשטאנען, ביז דעם הויף הינטען איז געוועזען געמאכט, ווי א אמפיטעאטער אין פינף ברייטע אבטיילונגען, אין וועלכע מען האט געקאנט געהן אין דער לענג און מיט זיי האט מען געקאנט אראבגעהן אויף דעם הויף.

אויף דעם פלאץ איז קיינער נישט געוועזען, נאר פון דעם בנין האבען ארויסגעקוקט עפעס מענשען.

דער כהן־גדול מפריס, אלם דער גרעסטער פון דער פערזאמלונג, האט פארגעשטעלט פענטעאור'ן פאר רעמסס'ן. דער קרוין־פרינץ האט זיך געוואונדערט, דערזעהענדיג דאס פנים פון דעם נביא, וועלכעס האט אויסגעדריקט גוטסקייט און איידעלקייט, און דאך האט ער געקאנט זיין אין קארידאר און צוקוקען די אכזריות'קייטען אין דעם קארידאר. אום עפעס צו זאגען, האט זיך רעמסס צו איהם אנגערופען:

עס דאכט זיך מיר, אז איך האב איך שוין אמאל געזעהן, הייליגער פאטער.

— פאר א יאהרען אויף די מאנעווערען נעבען פי־בעלות. איך בין דארט געוועזען נעבען דעם גרויסען הרהור — האט פענטעאור געזאגט.

דער קרוין-פרינץ איז ערשטוינט געוואָרען, דעהערענדיג פּענטעאור'ס קלינגענדע און רוהיגע שטימע. ער האָט שוין אַמאָל געהערט דאָס קול, עפּעס ערגעץ אין אוננעוועהנליכע בעדינגונגען. אָבער וואו און ווען?...

יעדענפאַלס האָט דער נביא געמאַכט אויף איהם אַ זעהר גוטען איינדרוק. וואָלט ער נאָר געקאָנט פערגעסען די געשרייען פון מענשען, וועלכען מען האָט בעגאָסען מיט פעך?...

— מיר קאָנען אָנהויבען! — האָט זיך אָנגערופען דער כהן-גדול מפרים.

פּענטעאור האָט זיך אַרויסגערוקט און געפּאַטשט מיט די הענד. פון דעם בנין אַרום דעם הויף זענען אַרויסגעלאָ-פען טענצערינען, כהנים זענען אַרוים מיט מוזיק און מיט אַ קליינעם בילד פון דער געטין התור. די מוזיק איז גע-גאַנגען צום ערשטען, נאָך איהר — די טענצערינען, וועלכע האָבען אויסגעפיהרט דעם הייליגען טאַנץ, און נאָך זיי איז געטראָגען געוואָרען דאָס בילד, וואָס איז אַרומגענומען גע-ווען מיט רויך פון קטורת. אַזוי זענען זיי אַרומגעגאַנגען דעם גאַנצען הויף, פערהאַלטענדיג זיך יעדע עטליכע טריט. זיי האָבען געבעטען די געטין, זי זאָל זיי בענשען, שלעכטע רוחות האָבען זיי געבעטען, זיי זאָלען אָבטרעטען פון דעם אָרט, וואו עס זאָל פאָרקומען די פייערליכקייט, וואָס איז פול מיט סודות.

ווען די כראָצעסיע איז צוריקגעגאַנגען אין דעם בנין אַריין, איז אַרויסגעטרעטען פּענטעאור. די גרעסטע כהנים, וואָס זענען דאָרט געווען, אַ ערך פון צוואַנציג אָדער דריי-סיג, האָבען זיך געשטעלט געגען איהם.

— לויט דעם רצון פון היילינגען פרעה — האט פענ־טעאור געזאגט — און מיט דער הסכמה פון די גרעסטע כהנים, זאלען מיר איצט דעם קרוין־פרינץ רעמסס מגלה זיין סודות פון דער מלוכה, וועלכע זענען בעוואוסט נאר די געטער, די גרעסטע לייט פון לאנד און אין די בית־מקדש'ם. איך ווייס, היילינגע פאטערם, אז יעדער פון אייך וואלט דעם קרוין־פרינץ בעסער געקאנט ערקלערען די אלע זאכען, ווייל איהר זענט דאך פול מיט קלוגשאפט און פון אייער מויל רעדט ארוים די געטליכע מות. און דאך, ווייל מען האט ארויפגעלעגט דעם חוב אויף מיר, חאטש איך בין דאך נאר אייער תלמיד און שטויב אונטער אייערע פיס, ערלויבט מיר. איך זאל ערפילען דעם חוב אונטער אייער לייטונג און אייער אויפזיכט.

די גרויסע חכמים זענען זעהר צופריעדען געוועזן פון דער רעדע. פענטעאור האט זיך געווענדעט צו דעם קרוין־פרינץ:

— דו, רעמסס, קנעכט פון די געטער, זוכסט שוין עטליכע חדשים, ווי א פערבלאנזשעטער אין דער מדבר זוכט א וועג — א ענטפער אויף דער פראגע: פאר וואס ווערען פערקלענערט די איינקינפטען פון היילינגען פרעה? דו האסט נעפרעגט די הויפטמענער, און חאטש זיי האבען דיר ערקלערט ווי זיי האבען געקאנט, ביזט דו נאך נישט צופריעדען געשטעלט געווארען, חאטש די גרעסטע מענשליכע חכמה איז געגעבען געווארען במתנה די גרויסע לייט. דו האסט זיך געווענדעט צו די גרויסע שרייבערם, נאר חאטש זיי האבען זיך בעמיהט דיר צו ערקלערען, האבען די מענשען ווי פויגעל פון א נעץ, זיך נישט געקאנט אויספלאנטען פון

די שווערִיגקייטען, ווייל דער שכל פֿון אַ מענשען, אפילו פֿון אַ געבילדעטען, איז נִישט אִימשטאַנד דאָס אַלעס ארומצו־נעהמען. ענדליך ביזטו פֿערמאַטערט געוואָרען מִיט די תשובות, האָסטו אָנגעהויבען אַליין צוּבעטראַכטען די ערד פֿון די פּראָווינצען, זייערע מענשען, די אַרבייט פֿון זייערע הענד, דו האָסט געקוקט און — גאָרנִישט געזעהן. עס זענען פֿערהאַנען זאַכען, פֿון וועלכע מענשען רעדען נִישט, זיי שווייגען, ווי שטיינער. אָבער אַפילו אַ שטיין ווערט דיר זאָגען, אויב דאָס ליכטיגקייט פֿון די געטער ווערט אויפֿ־שיינען.

„ווען דער מענשליכער פֿערשטאַנד האָט דיר נִישט געקאָנט העלפֿען, האָסטו זיך געווענדעט צו די געטער. באַרפֿוס, מִיט אַש אויף דעם קאָפּ, ביזטו געקומען אַלס בעל־תשובה אִין דעם גרויסען בית־המקדש, וואו דו האָסט גערייניגט דיין גוף און געשטאַרקט דיין נשמה מִיט תפלות און סיגופים. די געטער און בפרט די געטין התור, האָט אויס־געהערט דיינע תפלות און פֿון מיין מויל וועסטו הערען איהר ענטפֿער, וועלכע דו זאָלסט דיר איינשרייבען טיעף אִין האַרצען.

„פֿון וואַנען ווייסט ער, — האָט דערווייל זיך געקלערט דער קרוין־פּרינץ, — אַז איך האָב אויסגעהערט די שרייבערס און די הויפּט־מענער? אהאַ, דאָס האָבען איהם געזאָגט מפּריִם און מנטו־זופית... אויסער דעם, ווייסען זיי דאָך אַלעס!”...

— הער אויס — האָט פּענטעאור געזאָגט — און איך וועל דיר מגלה זיין מִיט'ן רשות פֿון די גרויסע לייט, וואָס שטעהען דאָ: וואָס איז געוועזן מצרים פֿאַר פֿיער הונדערט

יאָהר, ווען עס האט געהערשט די בעריהמטסטע און פרומ-סטע 19-טע דינאַסטיע, די פון טעבי, און וואָס איז מצרים היינט...

ווען דער ערשטער פרעה פון דער דינאַסטיע האָט איבערגענומען די ממשלה פון לאַנד, האָבען בעטראָפען די הכנסות פון שאַץ און תבואה, בהמות, ביער, פעל, מע-טאַלען און פערשידענע אויסארבייטונגען — הונדערט און דרייסיג טאַלענטען. ווען עס וואָלט עקזיסטירט א פאָלק, וואָס זאָל קאָנען די אַלע סחורות פערוועקסלען אויף גאָלד, וואָלט פרעה געהאט יעהרליך הונדערט דריי און דרייסיג מינא'ס *) גאָלד. און ווייל איין סאָלדאט קאָן טראָגען אויף זיינע פלייצעס א משא פון 26 מינאָ'ס, דארף מען בענוצען אנ'ערך פינף טויזענד סאָלדאטען אויף איבערטראָגען דאָס גאָלד.

די כהנים האָבען אָנגעהויבען זיך צו סוד'ען איינער מיט'ן אנדער'ן, נישט בעהאַלטענדיג זייער בעוואונדערונג. אפילו דער קרוין-פרינץ האָט פערגעסען דעם מענשען, אויף וועלכען מען האָט געגאָסען פעך.

— היינט — האָט פענטעאור געזאָגט — זענען ווערטה די יעהרליכע איינקינפטען פון הייליגען פרעה און אלע פראָ-דוקטען פון דער ערד — נאָר אַכט און ניינציג טויזענד טאַ-לענטען, פאַר וועלכע מען קאָן בעקומען גאָלד אַזוי פיעל, אז צום איבערטראָגען דארף מען נאָר פיער טויזענד סאָל-דאטען.

— דאָס, אז די איינקינפטען פון דער מלוכה זענען

*) מינאָ איז איינס און האַלב קילאָגראַם.

קלענער געוואָרען, ווײַס איך — האָט זיך רעמסס אָנגערופען — אָבער פאַרוואָס?

— האָב געדולד, גאָטס קנעכט, — האָט פענטעאור געענטפערט — נישט נאָר די אײַנקינפטען פון פרעה'ן זענען קלענער געוואָרען...

אין דער צייט פון דער 19-טער דינאַסטיע, האָט מצרים געהאַט הונדערט און אכציג טויזענד באַוואָפענטע סאָלדאַטען. ווען יעדער סאָלדאַט וואָלט זיך לויט דעם רצון פון די געטער פערוואַנדעלט אין אַ שטיינדעל, וואָס איז אַזוי גרויס ווי אַ ווײַנטרויב...

— דאָס קאָן נישט זײַן — האָט רעמסס געזאָגט.

— די געטער קאָנען אַלץ — האָט שטרענג געזאָגט דער כהן-גדול מפרים.

— אָדער בעסער, — האָט פענטעאור געזאָגט, — ווען יעדער סאָלדאַט וואָלט אַנידערגעלעגט אויף דער ערד איין שטיינדעל, וואָלט געווען הונדערט און אכציג טויזענד שטיינדלעך און, זעהט, הײַליגער פאָטער, די שטיינדלעך וואָלטען פערנומען אַזוי פיעל אָרט...

ער האָט געוויזען מיט דער האַנד אַ רויטליכע פיגור, וואָס איז געלעגען אויף דעם הויף.

— אין דער פיגור וואָלטען אַרײַן די שטיינדלעך, וואָס וואָלטען געוואָרפען געוואָרען דורך די סאָלדאַטען אין די צייטען פון רעמסס דעם ערשטען. די פיגור האָט נײַן טריט אין דער לענג און אַנ'ערך פינף טריט אין דער ברייט. די פיגור איז רויטליך, ווי די קערפער פון מצריים, ווײַל אין יענע צײַטען זענען אַלע אונזערע סאָלדאַטען געווען מצריים...

די כהנים האָבען זיך ווידער אָנגעהויבען צו סוד'ען.

דער קרוין-פּרינץ איז טרויעריג געוואָרען. עס האָט זיך איהם געדאַכט, אז דער נביא שטראָפט דאָס איהם, ווייל ער האָט געליעבט די אויסלענדישע סאָלדאַטען.

— היינט וואָלט זעהר שווער געווען צונויפצושטעלען הונדערט און צוואַנציג טויזענד סאָלדאַטען. ווען יעדער פון זיי וואָלט געוואָרפען אויף דער ערד זיין שטיינדעל, וואָלט מען פון זיי געקאָנט בילדען אָט אזא פיגור... זעהט, גרויסע כהנים...

נעבען דער גרויסער פיגור איז געלעגען א קלענערע, וועלכע איז אזוי הויך געווען, ווי יענע, נאָר א פיעל קירצער געשטעל האָט זי געהאַט. זי איז אויך גישט געווען איין-פאַרביג, נאָר זי איז געווען צונויפגעשטעלט פון פאַסען אין פערשיעדענע פאַרבען.

— די פיגור האָט אין דער ברייט אנ'ערך פינף טריט, נאָר אין דער לענג האָט זי זעקס טריט. עס איז אַלזאָ אָבגעקומען דער מלוכה זעהר פיעל סאָלדאַטען, א דריטעל פון דעם, וואָס זי האָט פריהער געהאַט.

— דער מלוכה וועט קאָנען נוצען די חכמה פון אזעלכע מענשען, ווי דו, נביא, מעהר פון מיליטער — האָט זיך אָנגערופען דער כהן-גדול מפרים.

פענטעאור האָט זיך פאַר איהם געבוקט און ווייטער געזאָגט:

— אין דער צווייטער פיגור, וועלכע שטעלט פאָר די היינטיגע אַרמעע פון די פרעה'ס, זעהט איהר, גרויסע כהנים, נעבען דער רויטע פאַרב, וועלכע ווייזט אויף מצריים, נאָך דריי אַנדערע פאַסען — א שווארצען, א געלען און א ווייסען. זיי ווייזען אויף דעם געדונגענעם מיליטער: פון כוש, אזיען און

לוב, און אויך פון גריעכענלאַנד. אַלע צוזאַמען זענען דרייסיג טויזענד, נאָר זיי קאָסטען אַזוי פיעל, וויפיעל פופציג טויזענד מצריים...

— מען דאַרף ווי אַמניכסטען אונטערברענגען די אויסלענדישע פאָלקען!... — האָט מפרים געזאָגט — זיי קאָסטען צו טייער און טויגען נישט, און זיי לערנען אונזער פאָלק, עס זאָל זיין נישט פרום און פערשייט. היינט פאָלען שוין פיעל מצריים נישט אויף זייערע פנים'ער פאַר די כהנים! נישט איין מצרי האָט שוין בעגנב'עט די בית־מקדש'ם און די קברים...

נידער דאָס געדונגענע מיליטער... — האָט מפרים ווייטער געזאָגט מיט התלהבות — דאָס לאַנד פון דעם מיליטער שאַדען נאָר, אונזערע שכנים זענען אונז חושד, אַז מיר ווילען פיינדליך אַרויסטרעטען געגען זיי...

— נידער מיט דאָס אויסלענדישע מיליטער!...— פונאַנדערטרייבען די געצענדיענער!...— האָבען זיך אָנגערופען די כהנים.

— ווען דו, רעמסס, וועסט אַמאָל געקרוינט ווערען, — האָט מפרים געזאָגט, — וועסטו ערפילען דעם הייליגען חוב פון דער מלוכה און געטער.

— יאָ, דו וועסט ערפילען!... בעפריי דיין פאָלק פון אונגלויבער!...— האָבען די כהנים געשריען.

רעמסס האָט אַראָבגעבויגען דעם קאָפ און געשוויגען. דאָס בלוט איז איהם אַנטלאָפען געוואָרען אין האַרץ אַריין, ער האָט געשפירט, אַז די ערד ציטערט אונטער זיינע פיס.

ער וועט פונאַנדערטרייבען דעם בעסטען טייל

פון מיליטער!... ער, וואס וויל האבען דריי מאל אזא גרויסע ארמעע און פינף מאל אזוי פיעל געדונגענע פאל־קען!...

„אונרחמנות'דיג זענען זיי צו מיר!..." האט ער זיך געקלערט.

— רעה, דו פון הימעל געשיקטער פענטעאור — האט זיך מפריס אנגערופען.

— בכן, הייליגע מענער — האט פענטעאור ווייטער געזאגט — האבען מיר דערקאנט צוויי אונגליקען פון מצרים: די קליינע איינקינפטען פון פרעה'ן און זיין ארמעע...

— וואס האט מען צו רעדען פון דער ארמעע!.. — האט מפרים געמורמעלט, מאכענדיג מיט דער האנד אין דער לופט.

— מיט דעם חסד פון די געטער און אייער רשות, וועל איך אייך איצט ווייזען: פאר וואס איז אזוי געווארען און פאר וואס וועלען די איינקינפטען פון פרעה'ן און די ארמעע וואס אמאל קלענער ווערען.

דער קרוין־פרינץ האט אויפגעהויבען דעם קאפ און געקוקט אויף דעם רעדנער· ער האט שוין נישט געקלערט פון דעם מענשען, וועלכען מען האט אונטער דער ערד ער־מארדעט.

פענטעאור איז אבגעגאנגען אנ'ערך צוואנציג טריט און נאך איהם זענען געגאנגען די גרויסע כהנים.

— זעהט איהר נעבען אייערע פיס דעם לאנגען און שמאלען פאס מיט גרינס? איןביידע זייטען פון דעם פאס ליגען: קאלך־שטיינער, זאמד־שטיינער און גראניט־שטיינער און נאך זיי — א שטח מיט זאמדען. אין מיטען פליעסט

א טײַכעל, װעלכעס טײלט זיך פֿונאַנדער אין עטליכע קלע־
נערע טײַכלעך.

— דאָס װײַזט אויף דעם נילוס!... דאָס איז
מצרים!... — האָבען די כּהנים אויסגעשריען.

— בעטראַכט נאָר, — האָט מפּרים איבערגעהאַקט, —
איך דעק אויף מײַן האַנד — זעהט איך די צװײ בלויע
אָדערען, װעלכע ציהען זיך פֿון עלענבויגען ביז צו דער
פֿויסט? איז דאָס נישט דער נילוס און זײַן קאַנאַלען, װעל־
כער הויבט זיך אָן נעגען די אַ־באַסטער־בערג און
פֿליעסט ביז פֿײַאום?... און קוקט אויף מײַן פֿויסט: אַזוי
פֿיעל אָדערען איז דאָ, װיפֿיעל טײַכלעך עס װערען פֿון דעם
הײליגען טײַך בײַ מעמפֿיס. און מײַנע פֿינגער, דערמאָה־
נען זײ דען נישט די צאָהל פֿון די טײַכען, אין װעלכע דער
נילוס איז געטײלט, װען ער פֿאַלט אַרײַן אין ים?...

— אמת, אמת!... — האָבען געשריען די כּהנים,
אָנקוקענדיג זײערע הענד.

— אַט זאָג איך אײַך, — האָט װײַטער געזאָגט דער
כּהן־גדול מיט התלהבות, — אַז מצרים איז אַ שפּור פֿון
דער האַנד פֿון אָזיריס... דאָ, אויף דער ערד האָט דער
גרויסער גאָט אָנגעשפּאַרט זײַן האַנד: אין טעבי איז גע־
לעגען זײַן עלענבויגען, זײַנע פֿינגער האָבען געגרײכט ביז
צום ים, און דער נילוס איז זײַנע אָדערען... נו, קאָן זיך
װער װאונדערען, פֿאַרװאָס דאָס לאַנד הײסט: „דאָס גע־
בענשטע לאַנד"?...

— טאַקי אַזוי! — האָבען די כּהנים געזאָגט —
מצרים איז אַ אָבדרוק פֿון אָזיריס'עס האַנד...

— צי האָט אָזיריס זיעבען פֿינגער? — האָט זיך

רעמסס אַנגערופֿען — דער נילוס פֿאַלט דאָך אין זיבען טײַכען אין ים אַרײַן ...

עס איז זעהר שטיל געוואָרען.

— יונגערמאַן! — האָט מפרים געענטפֿערט מיט אַ שמײכעל — מײנסטו דען, אַז אָזירים וואָלט ניט געקאָנט האָבען זיבען פֿינגער און אײן האַנר, ווען ער וואָלט נאָר געוואָלט? ...

— נאַטירליך! ... -- האָבען די כהנים געזאָגט

— רעד ווײַטער. בעריהמטער פֿענטעאור — האָט מנטו-זופית זיך אַנגערופֿען.

— איהר האָט רעכט, גרויסע כהנים, — האָט ווײַ־דער פֿענטעאור אָנגעהויבען, — דאָס טײַכעל מיט איהרע צווײַגען ווײַזט אויף דעם נילוס. דער שמאָלער פֿאַס מיט גראָז, וועלכער איז בעזעצט מיט שטײנער און זאַמד. איז אָבער מצרים און דער שטח, וואָס איז דורכגעהאַקט מיט וואַסער־אָדערען, איז אַ בילד פֿון נידריגערען מצרים, וועל־כעס איז דער. גרעסטער און רײַכסטער טײל פֿון דער מלוכה.

אין אָנפֿאַנג פֿון דער 10-טער דינאַסטיע האָט גאַנץ מצרים געהאַט פֿינף מאָל הונדערט טויזענד מאָז ערד. און אויף יעדער מאָז ערד האָבען געלעבט זעכצעהן מענשען: מענער, פֿרויען און קינדער. נאָר אין די פֿיער הונדערט שפּעטערע יאָהרען איז אין יעדען דור אָבגעקומען פֿון מצרים אַ שטיקעל פֿרוכטבאַרע ערד ...

דער רעדנער האָט געמאַכט עפּעס אַ צײכען. לערך צוואַנציג יונגע כהנים זענען אַרויסגעלאָפֿען פֿון דעם בנין

און האָבען געשאָטען זאַמד אויף פֿערשידענע פּונקטען פֿון דעם גראָז.

— אין יעדען דור — האָט ווײַטער דער כהן געזאָגט — איז אָבגעקומען פֿרוכטבאַרע ערד און דער קלײנער פּאַס איז וואָס אַמאָל שמעלער געוואָרען.

— הײַנט — האָט דער נביא הויך געזאָגט — האָט אונזער פֿאָטערלאַנד אָנשטאָט פֿינף מאָל הונדערט טויזענד מאָז, נאָר פֿיעל מאָל הונדערט טויזענד מאָז... אין דער צײַט, ווען די לעצטע צווײ דינאַסטיעס האָבען געהערשט, האָט מצרים פֿערלאָרען ערד, וואָס האָט געשפּײַזט לערך צווײ מיליאָנען מענשען!...

אין פֿערזאַמלונג האָט זיך ווידער געהערט אַ מורמלונג.

— און ווײסטו, גאָטס קנעכט רעמסס, וואו עס זענען אַהין געקומען די פֿעלדער, אויף וועלכע עס זענען געוואַקסען ווײץ און גערשטען, אָדער סטאַדעס מיט בהמות האָבען זיך געפּאַשעט?... דאָס ווײסטו, אַז דאָס זאַמד פֿון דער מדבר האָט זײ פֿערשיט. צי האָט מען דיר אָבער געזאָגט, פֿאַרוואָס האָט זײ דאָס זאַמד פֿערשיט?... ווײַל עס האָט אויסגעפֿעהלט פֿויערען, וועלכע האָבען דאָ געפּלעגט קעמפּפֿען געגען דער מדבר מיט עמערס און אַקערן פֿון דער פֿריה ביז נאַכט. און צי ווײסטו פֿאַרוואָס עס האָט אויסגעפֿעהלט די גאָטס אַרבײטער?... וואו זענען זײ אַהין געקומען? וואָס האָט זײ פֿון לאַנד אויסגעקעהרט?... די אויסלענדישע מלחמות, אונזערע ריטער האָבען מנצח געווען די שונאים, אונזערע פּרעה'ס האָבען פֿערעוויגליכט אונזערע הײליגע נעמען ביז די ברעגען פֿון פרת, און אונ-

זערע פויערען האבען זיי נאכגעטראגען עסענוואַרג, וואַסער און אַנדערע משאות, ווי די בהמות, און אויפ'ן וועג זענען זיי טויזענדער-ווייז אויסגעשטאָרבען.

און טאַקי צוליעב די ביינער, וואָס זענען פונאַנדערגעוואָרפען געוואָרען אין די מזרח-מדבריות, האָבען די מערב-זאַמדען אויפגעגעסען אונזערע פעלדער און היינט דאַרף מען האָבען אַ אונגעהויערע אַרבייט און פיעל דורות, מען זאָל צוריק אַרויסבעקומען די שוואַרצע ערד פון מצרים פון אונטער דעם קבר פון די זאַמדען.

— הערט!.. הערט!.. — האָט מפרים אויסגעשריען — עפעס גאָט-ווערטער געהען אַרוים פון דעם מענשענס מויל. יאָ, אונזערע מלחמות, אין וועלכע מיר האָבען מנצח געווען, זענען געוועזען קברים פאַר מצרים...

רעמסס האָט זיינע געדאַנקען ניט געקאָנט צונויפנעהמען. עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז די בערג מיט זאַמד שיטען זיך היינט איבער זיין קאָפּ.

— איך האָט געזאָגט — האָט פענטעאור ווייטער אָנגעהויבען, אַז מען דאַרף אַ אונגעהויערע אַרבייט, אום מען זאָל אויסגראָבען מצרים און צוריקגעבען איהם די פריהערדיגע עשירות, וועלכע די מלחמות האָבען אויפגעפרעסען. צי האָבען מיר אָבער קראַפט דאָס אויסצופיהרען?...

ער איז ווידער געגאַנגען לערך צוואַנציג טריט און נאָך איהם — זיינע געטריהרטע צוהערער. ווי לאַנג מצרים עקזיסטירט, האָט נאָך קיינער ניט אַזוי גוט געמאָלט די צרות פון לאַנד, חאָטש אַלע האָבען דאָס גוט געוואוסט.

אין די צייטען פון דער 19-טען דינאַסטיע האָט מצרים געהאַט אַכט מיליאָנען בעפעלקערונג. ווען יעדער

דאַמאָלסטיגער מענש, פֿרויען, זקנים און קינדער וואָלטען געוואָרפֿען דאָ אויף דעם פּלאַץ איין קערנדעל פֿון בעבלעך יוואָלט פֿון די קערנער געוואָרען אַזאַ פֿיגור...

ער האָט געוויזען מיט דער האַנד אויף דעם הויף, וואו עס זענען געווען אין צוויי רייהען, איינע נעבען דער אַנדערער, אַכט גרויסע קוואַדראַטען, פֿון רויטע בעבלעך געמאַכטע.

— די פֿיגור האָט אין דער לענג זעכציג טריט, אין דער ברייט — דרייסיג און, ווי איהר זעהט, הייליגע פֿאָ-טערס, בעשטעהט זי פֿון אַלצאַיינסדיגע קערנער; ווי די דאַמאָלסטיגע בעפֿעלקערונג, וועלכע איז בעשטאַנען פֿון בלויז מצרים...

און היינט זעהט!...

ער איז געגאַנגען ווייטער און האָט געוויזען אַנ'אַנדער גרופּע מיט קוואַדראַטען פֿון פֿערשיעדענע פֿאַרבען.

— זעהט איהר די פֿיגור, וועלכע האָט אויך דריי-סיג טריט אין דער ברייט און נאָר פֿינף און פֿיערציג אין דער לענג? פֿאַרוואָס האָט זי אין דער לענג מעהר נישט, ווי פֿינף און פֿיערציג טריט? ווייל אין איהר איז נישטאָ מעהר ווי זעקס קוואַדראַטען, ווייל היינט האָט מצרים שוין נישט 8 נאָר זעקס מיליאָנען איינוואָהנער...

בעמערקט אויך דאָס, אַז די ערשטע פֿיגור בעשטעהט אויסשליסליך פֿון רויטע בעבלעך פֿון מצרים, און אין דער פֿיגור געפֿינען זיך גרויסע פּאַסען פֿון שוואַרצע, געלע און ווייסע קערנער. וואָרום ווי אין אונזער אַרמעע, אַזוי אויך אין אונזער פֿאָלק געפֿינט זיך זעהר פֿיעל אויסלענדער;

שוואַרצע כּושים, געלע מענשען פון סוריא און פעניציען, ווײַסע מענשען פון גריכענלאַנד און לוב...

מען האָט איהם איבערגעהאַקט דאָס רעדען. די כּהנים, הערענדיג זײַנע ווערטער, האָבען איהם געהאַלזט, מפרים האָט געוויינט.

— אַזאַ נביא איז נאָך נישט געוועזען אויף דער וועלט!... — האָבען די כּהנים געשריען.

— עס איז גאָר נישט צו פערשטעהן, ווען האָט ער געקאָנט מאַכען אַזעלכע רעכענונגען!... — האָט געזאָגט דער בעסטער מאַטעמאַטיקער פון דעם בית-המקדש התור.

— הײַליגע פאָטערס! — האָט פענטעאור געזאָגט — איך האָב גאָר נישט פערדיענט, מען זאָל מיך אַזוי ריהמען! אין אונזערע בית-המקדש'ס האָט מען שטענדיג פאַרצײַכענט אויף אַזאַ אופן פאַרגעשטעלט דאָס ווירטשאַפט פון דער מלוכה... איך האָב נאָר אויפגעגראָבען דאָס, וואָס די שפּעטערע דורות האָבען פערגעסען...

— אָבער די רעכענונגען?... — האָט געשריען דער מאַטעמאַטיקער.

— רעכענונגען ווערען שטענדיג געפיהרט און אין אַלע פּראָווינצען און בית-המקדש'ס — האָט פענטעאור געענטפערט — די אַלגעמײַנע סומען געפינען זיך אין דעם פּאַלאַץ פון הײַליגען פּרעה.

— און די פיגורען?... פיגורען!... — האָט דער מאַטעמאַטיקער געשריען.

— אויף אַזעלכע פיגורען טײַלען זיך דאָך אונזערע פעלדער און די געמעסטען פון דער מלוכה לערנען זיך דאָס אין די שולען.

— מען ווייס נישט, וואס מען זאל מעהר בעוואונ־
דערן אין דעם מענשען: זיין חכמה, אדער זיין עניוות!.. —
האט מפרים געזאגט — די געטער האבען טאקי אן אונז
נישט פערגעסען, אויב זיי האבען אונז אזא מענשען געגעבען.

אין דעם האט דער סטראזשניק, וועלכער שטעהט
אויף דעם טהורם פון בית־המקדש גערופען אלע צו דער
תפלה.

— אוועקנד וועל איך ענדיגען די ערקלערונגען — האט
פענטוער געזאגט — איצט וועל איך נאך עטליכע ווערטער
זאגען.

— איהר, הייליגע פאטערס, וועט אידאי פרעגען,
פארוואס איך האב בענוצט קערנער צו די בילדער? וואר־
רום אזוי ווי קערנער, וואס ווערען געווארפען אין דער
ערד, ברענגען יעדעס יאהר ריוח זייער בעזיצער, אזוי גיעט
יעדער מענש אבצאהלונגען אויך יעדעס יאהר.

ווען מען וואלט אין א פראווינץ אויסגעזייהעט צוויי
מיליאנען קערנער ווייניגער, ווי אין די פריהעריגע יאהרען,
וואלטען די ערד־בעזיצער געמוזט האבען זעהר ווייניגער
איינקינפטען. אזוי איזאויך אין דער מלוכה: ווען עס ווערט
ווייניגער צוויי מיליאנען בעפעלקערונג, מוזען די אבצאה־
לונגען אויך ווייניגער ווערען.

רעמסס האט אויסגעהערט מיט אויפמערקזאמקייט
און איז שטיל אוועקגעגאנגען.

## דריטעס קאפיטעל.

ווען די כהנים מיט'ן קרוין־פרינץ זענען אין אוועגד צוריק־
געקומען אין הויף, האט מען אנגעצונדען עטליכע הונדערט

שטאַלקאַצען, וועלכע האָבען אַזוי העל נעלויכטען, אַז עס איז דאָרט געוועזען אַזוי העל ווי בייטאָג.

מפרים האָט געגעבען אַ צייכען און עס איז ווידער אַרויס אַ פּראָצעסיע פון מוזיקאַנטען, טענצערינען און יונגע כהנים מיט'ן בילד פון דער געטין התור, וועלכע האָט גע-האַט אַ קאָפּ פון אַ קוה. און ווען מען האָט פּערי‌אָגט די שלעכטע רוחות, האָט פּענטוער ווידער אָנגעהויבען צו דרש'ענען.

— איהר האָט געזעהן, גרויסע כהנים, אַז פון דער 19-טער דינאַסטיע אָן איז ביי אונז וועניגער געוואָרען הונדערט טויזענד מאָז ערד און צוויי מיליאָנען בעפעלקע-רונג. דאָס ערקלערט, פאַר וואָס די איינקינפטען פון דער מלוכה זעגען קלענער געוואָרען מיט צוויי און דרייסיג טויזענד טאַלענטען און דאָס וויסען מיר אַלע. דאָס איז דאָך ערשט דער אָנפאַנג פון דער מפלה פון מצרים און דעם שאַץ פון דער מלוכה. לפנים איז נאָך דעם הייליגען פרעה געבליבען איינקינפטען אַכט און נייניציג טויזענד טאַ-לענטען, צי מיינט איהר אָבער, אַז פרעה בעקומט די גאַנצע איינקינפטען?

אַלס ביישפיעל וועל איך אייך ערצעהלען, וואָס דער גרויסער הרהור האָט ענטדעקט אין האָזען-בעצירק.

אין דער צייט פון דער 19-טער דינאַסטיע האָבען דאָרט געוואָהנט צו אַכציג טויזענד מענשען, וועלכע האָ-בען איינגעטראָגען דריי הונדערט און פופציג טאַלענטען יעהרליכע אָבצאָהלונגען. היינט וואָהנען דאָרט קוים פופצעהן טויזענד מענשען און די טראָגען איין נאָר צוויי הונדערט און זיעבעציג טאַלענטען. פון די צוויי הונדערט און זיעבעציג

טאַלענטען ערהאַלט אָבער פרעה מעהר נישט ווי הונדערט און זיבעציג טאַלענטען !...

„פאַר וואָס ?"... — האָט דער גרויסער הרהור געפרעגט — און די אויספאָרשונג האָט אַזוי דערוויזען.

אין דער צייט פון דער 19-טער דינאַסטיע איז אין דעם בעצירק געווען לערך הונדערט בעאַמטע, וועלכע האָבען גענומען צו טויזענד דראַכמען אַ יאָהר פענסיע. איצט, חאָטש די בעפעלקערונג איז קלענער, געפינען זיך דאָרט מעהר פון צוויי הונדערט בעאַמטע, וועלכע נעהמען צו צוויי טויזענד פינף הונדערט דראַכמען אַ יאָהר.

דער גרויסער הרהור ווייס נישט, צי עס איז אַזוי אין יעדען בעצירק. דאָס איז אָבער זיכער, אז דער שאַץ פון פרעה'ן האָט אָנשטאָט אַכט און נײַנציג נאָר פיער און זיבעציג טויזענד טאַלענטען אַ יאָהר...

— זאָג, הייליגער פאָטער: פונפציג טויזענד — האָט זיך רעמסס אָנגערופען.

— דאָס וועל איך אייך ערקלערען—האָט פענטוער געענטפערט—יערענפאַלס געדענק, קרוין-פרינץ, אז הײַנט גיעט דער שאַץ פון פרעה'ן די בעאַמטע פיער און צוואַנציג טויזענד טאַלענטען, און אין דער צייט פון דער 19-טער דינאַסטיע האָט ער אויסגעגעבען נאָר צעהן טויזענד.

אַלע זענען שטיל געבליבען. נישט איינער פון זיי האָט געהאַט אַ בעאַמטען אַ קרוב, וועלכער האָט אַ גוטע פענסיע גענומען.

פענטוער האָט אָבער פאַר קיינעם קיין מורא נישט געהאַט.

— איצט—האָט ער געזאָגט—וועל איך דיר וויַזען,

קרוין-פּרינץ. דאָס לעבּען פון די בּעאַמטע און דאָס פאָלק אַ מאָל און היינט.

— איז נישט אַ שאָד די צייט?... דאָס קאָן דאָך יעדער אַליין זעהן?... — האָבּען די כּהנים געמורמעלט.

— איך וויל דאָס וויסען! — האָט דער קרוין-פּרינץ געזאָגט.

דאָס מורמלונג האָט אויפגעהערט. פענטוער איז מיט די טרעפּ אַראָבּגעגאַנגען אויף דעם הויף, און נאָך איהם זענען געגאַנגען דער קרוין-פּרינץ, דער כּהן-גדול מפרים און די איבּריגע כּהנים.

זיי האָבּען זיך פערהאַלטען פאַר אַ גרויסע פאָרהאַנג פון ראָגאָזשעס, וועלכער איז געווען געמאַכט ווי אַ פאַרקאָן. פענטוער האָט געמאַכט אַ צייכען און באַלד זענען אָנגעקומען לערך צוואַנציג כּהנים מיט שטאָלקאַצען. פענטוער האָט נאָך אַ צייכען געמאַכט—און אַ טייל פון דעם פאָרהאַנג איז אַראָבּגעפאַלען.

אַלע האָבּען פון בּעוואונדערונג אויסגעשריען. זיי האָבּען געהאַט פאַר זיך אַ העל בּעלייכט לעבּענדיג בּילד, וועלכעס איז בּעשטאַנען פון הונדערט פיגורען.

דאָס בּילד איז געווען איינגעטיילט אין דריי טיילען: אין אונטערשטען טייל זענען געשטאַנען ערד-אַרבּייטער, אין העכערען—בּעאַמטע און אין העכסטען איז געשטאַנען דער גאָלדענער טראָן פון פרעה'ן אָנגעשפּאַרט אויף צוויי לייבען, וואָס זייערע קעפּ זענען געווען אָבּלעהגען.

— אַזוי איז געווען—האָט פענטוער געזאָגט אין די צייטען פון דער 19-טער דינאַסטיע. קוקט אויף די ערד-אַרבּייטער. בּיי זייערע אַקער-וועגען זעהט איהר אָקסען אָדער

איילזען, זייערע לאַפּאַטעס זענען ברוין, שטאַרק. זעהט נאָר, וואָס פאַר שטאַרקע מענשען זענען דאָס! היינט קאָן מען אַזעלכע מענשען זעהן נאָר אין דער גוואַרדיע פון הייליגען פרעה. שטאַרקע הענד, שטאַרקע פיס, די ברוסט — קיילעכיג, דאָס פנים — שמייכעלדיג. אַלע זענען מיט בוימעהל בעשמירט, אויסגעבאַנדען. זייערע ווייבער זענען בעשעפטיגט מיט פאַרבערייטען עסענוואַרג און קליידונג, אָדער מיט וואַשען כלים; די קינדער שפּיעלען זיך אָדער געהען אין שולען.

דער דאַמאָלסדיגער פויער, ווי איהר זעהט, האָט געגעסען ווייצען־ברויט, באָבעס, פליייש, פיש און פירות, און האָט געטרונקען ביער און וויין, און — זעהט, ווי שען זענען געוועזען די קרוגען און די שיסלען! קוקט זיך איין די הויבען, שירצען און פעלערינען פון מענער: אַלץ איז בעציערט מיט פערשידענע־פאַרביגע שפּיצען. נאָך שענער זענען אויסגעהאַפּטען די העמדער פון פרויען... און זעהט נאָר, ווי שען די פרויען האָבען זיך געקעמט, וואָס פאַר נאָדלען, אויהרינגלעך, פינגערלעך און בראַנזאָלעטען זיי האָבען געטראָגען!... דאָס ציערונג איז געוועזען געמאַכט פון בראָנז און פון קאָלירטע אַמאַליע: צווישען דעם ציערונג זענען אויך פערהאַנען זאַכען פון גאָלד.

איצט הויבט אויף די אויגען אַביסעל העכער און קוקט אויף די בעאַמטע, זיי טראָגען פעלערינען, נאָר יעדער פויער קליידט זיך יום־טוב אַזוי ווי זיי. די בעאַמטע לעבען פונקט אַזוי ווי פויערען. זייערע כלים זענען אַביסעל שענער, ווי די כלים פון פויערען און אין זייערע קאַסטענס זענען פערהאַנען מעהר גאָלדענע פינגערלעך. זייערע רייזען מאַכען זיי רייטענדיג.

אויף אייזעלען אָדער פּאָהרענדיג אויף וועגען, וועלכע ווערען געשלעפּט דורך אָקסען.

פּענטוער האָט געפּאַטשט מיט די הענד און אין דעם לעבענדיגען בילד האָט אָנגעהויבען אַ בעוועגונג צו הערשען. די פויערען האָבען דערלאַנגט די בעאַמטע קאָרבען מיט וויינטרויבען, זעק מיט גערשטען, ארבעס און ווייץ, קריג מיט ווין, ביער מילך, און האָניג, פיעל חיות און שטיקער ווייסען אָדער קאָליִרטען שטאָף. די בעאַמטע האָבען דאָס אלעס אָנגענומען, אַ טייל האָבען זיי געלאָזט פאַר זיך, נאָר די שענסטע און טייערסטע זאַכען האָבען זיי געשיקט וויי־טער, צו דעם טראָן. דאָס אָרט, וואו דער טראָן איז גע־שטאַנען, איז געוועזען בעוואָרפען מיט פּראָדוקטען.

— זעהט איהר, גרויסע כהנים, — האָט פענטוער גע־זאָגט, — אין די צייטען, ווען דער פויער איז געוועזען זאַט און רייך, איז דער שאַץ פון פרעה'ן צו־קליין געוועזען פאַר די מתנות, וואָס די אונטערטאַהנען האָבען געבראַכט און איצט זעהט: וואָס איז היינט...

פּענטוער האָט ווידער געמאַכט עפעס אַ צייכען און די צווייטע טייל פון דעם פאָרהאַנג איז אראָבגעפאַלען. עס האָט זיך דערוויזען אַ נייַ בילד, וואָס איז בכלל ענה־ליך געוועזען צו דעם ערשטען.

— אָט האָט איהר פאַר זיך די היינטיגע פויערען, — האָט פענטוער געזאָגט און אין זיין שטימע האָט זיך גע־שפירט אַ אויפרעגונג, — זייער קערפּער בעשטעהט פון הויט און ביינער, זיי זעהען אויס, ווי קראַנקע, זענען שמוציג און זיי האָבען שוין פערגעסען, ווי מען שמירט זיך מיט עהל. דערפאַר זענען זייערע רוקענס אויסגעאַקערט מיט שטעקענס.

ביי זיי זעהט מען נישט קיין אָקסען, קיין אייזלען, ווארום צו וואס טויג דאס זיי? דעם אַקער־וואָגען ציהען דאס ווייב מיט די קינדער... זייערע לאַפּאַטעס זענען פֿון האָלץ, דאדורך ווערען זיי לייכט פֿערדאָרבען און די אַרבייט איז גרעסער. קיין קליידונג האָבען זיי נישט. נאָר פֿרויען טראָגען דיקע העמדער און אפילו אין חלום זעהען זיי נישט די שפּיצען, מיט וועלכע זייערע זיידעס און באָבעס האָבען זיך געציערט.

זעהט נאָר: וואס עסט א פּויער? טיילמאָל עסט ער גערשטען־פּלעצלעך און טרוקענע פֿיש, קיינמאָל עסט ער נישט קיין פֿלייש, טרינקט נישט קיין וויין, אָדער ביער, איהר וועט פֿרעגען: וואו זענען אַהינגעקומען די כלים און דאס צעצירונג? עס איז נישט פֿערהאַנען קיין כלי, קיין צירונג, חוץ א עריג אויף וואסער, ווארום מעהר קען דאָך נישט אַריין אין דעם לאָך, אין וועלכען א פּויער וואָהנט...

זייט מיר מוחל און איך וועל אייך אויפֿמערקזאַם מאַכען נאָך אויף עפּעס. עטליכע קינדער ליגען דאָרט אויף דער ערד: וואס הייסט, זיי זענען געשטאָרבען... צו בעוואונדערן איז ווי אָפֿט עס שטאַרבען היינט די קינדער פֿון די פּויערען—פֿון הונגער און אַרבייט! די וואס שטאַרבען זענען די גליקליכסטע: אַנדערע קינדער, וועלכע זענען געבליבען לעבען ווערען געשלאָגען דורך דעם אויפֿזעהער, אָדער ווערען פֿערקויפֿט די פֿעניציאַנער ווי שאָף...

די אויפֿרעגונג האָט איהם געשטערט צו רעדען. א ווייליע איז ער שטיל געווען און דערנאָך האָט ער ווייטער געזאָגט:

— איצט קוקט אויף די בעאַמטע, ווי געזונד, ווי

שען געקליידעט זענען זיי!... זייערע פרויען טראגען גאלדענע בראנזאלעטען און אוידהרינגלעך און אזעלכע פיינע, דינע מלבושים, אז פירשטען מעגען זיי מקנא זיין. ביי די פויערען זעהט מען נישט קיין אקס און קיין אייזעל, דערפאר מאכען די בעאמטע זייערע רייזען אויף פערד אדער אין לעקטיקעס... זיי טרינקען נאר ווין און דוקא נאר—גוטען וויין...

ער האט געפאטשט מיט די הענד און עס איז ווידער געווארען א בעוועגונג. די פויערען האבען אנגעהויבען צו דערלאנגען: זעק מיט תבואה, קארבען מיט פירות, וויין און חיות... די זאכען האבען די בעאמטע, ווי פריהער, געשטעלט נעבען דעם טראהן, אבער זעהר וועניג. אויף דעם טייל, וואו דער טראהן איז געשטאנען, איז שוין נישט געוועזען קיין בארג מיט פראדוקטען. דערפאר איז פערשיט געוועזען דער טייל, וואו די בעאמטע זענען געווען.

— אט איז דער היינטיגער מצרים—האט פענטוער געזאגט—עלענדע פויערען, רייכע שרייבערס, א שאך נישט א פולער, ווי א מאל. און איצט —

ער האט ווידער א צייכען געמאכט און א אונערווארטעטע זאך איז געשעהן, עפעס הענד האבען אנגעהויבען צונויפקלויבען: תבואה, פירות, שטאף—פון די טיילען פון פרעה'ן און די בעאמטע. ווען די צאהל פון די פראדוקטען איז גאר וועניג געווארען, האבען די זעלבע הענד אנגעהויבען צו חאפען און אוועקפיהרען פויערען, זייערע ווייבער או קינדער...

די צוזעהער האבען מיט בעוואונדערונג געקוקט אויף

דעם, וואס די הענד טהוען. פלוצלונג האט איינער אויס־
געשריען.

— דאס זענען פעניציאנער!... זיי בערויבען אונז
אזוי!...

— יא, הייליגע פאטערס,—האט פענטוער, געזאגט—
דאס זענען די הענד פון די פעניציאנער, וועלכע זענען
צווישען אונז פערבארגען. זיי בערויבען דעם קעניג און די
שרייבערס, און פויערען נעהמען זיי אין שקלאפענשאפט,
ווען זיי קאנען פון די פויערען שוין גארנישט ארויסרייסען...

— יא!... זיי זענען שאקאלען!... א קללה אויף
זיי!... ארויסגעטריבען זאלען ווערען די רשעים!... — האָ־
בען די כהנים געשריען—זיי מאכען דאס אם מעהרסטען שוואַ־
דען דער מלוכה...

נישט אלע אבער האבען אזוי געשריען.

ווען עס איז שטיל געווארען, האט פענטוער געהיי־
סען טראגען די שטאלקאצען אויף אנ'אנדער ארט פון דעם
הויף און דארט אהין האט ער געפיהרט זיינע צוהערער.
דארט זענען שוין נישט געווען קיין לעבענדיגע בילדער,
נאר ווי עפעס א אויסשטעלונג פון בעל־מלאכות.

— זייט אזוי גוט און טהוט אקוק, גרויסע כהנים—
האט ער געזאגט—אין דער צייט פון דער 19־טער דינאס־
טיע, האבען אונז די זאכען געשיקט אויסלענדער: פון לאנד
פאנט האבען מיר געהאט בשמים, פון סוריא—גאלד, איי־
זערן געוועהר און קריגס־וועגען. דאס איז געווען אלץ.

נאר דאמאלס איז אין מצרים אויסגעארבייט געווארען:
זעהט נאר די ריזענדיגע קריג: וויפיעל מינים, וויפיעל
קאלירען האבען די קריג!...

אָבער דאָס מעֶבעֶל: דער שטוהל איז געדעקט מיט צעהן טויזענד שטיקלעך גאָלד, פערלמוטער און קאָלירט האָלץ... זעהט נאָר די דאַמאָלסדיגע מלבושים: וואָס פאַר שפיצען, וואָס פאַר אַ פיינער שטאָף, וויפיעל קאָלירען!...
און די שווערדען פון בראָנז און די נאָדלען, בראָנזאָלעטען, אויהרינגלעך און די כלים צו ערד־אַרבייט, פאַר בעל־מלאכות וועגען!... דאָס אַלעס האָט מען ביי אונז אויסגעאַרבייט אין דער צייט פון דער נייצעהנטער דינאַסטיע.

ער איז איבערגעגאַנגען צו דער צווייטער גרופע זאַכען.

— און היינט — זעהט: די קריג זענען קליין און אָהן בעציערונג, דאָס מעבעל איז געמאַכט פשוט, דער שטאָף דיק און פון איין מין. קיין שום זאַך פון די היינטיגע אויסאַרבייטונגען קאָן נישט געגליכען ווערען צו די פריהריגע מיט דער גרויסקייט, דויערהאַפטיגקייט, און שענהייט. פאַר וואָס?...

ער האָט זיך ווידער גערוקט עטליכע טריט און, זייענדיג אַרומגענומען מיט שטאָלקאַצען, האָט ער געזאָגט:

— דאָ האָט איהר די פיעל סחורות, וועלכע עס ברענגען אונז די פעניציאַנער פון פערשיעדענע געגענדען אויף דער וועלט. עטליכע צעהנדליג מינים בשמים, קאָלירט גלאָז, מעבעל, כלים, שטאָף, וועגען, בעציערונג. דאָס אַלעס קומט צו אונז פון אַזיען און מיר קויפען דאָס.

צי פערשטעהט איהר יעצט, גרויסע כהנים: פאַר וואָס די פעניציאַנער רייסען אַרויס תבואה, פירות און בהמות פון די שרייבער און די מלכים?... אָט פאַר די אויסאַרבייטונגען, וועלכע האָבען רואינירט אונזערע בעלי־מלאכות, ווי אַ הייששעריק רואינירט גראָז.

דער נביא האָט אַ ווײַלע אָבגערוהט און ווײַטער גע־זאָגט:

— צווישען די סחורות, ויאָס ווערען צוגעשטעלט דורך די פעניציאַנער דעם הײליגען פרעה, די הויפט־מענער און שרײַבער, זענען אַם מעהרסטען גאָלדענע. דער האַנדעל מיט גאָלד בײַ אונז איז דאָס בעסטע בילד פון די אונגליקען, וועלכע די אַזיאַטען ברענגען אויף מצרים.

ווען אײַנער נעהמט בײַ זײַ גאָלד פאַר אַ טאַלענט, מוז ער נאָך דרײַ יאָהר זײַ געבען צוויי טאַלענטען. אַם מעהר־סטען צאָהלען די פעניציאַנער אויס די חובות, כלומר׳שט דעם בעל־חוב לײַכטער צו מאַכען פטור צו ווערען פון די חובות, נאָר דאָך ניעט מען אין ערענדאַ פאַר יעדען גע־ליהענעם טאַלענט—צוויי און דרײַסיג מענשען און צוויי מאָ־ערד.

קוקט דאָרט, גרויסע כהנים,—האָט ער געזאָגט, ווײַ־זענדיג אויף אַ טהײל פון הויף, וואָס איז בעסער בעלויכטען געווען. דער קוואַדראַט ערד, וועלכער האָט הונדערט און אַכציג טריט אין דער לענג און אַזוי פיעל אין דער ברײַט, ווײַזט אויף צוויי מאָז; די גריפע מענער, פרויען און ווײַ־בער זענען אַכט פאַמיליען, דאָס אַלעס צוזאַמען: מענשען און ערד, געהען אויף דרײַ יאָהר אין אַ שרעקליכע שקלאַ־פענשאַפט. אין דער צײַט האָט פון זײַ זײער אײַגענטהי־מער—פרעה אָדער דער הויפטמאַן—קײַן שום נוצען נישט; ווען די דרײַ יאָהר געהען פאַראיבער, נעהמט אָב זײער בעזיצער אויסגעמאָגערטע ערד און מענשען—אַם מעהרסטען צוואַנציג... די איבריגע מענשען זענען אויסגעשטאָרבען אין ענוּיים.

די צוהערער האָבען געמורמעלט מיט שוידערהאַפּ־
טיגקייט.

— איך האָב געזאָגט, אַז צוויי מאָז ערד מיט צוויי
און דרייסיג מענשען נעהמט דער פעניציאַנער אין אַרענדע
אויף דריי יאָהר פאַר איין טאַלענט גאָלד, וואָס ער האָט
געליהען. זעהט נאָר, וואָס פאַר אַ שטיק ערד דאָס איז און
וואָס פאַר אַ גרויסע מענשען און איצט — קוקט אויף מיין
האַנד ...

דאָס שטיקעל גאָלד, וואָס איך האַלט און איז קלע־
נער פון אַ היהנערין איי, איז אַ טאַלענט! ...

צי ווייסט איהר נישט, גרויסע כהנים, ווי נידער־
טרעכטיג די פעניציאַנער פיהרען דעם האַנדעל? דאָס קליינע
שטיקעל גאָלד האָט אין אמת'ן קיין גרויסע מעלות נישט.
עס איז געל, שווער, עס ווערט נישט שוואַרץ און — שוין.
מען קאָן זיך אָבער נישט קליידען אין גאָלד און דערמיט
קאָן מען אויך נישט שטילען קיין הונגער, קיין דורשט...
ווען איך וואָלט פערמאָגט אַ גרויס שטיק גאָלד, אַזוי
גרויס ווי אַ פּיראַמידע, וואָלט איך אויך געקאָנט זיין אַזוי
עלענד, ווי איינער פון לוב, וועלכער בלאָנזשעט אין דער
מערב'דיגער מדבר, וואו עס איז נישט פערהאַנען קיין טיי־
טעל און קיין וואַסער.

און זעהט: פאַר אַזאַ שטיקעל נעהמט דער פעניצי־
יאַנער אַ שטיק ערד, וועלכעס קאָן נעהרען און קליידען
צוויי און דרייסיג מענשען, און אייסער דעם — נעהמט ער
אויך מענשען... דריי יאָהר איז ער דער הערשער פון די בעשע־
פעגישען, וועלכע קאָנען בעאַרבייטען און בעזייהען פעלדער,
צונויפנעהמען די תבואה, מאַכען מעהל און ביער, שפּינען

בּויִען הײַזער, מאַכֶען כּלים...

גלײַכצײַטיג האָט פּרעה אָדער דער הויפּטמאַן גאָרניִשט פון די מענשען. זיי צאָהלען איהם ניִשט קיין אָבצאָהלונגען, זיי טראָגען ניִשט קיין משאות נאָכ׳ן מיליטער, נאָר זיי אַרבּײַטען אויף דעם פעניציאַנער.

איהר ווייסט, גרויסע כּהנים, אַז עס איז ניִשט פערהאַנען אַ יאָהר, וואָס עס זאָלען זיך ניִשט בּונטעווען אין דער אָדער אין יענער פּראָווינץ די פּויערען, וועלכע זענען רואינירט דורכ׳ן הונגער, בּעלעסטיגט מיט דער אַרבּײַט, געשלאָגען מיט שטעקענס. און אַט אַ טייל פון די מענשען שטאַרבּען, אַנדערע ווערען אָבּגעשיקט אין די גרובּען, און דאָס לאַנד ווערט וואָס אַ מאָל מעהר אויסגעלעדיגט, נאָר דערפאַר, וואָס אַ פעניציאַנער האָט איינעם געגעבּען אַ שטיקעל גאָלד!... צי קאָן מען זיך פאָרשטעלען אַ גרעסערען אונגליק?... און צי אין אַזעלכע בּעדינגונגען וועט מצרים ניִשט פערליערען יעדעם יאָהר מענשען און ערד?... די גליקליכע מלחמות האָבּען פעראונגליקט אונזער לאַנד, נאָר דער האַנדעל מיט גאָלד פון די פעניציאַנער דערשלאָגען עס נאָך מעהר.

אויף די פּנים׳ער פון די כּהנים האָט זיך געוויזען אַ צופרידענהייט: זיי האָבּען גערן געהערט שלעכטס רעדען אויף די פעניציאַנער ווי וועגען די שרייַבּערס.

פּענטוער האָט אַ ווײַלע אָבּגערוהט און דערנאָך האָט ער זיך געווענדעט צו דעם קרוין־פּרינץ:

— פון עטליכע חדשים אָן — האָט ער געזאָגט — הערסטו ניִשט אויף צו פרעגען גאָטס קנעכט, רעמסס: פאַר וואָס זענען פערקלענערט געוואָרען די איינקינפטען פון

הייליגען פרעה'ן? די חכמה פון די געטער האט דיר געוויזען, אז עס האט זיך פערקלענערט נישט נאר דער שאץ אבער אויך דאס מיליטער. און די ביידע קוועלען פון דער קעניגליכער מאכט וועלען זיך ווייטער בעשטענדיג פערקלענערען און דאס וועט זיך ענדיגען, ווען די מלוכה וועט אין גאנצען רואינירט ווערען, אדער ווען די געטער וועלען ארויבשיקען פאר מצרים א הערשער, וועלכער וועט אבהאלטען דעם מבול פון אונגליקען, וועלכע פערפלייצען אונזער לאנד שוין עטליכע הונדערט יאהר.

דער שאץ פון די פרעה'ס איז געוועזען פול, נאר ווען מיר האבען געהאט פיעל ערד און בעפעלקערונג. מען דארף אלזא ארויסרייסען פון דער מדבר די פרוכטבארע פעלדער, וועלכע זי האט אויפגעפרעסען, און פון פאלק דארף מען ארויבנעהמען די לאסט, וועלכע שוואכט עס אב און פערקלענערט די צאהל פון די איינוואהנער.

די כהנים האבען זיך ווידער אנגעהויבען צו בעאונרוהיגען, מורא האבענדיג אז פענטוער זאל ווידער נישט אנהויבען צו רעדען פון די שרייבערס.

— דו האסט געזעהן, קרוין-פרינץ, מיט דיינע אייגענע אויגען און אין געגענווארט פון פיעל מענשען, אז ווען דאס פאלק איז געוועזען זאט שען און צופריעדען, איז דער קעניגליכער שאץ געוועזען פול. ווען דאס פאלק האט אבער אנגעהויבען שלעכט אויסצוזעהן, ווען זיינע ווייבער און קינדער האבען זיך געמוזט איינשפאנען אין אקער-וואגען, ווען די קערנער פון לאטוס האבען געמוזט ווערען א נאהרונג אנשטאט ווייץ, גערשטען און פלייש, איז דער שאץ פון קעניג—ארימער געווארען. בכן אויב דו ווילסט, אז

די מלוכה זאָל האָבּען די זעלבּע מאַכט, וואָס זי האָט גע־האַט אין די צייטען פון דער 19־טער דינאַסטיע, אויב דו ווילסט, אַז פּרעה, זיינע שרייבּער און מיליטער זאָלען רייך זיין, פערזיכער דעם לאַנד אייביגע מנוחה און דעם פאָלק—אַ גוטען צושטאַנד. זאָלען ווידער דערוואַקסענע מענ־שען עסען פלייש און זיך קליידען אין געהאָפטענע מלבושים, און קינדער, אַנשטאָט צו זיפצען ביים בעקומען פּלאָג און שטאַרבּען פון דער אַרבּייט, זאָלען זיך שפּילען אָדער געהן אין שולען.

גערענק אויך, אַז מצרים טראָגט אויף זיין ברוסט אַ ניפּטיגען שלאַנג.

די צוהערער זענען נייגיעריג און דערשראָקען געוואָרען.

— דער שלאַנג, וואָס נאָגט אוים דאָס בלוט פון פאָלק, די גיטער פון די הויפּט־מענער און די גבורה פון די פּרעה'ס, זענען די פעניציאַנער.

— נידער די פעניציאַנער!... — האָבּען די כהנים אויסגעשריען — אויסגעמעקט זאָלען ווערען אַלע חובות... ניט דערלאָזט זאָלען ווערען זייערע סוחרים און זייערע שיפען!...

מפרים האָט דעם עולם שטיל געמאַכט. מיט טרעה־רען אין די אויגען האָט ער זיך געווענדעט צו פענטוערען:

— איך האָב קיין שום ספק ניט — האָט ער גע־זאָגט — אַז פון דיין מויל רעדט צו אונז די הייליגע התורה. ניט נאָר דערפאַר, וואָס אַ מענש קאָן ניט אַזוי קלוג זיין און אַזוי אַלץ וויסען, ווי דו, אָבּער אויך דערפאַר, וואָס איך האָב דערזעהן איבּער דיין קאָפּ פלעמלעך ווי הערנער.

— איך דאַנק דיר פאַר דיינע גרויסע און הייליגע

ווערטער, מיט וועלכע דו האסט פעריאגט אונזער אונווי־סענהייט... איך בענש דיך און בעט די געטער, אז ווען זיי וועלען מיך רופען צו זייער געריכט, זאלען זיי דיך מאַ־בען פאר מיין יורש...

— אמן! — האבען אויסגעשריען אלע כהנים, וועלכע זענען יעצט זעהר צופריעדען געווען, נאכדעם ווי זיי האבען זיך ביז יעצט געשראקען, אז פענטוער זאל צום צווייטען מאל נישט אנהויבען רעדען וועגען די שרייבערס. דער נביא האט אבער געקאנט הערשען איבער זיך: ער האט אנגע־וויזען דעם אינערליכען וואונד פון דער מלוכה, ער האט איהם אבער נישט מעהר צערייצט...

דער קרוין־פרינץ רעמסס האט נישט געדאנקט פענ־טוער'ן, נאר ער האט פענטוער'ס קאפ צוגעדריקט צו זיין ברוסט. קיינער האט אבער אין דעם קיין ספק נישט גע־האט, אז די דרשה פון דעם גרויסען נביא האט שטארק גערירט דעם קרוין־פרינץ, וועלכער איז ווי א קערן, פון וועלכען עס קאן ארויסוואקסען דאס גליק פון מצרים.

רעמסס האט עטליכע טעג מיט קיינעם נישט גע־רעדט. ער איז געזעסען אין זיין צעל, אדער ער האט שפא־צירט אין די דונקעלע קארידארען און געקלערט. אין זיין מוח איז נעפיהרט געווארען א ארבייט.

אין אמת'ן האט פענטוער קיין נייעס נישט געזאגט: יעדערער האט זיך בעקלאגט אויף דעם, וואס עס ווערט ווע־ניגער ערד און די בעפעלקערונג אין מצרים ווערט קלע־נער, אויף דעם עלענדקייט פון די פויערען, די בעדריקונג פון די שרייבער און שווינדלען פון די פעניציאנער. די דרשות פון דעם נביא האבען אבער אין ארדנונג געבראכט

די ידיעות, וועלכע האָבען אין זיין מוח געבלאָנזעט, האָבען זיי אָנגענומען אין אַ געהעריגער פאָרם און בעסער בעלויכטען געוויסע פאַקטען.

די פעניציאַנער האָבען איהם דערשראָקען דער קרוין־פּרינץ האָט ביז איצט נישט געוואוסט, ווי גרוים עס זענען די אונגליקען, וועלכע די פעניציאַנער מאַכען. רעמסס איז נאָך מעהר דערשראָקען געוואָרען, דערמאָהנענדיג זיך, אַז ער אַליין האָט דגונ׳ען אין אַרענדע געגעבען זיינע אייגענע אונטערטהאַנען, און ער אַליין האָט געזעהן, אויף וואָס פאַר אַ אופן דער באַנקיר האָט ביי זיי איינגעמאָהנט די אָבצאָהלונגען!...

דער רעזולטאַט פון דעם, וואָס רעמסס אַליין איז פערפּלאָנטעט געוואָרען אין די שווינדלען פון אַ פעניציאַנער איז אָבער געוועזען משונה׳דיג: ער האָט נישט געוואָלט קלערען וועגען די פעניציאַנער, און ווען נאָר עס האָט זיך אין איהם אָנגעצונדען דער כעס אויף די מענשען, האָט די אייגענע בושה זיינע געלאָשען דאָס פייער פון כעס. ער אַליין איז דאָך געוועזען אַ שותף פון די פעניציאַנער און אויף וועמען האָט ער זיך געזאָלט בייזערן?

דער קרוין־פּרינץ האָט אָבער גוט פערשטאַנען, ווי גרוים עס איז דער שאָדען פון דעם, וואָס עס ווערט אַלץ וועניגער ערד, וועניגער בעפעלקערונג און וועגען דעם האָט ער שטענדיג געקלערט.

— ווען מיר וואָלטען געהאַט די צוויי מיליאָנען מענשען, וועלכע מצרים האָט פערלאָרען, וואָלט מען דורך זיי געקאָנט צוריק בעקומען פון דער מדבר די פרוכטבאַרע ערד, מען וואָלט אויך געקאָנט נאָך פערגרעסערען דעם

שטח... און דאַמאָלס וואָלט זעהר גוט געווען אונזערע פויערען און די אײַנקינפטען פון דער מלוכה וואָלטען געוואקסען, חאָטש עס וואָהנען בײַ אונז פעניציאַנער...

אָבער פון וואַנען זאָל מען נעהמען מענשען?

צופעליג האָט ער אַ ענטפער אויף דער פראַגע בעקומען. אַ מאָל אָוועַנד, שפּאַצירענדיג אין די גערטנער פון דעם בית-מקדש, האָט ער בעגעגענט אַ גרופּע שקלאַפען, וועלכע דער גענעראַל ניטאַבער האָט געחאַפּט אויף דער מזרח-גרענעץ און האָט זיי געשיקט דער געטין התור. די מענשען זענען געווען גוט געבויט, האָבען געאַרבייט מעהר פון מצריים, און ווײַל זיי זענען בעסער ערנעהרט געוואָרען פון די מצריים, זענען זיי אויך צופריעדענער געווען.

רעמסס איז זעהר נעריהרט געוואָרען, ווען ער האָט זיי דערזעהן.

מצרים דאַרף האָבען מענשען — האָט ער זיך געקלערט — פיעל מענשען, הונדערטער טויזענדער מענשען, אפילו עטליכע מיליאָנען וואָלטען נישט צו פיעל געווען!... מען דאַרף נאָר אַרײַנפאַלען אין אזיען, פערנעהמען אַלעס, וואָס מען בעגעגענט אויף דעם וועג, — און אָבשיקען קיין מצרים... און נישט ענדיגען די מלחמה, ביז מען וועט האָבען אַזוי פיעל מענשען, אַז יעדער פויער פון מצרים זאָל האָבען אַ אײַגענעם שקלאַף...

דער פּלאַן איז געווען אַ פשוט'ער, אָבער אַ גרויסער. די מלוכה האָט געזאָלט בעקומען בעפעלקערונג, פויערען — געהילפע און פרעה'ס שאַץ — אונערשעפּטע קוועלען פון אײַנקינפטען.

רעמסס איז מיט דעם פּלאַן זעהר צופריעדען געווען.

חאָטש צו מאַרגענס האָט זיך אין איהם דערוועקט אַ נײַער ספק.

פענטוער האָט דערוויזען און נאָך פריהער האָט הרהור דאָס זעלבע דערוויזען. אַז די קוועלען פון די אונגליקען אין מצרים זענען — די מלחמות, אין וועלכע מצרים האָט נצחונות געהאַט.

און פון דעם זעהט מען דאָך בפירוש, אַז מיט אַ נײַער מלחמה איז אונמעגליך צו ראַטען מצרים.

„פענטוער איז אַ גרויסער חכם און הרהור איז אַ גרויסער חכם — האָט רעמסס זיך געקלערט. — אויב זיי בע־טראַכטען אַ מלחמה פאַר שעדליך, אויב דער כהן־גדול מפריס און אַלע אַנדערע כהנים בעטראַכטען אַזוי די מלחמה, איז דאָך אפשר טאַקי אַ מלחמה געפעהרליך?“...

און אַמלחמה איז אַ ודאי געפעהרליך, אויב אַזוי פיעל קלוגע און הײליגע מענשען זאָגען אַזוי.

דער קרוין־פרינץ איז געוועזען זעהר טרויעריג. ער האָט ערפונדען אַ געוועהנליך מיטעל צו ראַטעווען מצרים און דערווײַל זאָגען די כהנים, אַז דאָס מיטעל קאָן נאָך צו'ם איבעריגען רואינירען מצרים.

און די כהנים זענען דאָך די קליגסטע און הײליגסטע מענשען.

עס איז אָבער פאָרגעקומען אַ צופאַל, וועלכער האָט אָבגעשוואַכט די אמונה פון רעמסס'ן אין די כהנים און אין זײַערע ווערטער. פערקעהרט, דער צופאַל האָט ערוועקט אין איהם זײַן פריהעריגע אונטרויען צו די כהנים.

אַ מאָל איז ער געגאַנגען מיט אַ רופא אין דער ביבּ־ליאָטעק. עס איז איהם אויסגעקומען צו געהן דורך אַ פינס־

טערען און ענגען קארידאר, פון וועלכען רעמסס האט זיך צוריקגערוקט מיאוס'ענדיג זיך דארט צו געהן.

— איך וועל דא נישט געהן — האט ער געזאגט.

— פאר וואס? — האט דער רופא געפרעגט מיט בעוואונדערונג.

— צי געדענקסטו נישט, הייליגער כהן, אז אין סוף פון דעם קארידאר איז געוועזען א לאך, אין וועלכען איהר האט מיט אכזריות געקוועלט א פערדעטהער ביז צום טוידט?...

— א הא! — האט דער רופא געענטפערט — דאס לאך, אין וועלכען מיר האבען אריינגעגאסען פעך פאר די דרשות פון פענטוער...

— און איהר האט אזוי אכזריות'דיג דערהרג'עט א מענשען...

דער רופא האט געשמייכעלט. ער איז געוועזען א גוּטער און פריינדליכער מענש, זעהענדיג די אויפרעגונג פון דעם קרוין-פרינץ, האט ער זיך אביסעל פערקלערט און דערנאך געזאגט צו איהם:

— יא, קיינער טאר נישט ארויסגעבען קיין סודות... דאס פערשטעהט זיך... פאר יעדער גרעסער פייערליכקייט דערמאהנען מיר דאס די יונגע-לייט, וועלכע דארפען ווערען כהנים.

דער טאן פון דעם רופא איז געוועזען אזוי משונה'דיג אז רעמסס האט פון איהם פערלאנגט, ער זאל איהם דאס ערקלערען.

— איך קאן קיין סודות נישט ארויסגעבען — האט דער רופא געענטפערט—נאר... אויב דו וועסט מיר פער-

שפרעכען, אז דו וועסט קיינעם נישט זאגען, וועל איך דיר דערצעהלען די געשיכטע.

רעמסס האט פערשפראכען און דער רופא האט געזאגט:

— א געוויסער כהן פון מצרים, בעזוכענדיג דעם בית־מקדש פון די גנעצענ־דיענער אין לאנד ארם, האט ביי איינעם פון זיי בעגעגענט א מענשען וועלכער האט זיך איהם אויסגעוויזען פעט און צופריעדען, חאטש ער איז געוועזען זעהר ארים געקליידט.

„ערקלער מיר" האט דער כהן געזאגט צו דעם לוסטיגען ארימאן „וואס איז דאס" וואס דו ביסט א ארימאן און דיין נוף זעהט אויס אזוי גוט, ווי דו וואלסט געווען א הויפטמאן פון דעם בית־מקדש?

„דער מענש האט זיך ארומגעקוקט, צו עס הארכט איהם קיינער נישט אונטער און געענטפערט:

„ווייל איך האב א זעהר טרויעריגע שטימע, בין איך ביי דעם בית־מקדש א בעל־יסורים. ווען דאס פאלק קומט מתפלל זיין, קריך איך אין א היל אריין און זיפץ, וויפיעל נאר איך קען; דערפאר שפייזט מען מיך גוט א גאנץ יאהר און פאר יעדען טאג, וואס איך זיפץ, בעקום איך א קרוג מיט ביער".

— אזוי איז אין דעם לאנד פון די געצענדיענער ארם, — האט דער רופא געזאגט,—לעגענדיג א פינגער אויפ'ן מויל, — געדענק, קרוין-פרינץ, וואס דו האסט מיר פערשפראכען און וועגען דעם צעשמאלצענעם פעך, קלער דיר, וואס דו ווילסט ...

די ערצעהלונג האט רעמסס'ן גערירט. עס איז איהם

אַבּיִסעֶל לײַכטעֶר געֶוואָרעֶן אויפ'ן האַרצעֶן, געֶוואָהר וועֶרעֶנ־דיִג, אַז מעֶן האָט איִן בּיִת־מקדש קײַנעֶם ניִשט געֶהרג'עֶט; עֶס האָבּעֶן זיִך אָבּעֶר איִן איִהם גלײַכגיִלטיִג עֶרוועֶקט דיִ אַלטעֶ חשדים אויף דיִ כּהנים.

אַז זײַ נאַרעֶן דאָס פּשוטעֶ פֿאָלק האָט עֶר גוט געֶ־וואוסט. עֶר האָט דאָך געֶדעֶנקט דיִ פּראָצעֶסיעֶ פֿון דעֶם הײַליִגעֶן אָקס. אַפּיִס איִן דעֶר צײַט, ווען עֶר איִז געֶוועֶן איִן דעֶר שולעֶ פֿון דיִ כּהנים. דאָס פֿאָלק איִז געֶוועֶן זיִכעֶר, אַז דעֶר אָקס פֿיִהרט דיִ כּהנים. יעֶדעֶר שיִלעֶר האָט אָבּעֶר גוט געֶוואוסט, אַז דעֶר אָקס געֶהט דאָרט, וואו דיִ כּהנים וויִלעֶן.

און וועֶר קאָן אַלזאָ וויִסעֶן, ציִ דיִ דרשות פֿון פּעֶנ־טוּעֶר'ן זעֶנעֶן ניִשט געֶוועֶן וויִ דיִ פּראָצעֶסיעֶ מיִט'ן אָקס אַפּיִס? עֶס איִז דאָך אַזוי לײַכט צו שיִטעֶן אויף דעֶר עֶרד רויטעֶ און פֿעֶרשיִעדעֶן־קאָליִרטעֶ בּעֶדלעֶך, און לעֶבּעֶנדיִגעֶ בּיִלדעֶר איִז דאָך אויך ניִשט שוועֶר צו שטעֶלעֶן. עֶר האָט דאָך שוין געֶזעֶהן העֶרליִכעֶרעֶ פֿאָרשטעֶלונגעֶן: דיִ מלחמה פֿון שת'ן מיִט אָזיִריִס'ן, איִן וועֶלכעֶר עֶס האָבּעֶן זיִך בּעֶ־טײַליִגט עֶטליִכעֶ הונדעֶרט מעֶנשעֶן... און ציִ האָבּעֶן דיִ כּהנים איִן דעֶר מלחמה ניִשט געֶנאַרט? עֶס האָט געֶזאָלט פֿאָרקומעֶן אַ מלחמה פֿון געֶטעֶר, און איִן אמת'ן איִז דיִ מלחמה געֶפֿיִהרט געֶוואָרעֶן דורך פֿעֶרשטעֶלטעֶ מעֶנשעֶן. עֶס איִז אומגעֶקומעֶן איִן דעֶר מלחמה אָזיִריִס, און איִן אמת'ן איִז דעֶר כּהן, וואָס האָט זיִך פֿעֶרשטעֶלט פֿאַר אָזיִריִס'ן געֶוועֶן געֶזונד וויִ אַ וויִזעֶלטהיִר. און וואָס פֿאַר אַ נסים האָט מעֶן דאָרט געֶוויִזעֶן... דאָס וואַסעֶר האָט זיִך אויפֿגעֶהויבּעֶן, עֶס האָט געֶדונעֶרט, דיִ עֶרד האָט געֶציִטעֶרט און אַרויס־

געוואָרפֿען פֿון זיך פֿײַער. און דאָס אַלעס איז געווען גע־
נאַרט און פֿאַרוואָס זאָלען זײַן אמת די פֿאָרשטעלונגען פֿון
פֿענטוער?

דער קרוין־פּרינץ האָט דערנאָך בעקומען שטאַרקע
אותות ומופֿתים, אַז מען האָט איהם געוואָלט נאַרען. דער
מענש, וואָס האָט געזיפֿצט און געשריען אין דעם לאָך און
מען האָט איהם בעגאָסען מיט פֿעך, איז געווען נאָר איהם
צו נאַרען. דאָס איז אָבער א קלײניגקײט. וויכטיגער איז
דאָס, אַז, ווי ער האָט זיך שוין עטליכע מאָל איבערצײַגט,
האָט הרהור נישט געוואָלט קײן מלחמה, מפֿרים האָט אויך
נישט געוואָלט קײן מלחמה און פֿענטוער איז געווען א גע־
הילף פֿון אײנעם פֿון זײ, און א בעליעבטער בײַ דעם צווײטען.

אין דעם הארצען פֿון רעמסס'ן איז א מלחמה פֿאָר־
געקומען: א מאָל האָט זיך איהם געדאַכט, אַז ער פֿער־
שטעהט אַלץ, א אנדערש מאָל האָט ער א פֿינסטערניש גע־
זעהן אַרום זיך; א מאָל איז ער געווען פֿול מיט האָפֿנונג,
דערנאָך האָט ער אין אַלעס געצווייפֿעלט.

ביסלעכווייז האָט ער אָבער צוריק בעקומען זײַן גלײַכ־
געוויכט, און ווען עס איז אָנגעקומען די צײַט אַרויסצוגעהן
פֿון בית־מקדש, האָט ער שוין געהאַט פֿאָרמולירט גרויסע
אנשויאונגען.

ער האָט גוט פֿערשטאַנען, וואָס מצרים דאַרף האָ־
בען: מעהר ערד און מעהר מענשען.

רעמסס האָט אויך געגלויבט, אַז דאָס געוועהנליכסטע
מיטעל צו ערווערבען מענשען, איז א מלחמה מיט אזיען,
און דאָך האָט פֿענטוער איהם געלערנט, אַז א מלחמה קאָן
נאָר פֿערגרעסערען די אונגליקען פֿון דער מלחמה. עס

פֿרעגט זיך אָבער אַ נײַע שאלה: צו האָט פֿענטעאור געזאָגט אמת, אָדער ליגען?

האָט ער געזאָגט אמת, איז דער קרוין-פּרינץ אַ אומגליקליכער: רעמסס האָט נישט געזעהן קײן אנדער מיטעל צו הויבען די מלוכה, אויסער אַ מלחמה. אָהן מלחמה וועט מצרים פֿון יאָהר צו יאָהר פֿערליערען וואָס אַמאָל מעהר בעפֿעלקערונג, און דער שאַץ פֿון פּרעה'ן וועט זײַנע חובות פֿערגרעסערן. די זאַנצע זאַך וועט זיך ענדיגען מיט אַ שרעקליכע קאַטאַסטראָפֿע, אפשר נאָך גאָר אין דער צײַט, ווען ער, רעמסס, וועט הערשען.

און אויב פֿענטעאור האָט ליגען געזאָגט? צו וואָס האָט ער געזאָלט ליגען זאָגען? הרהור, מפרים און אַלע אַנדערע כּהנים האָבען איהם אודאי אָבגערעדט דערצו. נאָר פֿאַרוואָס ווילען די כּהנים נישט קײן מלחמה? וואָס פֿאַר אַ אינטערעס האָבען זײ אין דעם, אַז עס זאָל קײן מלחמה נישט זײַן? יעדע מלחמה קאָן דאָך זײ און פּרעה'ן ברענגען פֿיעל נוצען.

און צי האָבען די כּהנים איהם געקאָנט נארען אין אַזאַ וויכטיגע זאַך? זײ האָבען אפילו זעהר אָפֿט געפּלעגט נארען, אָבער נאָר אין קלײנע פֿאַרפֿאַלען און נישט ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט אין דער צוקונפֿט פֿון דער מלוכה. מען קאָן אויך נישט זאָגען, אַז זײ האָבען שטענדיג גענארט. זײ זענען דאָך קנעכט פֿון די געטער און זײ היטען דאָך די גרויסע סודות. אין זײערע בית-מקדש'ס וואָהנען געטער. דאָס האָט זיך דאָך רעמסס אַלײן איבערצײַגט באַלד די ערשטע נאַכט נאָך דעם, ווי ער האָט זיך דאָ בעזעצט.

און אויב די געטער ערלויבען נישט די פּרעה'ס נעהנ-

טער צוצוטרעטען צו זייערע מזבחות, אויב זיי היטען אזוי שטארק זייערע בית-מקדש'ם, פאר וואס זאלען זיי נישט היטען מצרים, וואס איז זייער גרויס בית-מקדש?

ווען רעמסס איז עטליכע טעג שפעטער ארויס פון בית-המקדש נאך א הייליגער תפלה און פיעל ברכות פון די כהנים, האבען אין זיין מוח זיך געראנגעלט צוויי פראגען:

ציי וואלט א מלחמה מיט אזיען טאקי געקאנט שאדען מצרים?

ציי וואלטען די כהנים טאקי איהם, דעם קרוין-פרינץ, געקאנט נארען אין אזא וויכטיגער זאך?

# פיערטעס קאפיטעל.

אין בעגלייטונג פון עטליכע אפיציערען האט רעמסס געריטען קיין פי-בושת, וואס איז געווען די בערי־המטסטע שטאדט פון דער פראווינץ חובה.

עס איז פאראיבער דער חודש פאאני און עס האט זיך אנגעהויבען דער חודש עפיפי (אפריל, מאי). די זון איז געשטאנען הויך, די גרעסטע היצען-צייט פון מצרים איז אנגעקומען. עטליכע מאל איז שוין אנגעקומען א שרעקליכער ווינד פון דער מדבר; מענשען און בהמות זענען געפאלען פון היץ און אויף די פעלדער און בוימער האט זיך געזעצט א גרויער שטויב, פון וועלכען געוואוקסען ווערען טוידט.

מען האט צונויפגעקליבען רויזען און געמאכט פון זיי שמעקענדען עהל; מען האט די תבואות פון די פעלדער אראבגענומען. מענשען האבען פיעל מעהר געארבייט ביים פונאנדערגיסען וואסער אויף דער ערד, אום זי פארצו-

בערייטען צום זעהען. מען האט אויך אנגעהויבען אראבנעהמען פון די גערטנער פייגען און וויינטרויבען.

דאס וואסער פון נילוס איז געפאלען, אין די קאנאלען איז געוועזען וועניג וואסער, וועלכעס האט א שלעכטען ריח געהאט. אין דעם גאנצען לאנד איז די לופט פול געוועזען מיט זעהר דינעם שטויב.

פון דעסטוועגען איז דער קרוין-פרינץ געריטען מיט צופרידענהייט. דאס לעבען פון א בעל-תשובה אין דעם בית-מקדש איז איהם פערמיאוס'ט געווארען; ער האט זיך פערבענקט נאך מאהלצייטען, פרויען און גערויש.

דער געגענד, אין וועלכען ער איז געריטען, חאטש ער איז געוועזען פלאכער און דורכגעשניטען אומעטום אלצ-איינם מיט קאנאלען, האט איהם אינטערעסירט. אין דער פראווינץ חובה האט געוואהנט אנ'אנדער בעפעלקערונג: נישט קיין געבוירענע מצרים, נאר אזעלכע, וואס האבען געשטאמט פון די היקסאסען, וועלכע האבען אמאל איינגענומען מצרים און עטליכע הונדערט יאהר אין לאנד געהערשט.

די עכטע מצריים האבען פעראכטעט די איבערגעבליבענע פון די אמאליגע זיעגער, וועלכע זענען דערנאך ארויסגעטריבען געווארען פון לאנד; רעמסס האט זיי אבער געליעבט. זיי זענען געוועזען הויכע, שטארקע מענשען און אויף זייערע פנים ער האט מען נעזעהן מוטה און ענערגיע. פאר דעם קרוין-פרינץ און די אפיציערען זענען זיי נישט געפאלען אויף די פנים'ער, ווי די מצריים. זיי האבען געקוקט אויף די גרויסע לייט נישט מיט שנאה, אבער אויך נישט מיט שרעק. זיי האבען אויך נישט געהאט קיין פלייצעס מיט העפטען פון די שטעקענס; די שרייבער האבען זיי גע-

אַכֿטעט, וויִסענדיִג, אַז ווען מען שלאָגט אַ היִקסאָס, גיִט אָב פלאָג, אָדער ער דערהרג'עט זײַן פֿערפֿאָלגער. אויסער דעם האָט פרעה זיי געליִעבט, ווײַל זיי האָבען צוגעשטעלט די בעסטע סאָלדאַטען.

וואָס נעהנטער די מחנה פֿון דעם קרוין־פּריִנץ איז געקומען צו פּי־בושת, וואָס איהרע בית־מקדש'ס און פּאַלאַצען האָבען פֿון וויַיטענס אויסגעזעהן, ווי מיִט אַ מושליִן בעדעקט, ווײַל זיי זענען געשטאַנען איִן אַ נעבעל פֿון שטויב — דאָס מעהר בעוועגונג איז איִן דעם געגענד געוועזען. אויף ברייטע וועגען און איִן קאַנאַלען האָט מען געפֿיִהרט בהמות, תבואה, פּירות, ווײַן, בלומען, ברויט און אַ מענגע אַנדערע געגענשטאַנדען. אַ געדיִכטער ים מיִט מענשען און סחורות האָט געוועהנליִך געפֿליִעסט צו דער שטאָדט. אַרום פּי־בושת האָט געהערשט אַ גאַנץ יאָהר אַ יריד־גערויש, וועלכעס איז שטיִל געוואָרען נאָר ביי נאַכֿט.

די סבה דערפֿון איז געוועזען אַ פּשוט'ע: די שטאָדט האָט געהאַט איִן זיִך אַ אַלט און בעריִהמט בית־מקדש פֿון דער געטיִן עשתרות, וועלכע איז פֿערהייליִגט געוועזען איִן גאַנץ מערב־אַזיען, דאַדורך זענען שטענדיִג דאָרט־היִן געגאַנגען זעהר פֿיִעל מענשען און היִנטער פּי־בושת איז שטענדיִג געוועזען אַ מחנה פֿון דרײַסיִג טויזענד אויסלענדער: אַראַבער, פֿעניִציאַנער, יודען, פלשתים, חתיים, אַשורים און אַנדערע. די רעגיִערונג איז געוועזען זעהר צופֿריִעדען פֿון דעם, וואָס דאָרט־היִן זענען אַלע מאָל אָנגעקומען אַזוי פֿיִעל מענשען, ווײַל פֿון זיי האָט זי געהאַט גרויסע אײַנקיִנפֿטען; די כהנים זענען נאָך מעהר דערפֿון צופֿריִעדען געוועזען און די בעפֿעל־

קערונג פון די ארומיגע פראווינצען האבען מיט זיי א האנ־
דעל געפיהרט.

א שעה־רייזע צו דער שטאדט האט מען שוין געזעהן
לעהם־הייזלעך און געצעלטען פון אנקומענדע, וועלכע זע־
נען געשטעלט געווארען אויף דער גאלער ערד. וואס נעהנ־
טער מען איז געקומען צו פי־בושת, אלץ גרעסער איז גע־
ווארען זייער צאהל און אלץ געדיכטער האבען זיך געוויר־
מעט די איינוואהנער פון די געצעלטען. די האבען געקאכט
עסען, אנדערע האבען געקויפט סחורות, וועלכע זענען אנ־
געקומען, נאך אנדערע זענען געגאנגען אין א פראצעסיע אין
בית־מקדש. דא און דארט האבען זיך פערזאמעלט גרעסע־
רע גרופען מענשען פאר די ערטער פון פערוויילונגען, ווא־
עס זענען געווען מענשען מיט חיות, שלאנגען, גבורים,
טענצערינם און קונצענמאכער.

און ביי די מענשען איז גרויס געווען דאס גערויש
און נאך גרעסער — די היץ.

ביי דעם טויער פון דער שטאדט האבען רעמסס'ן
בעגריסט די ארעל־לייט און דער הויפטמאן פון חובה מיט
די בעאמטע. די בעגריסונג איז אבער געווען, טראץ דער
הערצליכקייט, אזוי קאלט, אז דער פערוואונדערטער קרוין־
פרינץ האט איינגערוימט טוטמאזיס'ן.

— וואס קוקט איהר עפעס אויף מיר אזוי, ווי איך
וואלט געקומען דא אהער די בעפעלקערונג בעשטראפען?

— ווייל דו, גרויסער רעמסס, זעהסט אוים, ווי דו
וואלסט ביי די געטער געווען.

ער האט אמת געזאגט. דאס לעבען פון א בעל־תשובה
און די געזעלשאפט פון די געלעהרטע כהנים, ווי אויך דאס

לאנגע קלערען, האָט דעם קרוין־פּרינץ אַזוי געענדערט. ער איז געוואָרען דאַר, זיין פּנים איז שווארץ געוואָרען און אין גאַנצען האָט ער אויסגעזעהן, ווי אַ אַלטער־מאַן.

אויף איינע פון די הויפּט־גאַסען האָבען זיך געשטופּט אַזוי פיעל מענשען, אַז די פּאָליציאַנטען האָבען געמוזט מאַכען אַ וועג דעם קרוין־פּרינץ און זיין סוויטע. דער המון האָט אָבער נישט בעגריסט דעם קרוין־פּרינץ, נאָר ער האָט זיך צונויפגעשטופּט אַרום אַ קליינעם פּאַלאַץ, ווי ער וואָלט אויף עמיצען געוואַרט.

— וואָס איז דאָס? — האָט רעמסס געפרעגט דעם הויפּט־מאַן, נישט קאָנענדיג פערשטעהן דאָס קאָלטבלוטיג־קייט פון דעם המון.

— דאָ וואָהנט חירום, — האָט דער הויפּט־מאַן געענט־פערט, — דער פירשט פון צור. אַ זעהר גרויסער בעל־רחמנות. יעדען טאָג טיילט ער פונאַנדער זעהר פיעל צדקה, דאַדורך קומען צו איהם אַזוי פיעל אָרימע לייט.

דער קרוין־פּרינץ האָט זיך אומגעדרעהט אויף זיין פערד, געקוקט און געזאָגט:

— איך זעה דאָ קעניגליכע ארבייטער. בכן קומען זיי אויך נעהמען צדקה ביי דעם פירשט פון פעניציען?

דער הויפּט־מאַן האָט געשוויגען. צו'ם גליק איז ער אָנגעקומען נאָהנט צו דעם רעגיערונגס־פּאַלאַץ און רעמסס האָט פערגעסען אָן חירום'ן.

עטליכע טעג זענען געמאַכט געוואָרען מאָהלצייטען לכבוד רעמסס'ן; ער איז אָבער נישט זעהר צופריעדען געוועזען פון זיי. עס האָט געפעהלט אויף די מאָהלצייטען לוסטיגקייט און עס זענען פאָרגעקומען אונאַנגענעהמע פּאַרפּאַלען.

אמאָל האָט פּלוצלונג אָנגעהויבען וויינען איינע פון דעם קרוין-פּרינצ'ס געליעבטע, בעת זי האָט פאר איהם גע-טאנצט. רעמסס האָט זי געחאפּט אין זיינע אָרעמס און געפרעגט: וואָס איז איהר?

אין אָנפאנג האָט זי נישט געוואָלט ענטפערען. דער-נאָך איז זי אָבער דרייסט געוואָרען, זעהענדיג, אז רעמסס איז צו איהר אזוי גנעדיג, און בעגיעסענדיג זיך נאָך מעהר מיט טרעהרען, האָט זי געענטפערט:

-- מיר זענען, הערשער, דיינע פרויען, מיר שטא-מען פון גרויסע פאמיליעס און מיר פערדיענען אכטונג...

— דו זאָגסט אמת — האָט דער קרוין-פּרינץ זיך אָנגערופען.

— דיין שאַץ-מייסטער בעגרענעצט אָבער אונזערע אויסגאַבען. ער האָט אונז אויך געוואָלט צונעהמען די דיענסט-מיידלעך, אָהן וועלכע מיר קאָנען זיך דאָך נישט וואשען, נישט קעמען.

רעמסס האָט גערופען דעם שאַץ-מייסטער און איהם שטרענג אָנגעזאָגט, אז זיינע פרויען זאָלען האָבען אלץ, וואָס זיי געהער לויט זייערע אָבשטאַמונג און שטעלונג.

דער שאַץ-מייסטער איז געפאַלען אויפ'ן פּנים פאר דעם קרוין-פּרינץ און האָט פערשפּראָכען צו פאָלגען די פרוי-ען. עטליכע טעג שפּעטער האָט אויסגעבראָכען אבונט צווי-שען די הויפּס-שקלאַפען, וועלכע האָבען זיך בעקלאָגט, אז מען גיעט זיי נישט קיין וויין.

דער קרוין-פּרינץ האָט זיי געהייסען געבען וויין. נאָר צומאָרגענס, ווען ער האָט מושטרירט דאָס מיליטער, זענען צו איהם געקומען דעפּוטאציעס פון די פאָלקען מיט א אָנ-

קלאַגע, אַז מען האָט זיי פערקלענערט די פּאָרציעס פליישׁ און ברויט.

דער קרוין־פּרינץ האָט אויך איצט געהייסען, מען זאָל ערפילען דעם פערלאַנג פון די דעפּוטאַציעס.

עטליכע טעג שפּעטער האָט איהם אויפגעוועקט פון שלאָף אַ גרויס גערויש נעבען דעם פּאַלאַץ. רעמסס האָט געפרעגט, וואָס דאָס גערויש איז, און דער דיזשורנע אָפיציער האָט איהם ערקלערט, אַז עס האָבען זיך פערזאַמעלט די קעניגליכע אַרבייטער און זיי שרייען, מען זאָל זיי געבען דעם לויהן, וואָס מען איז זיי שולדיג.

מען האָט גערופען דעם שאַץ־מייסטער, צו וועלכען דער קרוין־פּרינץ האָט געשריען מיט שרעקליכען כעס:

— וואָס טהוט זיך דאָס?... זייט איך בין דאָ אַהער געקומען געהט נישט פאָראיבער קיין איין טאָג, מען זאָל זיך נישט בעקלאָגען אויף עולות. אויב אַזעלכעס וועט נאָך אַמאָל פאָרקומען, וועל איך בעשטימען אַ אויספאָרשונג און אייערע גנבות וועלען מוזען אַ סוף נעהמען.

דער שאַץ־מייסטער האָט געציטערט און, פאַלענדיג מיט'ן פּנים אויף דער ערד, האָט ער געזיפצט:

— הרג'ע מיך, מיין הערשער!... וואָס קאָן איך אָבער טהון, ווען דיין שאַץ און דיינע שפּייכלער זענען לעער?...

חאָטש דער קרוין־פּרינץ איז שרעקליך בייז געווען, דאָך האָט ער פערשטאַנען, אַז דער שאַץ־מייסטער איז אונשולדיג. ער האָט איהם אַלזאָ געהייסען אוועקגעהן און האָט גערופען טוטמאַזיס'ן.

— הער גאָר, — האָט רעמסס געזאָגט צו זיין געליעב־

טען, — דאָ קומט פֿאַר אַ זעלבעס, וואָס איך פֿערשטעהע נישט און צו וועלבען איך בין נישט געוואוינט. מיינע פֿרוי־ען, שקלאַפֿען, מיליטער און קעניגליכע ארבייטער גיעט מען נישט, וואָס זיי קומט, אָדער זיי זענען בעגרענעצט אין אויסגאַבען. ווען איך האָב געפֿרעגט דעם שאַץ־מייסטער: וואָס איז דאָס? — האָט ער מיר געענטפֿערט, אַז מיר האָבען גאָרנישט אין דעם שאַץ און אין די שפּייכלערס.

— ער האָט אמת געזאָגט.

— וואָס איז?... — האָט רעמסס געפֿרעגט מיט כעס — אויף מיין רייזע האָט מיין הייליגער פֿאָטער בעשטימט צוויי הונדערט טאַלענטען אין סחורות און אין גאָלד. זאָל שוין פֿון דעם גאָר נישט זיין?...

— עס איז שוין פֿון דעם גאָרנישט געבליבען — האָט טוטמאזיס געענטפֿערט.

— ווי אַזוי?... אויף וואָס האָט מען דאָס אויסגעגעבען?... — האָט דער קרוין־פּרינץ געשריען — אויף דער גאַנצער רייזע האָבען דאָך אונז אויסגעהאַלטען די הויפּט־מענער?...

— אָבער מיר האָבען דערפֿאַר געצאָהלט.

— זענען זיי דאָך גנבים!... זיי עמפּפֿאַנגען אונז ווי געסט, און דערנאָך נעהמען זיי דערפֿאַר געלד!...

— בייזער זיך נישט, וועל איך דיר אַלעס ערקלע־רען — האָט טוטמאזיס געזאָגט.

— זיץ.

טוטמאזיס האָט זיך געזעצט און געזאָגט:

— ווייסטו, אַז שוין אַ חודש עס איך פֿון דיין קיך־

זריִנק וויַין פֿון דיַינע קרוגען און קליַיד זיִד פֿון דיַין קלייַ-
יער-שאַנק ? . . .

— דו האָסט רעכֿט אַזוי צו טהון

— קיַין מאָל האָב איִך אָבער דאָס ניִשט געטהון : איִך
האָב געלעבט, זיִך געקליַידט און געוויַילט אויף מיַין אייַגענעם
רעכֿענונג, כדי איִך זאָל דעם שאַנק ניִשט צו לאַסט זיַין .
ניִשט איַין מאָל האָסטו טאַקי מיַינע חובות געצאָהלט. דאָס
איִז אָבער געווען נאָר אַ טייל פֿון מיַינע אויסגאַבען.

— חובות איִז אַ קלייַניִגקיַיט .

— איִן דער זעלבער ראַגע — האָט טוטמאַזיִס וויַיטער
געזאָגט — געפֿיִנען זיִך לעֵרך צוואַנציִג יונגע לייַט פֿון דיַין
הויף. זיי האָבען זיִך פֿריִהער אויסגעהאַלטען אַליין, אום
אונטערצוהאַלטען דעם גלאַנץ פֿון דעם הערשער : אָבער הייַנט
לעבען זיי אויף דיַין רעכֿענונג, פּונקט ווי איִך, וויַיל זיי האָ-
בען שוין ניִשט וואָס אויסצוגעבען .

— איִך וועל זיי אַמאָל דערפֿאַר בעלויהנען

— אָט — האָט טוטמאַזיִס געזאָגט — נעהמען מיִר פֿון
דיַין שאַנק, וויַיל אונז דריִקט די אָריִמקיַיט און — דאָס זעלבע
טהוען די הויפּט-מענער. ווען זיי וואָלטען געהאַט, וואָלטען
זיי פֿאַר דיַינעטוועגען געמאַכֿט מאָהלציַיטען און אויפֿנאַה-
מען אויף אייַגענעם רעכֿענונג ; נאָר וויַיל זיי האָבען ניִשט,
נעהמען זיי דערפֿאַר בעלויהנונג.

— וועסטו איִצט אויך זאָגען, אַז זיי זענען גנבים ? ...

דער קרוין-פּריִנץ איִז אַרומגעגאַנגען איִן ציִמער פֿער-
טראַכֿט.

— צו ניִך האָב איִך זיי גע'משפּט — האָט ער געענט-
פֿערט — דער כעס האָט מיִר די אויגען פֿערבלענדט, ווי

אַ רויך. איך שעם זיך אַליין, וואָס איך האָב אַזוי געזאָגט, דאָך וויל איך, אַז די הויפּט-לייט, סאָלדאַטען און אַרבייטער זאָל קיין עולה ניט געטהון ווערען...

און ווייל מיין שאַץ איז אויסגעשעפּט, מוז מען לייהען... הונדערט טאַלענטען וועלען אודאי קלעקען, ווי מיינסטו?...

— איך מיין, אַז קיינער וועט אונז הונדערט טאַלענטען ניט לייהען — האָט טוטמאָזים געענטפערט.

דער קרוין-פּרינץ האָט געקוקט אויף איהם מיט שטאָלצע בליקען.

— דאָס דערצעהלט מען אויך פרעה'ס זוהן? — האָט ער געפרעגט.

— פערטרייב מיך פון זיך, — האָט טוטמאָזים מיט אַ טרויעריגער שטימע געזאָגט, — נאָר דעם אמת האָב איך געזאָגט. היינט וועט אונז קיינער ניט לייהען, ווייל עס איז שוין ניטאָ ווער...

— און דגון?... האָט זיך דער קרוין-פּרינץ געוואונדערט — ציא איז ער שוין ניט אין מיין הויף, ציא איז ער געשטאָרבען?...

— דגון וואָהנט אין פּי-בושת. נאָר גאַנצע טעג פערברענגט ער צוזאַמען מיט אַנדערע אין בית-מקדש פון עשתרות אין תשובה און תפלה...

— פון וואַנען נעהמט זיך צו איהם אַזאַ פרומקייט? ציא ווייל איך בין געווען אין בית-מקדש, וויל זיך מיין באַנקיר בעראַטען מיט די געטער?

טוטמאָזים האָט זיך נעדרעהט אויף זיין שטוהל.

— די פֿעניציאַנער זענען בעשראָקען און פֿערטרויערט דורך די ידיעות...

— וואָס פֿאַר ידיעות?...

— מען האָט זיי געזאָגט, אַז ווען דו וועסט ווערען פרעה, וועלען די פֿעניציאַנער אַרויסגעטריבען ווערען און זייער פֿערמעגען וועט קאָנפֿיסקירט ווערען...

— נו, האָבען זיי דאָך גענוג צייט — האָט רעמסס געשמייכעלט.

טוטמאָזיס האָט זיך נאָך אַלץ עפּעס צוריקגעהאַלטען פֿון רעדען.

— מען זאָגט – האָט ער שטיל איינגערוימט רעמסס'ן – אַז דער געזונדס-צושטאַנד פֿון דעם היילינגען פרעה'ן (אייביג זאָל ער לעבען!) איז אין דער לעצטער צייט ערגער געוואָרען...

— דאָס איז ליגען! — האָט איהם דער קרוין-פּרינץ איבערגעהאַקט מיט אונרוהיגקייט — איך וואָלט דאָך דאָס געוואוסט...

— און דאָך זענען די כהנים בסוד מתפלל אויף זיין געזונד — האָט טוטמאָזיס שטיל געזאָגט— איך ווייס זיכער...

רעמסס איז געבליבען ווי פֿערשטיינערט.

— וואָס איז דאָס! — האָט ער געזאָגט — מיין פֿאָטער איז שווער קראַנק, די כהנים זענען מתפלל אויף זיין געזונד און איך ווייס גאָרנישט!... מיר זאָגט מען נישט?

— מען זאָגט, אַז דעם היילינגען פרעה'ס קראַנקהייט קאָן נאָך דויערען אַ יאָהר...

— עה!... דו הערסט אויסגעטראַכטע מעשיות און מיך בעאונרוהיגסטו... זאָג מיר בעסער וועגען די פֿעני-

ציאנער, דאָס איז מעהר אינטערעסאַנט.

— איך האָב געהערט—האָט טוטמאַזיס געענטפערט— נאָר דאָס, וואָס אַלע האָבען געהערט, אַז דו, איבערצייגענדיג זיך אין בית-מקדש, אַז די פעניציאַנער זענען שעדליך, האָסטו זיך מתחייב געווען זיי ארויסצוטרייבען.

— אין בית-מקדש?... — האָט דער קרוין-פּרינץ איבערגעחזר'ט — ווער קאָן וויסען, וואָס איך האָב זיך איבערצייגט און וואָס איך האָב בעשלאָסען אין בית-מקדש?...

טוטמאַזיס האָט געהויבען די פּלייצעס און געשוויגען.

— צי גיעט מען פון דאָרט אויך אַרויס סודות? — האָט דער קרוין-פּרינץ שטיל געזאָגט — יעדענפאַלס רוף מיר דגונ'ען — האָט ער הויך געזאָגט — איך מוז דערקענען די קוועלע פון די ליגענס און אַ סוף מיט זיי מאַכען.

— דו וועסט גוט טהון, מיין הערר,— האָט טוטמאַזיס געזאָגט,— ווייל גאַנץ מצרים איז בעאונרוהיגט. מען האָט היינט שוין נישט ביי וועמען געלד צו לייהען און ווען די קלאַנגען וועלען נישט אָבגעלייקענט ווערען, וועט אויפהערען דער האַנדעל. אונזער אַריסטאָקראַטיע איז פעראַרימט געוואָרען און פון דעם דלות האָט זי קיין אויסגאַנג נישט. דיין הויף האָט נישט פון וואַנען צו לעבען. אין אַ חודש אַרום וועט דאָס זעלבע זיין אין דעם פּאַלאַץ פון הייליגען פּרעה...

— שווייג! — האָט איהם רעמסס איבערגעהאַקט — און רוף מיר באַלד דגונ'ען.

טוטמאַזיס איז אַרויסגעלאָפען, דער באַנקיר האָט זיך אָבער נישט געוויזען ביי רעמסס'ן ביז אָוועכד. ער האָט געהאַט אויף זיין קערפּער אַ ווייס לייַלעך מיט שוואַרצע פּאַסען.

— איהר זענט משוגע געוואָרען!... — האָט דער קרוין־פּרינץ געשריען, זעהענדיג דגונ'ען אין דעם טלית — איך וועל דיך באַלד לוסטיג מאַכען... איך דאַרף שוין האָבען הונדערט טאַלענטען. געה און ווייז זיך נישט פאַר מיר, ביז דו וועסט מיר געלד ברענגען.

דער באַנקיר האָט זיך אָבער דאָס פּנים פערשטעלט און געוויינט.

— וואָס איז דאָס? — האָט דער קרוין־פּרינץ געפרעגט מיט אונגעדולד.

— הערשער! — האָט דגון געענטפערט, קניענדיג פאַר איהם — נעהם דיר מיין פערמעגען, פערקויף מיך און מיין פאַמיליע... אלץ נעהם דיר, אונזער לעבען נעהם... אָבער הונדערט טאַלענטען... פון וואַנען וועל איך היינט אזוי פיעל געלד נעהמען?... נישט פון מצרים, נישט פון פעניציען וועל איך היינט קאָנען געלד בעקומען... — האָט ער געזאָגט און געשלאָכצט.

— שת איז אריין אין דיר, דגון, — האָט זיך רעמסס פונאַנדערגעלאַכט, — צי גלויבסטו אויך, אז איך וועל אייך, פעניציאַנער, ארויסטרייבען?...

דער באַנקיר איז איהם צו די פיס געפאַלען.

— איך וויים גאָר נישט... איך בין א געוועהנליכער סוחר און דיין שקלאַף... איין האַלבער חודש האָט געקלעקט צו מאַכען פון מיר שטויב און פון מיין פערמעגען שפּייעכטס...

— ערקלער מיר אָבער, וואָס דאָס אלעס איז! — האָט רעמסס געזאָגט מיט אונגעדולד.

— איך קאָן דיר גאָר נישט זאָגען, און ווען איך מאַלט אפילו יאָ געקאָנט זאָגען, האָב איך אגרויסע חתימה

אויף מיין מויל... היינט קאן איך נאר מתפלל זיין און וויינען...

„זענען די פעניציאנער אויך מתפלל?" האט זיך דער קרוין־פרינץ געפרעגט.

— איך קאן פון דיינעטוועגען גארנישט טהון — האט דגון ווייטער געזאגט — אם ווענינגסטענס וועל איך דיר א גוטע עצה געבען. דא, אין פי־בושת געפינט זיך דער בעריהמטער פירשט פון סוריא, חירום, ער איז אנ'אלטער, קלוגער און זעהר רייכער מאן... רוף איהם און פערלאנג, אז ער זאל דיר געבען הונדערט טאלענטען, אפשר וועט ער דיר קאנען מאכען בעקוועמער...

ווייל רעמסס האט קיין שום ערקלערונג נישט געקאנט ארויסבעקומען פון דגונ'ען, האט ער איהם בעפרייט און פערשפראכען צו שיקען א דעפוטאציע צו חירום'ען.

# פינפטעס קאפיטעל.

צו מארגעס אין דער פריה איז טוטמאזיס מיט אגרויסער סוויטע פון אפיציערען און הויפס־לייט געגאנגען צו חירום'ען און איהם פערבעטען צו דעם קרוין־פרינץ.

מיטאג־צייט איז חירום אנגעקומען פאר דעם פאלאץ אין א געוועהנליכער לעקטיקא, וועלכע עס האבען געטראגען אכט ארימע מצרים, וואס האבען ביי איהם נדבות גענומען. ארום איהם זענען געגאנגען די בעריהמטסטע סוחרים פון פעניציען און דער זעלבער המון, וועלכער איז יעדען טאג געשטאנען פאר חירום'ס הויז.

רע״סס האט מיט בעוואונדערונג בעגריסט דעם אלטען מאן, וואס פון זיינע אויגען האט ארויסגעקוקט חכמה

און פֿון זײַן גאַנצען געשטאַלט — עפּעס װיכטיגקײַט. חירום איז געװען אײַנגעהילט אין אַ װײַסען מאַנטעל און אויף דעם קאָפּ האָט ער געהאַט אַ גאָלדענעם רײַף. ער האָט זיך געבוקט פֿאַר דעם קרוין־פּרינץ און, אויפֿהויבענדיג די הענד איבער דעם קאָפּ פֿון דעם קרוין־פּרינץ, האָט ער געמאַכט אַ ברכה. אַלע, װאָס זענען דאָרט געװען, זענען שטאַרק גערירט געװאָרען.

װען דער קרוין־פּרינץ האָט איהם געװיזען אַ שטוהל און ער האָט געהײסען די הויפּט־לײַט אַװעקגעהן, האָט זיך חירום אָנגערופֿען:

— נעכטען האָט מיר דײַן קנעכט דגון געזאָגט, אַז דו דאַרפֿסט הונדערט טאַלענטען. איך האָב באַלד געשיקט מײַנע שליחים קײַן שבנא־חתים, שתרא, פּי־אותא און אַנדערע שטעדט, װאו עס שטעהען די שיפֿען פֿון די פֿעניציאַנער, זײ זאָלען אויסלאָדענען די גאַנצע סחורה. און איך מײן, אַז אין עטליכע טעג אַרום װעסטו, גרויסער הערשער, ערהאַלטען די קלײנע סומע.

— אַ קלײנע! — האָט איהם דער קרוין־פּרינץ איבערגעהאַקט מיט געלעכטער — אַ גליקליכער ביזטו, גרויסער פֿירשט, װען הונדערט טאַלענטען זענען בײַ דיר אַ קלײנע סומע!

חירום האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— דײַן זײדע — האָט ער געזאָגט — דער אײביג לעבענדיגער רעמסס־סאַ־פּתח איז געװען מײַן גוטער פֿרײַנד; איך קאָן אויך דײַן הײליגען פֿאָטער (אײביג זאָל ער לעבען!) און איך װעל אויך פּרובען איהם מײַן הולדיגונג אָבצוגעבען, אויב איך װעל נאָר צוגעלאָזט װערען צו איהם...

— פאַרוואָס זאָל מען אײַך נישט צולאָזען?... — האָט רעמסס געפרעגט.

— עס זענען פערהאַנען אַזעלכע — האָט דער גאַסט געענטפערט — וואָס די לאָזען זיי צו און אַנדערע לאָזען זיי נישט צו צו דײַן הייליגען פאָטער. נאָר וואָס זאָלען מיר פון די מענשען רעדען? דו, גרויסער קרוין-פּרינץ, ביזט דאָך נישט שולדיג... דיך וועל איך נאָר דאָס פרעגען... אַלס אַ אַלטער גוטער פרײַנד פון דײַן זיידען און דײַן פאָטער.

— פרעג.

— וואָס איז דאָס? — האָט חירום געזאָגט — וואָס איז דאָס? דער קרוין-פּרינץ און שני-למלך מוז לײַהען הונדערט טאַלענטען, ווען זײַן מלוכה האָט אָבצונעהמען מעהר פון הונדערט טויזענד טאַלענטען?...

— בײַ וועמען?... — האָט רעמסס געשריען.

— ווי הייסט, בײַ וועמען? פון דעם מס, וואָס מצרים נעהמט בײַ די אַזיאַטישע פעלקער... פעניציען איז אײַך שולדיג פינף טויזענד און איך פערזיכער אײַך, אַז פעניציען וועט אײַך בעצאָהלען, אויב עס וועלען נישט פאָרקומען קיין פאָרפאַלען. דאָס פאָלק ישראל איז שולדיג דרײַ טויזענד, פלשתים און מואב — צו צוויי טויזענד, חתּים דרײַסיג טויזענד... די איבעריגע געדענק איך שוין נישט, נאָר איך ווייס, אַז בכלל האָט מצרים אָבצונעהמען הונדערט און דרײַ, אָדער הונדערט און פינף טויזענד טאַלענטען...

רעמסס האָט זיך געביסען די צונג; אויף זײַן פּנים האָט זיך געוויזען אַ כּעס פון אַ שוואַכען, וועלכער קאָן זיך נישט העלפען. ער האָט אַראָבגעלאָזט די אויגען און געשוויגען.

— איז דאָס אמת ? — האָט חירום געזיפֿצט, איינ־
קוקענדיג זיך אין דעם קרוין־פּרינץ — בבֿן איז דאָס אמת ?...
אונגליקליך איז פֿעניציען, אָבער אויך מצרים...

— וואָס זאָגסטו, גרויסער פּירשט ? — האָט רעמסס
געפֿרעגט, צונויפֿציהענדיג די ברעהמען — איך פֿערשטעה
נישט דיין קלאָגען...

— דו, קרוין־פּרינץ, ווייסט, וואָס איך מיין, ווען דו
ענטפֿערסט נישט אויף מיין פֿראַגע — האָט חירום געענט־
פֿערט און זיך אויפֿגעשטעלט, ווי ער וואָלט געוואָלט אוועק־
געהן — פֿונדעסטוועגען... איך נעהם נישט צוריק מיינע
ווערטער... דו, קרוין־פּרינץ, וועסט האָבען פֿון מיר די
הונדערט טאַלענטען...

ער האָט זיך נידריג געבוקט און געוואָלט אוועקגעהן,
נאָר דער קרוין־פּרינץ האָט איהם גענויט זיך צו זעצען.

— דו, גרויסער פּירשט, פֿערבאָרגסט עפּעס פֿון
מיר,— האָט רעמסס שטיל געזאָגט,— איך וויל, דו זאָלסט
מיר ערקלערען, וואָס פֿאַר אַ צרה שטעהט פֿאַר פֿעניציען
אָדער מצרים?...

— און דו, קרוין־פּרינץ, ווייסט נישט דערפֿון ? —
האָט חירום געפֿרעגט.

— איך ווייס גאָרנישט. מעהר ווי אַ חודש בין איך
געוועזען אין בית־מקדש.

— דאָרט האָט מען טאַקי געקאָנט אלץ געוואָהר ווערען...

— דו, גרויסער פּירשט, וועסט מיר זאָגען ! — האָט
דער קרוין־פּרינץ געשריען, קלאַפּענדיג מיט דער פֿויסט
אָן טיש — איך קאָן נישט ליידען, מען זאָל זיך מיט מיר
שפּיעלען.

— איך וועל דיר זאָגען, אויב דו וועסט מיר פערשפּרעכען, אז דו וועסט קיינעם נישט דערצעהלען. חאָטש... איך קאָן נישט גלויבען, אז מען זאָל דעם קרוין־פּרינץ און שני למלך נישט האָבען שוין דערצעהלט...

— דו גלויבסט מיר נישט? — האָט דער קרוין־פּרינץ געפרעגט מיט בעוואונדערונג.

— ביי אזא וויכטיגע זאך מוז איך פערלאַנגען, מען זאָל מיר פערשפּרעכען — האָט חירום געענטפערט.

— איך שווער דיר ביי מיין שווערד און ביי די פאָהנען פון אונזער מיליטער, אז איך וועל קיינעם נישט זאָגען, וואָס איהר וועט מיר דערצעהלען...

— גענוג! — האָט חירום געזאָגט.

— זאָג!

— צי ווייסטו, קרוין־פּרינץ, וואָס עס טהוט זיך איצט אין פעניציען?

— איך ווייס דאָס אויך נישט! — האָט דער קרוין־פּרינץ געזאָגט מיט כעס.

— אונזערע שיפען — האָט איהם חירום איינגערוימט — קומען צוריק פון אַלע עקען אין דער וועלט, זיי זאָלען ביים ערשטען בעפעהל איבערפיהרען די בעפעלקערונג און די אוצרות וויים אויף מערב־זייט איבער ימים...

— פאַרוואָס? — האָט זיך רעמסס געוואונדערט.

— ווייל אשור וויל אונז איינגעהמען און הערשען איבער אונז.

דער קרוין־פּרינץ האָט געלאַכט.

— דו ביזט משוגע געוואָרען, געעהרטער פירשט!...

— האָט דער קרוין־פּרינץ געשריען — אשור וויל איינגעה־

מען פעניציען! ... און וואס ווילען מיר זאגען ?, מיר, מצרים ?...

— מצרים בעשטעהט שוין.

רעמסס'ן איז דאס בלוט אין קאפ געקומען.

— די היץ פערמישט דיינע געדאנקען — האט ער מיט א רוהיגער שטימע געזאגט צו חירום'ען — דו פערגעסט אויך, אז אזא זאך קאן נישט פארקומען אהן דער ערלויבעניש פון פרעה'ן און פון מיר!...

— די ערלויבעניש וועט אויך געגעבען ווערען. דער־ווייל האבען די כהנים געמאכט א אבמאך צווישען זיך.

— מיט וועמען ?... וואס פאר א כהנים ?

— מיט דעם כהן־גדול פון די כשדים, בר־אות, וועלכער איז בעפאלמעכטיגט געווארען דורכ'ן מלך אשור — האט חירום געענטפערט — און ווער איז פון אייער זייט ? דאס קאן איך דיר אויף זיכער נישט זאגען, נאר עס דאכט זיך מיר, אז דער גרויסער הרהור, דער גרויסער מפרים און דער הייליגער נביא מפרים.

דער קרוין־פרינץ איז בלאס געווארען.

— דו מוזט וויסען, פעניציאנער, אז דו בעשולדיגסט די גרעסטע לייט אין דער מלוכה, אז זיי זענען פערטרעטהער...

— דו האסט א טעות, קרוין־פרינץ, דאס איז נישט פעררעטהונג: דער עלטסטער כהן־גדול פון מצרים און דער מיניסטער פון הייליגען פרעה האבען דאס רעכט צו פיהרען אונטערהאנדלונגען מיט אנדערע מלוכות. און אויסער דעם פון וואנען ווייסטו, אז דאס אלץ וועט נישט געטהון מיט דעם רצון פון פרעה'ן ?

רעמסס האט געמוזט מודה זיין, אז אזא אבמאך איז

נישט קיין פערדעטהונג, נאָר ער, דער קרוין־פּרינץ, ווערט דערמיט גרינג געשעצט. בכן פיהרען זיך זיינע כהנים מיט איהם אזוי, מיט איהם, וועלכער וועט אפשר אין א יאָהר ארום זיין פרעה? ... בכן האָט פענטוער אזוי פיעל איבער־צייגט, אז א מלחמה איז שעדליך און מפריס האָט איהם געשטיצט!

— ווען איז געוואָרען דער אָבמאַך?... וואו?... האָט דער קרוין־פּרינץ געפרעגט.

— דער אָבמאַך האָט געזאָלט געמאַכט ווערען ביי נאַכט אין דעם בית־המקדש פון שת ביי מעמפיס,— האָט חירום געזאָגט,— און ווען?... גענוי ווייס איך נישט, נאָר עס דאַכט זיך מיר, אז אין דעם זעלבען טאָג, ווען איהר זענט ארויסגעפאָהרען פון מעמפיס.

„רשעים!... — האָט רעמזעס זיך געקלערט — אזוי אַכטען זיי מיין שטעלונג!... בכן האָבען זיי מיך גענאַרט אויך מיט דעם, וואָס זיי האָבען מיר פאַלש פאָרגעשטעלט דעם צושטאַנד פון דער מלוכה?... עפּעס א גוטער גאָט האָט באַלד אין דעם בית־המקדש התור ערוועקט אין מיר א ספק..."

נאָך דער אינערליכער מלחמה, וואָס ער האָט גע־האַט אין זיך, האָט ער הויך געזאָגט:

— עס קאָן נישט זיין!... איך וועל נישט גלויבען דאָס, וואָס דו זאָגסט, ביז דו וועסט מיר געבען א בעוויין.

— איך וועל דיר געבען א בעוויין — האָט חירום געענטפערט — קירצליך וועט קיין פּי־בּושת קומען א גרוי־סער מאַן פון אשור, סרגון, א גוטער פריינד פון מלך אשור. ער וועט קומען כלומר׳שט אין דעם בית־המקדש פון

עשתּרות, ער וועט געבּען מתּנות דיר, קרוין־פּרינץ, און דעם הייליגען פּרעה'ן און דערנאָך וועט איהר דעם אָבּמאַך פערענדיגען ... איהר וועט אונטערחתמ'ענען דאָס, וואָס די כּהנים האָבּען בּעשלאָסען צו'ם אונגליק פון פעניציען און אפשר אויך צו אייער אייגען אונגליק ...

— דאָס וועט נישט זיין! — האָט דער קרוין־פּרינץ געזאָגט — אשור וואָלט דאָך דערפאַר געמוזט בּעלויהנען מצרים! ... און וואָס פאַר אַ בּעלויהנונג וועט אשור קאָנען געבּען?

— אָט הער איך ווערטער, וועלכע פּאַסען פאַר אַ מלך: וואָס פאַר אַ בּעלויהנונג וואָלט מצרים בּעקומען? יעדער אָבּמאַך איז גוט פאַר אַ מלוכה, ווען נאָר זי האָט דערבּיי עפּעס אַ פערדיענסט... און טאַקי דאָס וואונדערט מיך — האָט חירום וויַיטער געזאָגט — אַז מצרים מאַכט אַ שלעכט געשעפט: אשור וועט צונעהמען אויסער פעניציען, כּמעט גאַנץ אַזיען; און אייך וועט אשור טהון אחסר, איבּערלאָזענדיג אייך ארץ־ישראל, פּלשתּים און סיני. עס פערשטעהט זיך, אַז אויף אַזאַ אופן וועלען אייערע חובות פערפאַלען ווערען און פּרעה וועט קיינמאָל נישט אָבּנעהמען די הונדערט און פינף טויזענד טאַלענטען.

רעמסס האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— דו קאָנסט נישט, — האָט ער געענטפערט, — גרויסער פירשט, די כּהנים פון מצרים: קיין איינציגער פון זיי וועט אויף אַזאַ אָבּמאַך נישט בּעשטעהן.

— פאַרוואָס? אין פעניציען זאָגט מען אַזאַ שפּריכוואָרט: עס איז בּעסער גערשטען אין שפּייכלער, ווי גאָלד אין דער מדבּר. עס וואָלט דאָך געקאָנט פּאַסירען,

אַז ווען מצרים וואָלט זיך געשפּירט זעהר שוואַך, וואָלט ער געוואָלט בעסער אומזיסט ארץ-ישראל און סיני, ווי אַ מלחמה מיט אשור. איך פֿערשטעה אָבער נישט דאָס: נישט מצרים, נאָר אשור איז היינט לייבט איינצונעהמען: אַ סכסוך האָט אַשור אויף צפון-מזרח, מיליטער האָט אשור וועניג. ווען מצרים וואָלט אָנגעפֿאַלען אויף אשור, וואָלט דאָס גאַנצע לאַנד חרוב געוואָרען, פֿון נינוה און בבל וואָלט מצרים אוצרות גענומען און מצרים וואָלט שוין אויף אייביג געהערשט איבער גאַנץ אַזיען.

— נו, זעהסטו דאָך אַליין, אַז אַזאַ אָבמאַך קאָן נישט זיין! — האָט זיך רעמסס אָנגערופֿען.

— אַזעלכע אָבמאַכען וואָלט איך פֿערשטאַנען, ווען די כהנים וואָלטען געוואָלט אונטערברענגען די מאַכט פֿון פּרעה'ן אין לאַנד... און צו וואָס דען שטרעבען זיי זייט די צייטען פֿון דיין זיידען?...

— דו רעדסט שוין ווידער נישט צו דער זאַך — האָט זיך אָנגערופֿען דער קרוין-פּרינץ, כאָטש אין הארצען האָט ער געשפּירט, אַז חירום זאָגט אמת.

— אפשר האָב איך אַ טעות — האָט חירום געענט-פֿערט, קוקענדיג דעם קרוין-פּרינץ שאַרף אין די אויגען — הער אָבער, וואָס איך זאָג...

ער האָט צוגערוקט זיין שטוהל צו דעם קרוין-פּרינץ און האָט שטיל געזאָגט:

— ווען פּרעה וואָלט געפֿיהרט אַ מלחמה מיט אשור און ער וואָלט מנצח געווען, וואָלט ער געהאַט:

אַ גרויסע אַרמעע, וועלכע וואָלט איהם געליעבט. הונדערט טויזענד טאַלענטען פֿון דעם אַלטען מס.

צוויי הונדערט טויזענד טאלענטען פון נינוה און בבל.

און אויסער דעם אלעם וואלט ער געהאט הונדערט טויזענד טאלענטען יעהרליך פון די איינגענומענע לענדער.

מיט אזא גרויס פערמעגען וואלט ער געקאנט אויס־קויפען די פער'משפּו'נ'טע גיטער פון די כהנים'ס הענד און א מאל א סוף מאכען מיט זייער מישען זיך אין דער מלוכה.

רעמסס'ן האבען די אויגען געפינקעלט. חירום האט ווייטער געזאגט:

— היינט אבער איז די ארמעע אבהענגיג פון הרהור'ן, פון די כהנים און אויסער אויף די אויסלענדישע פאלקען פון פרעה'ן, האט מען אין א מלחמה נישט צו רעכענען אויף דער ארמעע.

און חוץ דעם איז פרעה'ס שאץ לעער און דאס רוב גי־טער זיינע געהערען צו די בית־מקדש'ס. דער מלך מוז יעדעס יאהר פרישע הלוואות מאכען, ער זאל קאנען אויס־האלטען זיין הויף, און אזוי ווי פעניציאנער ווערען ביי אייך מעהר נישט זיין, וועט איהר מוזען לייהען געלד ביי די כהנים... אויף אזא אופן וועט דער הייליגער פרעה (אייביג זאל ער לעבען!) אין צעהן יאהר ארום בלייבען אהן גיטער און וואס שפעטער וועט זיין...

רעמסס'עס שטערן איז בעדעקט געווארען מיט שווייס.

— זעהסטו, גרויסער קרוין־פרינץ, — האט חירום ווייטער געזאגט, — אז די כהנים וואלטען געקאנט און וואל־טען אויך געמוזט אננעהמען דעם ערגסטען אבמאך מיט אשור, ווען עס וואלט געהאלטען ביי אונטערברעכען די

מאַכט פון פרעה׳ן... נו, עס קאָן אויך זיין נאָך אַ פּאַל: ווען מצרים וואָלט געווען אַזוי שוואַך, אַז ער וואָלט געמוזט האָבען מנוחה, שלום...

דער קרוין-פּרינץ האָט זיך אויפגעחאַפּט פון אָרט.

— שווייג! — האָט ער געשריען — איך וויל בע-סער אַ פערדרעטהונג פון די טרייעסטע דינער, ווי אַזאַ שוואַכ-קייט פון לאַנד!... מצרים וואָלט געמוזט אין אשור׳ס הענד אָבגעבען אַזיען... אין אַ יאָהר שפּעטער וואָלט מצרים אויך געווען אונטער דער יאָך פון אשור. וואָרום אונטערשרייבענ-דיג אַזאַ אָבמאַך, וואָלט דערמיט מצרים אַליין מודה גע-ווען, אַז זי האָט קיין קראַפט נישט...

ער איז געגאַנגען אין צימער אויפגערעגט און חירום האָט געקוקט אויף איהם מיט רחמנות, אָדער מיטלייד...

פּלוצלונג האָט זיך רעמסס געשטעלט פאַר חירום׳ען און געזאָגט:

— דאָס איז ליגען. עפּעס אַ קלוגער ליגנער האָט דיך גענאַרט. דאָס זעהט אויס אויף אַ אמת און דאָדורך האָסטו, חירום, געגלויבט. ווען אַזאַ אָבמאַך וואָלט געווען, וואָלט ער געמאַכט געוואָרען בסוד, און קיינער וואָלט פון איהם נישט געוואוסט, אויסער פון די פיער כהנים, וועלכע דו האָסט דערמאָהנט. און איז דען מעגליך, אַז איינער פון די פיער זאָל דעם סוד ארויסגעבען?

— עס האָט דאָך געקאָנט זיין נאָך אַ פינפטער, וועלכער האָט אונטערגעהאָרכט, וואָס זיי שמועסען — האָט חירום געזאָגט.

— און דער פינפטער האָט דיר פערקויפט דעם סוד?...

— איך וואונדער זיך — האָט איהם חירום נעענט־
פערט — אַז דו, קרוין־פּרינץ, האָסט נאָך ניט דערקענט די
קראַפט פון געלד.

— דו מוזט דאָך אָבער וויסען, חירום, אַז אונזערע
כהנים האָבען מעהר געלד פון דיר, האָטש דו ביזט רײַ־
כער פון אַלע רײַכע! ...

— און דאָך בײַזער איך זיך ניט, ווען עס קומט
מיר צו אין טאָג א דראַכמאַ. פאר וואָס זשע זאָלען אונזע־
רע אָבוואַרפען טאַלענטען? ...

— ווײַל זיי זענען דיענער פון געטער,— האָט רעמסס
געזאָגט מיט היץ, — ווײַל זיי וואָלטען מורא געהאַט פאר
דער שטראָף פון די געטער ...

חירום האָט געשמייכעלט.

— איך האָב געזעהן — האָט ער געענטפערט —
פיעל בית־המקדש'ס פון פערשיעדענע פעלקער און אין די
בית־המקדש'ס גרעסערע און קלענערע בילדער: פון האָלץ,
פון שטיינער, אויך פון געלד. קיין געטער האָב איך אָבער
אין קיין בית־המקדש ניט געזעהן ...

— דו לעסטערסט די געטער! — האָט רעמסס גע־
שריען — איך האָב געזעהן א גאָט, איך האָב אויף זיך גע־
שפירט זיין האַנד און געהערט זיין שטימע ...

— וואו האָסטו דאָס געשפירט און געהערט?

— אין דעם בית־המקדש התור: אין פאָדערהויז פון
בית־המקדש — און אין מײַן צעל.

— בײַ טאָג? — האָט חירום געפרעגט.

— בײַ נאַכט ... — האָט רעמסס געענטפערט און
האָט אָנגעהויבען קלערען.

— ביי נאַכט האָסטו, קרוין-פּרינץ, געהערט די שפּראַך פון געטער און געשפּירט זייער האנד — האָט דער פּעני-ציאנער איבערגעחזר'ט יעדעס וואָרט בעזונדער — ביי נאַכט קאָן מען פּיעל זאַכען זעהן. ווי איז דאָס צוגעגאנגען?...

— אין בית-המקדש האָט מען מיך אָנגעכאַפּט ביי'ם קאָפּ, ביי די אָרעמס און ביי די פּיס, און איך שווער...

— שאַ!... — האָט איהם חירום איבערגעהאַקט מיט אַ שמייכעל — מען דאַרף נישט אומזיסט שווערען.

חירום האָט זיך גוט איינגעקוקט אין רעמסס'ן מיט זיינע שאַרפע און קלוגע אויגען, און זעהענדיג, אַז אין דעם יונגען מאַן ערוועקען זיך ספקות, האָט ער געזאָגט:

— איך וועל דיר עפּעס זאָגען, מיין העְרר. דו ביזט נישט געניט און אַרומגענומען מיט אַ נעץ פון אינטריגען. איך בין אָבער געוועזען אַ גוטער פריינד פון דיין זיידען און דיין פאָטער. איין טובה וועל איך דיר טהון. קום אַמאָל ביי נאַכט אין דעם בית-המקדש עשתרות, נאָר... זיי זיך מתחייב אַלעם צו האַלטען בסוד... קום אַליין, וועסטו זיך איבערצייגען, ווי געטער רעדען צו אונז און בעריהרען אונז אין די בית-המקדש'ס.

— איך וועל קומען — האָט רעמסס געזאָגט.

— זיי מיר מודיע, קרוין-פּרינץ, ווען דו ווילסט אין דער פריה און איך וועל דיר איבערגעבען דעם צייכען פון יענעם אָווענד אין בית-המקדש, וועט מען דיך דאָרט אריינ-לאָזען. דו זאָלסט מיך אָבער נישט אויסגעבען — האָט חירום געזאָגט מיט אַ גוטהאַרציגען שמייכעל — די געטער זענען אַמאָל מוחל, ווען מען גיעט אַרויס זייערע סודות, אָבער מענשען זענען דאָס נישט מוחל קיינמאָל...

ער האט זיך געבוקט, און דערנאך, אויפהויבענדיג די אויגען און די הענד, האט ער ווידער געמאכט א ברכה.

— צבוע'ק! — האט דער קרוין־פרינץ געשריען — דו ביזט מתפלל צו די געטער, חאטש דו גלויבסט נישט אין זיי.

חירום האט אבגעזאגט די ברכה און דערנאך האט ער געזאגט:

— טאקי יא: איך גלויב נישט אין די געטער פון מצרים, אשור, און אויך אין די געטער פון פעניציען. איך גלויב אבער אין דעם איינציגען גאט, וועלכער וואהנט נישט אין בית־המקדש'ס און זיין נאמען איז נישט בעוואוסט.

— אונזערע כהנים גלויבען אויך אין דעם איינציגען גאט — האט רעמסס זיך אנגערופען.

— די כשדים גלויבען אויך אין דעם איינציגען גאט און דאך האבען זיי געגען אונז א בונד געמאכט... אויף דער וועלט איז קיין אמת נישטא, מיין העדר!...

ווען חירום איז אוועקגעגאנגען, האט זיך רעמסס פערמאכט אין דעם טיעפסטען צימער, זאגענדיג, אז ער וויל לייענען די הייליגע פאפירוסען.

אין זיין מוח האט זיך איהם פארגעשטעלט אלץ, וואס חירום האט איהם געזאגט און ער האט פארגענומען א פלאן, וואס ער האט צו טהון.

קודם־כל האט ער פערשטאנען, אז צווישען די פעניציאנער און די כהנים ווערט געפיהרט א שטילער קאמפף אויף טוידט און לעבען. וועגען וואס?... נאטירליך וועגען איינפליסען און וועגען אוצרות. חירום האט אמת געזאגט,

אַז ווען אין מצרים וואָלטען קיין פעניציאַנער נישט געווען, וואָלטען אַלע פערמעגענס פון פרעה'ן, פון די הויפטמענער און פון דער גאַנצער אַריסטאָקראַטיע איבערגעגאַנגען צו די בית-המקדש'ס.

רעמסס האָט קיינמאָל נישט געליעבט די כהנים און שוין לאַנג האָט ער געוואוסט און געזעהן, אַז דער גרעסטער טייל פון מצרים געהער צו די כהנים. אַז זייערע שטעדט זענען די רייכסטע, זייערע פעלדער זענען אַם בעסטען בעאַרבייטעט, די בעפעלקערונג איז צופריעדען. ער האָט אויך פערשטאַנען, אַז אַ העלפט אוצרות, וועלכע געהערען צו די בית-המקדש'ס, וואָלט פרעה'ן אויסגעלעזט פון זיינע שטענדיגע זאָרג און וואָלט געהויבען זיין מאַכט.

דער קרוין-פּרינץ האָט דאָס גוט געוואוסט און נישט איינמאָל האָט ער דאָס אַרויסגעזאָגט מיט ערביטערונג. נאָר ווען ער איז דורך הרהור'ן געוואָרען שני-למלך און אָנפיהרער פון קאָרפּוס מענפי, האָט ער שלום געמאַכט מיט די כהנים און האָט אין הארצען איינגעשטילט די אַלטע שנאה, וואָס ער האָט געהאַט צו זיי.

היינט האָט זיך די שנאה צוריק ערוועקט.

די כהנים האָבען איהם נישט געזאָגט פון זייער אָבמאַך מיט אשור און נישט, אַז איינער, סרגון, זאָל קומען פון דאָרט.

עס קאָן זיין, אַז די פראַגע איז געווען דער גרעסטער סוד פון די בית-המקדש'ס און פון דער מלוכה. אָבער פאַרוואָס האָלטען זיי בסוד פאַר איהם, וויפיעל מס עס קומט אָבצונעהמען ביי פערשיעדענע אַזיאַטישע פעלקער?... הונדערט טויזענד טאַלענטען וואָלטען דאָך באַלד געקאָנט

פֿערבעסערען דעם צושטאַנד פֿון פרעה'ן!... פֿאַרוואָס האַלטען זיי דאָס בסוד? אַ פּירשט פֿון צור ווייס יאָ און פֿאַר איהם, דעם קרוין-פּרינץ, איז דאָס אַ סוד!...

וואָס פֿאַר אַ חרפּה איז דאָס פֿאַר איהם, קרוין-פּרינץ און שני-למלך, אַז פֿרעמדע מענשען זאָלען איהם ערשט אויפֿקלערען!

דאָס איז אָבער נאָך ערגער, וואָס פֿענטוער און מפֿרים האָבען איהם דוקא געוואָלט איבערצייגען, אַז מצרים טאָר נישט קיין מלחמה פֿיהרען.

נאָך אין דעם בית-המקדש התּור האָט דער קרוין-פּרינץ געהאַט אַ חשד, אַז דאָס דערוויזען איז נישט עהרליך: אַ מלחמה האָט דאָך געקאָנט דער מלוכה ברענגען הונדערטער טויזענדער שקלאַפֿען און הויבען דעם אלגעמיינעם צושטאַנד פֿון דער לאַנד. איצט זעהט ער, אַז אַ מלחמה איז נאָך מעהר נויטווענדיג: מצרים האָט דאָך אָבצונעהמען אַזוי פֿיעל אַלטע חובות!

דער קרוין-פּרינץ האָט אונטערגעשפּאַרט ביידע הענד אונטער דעם קאָפּ און נערעכענט:

„מיר האָבען אָבצונעהמען — האָט ער געקלערט — הונדערט טויזענד טאַלענטען מס... חירום רעכענט, אַז אין בבל און נינוה וואָלט מען געקאָנט פֿערנעהמען צוויי מאָל הונדערט טויזענד — צוזאַמען דריי מאָל הונדערט טויזענד אין איין מאָל. אַזאַ סומע געלד קאָן דעקען די אויסגאַבען פֿון דער גרעסטער מלחמה און אַלס ריוח וועלען בלייבען — עטליכע טויזענד שקלאַפֿען און הונדערט טויזענד יעהרליכער מס פֿון די פֿריש איינגענומענע לענדער.

דערנאָך — האָט דער קרוין-פּרינץ פֿערענדיגט זיין

געדאַנק — וואָלטען מיר זיך אָבגערעכענט מיט די כּהנים!..."

רעמ... איז געווען צעהיצט און דאָך האָט ער אָנגעהויבען אַנדערש קלערען:

„און ווען מצרים וואָלט ניט מנצח געווען אין דער מלחמה מיט אשור?"...

ביי דער פראַגע האָט זיך אָבער אין איהם אָנגעהויבען דאָס בלוט קאָכען... מצרים זאָל ניט קאָנען?... איז דען מעגליך, אַז מצרים זאָל ניט קאָנען צעטרעטען אשור, ווען בראש פון מיליטער וועט שטעהן ער, רעמסס, ער, דער אייניקעל פון דעם גרויסען רעמסס, וועלכער האָט זיך איינער אַליין געוואָרפען אויף די קריעגס־וועגען פון חת און זיי מנצח געווען!...

דער קרוין־פּרינץ האָט אַלץ געקאָנט בעגרייפען, אויסער דאָס, אַז ער זאָל ניט קאָנען מנצח זיין די גרעסטע גבורים, ער האָט אין זיך געשפּירט זעהר פיעל מוט און ער וואָלט זיך געוואונדערט, ווען א שונא וואָלט ניט אנטלאָפען, זעהענדיג זיינע פאַנאַנדערגעלאָזטע פערד. אויף דעם קריעגס־וואָגען פון פרעה'ן שטעהען דאָך די געטער אַליין, זיי שיצען איהם, פרעה'ן, און דעם שונא דערשיסען זיי מיט זייערע געטליכע פיילען!

„נאָר וואָס האָט מיר חירום געזאָגט וועגען די געטער?... — האָט זיך רעמסס געקלערט — און וואָס זאָל ער מיר ווייזען אין דעם בית־המקדש עשתרות?... איך וועל זעהן!"

---

# זעקסטעס קאפיטעל

חירום האט ווארט געהאלטען. יעדען טאג זענען אין דעם פאלאץ פון דעם קרוין-פרינץ אין פי-בושת אנגעקומען מעני-נעס שקלאפען און אלאנגע רייהע מיט אייזלען, וועלכע האבען געבראכט: ווייץ, גערשטען, געטריקענט פלייש, שטאף און וויין, גאלד און טייערע שטיינער האבען געבראכט סוחרים פון פעניציען, וועלכע האבען געזאגט, אז זיי זענען חירום'ס בעאמטע.

דער קרוין-פרינץ האט אויף אזא אופן ערהאלטען אין פינף טעג די הונדערט טאלענטען, וועלכע חירום האט איהם פערשפראכען צו געבען. חירום האט פון דער הלואה פער-לאנגט א קליינעם פראצענט: איין טאלענט פון פיער יעהר-ליך. קיין משכון האט ער דערביי נישט פערלאנגט, נאר ער האט זיך בעגנינגענען געלאזט מיט א קוויטונג פון דעם קרוין-פרינץ, וואס איז בעשטעטיגט געווארען דורכ'ן געריכט

די בעדערפעניסען פון רעמסס'ענס הויף זענען בע זארגט געוועזען. די דריי געליעבטע פון דעם קרוין-פרינץ האבען ערהאלטען קליידונג, א מאסע פערפומען און צו עטליכע שקלאפינס פון פערשיעדענע פעלקער. די דיענסט-שאפט האט געהאט זעהר פיעל עסענווארג און וויין, די קעניגליכע ארבייטער האבען אבגענומען זייער לויהן, דעם מיליטער האט מען געגעבען אונגעוועהנליכע פארציעס.

דער הויף איז געוועזען זעהר צופריעדען, טוטמאזיס און אנדערע יונגע לייט פון דעם קרוין-פרינצ'ס סוויטע האבען אויף דעם בעפעהל פון חירום'ען בעקומען פון די פעניציאנער גרויסע הלואות און דער הויפט-מאן פון דער

פראווינץ חובה מיט זיינע העכערע בעאמטע האבען ערהאלטען גרויסע מתנות.

דאדורך איז טאקי געמאכט געווארען א מאהלצייט נאך א מאהלצייט, א פערוויילונג נאך א פערוויילונג, חאטש די היץ איז וואס א מאל גרעסער געווארען. דער קרוין־פרינץ, זעהענדיג די אלגעמיינע שמחה, איז אליין זעהר צופרידען געוועזען. ער איז בעזארגט געוועזען נאר מיט דעם איינעם: מיט דעם האלטען זיך פון מפרים'ען און אנדערע כהנים. רעמסס האט געמיינט, אז זיי וועלען צו איהם טענות האבען, פארוואס ער האט אזוי פיעל אנגעליהען ביי חירום'ען, טראץ דער לעהרע, וואס ער האט ערהאלטען אין דעם בית־המקדש. דערווייל האבען די היילינע כהנים געשוויגען און זיי זענען אפילו אין דעם בית־המקדש נישט געקומען.

— וואס איז דאס? — האט ער אמאל געזאגט צו טוטמאזיס'ען — די כהנים זאגען אונז עפעס קיין מוסר נישט!... אזוי ווי היינט האבען מיר דאך קיינמאל נישט געלעבט, מוזיק שפיעלט פון דער פריה ביז נאכט, און מיר טרינקען פון זונ־אויפגאנג און ווערען איינגעשלאפען, האלזענדיג זיך מיט פרויען, אדער מיט די קריגען ווייןצו קאפענס...

— פארוואס זאלען זיי אונז מוסר זאגען? — האט טוטמאזיס געענטפערט בייזערענדיג זיך — מיר זענען דאך אין דער שטאדט פון עשתרות, וואו די בעסטע דיענסט פון דער געטין איז פערוויילונג און דאס בעסטע קרבן — פרויען־ליעבע. אויסער דעם פערשטעהן די כהנים, אז נאך

אַזוֹי פִיעל סִיגוּפִים און תעניתים קומט דיר שוין רוה און פֿערווײַלונגען.

— זײַ האָבען דיר עפּעס געזאָגט? — האָט רעמסס געפֿרעגט מיט אונרוה.

— נישט איין מאָל האָבען זײַ מיר געזאָגט. נעבּ־טען, נישט פריהער ווי נעבּטען, האָט דער הײליגער מפרים געזאָגט צו מיר, לאַבּענדיג, אַז אזא יונגען מאַן ווי דו ציהט צו זיך פֿערווײַלונג מעהר ווי תפלה, אָדער די זאָרג פון פיהרען די מלוכה.

רעמסס האָט זיך פֿערטראַכט. בכן האלטען איהם די כהנים פאַר אַ לײַכטזיניגען יונגען־מאַן, האָטש ער, אַ דאַנק שרה'ן, וועט הײַנט־מאָרגען ווערען אַ פאָטער?... אָבּער זאָלען זײַ מײַנען. זײַ וועלען זיך שוין פלוצלונג איבּערצײַ־גען, וואָס ער איז, ווען ער וועט צו זײַ נעהמען רעדען מיט זײַן אײַגענער שפּראַך...

אין אמת'ן האָט רעמסס צו זיך אַליין געהאַט אַ טענה: זײַט ער איז אַרוים פון דעם בית־המקדש התור האָט ער אַפילו איין טאָג זיך נישט בּעשעפטיגט מיט די ענינים פון דער פּראָווינץ חובה. די כהנים קאָנען אַלזאָ מײַנען, אַז ער איז צופריעדען מיט די ערקלערונגען פון פענטוער, אָדער עס איז איהם שוין פֿערמאוס'ט געוואָרען זיך צו מישען אין די ענינים פון דער מלוכה.

— איז נאָך בּעסער!... — האָט ער שטיל געזאָגט — נאָך בּעסער!...

אונטער דעם אײַנפלוס פון די שטענדיגע אינטרי־גען פון די מענשען, וואָס האָבען איהם אַרומגערינגעלט אָדער פון דעם בלויזען חושד זײַן אין אינטריגען, האָט זיך אין

זײַן יונגער נשמה אָנגעהויבען וועקען אַ נײַגונג צו צביעות, פֿאַלשקײַט. רעמסס האָט געשפּירט, אַז די כהנים ווײַסען נישט, וואָס ער האָט גערעדט מיט חירום'ען און וואָס פֿאַר פּלאַנען חירום האָט איהם אונטערגערוקט, די פֿערבלענדעטע האָבען זיך בעגניגענען געלאָזט דערמיט, וואָס זיי האָבען געוואוסט, אַז ער ווײַלט זיך; בכן וועט די מאַכט אין דער מלוכה בלײַבען אין זייערע הענד.

— די געטער האָבען זיי אַזוי דעם פֿערשטאַנד צעמישט — האָט רעמסס צו זיך אַליין געזאָגט — אַז זיי פֿרעגען זיך אפילו נישט: פֿאַרוואָס האָט מיר חירום געגעבען אַזאַ גרויסע הלואה?... און אפשר האָט דעם קלוגען חירום געלונגען אײַנצושלעפּערען זייערע הערצער, וואָס זענען שטענדיג פֿול מיט חשדים? אויב אַזוי, איז נאָך בעסער!... נאָך בעסער!...

רעכענענדיג, אַז די כהנים האָבען אין איהם אַ טעות, האָט ער זיך זעהר געפֿרעהט. ער האָט בעשלאָסען זיי ווײַטער אין דעם טעות צו האַלטען און דאַדורך האָט ער זיך געוויילט ווי אַ משוגע'נער.

אין אמת'ן האָבען די כהנים מפרים און מנטו־זופית געהאַט אַ טעות אין רעמסס'ן און אין חירום'ען. חירום האָט זיך געמאַכט פֿאַר זיי שטאַלץ דערפֿון, וואָס ער האָט בעציהונגען מיט דעם קרוין־פּרינץ. און דער קרוין־פּרינץ האָט געשפּילט אַ ראָלע פֿון אַ יונגען־מאַן, וואָס וויל, אויסער פֿערוויילונגען, פֿון קיין זאַך נישט וויסען.

מפרים איז זיכער געווען, אַז דער קרוין־פּרינץ קלערט גאַנץ ערנסט וועגען אַרויסטרײַבען די פֿעניציאַנער פֿון מצרים, און דערווײַל האָט רעמסס אַליין און אויך זײַנע סוויטע־לײַט

נענומען הלוואות, וועלכע זיי האבען גאר ניט בדעה געהאט צו בעצאהלען.

אין דער צייט איז דער בית־המקדש עשתרות מיט זיינע פיעל הויפען און גערטנער פול געווען מיט פרומע לייט. יעדען טאג, חאטש די היצען זענען געווען שרעקליך גרויס, זענען אנגעקומען פון טיעף אזיען מענגעס מענשען צו דער גרויסער געטין עשתרות.

משונה'דיג האבען אויסגעזעהן די מענשען. מיעד, בעגאסען מיט שוויים, בעדעקט מיט שטויב זענען זיי געווען און זיי זענען געגאנגען מיט מוזיק, טאנצענדיג און זינגענדיג, פיעל מאל אויך אויסגעלאסענע ליעדלעך. דעם טאג האבען זיי פערבראכט מיט אויסגעלאסענהייט לכבוד דער געטין עשתרות. יעדע קאמפאניע אזעלכע, וואס איז אנגעקומען, האט מען געקאנט נישט נאר דערקענען, אבער אויך דערשפירען פון וויטענס: זיי האבען געטראגען ריעזענדיגע קראנצען מיט פרישע בלומען אין די הענד און אין זעק — אלע קעז, וואס זענען ביי זיי געפגר'ט א גאנץ יאהר.

די קעז האבען פרומע לייט געלאזט באלזאמירען ביי ספעציאליסטען, וואס האבען געוואהנט נעבען פי-בושת, און דערנאך האבען זיי די באלזאמירטע קעז געטראגען צוריק אהיים, אלס א זעהר היילינגע זאך.

אנפאנג חודש מיסארי (מאי־יוני), האט חירום מודיע געווען רעמסס'ן, אז אין דעם טאג וועט ער קאנען קומען אין דעם בית־המקדש עשתרות. ווען נאכ'ן זון־אונטערגאנג איז פינסטער געווארען אויף דער גאס, האט רעמסס זיך אנגעגירטעלט מיט א קורצער שווערד, אנגעטהון א מאנטעל,

א קאפטור, און נישט ווערענדיג געזעהן פון קיינעם פון זיין דיענסטשאפט, איז ער געגאנגען צו הירום'ען.

דער אלטער פירשט האט אויף איהם געווארט.

— נו — האט ער געזאגט מיט א שמייכעל — דו האסט נישט מורא ארייננצוגעהן אין א בית-המקדש פון די פעניציאנער, וואו אויף דעם מזבח זיצט אכזריות, און שווינדעל דיענט איהר?

— מורא האבען?... — האט רעמסס געפרעגט, קוקענדיג אויף איהם מיט פעראכטונג — עשתרות איז דאך נישט בעל און איך בין דאך נישט קיין קינד, וועלכעס מען קאן נעהמען און ארייןווארפען אין אויסגעברענטען בויך פון אייער גאט.

— און דו, קרוין-פרינץ, גלויבסט דאס?

רעמסס האט געהויבען די פלייצעס.

— א עהרליכער עדות, וועלכער האט מיט זיינע אייגענע אויגען געזעהן — האט רעמסס געענטפערט — האט מיר דערצעהלט, אז איהר זענט מקריב קינדער אייערע געטער. אמאל האט א געוויטער אייך צעשלאגען עטליכע שיפען אויף דעם ים. באלד האבען די כהנים אין צור פערעפענטליכט, אז עס וועט פארקומען א גאטעס-דיענסט און א גרויסער המון האט זיך פערזאמעלט...

דער קרוין-פרינץ האט גערעדט מיט קענטיגבארער אויפרעגונג.

— פאר דעם בית-מקדש פון גאט בעל, אויף א בערגעל, איז געזעסען א גרויס קופערן בילד מיט א אקסען-קאפ. זיין בויך איז געוועזן אזוי אויסגעברענט, אז ער איז רויט געוועזן. אויפ'ן בעפעהל פון אייערע כהנים, האבען די נארי-

שע מוטערם פֿון פֿעניציען געלעגט זייערע קינדער ביי די פֿים פֿון אייער אכזריות'דיגען גאָט...

— בלויז יונגלעך! — האָט זיך חירום אָנגערופֿען.

— יאָ, בלויז יונגלעך — האָט דער קרוין־פּרינץ אויך געזאָגט — די כהנים האָבען בעשפּריצט יעדעם קינד מיט פּערפֿומען, בעציערט מיט בלומען, און דאן האָט דאָס בילד זיי געחאפּט מיט זיינע קופּערנע הענד, האָט געעפֿענט זיין ריזענדיג מויל און אויפֿגעפרעסען די קינדער, וועלכע האָבען שרעקליך געשריען. און יעדעס מאָל, ווען דאָס בילד האָט איינגעשלונגען אַ קינד, האָבען פֿלאַמען פֿייער אויסגעבראָכען פֿון זיין מויל.

חירום האָט שטיל געלאַכט.

— און דו, קרוין־פּרינץ, גלויבסט דאָס?

— איך זאָג דיר נאָך אַמאָל, אַז דאָס האָט מיר דערצעהלט אַ מענש, וועלכער זאָגט קיינמאָל קיין ליגען נישט.

— ער האָט געזאָגט דאָס, וואָס ער האָט טאַקי געזעהן — האָט חירום געענטפֿערט — צי האָט ער זיך גאָרנישט געוואונדערט, אַז קיין שום מוטער האָט נישט געוויינט, ווען מען האָט איהר קינד פֿערברענט.

— ער האָט זיך יאָ געוואונדערט, זעהענדיג ווי קאַלטבלוטיג עס זענען געשטאַנען די פֿרויען, וועלכע גיעסען אוים אַזוי פֿיעל טרעהרען, אפֿילו ווען נאָר אַ הוהן פּגר'ט. דאָס דערווייזט אָבער נאָר, אַז אייער פֿאָלק איז זעהר אכזריות'דיג.

דער אַלטער פֿעניציאַנער האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— דאָס איז שוין לאַנג געשעהן? — האָט ער געפֿרעגט.

— פֿאר עטליכע יאָהר.

— נו, — האָט לאַנגזאַם חירום געזאָגט — אויב דו, קרוין־פּרינץ, וועסט אַמאָל וועלען בעזוכען צור, וועל איך אייך ווייזען אַזאַ גאָטעס־דינסט...

— איך וויל דאָס נישט זעהן!...

— דערנאָך וועלען מיר געהן אין אנדער הויף פֿון דעם בית־מקדש, וואו דו, קרוין־פּרינץ, וועסט זעהן אַ שענע שולע און אין איהר — געזונדע, לוסטיגע קינדער, די זעלבע קינדער, וועלכע מען האָט פֿאַר עטליכע יאָהר פֿערברענט.

— ווי אַזוי? — האָט רעמסס אויסשריען — זיי זענען נישט פֿערברענט געוואָרען?...

— זיי לעבען און וואַקסען און ווערען געזונדע מאַט־ראָסען. ווען דו, קרוין־פּרינץ, וועסט ווערען פּרעה — אייביג זאָלסטו לעבען! — וועט אפשר איינער פֿון זיי פֿיהרען דיינע שיפֿען אויפֿ'ן ים.

— בכן נארט איהר אייער פֿאָלק?... — האָט רעמסס געלאַכט.

— מיר נארען קיינעם נישט! — האָט חירום ערנסט געענטפֿערט — יעדער נארט זיך אַליין, ווען ער פֿרעגט נישט וואָס דאָס איז.

— איך בין נייגעריג צו וויסען, וואָס אַזאַ גאָטעס־דינסט איז — האָט רעמסס געזאָגט.

— ווירקליך — האָט איהם חירום ערקלערט — ביי אונז איז דער מנהג, אַז אָרימע מוטערס, וועלענדיג פֿער־יבערן אַ גוטע צוקונפֿט זייערע זיהן, זענען זיי די זיהן מקריב דער מלוכה. די קינדער ווערען געחאַפּט דורכ'ן בילד בעל, אין וועלכען עס געפֿינט זיך אַ אויסגעברענטער אוי־

ווען, נאָר — די קינדער ווערען אַ אייגענטום פֿון דעם בית־מקדש און פֿאַר זייערע מוטערס זענען זיי, ווי געשטאָרבענע, ווי זיי וואָלטען אין פֿייער אַריינגעפֿאַלען.

אין אמת'ן געהען זיי נישט אין פֿייער אַריין, נאָר צו אַמען און ערציהערינס, וועלכע האַלטען זיי עטליכע יאָהר. ווען זיי וואַקסען אויף, נעהמען זיי צו די כּהנים פֿון גאָט בעל און בילדען זיי. די פֿעהיגסטע פֿון די קינדער ווערען כּהנים אָדער בעאַמטע; די וואָס זענען וועניגער פֿעהיג, ווערען מאַטראָסען, און פֿיעל מאָל ערווערבען זיי זיך גרויסע פֿער־מעגענס.

איצט ווערסטו, קרוין־פּרינץ, זיך אודאי נישט וואונ־דערען, פֿאַרוואָס די מוטערס פֿון צור בעוויינען נישט זייערע קינדער. איצט פֿערשטעהסטו אודאי אויך, פֿאַרוואָס ביי אונז איז נישט פֿערהאַנען קיין געזעץ ווי אין מצרים, לויט וועלכען עס ווערען בעשטראָפֿט די עלטערן, וועלכע הרג'נען זייערע קינדער...

— נידערטרעכטיגע מענשען זענען אומעטום פֿערהאַ־נען — האָט זיך אָנגערופֿען דער קרוין־פּרינץ.

— אָבער ביי אונז הרג'עט קיינער נישט זיינע איי־גענע קינדער ווי אין מצרים — האָט חירום ווייטער געזאָגט— וויל ביי אונז ערציהט די מלוכה קינדער, וועלכע זייערע מוטערס קאָנען נישט דערנעהרען.

דער קרוין־פּרינץ האָט זיך פֿערטראַכט.

— איהר זענט פֿיעל בעסער פֿון די, וואָס דערצעה־ן אייך אַזעלכע שרעקליכע מעשיות... איך פּרעה זיך זעהר, אַז איך בין דאָס געוואָהר געוואָרען...

— אונז נביי איז אויך פֿערהאַנען פֿיעל שלעכטעס —

האָט חירום געענטפערט — מיר וועלען אָבער זיין דיינע טרייע דינער, קרוין-פּרינץ, ווען דו וועסט אונז רופען...

— אַזוי? . . . — האָט רעמסס געפרעגט, קוקענדיג חירום'ען שארף אין די אויגען.

חירום האָט זיך אַרויפגעלעגט די האַנד אויפ'ן האַרץ.

— איך שווער דיר, קרוין-פּרינץ פון מצרים, וועלכער וועסט קירצליך פרעה ווערען, אַז ווען נאָר דו וועסט אָנהויבען פיהרען אַ מלחמה מיט אונזערע ביידענס שונאים, וועט גאַנץ פעניציען ווי איין מענש דיר צו הילף קומען...

און אַט — נעהם צום אָנדענקונג פון אונזער היינטיגען שמועס.

ער האָט אַרויסגענומען פון זיינע קליידער אַ גאָלדענעם מעדאַל, וועלכער איז געווען בעדעקט מיט עפּעס סודות'דיגע צייכענס און אָבזאָגענדיג אַ תפלה, האָט ער דעם מעדאַל אָנגעהאַנגען אויף רעמסס'ענס האַלז.

— מיט דער קמיע — האָט חירום געזאָגט — קאָנסטו דורכפאָהרען די גאַנצע וועלט... און וואו נאָר דו וועסט בעגעגענען איינעם פון פעניציען, וועט ער דיר דיענען מיט אַ עצה, מיט גאָלד און אויך מיט דער שווערד... און איצט קום מיט מיר.

עטליכע שטונדען זענען שוין פאַראיבער, זייט די זון איז אונטער געגאַנגען, דאָך איז געווען ליכטיג, ווייל די לבנה איז אויפגעגאַנגען. די שרעקליכע היץ פון טאָג האָט זיך פערוואַנדעלט אין אַ קיהלהייט; אין דער לופט איז נישט געווען קיין גרויער שטויב, וועלכער האָט ביי טאָג פערסמ'ט דעם אָטהעם און געביסען די אויגען. אויף דעם בלויען הימעל האָבען געבלאַנקט די שטערען.

אויף די גאַסען האָט אויפגעהערט די בעוועגונג, נאָר די דעכער פון אַלע הייזער זענען געווען פול מיט מענשען, וועלכע ווײַלען זיך. עס האָט זיך געדאַכט, אַז פּי־בושת איז איין זאַל, וואָס איז פול מיט מוזיק, געזאַנג, געלעכטער און קלאַנגען פון בעכערס.

רעמסס און חירום זענען געגאַנגען גיך אונטער דער שטאָדט, וועהלענדיג זיך ערטער, וואָס זענען ווייניגער בעלויכטען געווען. פונדעסטוועגען האָבען זיי טיילמאָל דערזעהן מענשען, וועלכע האָבען אָבגעהאַלטען זייערע מאָהל, ציטען אויף די דעכער, און דערזעהענדיג זיי, האָבען זיי פערבעטען בײַדע צו זיך, אָדער זיי האָבען אויף זייערע קעפּ געשיט בלומען.

— איהר, נאַכט־שלעפער! — האָט מען צו זיי געשרי־ען פון די דעכער — אויב איהר זענט נישט קיין גנבים־ וועלכע די נאַכט האָט אַרויסגעשלעפּט, קומט דאָ אַהער צו אונז... מיר האָבען גוטען וויין און לוסטיגע פרויען...

די צוויי וואַנדערער האָבען נישט געענטפערט אויף די אײַנלאַדונגען, אײַלענדיג זיך אויף זייער וועג. ענדליך זענען זיי געקומען אין דער זייט שטאָדט, וואָס עס איז געווען ווייניגער הײַזער און מעהר גערטנער, וואָס זייערע בוימער זענען געווען העכער און געדיכטער, ווי אין די דרום־פּראָווינצען פון מצרים.

— עס איז שוין נישט ווײַט — האָט חירום געזאָגט,

דער קרוין־פּרינץ האָט אויפגעהויבען די אויגען און איבער די גרינקייט פון די בוימער, האָט ער דערזעהן אַ קוואַדראַטען בלויען טהורם און אויף איהם אַ שמעלערען ווײַסען טהורם. דאָרט איז געווען דער בית־מקדש עשתרות.

באלד זענען זיי אריין אין א גארטען, וואו זיי האבען געקאנט זעהן דעם גאנצען בנין.

דער בנין איז בעשטאנען פון עטליכע שטאק. דער ערשטער שטאק איז געווען א פלאכער דאך, וועלכער האט געהאט אין צוויי זייטען שטאכעטען, וואס האבען געהאלטען 400 טריט אין דער לענג. דער דאך איז געווען אויף א מויער, וואס איז הויך געווען עטליכע מעטער און געמאלט שווארץ. אויף מזרח-זייט איז געווען דער מויער ארויסגערוקט און פון צוויי זייטען זענען געווען טרעפ ביז צו דער ערד. אין דער לענג פון אנדערע זייטען זענען געשטאנען צו צעהן טהורמלעך; צווישען יעדען פאר טהורמלעך זענען געווען פינף פענסטער.

אין מיטען דאך איז געווען אנ'אנדער קוואדראט-בנין, וואס זיינע זייטען האבען געהאלטען צו צוויי הונדערט טריט. צו דעם בנין האבען געפיהרט טרעפ נאר אין איין זייט, טהורמען האט ער געהאט אין די עקען און געפארבט איז ער געווען פורפור.

אויף דעם פלאכען דאך פון דעם בנין איז געווען נאך א קוואדראט-דאך, עטליכע מעטער הויך און פערגאלדעט איז ער געווען, און אויף איהם צוויי טהורמען, איינער אויף דעם אנדערען, דער אונטערשטער איז געווען בלוי און דער אויבערשטער ווייס.

דער גאנצער בנין האט אויסגעזעהן, ווי מען וואלט אויף דער ערד אנידערגעשטעלט א גרויסען שווארצען קוואדראט, אויף איהם — א קלענערען פורפור-קוואדראט, אויף דעם קלענערען—נאך א קלענערען גאלדענעם קוואדראט און אויף דעם גאלדענעם — א זילבערנעם. אויף יעדען פון

די קוואדראטען האבען געפֿיהרט טרעפּ, דאפּעלטע: פֿון בײ־
דע זײַטען, אדער אײנציגע פֿון פֿארענט.

בײַ די טרעפּ און בײַ די טהירען זענען געשטאנען ספֿינקסען *), און אקסען מיט פֿליגעל און מענשען־קעפּ.

דער קרוין־פּרינץ האט מיט פֿערגניגען געקוקט אויף דעם בנין, וועלכער האט הערליך־שען אויסגעזעהן בײַ דעם בלאנק פֿון דער לבנה און ארומגענומען מיט גרינע, הויכע געוואקסען. דער בנין איז געוועזען געבויט לויט דעם געשמאק פֿון די כשדים און האט גאנץ אנדערש אויסגעזעהן, ווי די בית־מקדש'ס פֿון מצרים.

דער גארטען איז נישט לעער געוועזען. אין פֿערשידענע פּונקטען זענען געוועזען הײַזלעך און פּאלאצלעך, עס האבען זיך געלויכטען ליכטלעך, געזאנג און מוזיק האבען זיך גע־הערט. צווישען די בוימער זענען זיך דורכגעגאנגען אײנ־געליבטע פּארלעך.

פּלוצלונג איז צו זײַ נאהנט אנגעקומען אן'אלטער כהן, וועלכער האט מיט חירום'ען גערעדט עטליכע ווער־טער און בוקענדיג זיך נידריג צו דעם קרוין־פּרינץ האט ער געזאגט:

— זײַ, מײַן העדר, אזוי גוט און קום מיט מיר.

— און זאלען די געטער דיך היטען — האט חירום צוגעגעבען איבערלאזענדיג זײַ.

רעמסס איז נעגאנגען מיט דעם כהן. אין דער זײַט פֿון בית־מקדש, צווישען זעהר געדיכטע בוימלעך, איז גע־

*) ספֿינק — א אבגאט אין מצרים: א ליגענדער לײב מיט א קאפּ און ברוסטען פֿון א פֿרוי

שטאַנען אַ באַנק, און אפשר הונדערט טריט אַבגערוקט פון דער באַנק, איז געשטאַנען אַ קליינער פּאַלאַץ, פון אונטער וועלכען עס האָט זיך געהערט אַ געזאַנג.

— דאָרט איז מען מתפלל? — האָט דער קרוין-פּרינץ געפּרעגט.

— ניין! — האָט דער כהן געענטפערט — דאָ קלויבען זיך צונויף די פרעהערער פון אונזער כהנת קמאַ, וועלכע היט אָב דאָס פייער פאַר דעם מזבח פון עשתרות.

— וועלכע פון זיי ווערט די כהנת היינט אויפגענעהמען ביי זיך?

— קיינער איינעם, קיין מאָל נישט!...— האָט דער אַנפיהרער געענטפערט מיט כעס — ווען די כהנת פון פייער וואָלט נישט געהאַלטען איהר שבועה, אַז זי זאָל בלייבען ריין, וואָלט זי געמוזט שטאַרבען.

— אַ אכזריות'דיג געזעץ! — האָט דער קרוין-פּרינץ געזאָגט.

— וואַרט דאָ אויף דער באַנק — האָט דער כהן געזאָגט — און ווען דו וועסט הערען דריי קלעפּ אין אַ קופּערנע בלעך, זאָלסטו גענען אין דעם בית-מקדש, אַרויפגעהן אויף דעם פּלאַכען דאַך און פון דאָרט אויף דעם פּורפּור בנין.

— איינער אַליין?

— יאָ.

דער קרוין-פּרינץ האָט זיך געזעצט אויף דער באַנק אין שאָטען פון עהל-בוימלעך און זיך איינגעהערט די געזאַנגען פון פרויען, וואָס זענען געווען אין פּאַלאַצעל.

קמאַ? — האָט ער זיך געקלערט — אַ שענער נאָ-

מען!... זי איז אודאי אַ יונגע און אַ זעהר שענע, און די גאַרישע פּעניציאַנער בעשרעקען זי מיט דעם טויט, ווען... צי אויף אַזאַ אופן ווילען זיי זיך פּערזיכערען עטליכע רייגע מיידלעך אין גאַנצען לאַנד?...״

ער האָט געלאַכט, נאָר אויפ'ן האַרצען איז איהם טרויעריג געווען. ער אַליין האָט נישט געוואוסט, פאַרוואָס ער האָט בעדויערט די אונבעקאַנטע פרוי, וועלכע האָט נישט געטאָרט ליעבען.

„איך שטעל זיך פאָר טוטמאָזיס'ען, ווען ער וואָלט געוואָרען אַ כהנת פון עשתרות!... ער וואָלט געמוזט שטאַרבען נאָך איידער עס וואָלט זיך פאַר דער געטין אויסגעברענט איין לעמפּעל״...

אין דעם מאָמענט האָט זיך געהערט פאַר דעם פּאַלאַצעל אַ קול פון אַ פליים, וועלכען עס האָט בעגלייט אַ געזאַנג פון פרויען:

— „אַהאַ־אַ!... אַהאַ־אַ!... — ווי זיי וואָלטען אַ קינד געוויעגט.

דער פליים איז שטיל געבליבען, דאָס געזאַנג פון פרויען האָט זיך אויך נישט געהערט און עס האָט זיך אָנגערופען אַ שענע שטימע פון אַ מאַנספּערזאָן אין גריעכישען:

— ווען אויף דעם באַלקאָן בלאַנקט דיין קלייד, ווערען בלאָס די שטערען און די נאַכטיגאַלען ווערען שטום, און אין מיין האַרצען ווערט אַזוי שטיל, ווי שטיל עס איז אויף דער ערד, ווען עס בעגריסט זי דער ווייסער פריהמאָרגען...

— אַהאַ־אַ!... אַהאַ־אַ!... אַהאַ־אַ!...— האָבען צוגעזונגען די פרויען און דער פליים האָט צוגעשפּיעלט.

— און ווען דו וועגדעסט דיך מיט תפלות אין בית-המקדש, נעהמען דיך ארום פייכלען מיט א שמעקענדען וואלקען, זומער פויגעלעך פליהען נעבען דיין מויל, פאלמען בויגען אראב די קעפ פאר דיין שענהייט.

— אהא-א!... אהא-א!... אהא-א!...

— ווען איך זעה דיך נישט, קוק איך אויף דעם הימעל, אום זיך צו דערמאנען די זיסע רוה פון דיין פנים. אומזיסט איז אבער מיין ארבייט! דער הימעל פערמאגט נישט דיין מנוחה, און זיין היץ איז קאלט געגען די פלאמען, וועלכע האבען צו אש פערברענט מיין הארץ.

— אהא-א!... אהא-א!...

— אמאל בין איך געשטאנען צווישען רויזען, וועלכע דער אבגלאנץ פון דיינע בליקען בעציערט מיט ווייסקייט, שארלאט און גאלד. יעדעס בלעטעלע זייערם האט מיר דערמאנט איין שעה, יעדעס בלימעלע — איין חודש, וואס איך האב פערבראכט ביי דיינע פים. און די טראפענס טהוי זענען מיינע טרעהרען, וועלכע עס טרינקט דער אכזריות'דיגער ווינד פון דער מדבר.

גיב א צייכען, און חאפען וועל איך דיך און טראגען וועל איך דיך אין מיין פאטערלאנד. דער ים וועט אונז אבטיילען פון אונזערע פערפאלגער, די וועלדלעך פון הדסים וועלען אונז פערבארגען, ווען מיר וועלען זיך קושען, און היטען וועלען אונזער גליק די געטער, וועלכע ליעבען מעהר פון אלע — די פערליעבטע.

— אהא-א!... אהא-א!...

רעמסס האט פערמאכט די אויגען און איז געווען, ווי אין חלום. דורך די אראבגעלאזטע ברעמען האט ער

שוין נישט געזעהן דעם גארטען, נאר א פערפליצונג פון דער לבנה'ס ליכטיגקייט, צווישען וועלכע עס האבען זיך פונאנדערגעשוואומען שווארצע שאטענס און א געזאנג פון א אונבעקאנטען מאנספערזאן צו א אונבעקאנטער פרוי. ציי-טען-ווייז האט זיך דאס געזאנג איהם אזוי אריינגעריסען אין זיין נשמה, אז ער האט חשק בעקומען צו פרעגען: צי זינגט ער נישט דאס און אפילו גאר — צי ער אליין איז נישט דאס ליעבע ליעד?...

זיין מאכט, זיין גרויסע שטעלונג, אלץ האט זיך איהם אויסגעוויזען, ווי גארנישט געגען דער לבנה-נאכט און גע-גען די אויסגעשרייען פון דעם פערליעבטען הארצען. ווען מען וואלט איהם געגעבען אויסצוקלויבען: די מאכט פון פרעה'ן, אדער די גייסטיגע שטימונג, אין וועלכע ער איז איצט געוועזען, וואלט ער בעסער פון אלעם געוואלט זיין איצטיגען חלום-צושטאנד, אין וועלכען עס איז פערשוואונדען געווארען די גאנצע וועלט, ער אליין, אפילו די צייט אויך, און געבליבען אין בענקשאפט, וואס לויפט אב אין דער אייביגקייט אויף די פליגעל פון געזאנג.

דער קרוין-פרינץ האט זיך פלוצלונג אויפגעהאפט, דאס געזאנג האט אויפגעהערט. אין פאלאצעל איז דאס ליכטיגקייט פערלאשען געווארען, און אויף זיינע ווייסע ווענד האבען זיך אבגעשלאגען שווארצע, לעערע פענסטער. אפילו דער גארטען איז וויסט און שטיל געווארען, אפילו דאס לייכטע ווינדטעל האט אויפגעהערט צו טאנצען צווישען די בלעטלעך.

איינס!... צוויי!... דריי!... פון דעם בית-מקדש האבען זיך אנגערופען דריי הויכע אבקלאנגען פון קופער.

„אהא! ... איך מוז דארט אהין געהן...” — האט זיך דער קרוין־פרינץ געקלערט, נישט וויסענדיג גוט וואוהין און נאך וואס ער זאל געהן.

ער איז דאך געגאנגען אין דער זייט פון בית־המקדש, וואס זיין זילבערנער טהורם האט ארויסגעשטייגט פון צווישען די בוימער. ווי ער וואלט גערופען צו זיך.

ער איז געגאנגען, ווי שכור, פול מיט משונה'דיגען חשק. צווישען די בוימער איז איהם צו־ענג געוועזן; ער האט חשק בעקומען ארויפצוגעהן אויף דעם שפיץ פון דעם טהורם און אבעטהעמען, ארומגעהמען מיט'ן בליק עפעס א ברייטערען האריזאנט. באלד האט ער זיך אבער דערמאנט, אז היינט איז דער חודש מיסארי און א יאהר איז שוין פאר־איבער זייט די מאנעווערען און ער האט דערשפירט א בענק־שאפט צו דער מדבר. ווי גערן וואלט ער זיך אויפגעזעצט אויף זיין לייכטען וואגען, וואס איז איינגעשפאנט געוועזן אין א פאר פערד און פאהרען גיך וויט, וואו עס איז נישט אזוי דעמפפיג געוועזן און די בוימער האבען דעם האריזאנט נישט פערשטעלט!

ער איז שוין געוועזן נעבען דעם בית־מקדש, בכן איז ער ארויפגעגאנגען אויף דעם ערשטען דאך. שטיל און לעער איז דארט געוועזן, ווי אלע וואלטען אויסגעשטארבען, נאר פון דער וויטענס האט עפעס שטיל גערעדט דאס וואסער פון דעם פאנטאן. אויף די צווייטע טרעפ האט ער אראב־געווארפען פון זיך זיין מאנטעל און שווערד, נאך א מאל האט ער אקוק געטהון אויף דעם גארטען, ווי עס וואלט איהם לייד געטהון די לבנה, וועלכע ער האט דארט געזעהן,

און ער איז אריין אין בית־מקדש. איבער איהם זענען נאך געווען דריי שטאק.

די קופערנע טהיר איז נאך אפען געווען, און ביידע זייטען פון איינגאנג זענען געשטאנען פיגורען פון אקסען מיט פליגעל און מענשען־קעפ, וואס אויף זייערע פנים'ער האט געהערשט א גאוה'דיגע מנוחה.

„דאס זענען מלכים פון אשור"—האט זיך דער קרוין־פרינץ געקלערט, קוקענדיג אויף זייערע בערד, וואס זענען געווען געפלאכטען אין קליינע צעפלעך.

אין דעם בית־מקדש איז געווען שווארץ, פינסטער, נאר ווייסע בינדלעך פון די לבנה־שטראהלען זענען אריינגעפאלען דורך די שמאלע און הויכע פענסטער.

פאר דעם בילד פון דער געטין עשתרות האבען געברענט צוויי לאמפען. דורך עפעס א משונה'דיג באלייכטונג פון דער הויך, האט מען דאס בילד געקאנט גוט זעהן. רעמסס האט געקוקט. די געטין איז געווען א ריעזענדיגע פרוי מיט פליעגעל פון א שטרוים־פויגעל. זי האט געהאט אויף זיך א לאנג קלייד מיט פאלבען, אויפ'ן קאפ האט זי געהאט א שפיציג היטעלע, אין דער רעכטער האנד האט זי געהאלטען צוויי טויבען. איהר שען פנים און אראבגעלאזטע אויגען האבען געהאט עפעס אזא זיסען אויסדרוק, אזוי אונשולדיגקייט, אז דער קרוין-פרינץ איז זעהר פערוואונדערט געווארען: עשתרות איז דאך געווען א געטין פון נקמה און פון דער גרעסטער אויסגעלאסענהייט.

פעניציען האט איהם געוויזען נאך איין סוד איהרען.

„א משונה'דיג פאלק! — האט ער זיך געקלערט — זייערע מענשען־פרעסענדע געטער עסען קיין מענשען נישט

און זייער אויסגעלאסענהייט שיצען אונשולדיגע כהנות און געטינס מיט קינדישע פנים'ער..."

אין דעם האט ער דערשפירט, אז אויף זיינע פים רוקט זיך עפעס, ווי א גרויסע שלאנג. רעמסס האט זיך צוריק-גערוקט אין דעם בינדעל פון דער לבנה-ליכטיגקייט.

„עס האט זיך מיר נאר געדאכט?" — האט ער צו זיך אליין געזאגט.

אין דער זעלבער מינוט האט ער דערהערט רופען שטיל:

— רעמסס!... רעמסס!...

ער האט נישט געקאנט דערקענען, צי דאס איז געווען א שטימע פון א מאנספערזאן אדער פון א פרוי און — פון וואנען די שטימע קומט.

— רעמסס!... רעמסס!...— האט ער ווייטער גע-הערט רופען, ווי פון דער ערד.

רעמסס איז געגאנגען אין דעם ארט, וואס איז נישט בעלויכטען געווען און איינהערענדיג זיך, האט ער זיך אראפ-געבויגען. פלוצלונג האט ער דערשפירט אויף זיין קאפ צוויי אײדעלע הענד.

ער האט געוואלט די הענד חאפען און ער האט נישט געקאנט; מעהר ווי לופט האט ער אין זיינע הענד נישט געשפירט.

— רעמסס!...— האט מען גערופען פון דער הויך.

ער האט אויפגעהויבען דעם קאפ און דערשפירט אויף זיין מויל א לאטוס-בלום, און ווען ער האט צו דער בלום אויסגעצויגען די הענד, האט זיך עמיץ לייכט אנגעשפארט אויף זיינע ארעמס.

— רעמסס!... — האָט מען צו איהם געֶרופֶען פֿון דעם מזבח.

רעמסס האָט זיך אומגעדרעהט און איז ערשטוינט געוואָרען. אין דעם בינדעל ליכטיגקייט, עטליכע טריט וויים פֿון איהם, איז געשטאַנען אַ הערליך שענער מענש, וועלכער איז עהנליך געוועזען צו איהם. דאָס פנים, די אויגען, די באָרד, דער וואוקס, די בעוועגונג, מלבושים, אַלץ ווי ער, רעמסס...

אין אָנפֿאַנגס האָט ער געמיינט, אַז ער שטעהט פֿאַר אַ ריזענדיגען שפּיעגעל, וואָס אפילו פרעה האָט נישט אַזעלכען. באלד האָט ער זיך אָבער איבערצייגט, אַז דאָס איז נישט קיין שפּיעגעל, נאָר אַ לעבענדיגער מענש שטעהט פֿאַר איהם.

באלד האָט ער דערשפּירט, אַז מען קושט איהם אין האַלז. ער האָט זיך ווידער אומגעדרעהט; קיינעם האָט ער אָבער דאָרט נישט געזעהן, און דער מענש, וואָס האָט אויסגעזעהן ווי ער, איז אויך פֿערשוואונדען געוואָרען.

— ווער איז דאָ?... איך וויל וויסען!...— האָט רעמסס געשריען מיט כעס.

— איך... קמאַ... — האָט זיך אָנגערופֿען אַ זיסע שטימע.

און אין דעם בינדעל מיט ליכטיגקייט האָט זיך בעוויזען אַ הערליך שענע פֿרוי, אַ נאַקעטע, אין אַ גאָלדענעם גירטעל אַרום די לענדען.

רעמסס איז געלאָפֿען און זי געכאַפּט ביי דער האַנד. זי איז נישט אַנטלאָפֿען.

— דו ביזט קמאַ?... ניין, דו ביזט... יאָ, דיך האָט

אַמאָל געשיקט צו מיר דגון, נאָר דאַמאָלס האָסטו אַנדערש געהייסען...

— איך הייס, ווי איך וויל — האָט זי געענטפערט מיט תמימות.

— דו האָסט מיך בעריהרט מיט דיינע הענד?...

— איך.

— ווי אַזוי?...

— אַ, אָ! אַזוי אַרום... — האָט זי געענטפערט, אַרומנעהמענדיג זיין האַלז — און קושענדיג איהם.

רעמסס האָט זי נעהאַפּט אין זיינע אָרעמס, זי האָט זיך אָבער פון איהם אַרויסגעחאַפּט מיט אַזאַ קראַפט, וואָס קיינער האָט זיך נאָר נישט געקאָנט פאָרשטעלען, אַז אַזאַ קליינע פערזאָן זאָל זי פערמאָגען.

— ביזטו דאָס די כהנת קמאַ?... האָט מען דאָס צו דיר היינט אַזוי געזונגען?... — האָט רעמסס געזאָגט, דריקענדיג ליידענשאַפטליך איהרע הענד — ווער איז דאָס דער, וואָס האָט אַזוי געזונגען?

— ער איז אין אונזער בית־המקדש — האָט זי געענטפערט.

די אויגען פון רעמסס'ן האָבען געברענט, זיינע באַזאָלעכער זענען ברייטער געוואָרען, אין קאָפּ האָט איהם גערוישט. די זעלבע פרוי האָט פאַר עטליכע חדשים געמאַכט אויף איהם אַ קליינעם איינדרוק. אָבער היינט איז ער גרייט געווען אַלץ צו טהון פאַר איהר. ער האָט מקנא געווען דעם זינגער, גלייכצייטיג איז איהם אַ שאַד געווען. אַז ווען זי וואָלט געוואָרען זיין בעליעבטע, וואָלט זי געמוזט שטאַרבען.

— ווי שען ביזטו! — האט ער געזאגט — וואו וואהנסטו?... אך, איך ווייס דאך: אין יענעם פאלא־צעל... קאן מען דיך בעזוכען?... אויב דו נעהמסט אויף ביי זיך זינגערס, מוזטו דאך מיך אויך אויפנעהמען... ציי ביזטו טאקי די כהנת, וואס היט דאס פייער?...

— יא.

— און אייערע געזעצען זיינען אזוי אכזריות'דיג, אז זיי ערלויבען דיר נישט צו ליעבען?... ע. דאס מאכט מען נאר אן אזא מורא!... פאר מיינעט וועגען, וועסטו א אויסנאהמע מאכען.

— גאנץ פעניציען וואלט מיך פערשאלטען, די גע־מער וואלטען זיך נוקם געווען... — האט זי גענטפערט מיט געלעכטער.

רעמסס האט זי ווידער צוגעצויגען צו זיך און זי האט זיך ווידער ארויסגעריסען.

— היט זיך, קרוין־פרינץ, — האט זי געזאגט — פעניציען איז שטארק און איהרע געטער...

— וואס גערען מיר אן דיינע געטער, אדער פעני־ציע!... אויב דיר וועט א האר פון קאפ אראבפאלען, וועל איך צעטרעטען פעניציען, ווי א ווארם.

— קמא!... קמא!... — האט זיך אנגערופען א שטימע פון דעם בילד. זי איז דערשראקען געווארען.

— זעהסטו, מען רופט מיך... מען האט נאך אפשר געהערט דיין לעסטערונג אויך...

— זאלען זיי נאר נישט הערען מיין כעס... — האט דער קרוין־פרינץ זיך געבייזערט.

— דער כּעס פֿון געמער איז שרעקליכער פֿון דיינעם.

זי האָט זיך אויסגעריסען פֿון זיינע הענד און פֿער־שוואונדען געוואָרען אין די שאָטענס פֿון בית־המקדש. רעמסס איז איהר נאָכגעלאָפֿען, נאָר פּלוצלונג האָט ער זיך צוריקגעצויגען. דאָס גאַנצע בית־המקדש, צווישען דעם מזבח און איהם, איז בעגאָסען געוואָרען מיט אַ גרויסען בלוטיגען פֿלאַם, אין וועלכען עס האָבען זיך בעוויזען שרעקליכע פֿיגורען: ריזענדיגע פֿלעדער־מייז, שלאַנגען, מענשען־קעפּ, שאָטענס...

דער פֿלאַם איז געגאַנגען גלייך אויף איהם אין דער ברייט פֿון בית־המקדש און בערוישט וועדענדיג, האָט ער זיך גערוקט צוריק. פּלוצלונג האָט ער דערשפּירט פֿרישע לופֿט. ער האָט זיך אומגעדרעהט, און שוין איז ער דרויסען געווען און גלייכצייטיג איז די קופּערנע טהיר פֿאַר איהם פֿערמאַכט געוואָרען.

ער האָט זיך אויסגעווישט די אויגען. די לבנה האָט זיך שוין געהאַט אַראָבגערוקט צו מערב־זייט. נעבען דעם זייל האָט רעמסס געפֿונען זיין שווערד און זיין מאַנ־טעל. ער האָט זיי אויפֿגעהויבען און איז אַראָבגעגאַנגען פֿון די טרעפּ ווי אַ שכּור.

ווען ער איז שפּעט ביי נאַכט צוריק אין זיין פּאַלאַץ געקומען, האָט טוטמאָזיס, דערזעהענדיג זיין בלאַס פּנים און שרעקליכען בליק, אויסגעשריען מיט שרעק:

— וואו ביזטו געווען, קרוין־פּרינץ?... דיין גאַנצער הויף איז בעאונרוהיגט און שלאָפֿט נישט...

— איך האָב די שטאָדט אָנגעקוקט. אַ שענע נאַכט...

— דו ווייסט! — האָט טומטאָזים גיך געזאָגט, מוֹרא האָבענדיג, עס זאָל ווער פאַר איהם דעם קרוין-פּרינץ דאָס זעלבע נישט זאָגען — דו ווייסט? שרה האָט דיר אַזוהן געבוירען...

— טאַקי?... איך וויל, אַז קיינער פון מיין סוויטע זאָל זיך נישט בעאונרוהיגען, ווען מיר וועט געפעלען וועּ רען ארויסגעהן שפּאַצירען.

— איינער אליין?...

— ווען איך וואָלט נישט געקאָנט ארויסגעהן איינער אליין, וואוהין איך וויל, וואָלט איך געוועזען דער אונגליקּ ליכסטער שקלאַף אין דער מלוכה — האָט דער נאָמיעסטּ ניק געענטפערט.

ער האָט אָבגעגעבען זיין שווערד און מאַנטעל טומּ טאָזים'ען און איז געגאַנגען אין זיין שלאָפציממער אריין, נישט רופענדיג קיינעם. נאָך נעכטען וואָלט איהם משמח געּ ווען די בשורה, אַז אַ זוהן איז איהם געבוירען געוואָרען. איצט אָבער האָט ער קאַלטבלוטיג אָנגענומען די בשורה. זיין גאַנצע נשמה איז פול געווען מיט די ערֿאינערונגען פון היינטיגען אָוועּנד.

ער האָט נאָך געזעהן פאַר זיך די ליכטיגקייט פון דער לבנה, אין זיינע אויערען האָט געקלונגען דאָס ליעד, וואָס איז געזונגען געוואָרען צו קמאַ. און דאָס-בית-המקדש פון עשתרות!...

ער האָט נישט געקאָנט אנטשלאָפען ווערען ביז אין דער פריה.

## זיעבענטעס קאפיטעל.

צומאר נענס איז רעמסס אויפגעשטאנען שפעט, אליין האט ער זיך געבאדען און האט געהייסען טוטמאזיס'ען קו־מען צו איהם.

אויסגעציערט, געזאלבט מיט שמעקענדע עהלען, איז טוטמאזיס באלד אריינגעקומען, גוט זיך איינקוקענדיג אין רעמסס'ען, כדי צו דערקענען צי ער איז בייז, אדער גוט, לוסטיג, אדער טרויעריג און ער זאל אויך אזוי זיך מאכען.

אויף רעמסס'ענס פנים האט מען אבער געקאנט דערקענען נאר מידקייט.

— וואס? — האט ער טוטמאזיסען געפרעגט, געגעצענ־דיג — צי ביזטו זיכער, אז אזוהן איז מיר געבוירען געווארען?

— די ידיעה האב איך ערהאלטען פון הייליגען מפרים.

— אהא!... פון ווען אן אינטערעסירען זיך די נביאים מיט מיין הויז?

— זייט דו האסט זיי אנגעהויבען ווייזען דיין גנאד.

— אזוי?... — האט דער קרוין־פרינץ געפרעגט פערקלערענדיג זיך.

ער האט זיך דערמאהנט די געבעטיגע סצענע אין בית־המקדש פון עשתרות און האט זי פערגלייכט מיט עהנליכע ערשיינונגען אין בית־המקדש התור.

„מען האט מיך גערופען — האט ער צו זיך געזאגט — דא, ווי דארט, נאר דארט איז מיין צעל געווען זעהר ענג און די מויערען זענען געווען דיק, דא אבער האט קמא־יך געקאנט בעהאלטען הינטער א זייל און רופען... אויסער

דעם איז אין מײַן צעל געווען ליכטיג און דאָ — שרעקליך פֿינסטער . . .

פלוצלונג האָט ער געזאָגט צו טוטמאָזיסען:

— ווען איז דאָס געשעהן?

— ווען דײַן זוהן איז געבוירען געוואָרען? ... דאַכט זיך, אז נאָך פאַר צעהן טעג ... די מוטער און דאָס קינד זענען געזונד, זיי זעהן אוים זעהר גוט ... בײַ'ם געבוירען ווערען איז געווען מענעס אליין, דער דאָקטאָר פון דײַן געעהרטער מוטער און פון דעם גרויסען הרהור ...

— נו, נו ... — האָט דער קרוין-פּרינץ געענטפערט און ווידער זיך געקלערט:

„מען האָט מיך בעריהרט דאָ און דאָרט, אלץ איינס איז דאָס בעריהרען געווען ... איז דען געווען א אונטערשיעד? ... עס דאַכט זיך, אז עס איז געווען א אונטערשיעד, אפשר דערפאַר, וואָס דאָ בין איך געווען פאָרבערייט צו זעהן נסים און דאָרט בין איך נישט פאָרבערײַט געווען ... דאָ האָב איך אָבער געזעהן א צווײַטען איד, און דאָרט האָבען זיי מיר דאָס נישט געקאָנט ווײַזען ... די כהנים זענען גרויסע חכמים! ווי גערן וואָלט איך געוואָלט וויסען, ווער עס האָט זיך פערשטעלט פאַר מיר, א גאָט, צי א כהן? ... אָ, גרויסע חכמים זענען די כהנים! ... איך ווייס אפילו נישט, וועלכע פון זיי איך זאָל גלויבען: אונזערע, אָדער די כהנים פון פעניציען? ..."

— הער נאָר, טוטמאָזיס, האָט רעמסס הויך געזאָגט — הער נאָר, טוטמאָזיס ... איך וויל, אז זיי זאָלען דאָ אהער קומען ... איך מוז דאָך זעהן מײַן זוהן ... עס

וועט שוין קיינער נישט טאָרען זיך האלטען העכער פון מיר... איך בין שוין א פּאָטער...

— צי זאָלען באלד קומען צו פאָהרען שרה מיט איהר זוהן?...

— זאָלען זיי קומען, ווי אמגיבסטען, אויב נאָר זייער געזונד ערלויבט זיי צו קומען. אין דעם פּאלאץ געפינען זיך פיעל בעקוועמע בנינים. מען דארף זיי אָבגעבען א אָרט צווישען בוימער, א שטיל און קיהל אָרט, ווייל די צייט פון היצען קומט אָן... זאָל איך דער וועלט ווייזען מיין זוהן!...

און רעמסס האָט זיך ווידער פערקלערט.

„יאָ, חכמים זענען זיי! — האָט ער זיך ווידער געקלערט — אז זיי נארען דאָס פאָלק מיט גראָבע מיט־לען, דאָס האָב איך געוואוסט. אָרימער הייליגער אָקס אַפּיס! וויפיעל שטאָבען בעקומט ער אין דער צייט פון דער פּראָצעסיע, ווען פויערען ליגען פאַר איהם אויף די בייכער... אָבער זיי זאָלען מיך נארען, דאָס וואָלט איך נישט געגלויבט... די שטימען פון געטער, העגד, וועלכע מען זעהט נישט, א מענש, וואס ווערט בעגאָסען מיט פעך, דאָס אַלץ איז נאָר געווען א נעבען־זאך!... דערנאָך האָט פּענטוער אָנגעהויבען דאָס זיינינגע צו ווייזען: פאַרוואָס עס ווערט וועניגער ערד און בעפעלקערונג, די ערקלערונגען וועגען בעאַמטע, פעניציאַנער, און אַלץ נאָר, אום מיר די מלחמה צו פערמיאוס'ן..."

— טוטמאָזיס! — האָט ער פּלוצלונג גערופען.

— איך פאַל אויף מיין פנים פאר דיר...

— מען מוז איינציגוויים אהער ברענגען די פּאָלקען

פון די שטערט נעבען ים... איך וויל זיי זעהן און בעלויה־
גען פאר זייער טרייהייט.

— און מיר, אדעל־לייט, זענען דיר ניט טריי? — האט טוטמאזיס געפרעגט א צעמישטער.

— אדעל און מיליטער, אלץ איינס.

— און די הויפט־מענער און בעאמטע?

— דו ווייסט, טוטמאזיס, אז אויך בעאמטע זענען טריי — האט דער קרוין־פרינץ געזאגט,— אפילו די פעני־ציאנער!... חאטש אויף אנדערע שטעלונגען זענען זיי פערדעטהער...

— שא! — האט טוטמאזיס שטיל געזאגט און מיט שרעק געקוקט אין דעם צווייטען צימער.

— אהא!... — האט דער קרוין־פרינץ געלאכט — פון וואנען נעהמט זיך די שרעק? בכן ווייסטו אויך, אז מיר האבען פערדעטהער?...

— איך ווייס וועמען דו מיינסט — האט טוטמאזיס געענטפערט — ווייל שטענדיג האסטו ניט געהאט קיין צוטרויען...

— צו וועמען?...

— צו וועמען!... איך בין זיך אליין משער... איך האב אבער געמיינט, אז נאכדעם, ווי דו האסט שלום געשלאסען מיט הרהור'ן, נאכדעם, ווי דו ביזט אזוי לאנג געוועזען אין בית־המקדש...

— אין בית־המקדש?... אויך דארט און אויך אין גאנצען לאנד האב איך זיך איבערגעצייגט, אז די בעסטע ערד, די טיכטיגסטע בעפעלקערונג און דאס גרעסטע רייכ־טהום געהערען ניט צו פרעה'ן.

— שטיל !... שטיל ! ... — האָט איהם טוטמאָזיס איינגערוימט.

— איך שווייג דאָך שטענדיג, שטענדיג האָב איך אַ לוסטיג פּנים, ערלויב מיר חאָטש דאָ זיך פון הארצען אראָבצורעדען ... אפילו אין דער העכסטער ראַטה וואָלט איך, דוכט זיך, געהאַט דאָס רעכט צו זאָגען, אַז אין מצרים, וואָס געהערט צו מיין פאָטער, האָב איך, קרוין־פּרינץ און שני למלך, געמוזט לייהען הונדערט טאַלענטען פון עפּעס אַ פּירשט פון צור ... איז דאָס נישט אַ חרפּה ! ..

— וואָס איז דיר דאָס עפּעס היינט אויף די געדאַנ־קען געקומען ? — האָט איהם טוטמאָזיס איינגערוימט, וועלענדיג ווי אַם גיכסטען ענדיגען דעם געפערליכען שמועס.

— וואָס דאָס איז מיר היינט געקומען אויף די גע־דאַנקען ? — האָט דער קרוין־פּרינץ איבערגעחזר'ט און זיך ווידער געקלערט.

„עס וואָלט נאָך נישט געשאַדט אַזוי פיעל — האָט ער זיך געקלערט — ווען זיי וואָלטען גענאַרט נאָר מיך : איך בין דאָך נאָר אַ קרוין־פּרינץ און מיר קאָן מען דאָך נאָך נישט אַנטרויען אַלע סודות. פון וואַנען קאָן איך אָבער וויסען, אַז זיי נאַרען נישט אַזוי אויך מיין פאָטער ? ... מעהר פון דרייסיג יאָהר האָט ער אין זיי געגלויבט. ער האָט געגלויבט אין זייערע נסים, פיעל גרויסע קרבנות האָט ער מקריב געווען די געטער ... אַז זיין פערמעגען און זיין מאַכט זאָלען איבערגעהן אין די הענד פון שטאָלצע גנבים !... און קיינער האָט איהם די אויגען נישט געעפענט ... פּרעה קאָן דאָך נישט, ווי איך, געהן ביי נאַכט אין אַ בית־המקדש

פון די פעניציאנער און צו פרעה'ן קאן דאך קיינער נישט צוקומען...

„און ווער קאן מיר פערזיכערען, אז די כהנים שטרעבען נישט אומצוווארפען דעם טראן, ווי חירום האט מיר געזאגט?... דער פאטער האט דאך מיר געווארענט, אז די פעניציאנער זאגען דעם אמת. ווען זיי האבען אין דעם עפעס א אינטערעס. און זיי זענען א ודאי פעראינטערעסירט אין דעם, זיי זאלען נישט ארויסגעטריבען ווערען פון מצרים און זיי זאלען נישט אונטערפאלען אונטער דער מאכט פון אשור... אשור איז א סטארע פון צערייצטע לייבען!... וואו זיי געהען דורך בלייבט גארנישט, אויסער חורבות און מתים, ווי נאך א שרפה!...

רעמסס האט פלוצלונג אויפגעהויבען דעם קאפ: פון דער ווייטענס האט ער דערהערט א קול פון פלייטען און טראמפעטען.

— וואס איז דאס? — האט ער געפרעגט טוטמאזיס'ן.

— א וויכטיג נייעס!... — האט טוטמאזיס געענטפערט מיט א שמייכעל — די אזיאטען בעגריסען איינעם, וואס איז געקומען צו זייער בית-המקדש פון בבל...

— פון בבל?... ווער איז ער?...

— ער הייסט סרגון...

— סרגון?... — האט דער קרוין-פרינץ געפרעגט — אהא!... סרגון!... — האט ער געלאכט — וואס איז ער?...

— ער איז, ווי מען זאגט, א גרויסער שר אין הויף פון דעם מלך אסר. ער פיהרט מיט זיך צעהן עלעפאנטען, א סטאדע פון די שענסטע פערד פון דער מדבר, א גרויסע מענגע שקלאפען און קנעכט.

— נאָך וואָס קומט ער דאָ אַהער?

— זיך בוקען פאַר דער געטין עשתרות, וועלכע ווערט פערהייליגט אין גאַנץ אזיען — האָט טוטמאָזיס געענטפערט.

— האַ, האַ, האַ!... — האָט רעמסס געלאַכט, דערמאָנענדיג זיך אָן דעם, וואָס חירום האָט איהם געזאָגט, אַז פון אשור וועט קומען אַ שליח. — האַ, האַ, האַ!... סרגון, אַ מחותן פון מלך אסר איז פלוצלונג אזוי פרום געוואָרען, אַז גאַנצע חדשים רייזט ער, אום ער זאָל זיך קאָנען בוקען אין פי-בושת פאַר דער געטין עשתרות... אין ניגוה וואָלט ער דאָך געקאָנט בעקומען גרעסערע געטער און גרעסערע כהנים... האַ, האַ, האַ!...

טוטמאָזיס האָט מיט בעוואונדערונג געקוקט אויף דעם קרוין-פרינץ.

— וואָס איז דיר געשעהן, רעמסס?

— אַ נס — האָט רעמסס געזאָגט — אַזאַ נס, וואָס איז נאָך נישט געזעהן געוואָרען אין קיין שום בית-המקדש... שטעל זיך פאָר, טוטמאָזיס... ווען דו בעטראַכטסט ווי אַמעהרסטען די פראַגע: ווי אַזוי זאָלסטו קאָנען חאַפּען דעם גנב, וועלכער בעגנב'עט דיך שטענדיג? — אין דער זעלבער צייט שטעקט דער זעלבער גנב ווידער אַריין די האַנד אין דיין קאַסטען, דיר אין די אויגען, פאַר טויזענד עדות... האַ, האַ, האַ!... סרגון איז פרום!... ער קומט זיך בוקען!...

— איך פערשטעה גאָרנישט!... — האָט טוטמאָזיס געזאָגט.

— און דו דאַרפסט נישט פערשטעהן — האָט דער

קרוין-פּרינץ געענטפערט — געדענק נאר דאס, אז סרגון איז געקומען זיך בוקען דער הייליגער געטין עשתרות ...

— מיר דאכט זיך — האט טוטמאזיס געזאגט — אז אלץ, וואס דו זאגסט, איז זעהר געפעהרליך.

— נו, דערצעהל קיינעם נישט.

— אז איך וועל קיינעם נישט זאגען, דאס קאנסטו דאך זיכער זיין, נאר צי דו אליין וועסט נישט דערצעה-לען! ... דו ביזט אזוי געשווינד, ווי א בליץ ...

דער קרוין-פּרינץ האט איהם ארויפגעלעגט די האנד אויף די פּלייצעס.

— זיי רוהיג — האט ער געזאגט, קוקענדיג איהם אין די אויגען — זאלסט איהר מיר טריי זיין, איהר אדעל-לייט און מיליטער, וועט איהר דאן זעהן וואונדערבארע זאכען און די שלעכטע צייטען אייערע וועלען א סוף נעהמען.

— דו ווייסט דאך, אז אויף דיין בעפעהל זענען מיר גרייט אומצוקומען — האט טוטמאזיס געענטפערט, לעגענ-דיג די הענד אויף זיין ברוסט.

אויף זיין פּנים איז געוועזן אזא ערנסטקייט, אז דער קרוין-פּרינץ האט פערשטאנען, אז פון דעם ווילדען יונגען מאן, קאן ווערען א טיכטיגער מענש, וואס אויף זיין פער-שטאנד און זיין שכל וועט מען זיך קאנען פערלאזען.

פון דאמאלס אן האט דער קרוין-פּרינץ מיט טוטמא-זיס'ן אזעלכע משונה'דיגע שמועסען נישט געפיהרט. נאר דער טרייער פריינד און דינער האט אליין פערשטאנען, אז אין דעם וואס סרגון קומט, שטעקט עפּעס א גרויסער מלוכה-אינטערעס, וועלכען די כהנים אליין פיהרען אהן דעם ווי-סען פון קרוין-פּרינץ און פון פּרעה'ן.

פון אַ געוויסער צייט אָן האָבען די גאַנצע אריסטאָ-קראַטיע פון מצרים, אַלע הויפּט-מענער, העכערע בעאַמטע און אָנפיהרער בסוד געשמועסט צווישען זיך, אַז עס קו-מען אָן זעהר וויכטיגע פּאַרפּאַלען. די פעניציאַנער האָבען זיי בסוד דערצעהלט, אַז עס ווערט געשלאָסען ווערען אַ בונד מיט אַשור, דורך וועלכען פעניציען וועט אומקומען און מצרים וועט מבוזה ווערען און אפשר וועט נאָך מצרים מוזען צאָהלען מס דעם קעניג פון אַשור.

די אַריסטאָקראַטיע איז זעהר אויפגערעגט געוואָרען, קיינער האָט אָבער דאָס נישט אַרויסגעוויזען, פערקעהרט. אויף דעם הויף פון קרוין-פּרינץ און ביי די הויפּטמענער פון נידריגערען מצרים האָט מען זיך גוט געוויילט. מען האָט געקאָנט רעכענען, אַז פון די היצען זענען זיי משוגע גע-וואָרען; נישט נאָר געוויילט האָבען זיי זיך, אָבער אויך אויסגעלאַסען זענען זיי געווען. עס איז נישט געווען אַ טאָג אָהן פערוויילונגען, מאָלצייטען און טריאומף-פּראָצע-סיען. עס איז נישט געווען אַ נאַכט אָהן אילומינאַציעס און געשרייען, נישט נאָר אין פּי-בושת, אָבער אויך אין יעדער שטאָדט איז מען געלאָפען מיט שטאָלקאַצען, מוזיק און מיט פולע קריג. מען איז אַריין אין די הייזער און מען האָט אַרויסגעשלעפּט די שלאָפענדע איינוואָהנער צו שכרות; און ווייל די מצריים האָבען אַלע מאָל גרויס חשק געהאַט צו פערוויילונגען, האָט זיך געוויילט, ווער נאָר עס האָט געלעבט.

די גאַנצע צייט, וואָס רעמסס איז געווען אין בית-המקדש התור, האָבען די פעניציאַנער פון שרעק מתפלל געווען גאַנצע טעג און קיינעם נישט געליהען קיין געלד. נאָר זיט חירום האָט גערעדט מיט דעם קרוין-פּרינץ, האָ-

ביז די פעניציאנער אויפגעהערט צו זיין פרום און פארזיכטיג און האבען אנגעהויבען די גרויסע לייט פון מצרים געבען גרעסערע הלוואות ווי אמאל.

אזוי פיעל געלד און סחורות, וויפיעל עס איז דאמאלס געווען אין נידריגערן מצרים און אזעלכע קליינע פראצענטער, ווי מען האט דאמאלס געצאהלט, האבען אפילו זקנים נישט געדענקט.

די שטרענגע און קלוגע כהנים האבען געזעהן דעם שגעון פון זייער פאלק. זיי האבען אבער נישט פערשטאנען, פון וואנען ער שטאמט, און דער היילינגער מנטו-זופית, וועלכער האט יעדע עטליכע טעג ארויסגעשיקט אין דער פריה אראפפארט צו הרהור'ן, האט איהם שטענדיג מודיע געווען, אז דער קרוין-פרינץ, זייענדיג ערמיעדעט מיט די תפלות און תעניתים אין בית-המקדש התור, ווייַלט זיך, נישט וויסענדיג פון קיין שום זאך, און מיט איהם צוזאמען ווייַלט זיך די גאנצע אריסטאקראטיע.

דער גרויסער מיניסטער האט איהם אפילו נישט געענטפערט אויף די בעמערקונגען, ווייל ער האט געהאלטען די פערווייַלונגען פון קרוין-פרינץ פאר גאנץ נאטירליך און אויך נוצליך.

ביי אזא שטימונג פון אלע, וואס זענען געווען ארום איהם, האט רעמסס געהאט זעהר פיעל פרייהייט, כמעט יעדען אווענד, ווען די פערשכור'טע אדעל-לייט האבען שוין נישט געוואוסט, וואס מיט זיי טהוט זיך, האט זיך דער קרוין-פרינץ ארויסגעחאפט פון פאלאץ.

זייענדיג איינגעהילט אין א שווארצען מאנטעל, איז ער דורכגעלאפען לעערע גאסען און איז ארויס פון דער

שטאָדט אין די גערטנער פון בית-המקדש עשתרות.

דאָרט האָט ער זיך געזעצט אויף דער באַנק נעבען דעם פּאַלאַץ פון קמאָ און, זייענדיג באַהאַלטען צווישען די בוימער, האָט ער געקוקט אויף די ברענענדע שטאָלקאַצען, געהערט דאָס געזאַנג פון איהרע אָנהענגער און — האָט געטראַכט פון איהר.

די לבנה איז וואָס אַ מאָל שפּעטער אויפגעגאַנגען, נעהנטער צוקומענדיג צו'ם מולד, די נעכט זענען גרוי געוועזען, און דאָך האָט רעמסס שטענדיג געזעהן דאָס ליכטיגקייט פון יענער ערשטער נאַכט און געהערט דאָס הייסע געזאַנג, וואָס ער האָט דאַמאָלס געהערט.

נישט איין מאָל איז ער אויפגעשטאַנען פון דער באַנק, אום ער זאָל גלייך געהן אין דער וואָהנונג פון קמאָ; נאָר ער האָט זיך געשעהמט. ער האָט געשפּירט, אַז עס פּאַסט נישט פאַר דעם קרוין-פּרינץ, ער זאָל זיך ווייזען אין הויז פון אַ כהנת, וואו עס האָט געקאָנט אַריינקומען יעדער פרומער מענש, וועלכער האָט געגעבען אַ גרויסע נדבה אין בית-המקדש. ער האָט אויך מורא געהאַט, אַז זעהענדיג קמאָ'ן צווישען קריג ווייַן און אָנהענגער, וועט זי פערליערען אין זיינע אויגען דעם חן, וואָס זי האָט בעקומען ביי איהם דאַמאָלס אין דער לבנה-נאַכט.

ווען דגון האָט זי געשיקט, אום זי זאָל אַראָבנעהמען פון דגון'ען דעם כעס פון קרוין-פּרינץ, האָט זיך איהם געדאַכט, אַז זי איז אַ יונג מיידעל, געווס בעהנ'ט און דאָך קאָן מען ביי איהר רוהיג בלייבען, נאָר ווען דאָס ערשטע מאָל אין לעבען, האָט ער, אָנפיהרער און שני-למלך, געמוזט זיצען פאַר דעם הויז פון אַ פרוי, ווען ער

האט געהערט דאס הייסע ליעד פון אַנ'אַנדערען מאנספערזאן, האבען זיך אין איהם אויך צו'ם ערשטען מאל אין לעבען ערוועקט געפיהלען פון תאוה, בענקשאפט און קנאה.

ווען ער וואלט געקאנט האבען קמאין צו יעדער צייט, וואלט זי איהם ניך פערמיאוס'ט גע ווארען און אפשר וואלט ער באלד זיך נישט אזוי בעמיהט זי צו בעקומען. נאר דער טוידט, וואס איז געשטאנען אויף דער שוועל פון איהר שלאפצימער, דער פערליעבטער זינג ער און אויך די הכנעה פאר דער כהנת, איז פאר רעמסס'ן געווען זעהר פרעמד און דאס פרעמדקייט האט איהם צוגעצויגען צו זיך.

און טאקי דאדורך איז ער צעהן טעג דורכ אנאנדער געקומען כמעט יעדען אווענד אין די גערטנער פון דער ג...ן עשתרות, פערדעקענדיג זיך דאס פנים פאר די פערבייגעהער.

א מאל אווענד, ווען רעמסס האט אויף א מאהלצייט ביי זיך אין פאלאץ געטרונקען פיעל וויין, האט ער זיך ארויסגעחאפט פון דער היים און פעסט ביי זיך בעשלאסען, ער זאל אריינגעהן אין דער וואהנונג פון קמא און איהרע אנהענגער — זאלען זיי זינגען אונטער איהרע פענסטער.

ער איז ניך געגאנגען דורך דער שטאדט, נאר אין די גערטנער, וואס געהערען צו דעם בית-המקדש, האט ער אנגעהויבען לאנגזאמער צו געהן, ער האט זיך ווידער עפעס אנגעהויבען שעהמען,

„צי איז נאך דאס א מאל דערהערט געווארען, אז א קרוין-פרינץ זאל נאכלויפען פרויען, ווי א ארימער שרייבער, וועלכער קאן נישט בעקומען פון קיינעם א הלואה

פון צעהן דראכמען ? אלע פרויען זענען צו מיר געקומען, ווען די אויך מוזען קומען״...

און ער האט שוין געוואלט צוריקגעהן.

„און דאך קאן די צו מיר נישט קומען — האט ער זיך געקלערט — ווארום מען וואלט זי געהרג׳עט״...

ער האט זיך אנידערגעשטעלט און אליין נישט געוואוסט, וואס ער האט צו טהון.

„ווער וואלט זי געהרג׳עט ?... הירום, וועלכער גלויבט גארנישט, אדער דגון, וועלכער ווייסט אליין נישט, וואס ער איז ?... יא, אבער דא איז פערהאנגען זעהר פיעל אנדערע פעניציאנער און עס קומען אן הונדערטער מויזענדער ווילדע און פאנאטישע מענשען פון פערשידענע ערטער. ביי די נאראנים וואלט קמא אויסגעזעהן, ווען זי וואלט מיך בעזוכט, ווי די ערגסטע פערברעכערין...

ער איז אלזא ווידער געגאנגען אין דער זייט פון קמא׳ס פאלאצעל. עס איז איהם אפילו נישט איינגעפאלען, אז עס שטעהט דא איהם פאר א געפאר, איהם, וואס נישט אויסציהענדיג די שווערד, קאן ער די גאנצע וועלט ווארפען צו זיינע פיס, ער, רעמסס, זאל זיין אין געפאהר !...

ווען ער איז ארויסגעגאנגען פון צווישען די בוימער, האט ער דערזעהן, אז קמא׳ס פאלאצעל איז מעהר בעלויכטען און רוישענד, ווי געוועהנליך. אין די צימערען און אויף דעם דאך זענען געווען מעהר געסט ווי געוועהנליך און ארום דעם פאלאצעל האבען זיך ארומגעדרעהט מאסען מענשען.

„וואס פאר א באנדע איז דאס״ — האט רעמסס זיך געקלערט.

די פֿערזאַמלונג איז געװען נישט קײן געװעהנליכע. נישט װײַט פֿון הויז איז געשטאַנען אַ ריזענדיגער עלעפֿאַנט, װעלכער האָט געטראָגען אויף זײַן רוקען אַ פֿערגאָלדעטע לעקטיקאַ מיט פֿורפֿורנע פֿאָרהאַנגען. נעבען דעם עלעפֿאַנט זענען אונגעדולדיג געשטאַנען אַ ערך פֿון צוואַנציג פֿערד מיט דיקע העלזער און פֿיס, פֿערבונדענע עקען און מעטאַלענע העלמען אויף די קעפּ.

צווישען די אונרוהיגע פֿערד האָבען זיך אַרומגעדרעהט עטליכע צעהנדליג מענשען, װעלכע רעמסס האָט נאָך קײן מאָל נישט געזעהן. זײ האָבען געהאַט געקרײַזעלטע האָר, גרויסע בערד, שפּיציגע היטלען מיט לאַצען אויף די אויערען אַראָבגעלאָזטע. אַ טײל פֿון זײ זענען געקלײדט געװען אין מלבושים פֿון דיקען טוך, װעלכע זענען געװען לאַנג ביז צו די פֿיס, אַנדערע זענען געװען געקלײדט אין קורצע מלבושים און הויזען, נאָך אַנדערע — אין הויכע שטיװעל. אַלע זענען געװען בעװאָפֿענט מיט שװערדען, פֿײַל-און בויגענס און שפּיזען.

דערזעהענדיג די שטאַרקע, געזונדטע אויסלענדער, װעלכע האָבען װילד געלאָצט און גערעדט מיט אַ האַרטער, אונפֿערשטענדליכער שפּראַך, איז רעמסס אויפֿגערעגט געװאָרען, װי אַ לײב, װען ער דערזעהט אַ פֿרעמדע חיה, חאָטש ער איז נישט הונגעריג, דאָך שפּרינגט ער, אַזוי רעמסס, חאָטש די מענשען האָבען איהם קײן שלעכטס נישט געטהון, האָט ער געשפּירט צו זײ אַ שרעקליכע שנאה. עס האָט איהם געדרײַצט זײַער שפּראַך, זײַערע מלבושים, דער ריח פֿון חלב, װאָס האָט זיך פֿון זײ געשפּירט, אַפּילו אויך זײַערע פֿערד. דאָס בלוט האָט איהם אין קאָפּ געשלאָגען און ער האָט

זײַן האַנד אויסגעצויגנעך צו דער שווערד, אום מיט איהר אַנצופאַלען אויף די מענשען, אויסהרג'ענען זײַ מיט זײַערע פערד.

„שת האָט אַ עין-הרע אויף מיר געוואָרפען!..." — האָט ער זיך געקלערט.

אין דער זעלבער מינוט איז נעבען איהם פאַרבײַגעגאַנגען אַ נאַקעטער מצרי אין אַ הויב אויף דעם קאָפּ און אַ פּאַס אויף די לענדען. רעמסס האָט דערשפּירט, אַז דער מענש איז איהם ליעבער און טײַערער, ווײַל ער איז אַ מצרי. ער האָט אַרויסגענומען פון זײַן זאַק אַ גאָלדענעם פינגערל, וואָס איז ווערטה געווען צוואַנציג דראַכמען און האָט עס געגעבען דעם שקלאַף.

— הער נאַר — האָט ער געזאָגט — וואָס פאַר מענשען זענען דאָס?

— אַשורים — האָט דער מצרי שטיל געענטפערט און אַ שנאה האָט איהם געפינקעלט אין די אויגען.

— אַשורים!...— האָט דער קרוין-פּרינץ איבערגעחזר'ט — זײַ אַלע זענען אַשורים?... וואָס טהוען זײַ דאָ?...

— זײַער העדר טרגון איז בײַ דער הײליגער כהנת קמאָ און זײַ היטען איהם דאָ... זאָלען זײַ אַלע מצורעים ווערען, די חזיר'ישע זיהן!...

— דו קאָנסט אַוועקגעהן.

דער נאַקעטער מענש האָט זיך נידריג געבוקט פאַר רעמסס'ן און איז געלאָפען אין דער ניך.

„בכן זענען זײַ אַשורים?... — האָט זיך רעמסס געקלערט, אײַנקוקענדיג זיך אין די משונה'דיגע פּנים'ער און אײַנהערענדיג זיך זײַער אונפערשטענדיגע שפּראַך — בכן זענען

שוין דאָ אַשורים אין מצרים, זיי ווילען שוין מיט אונז ברידער ווערען, אונז נאַרען און זייער סרגון זיצט ביי קמאַ?..."

ער איז צוריקגעגאַנגען אַהיים און אַ שרעקליכער כעס האָט אין איהם געברענט. אַ אונגעהויערע שנאה האָט ער דערשפירט צו די אייביגע שונאים פון מצרים, וועלכע ער האָט צו'ם ערשטען מאָל געזעהן.

ווען ער איז אַרויס פון בית-מקדש התור און געשפּראָכען מיט חירום'ען, האָט ער באַלד געקלערט וועגען אַ מלחמה מיט אַשור. מצרים האָט בעדאַרפט מענשען און פרעה — אוצרות; און ווייל אַם לייכטסטען איז געווען צו בעקומען מענשען און אוצרות דורך אַ מלחמה, און אויך ווייל דורך אַ מלחמה האָט ער זיך געקאָנט ערווערבען כבוד, האָט ער געוואָלט אַ מלחמה פיהרען.

איצט האָט ער אָבער גאָר נישט געקלערט פון אַ מלחמה, שקלאַפען און כבוד; די שנאה זיינע איז שטאַרקער געווען פון דעם רצון צו בעקומען מענשען, אוצרות און כבוד. די פרעה'ס האָבען אַזוי לאַנג געפיהרט מלחמות מיט די אשורים, ביידע פעלקער האָבען אַזוי פיעל בלוט פערגאָסען, די מלחמה האָט אַזוי טיעף פונאַנדערגעלאָזט וואָרצלען אין הערצען, אַז נאָר זעהענדיג די אַשורים, האָט ער שוין אויסגעצויגען די הענד צו דער שווערד. עס האָט זיך געדאַכט, אַז אַלע גייסטער פון די סאָלדאַטען, וואָס זענען אומגעקומען אין די מלחמות, אַלע זייערע ליידען און שמערצען האָבען זיך פערזאַמעלט אין דער נשמה פון דעם קרוין-פרינץ און האָבען פון איהם פערלאַנגט, ער זאָל זיך נוקם זיין.

ווען דער קרוין-פרינץ איז צוריקגעקומען אין זיין פּאַלאַץ, האָט ער גערופען טוטמאָזיס'ען. איינער פון די

צוויי איז געווען שכּור, דער צווייטער — משוגע.

— ווייסטו, וואָס איך האָב איצט געזעהן? — האָט רעמסס געזאָגט צו טוטמאָזיס'ען.

— אפשר אַ כּהן... — האָט טוטמאָזיס שטיל געענטפערט.

— איך האָב געזעהן אשורים... אָ, געטער!... וואָס איך האָב געשפּירט... זייער קערפּער, פון קאָפּ ביז פיס, איז בעדעקט מיט וואָל, ווי דער קערפּער פון ווילדע חיות, מען שפּירט פון זיי חלב, און די שפּראַך זייערע, די בערד, האָר!...

ער איז ארומגעגאַנגען אין צימער גיך, מיט היץ, שווער האָט ער געאָטהעמט.

— איך האָב געמיינט — האָט רעמסס געזאָגט — אז איך מיאוס זיך מיט די גנבות פון די שרייבערס, פאַלשקייט פון די הויפּטמענער, איך האָב פיינד די פאַלשע און שטאָלצע כּהנים... איך האָב געשפּירט אַ האַס צו יודען און איך האָב מורא געהאַט פאַר פעניציאַנער... היינט האָב איך זיך אָבער איבערצייגט, אז דאָס אַלץ איז גאָרנישט. איצט ווייס איך ערשט, וואָס דאָס איז שנאה. איצט ווען איך האָב דערזעהן די אשורים און געהערט זייער שפּראַך, פערשטעה איך ערשט, פאַרוואָס אַ הונד צערייסט אַ קאַץ...

— צו יודען און פעניציאַנער האָסטו זיך צוגעוואָהנט און אשורים האָסטו דאָס ערשטע מאָל געזעהן — האָט זיך טוטמאָזיס אָנגערופען.

— וואָס געהן מיר אָן פעניציאַנער? — האָט רעמסס צו זיך אַליין געזאָגט — פעניציאַנער, פלשתים, לובים, אפילו כּושים זענען ווי מיטגלידער פון אונזער פאַמיליע. ווען זיי

צאָהלען נישט קיין מס, בייזערן מיר זיך אויף זיי, ווען זיי בעצאָהלען, פערגעסען מיר אָן דעם כעס.

אָבער אשורים זענען אונז אזוי פרעמד, אזוי פער־פיינדט, אז... איך וועל נישט גליקליך זיין, ווי לאנג איך וועל ביי זיי נישט אָבצעהלען א הונדערט טויזענד אָבגעהאק־טע הענד!...

טוטמאזיס האָט קיין מאָל נאָך נישט געזעהן רעמסס'ן אזוי דערהיצט.

# אכטעם קאפּיטעל.

עטליכע טעג דערנאָך, האָט רעמסס געשיקט טוט־מאזיס'ען צו קמאַ, ער זאָל זי רופען צו איהם. זי איז באַלד געקומען אין א פערמאַכטע לעקטיקאַ.

רעמסס האָט זי אויפגענומען אין א בעזונדער צימער.

— אַמאָל, אין אָווענד, בין איך געווען נעבען דיין הויז — האָט ער געזאָגט.

— אָ, עשתרות!... — האָט די כהנת גערופען — ס'איז א גרויסער חסד איז מיר געטהון געוואָרען!... און פאַר־וואָס האָסטו, גרויסער הערר, נישט גערופען דיין דיענסט?..

— עס זענען דאָרט געשטאַנען עפּעס בהמות, אשורים.

— האָסטו זיך בעמיהט און געקומען צו מיין הויז אין אָווענד?... איך האָב מיר קיין מאָל נישט פאָרגעשטעלט, אז אונזער הערשער געפינט זיך נעבען מיר, נעבען מיין הויז.

דער קרוין־פּרינץ איז רויט געוואָרען. ווי וואָלט זי זיך געוואונדערט, ווען זי וואָלט זיך דערוואוסט, אז צעהן

אָיועֶנדרעֶן איז עֶר ארומגעגאנגען נעֶבעֶן איהר הויז, ביי איהרעֶ פֿעֶנסטעֶר!

און אפשר ווייסט זי טאקי יא. זי שמייכעֶלט דאָך אזוי און לאָזט אזוי אראָב די אויגעֶן.

— כבן געהמסטו אויף בײַ זיך אשורים? — האָט דעֶר קרוין־פּרינץ געֶפרעגט.

— דעֶר איז גאָר אַ גרויסעֶר מאַן!... — האָט קמאָ גערופֿעֶן — עֶר איז דעֶם קעֶניגס אַ מחותן, סרגון, וועֶלכעֶר האָט פֿינף טאַלענטען מקריב געֶוועֶן אונזעֶר געֶטין...

— צאָהלסטו איהם אָב מיט זיך, קמאָ, — האָט רעֶמסס געֶלאַכט — און ווײַל עֶר האָט אזוי פֿיעֶל געלד אָבגעֶגעֶבעֶן פֿאַר אַ קרבן, בעֶשטראָפֿען דיך ניט די געֶטעֶר פֿון פֿעֶניציען מיט'ן טוידט?

— וואָס זאָגסטו, הערר?... — האָט זי געֶעֶנטפֿעֶרט, צוטיפֿלעֶגעֶנדיג די הענד — צי ווייסטו ניט, אַז אַ מענש פֿון אייזען, ווען עֶר וואָלט מיך אפילו געֶפֿונען אין אַ מדבר, וואָלט עֶר אויף מיר אַ האַנד ניט אויפֿגעֶהויבעֶן, אַפילו ווען איך וואָלט זיך אַליין איהם אָבגעֶגעֶבען? זײַ ציטעֶרעֶן פֿאַר געֶטעֶר...

— צו וואָס דען קומט צו דיר דעֶר שטינקעֶר... גוי — דעֶר פֿרומעֶר סרגון?

— עֶר וויל מיך אָבּרעֶדען, איך זאָל ארויספֿאָהרען אין דעֶם בית־מקדש פֿון עשתרות אין בבל.

— און דו וועסט פֿאָהרען?..

— איך וועֶל פֿאָהרען, אויב דו, מײַן הערר, וועֶסט הייסען — האָט קמאָ געֶעֶנטפֿעֶרט, פֿעֶרהילעֶנדיג זיך דאָס פּנים מיט איהר וועֶלאָן.

דער קרוין־פּרינץ האָט שווייגענדיג זי אָנגענומען בּיי דער האַנד. די ליפּען האָבען איהם געציטערט.

— ריהר מיך נישט אָן, מיין הערר, — האָט זי געמורמעלט מיט אויפרעגונג, — דו בּיזט מיין הערשער און דער הערשער פון אַלע פעניציאַנער אין דעם לאַנד, נאָר... האָב רחמנות...

דער קרוין־פּרינץ האָט זי אָבגעלאָזט און איז זיך אַרומגעגאַנגען אין צימער.

— היים איז, אמת?.. — האָט ער געזאָגט — מען זאָגט, אַז עס זענען פערהאַנען לענדער, וואו אין חודש מעחיר פאַלט אַראָב פון הימעל עפּעס אַ ווייסער פּוך, וועלכער פערוואַנדעלט זיך בּיים פייער און מאַכט קאַלט. אָ, קמאַ, בּעט דיינע געטער, אַז זיי זאָלען אַראָבשיקען דאָ אויך אַבּיסעל פוך אַזעלכען!... האָטש, וואָס זאָג איך?... ווען זיי וואָלטען גאַנץ מצרים בּעדעקט מיט דעם פוך און גאַנץ מצרים וואָלט זיך פערוואַנדעלט אין וואַסער, וואָלט אויך מיין האַרץ נישט אָבגעקיהלט געוואָרען...

— ווייל דו בּיזט ווי דער געטליכער עמון, דו בּיזט אַ זון אין געשטאַלט פון אַ מענשען — האָט קמאַ געענטפערט — די פינסטערניש אַנטלויפט פון דעם אָרט צו וועלכען דו דרעהסט אום דיין פּנים און פון דעם גלאַנץ פון דיינע בּליקען וואַקסען בּלומען...

דער קרוין־פּרינץ האָט זיך ווידער צוגערוקט צו איהר,

— ... האָב רחמנות — האָט זי זיך געבּעטען — דו בּיזט דאָך אַ גוטער גאָט, קאָנסטו דאָך נישט טהון קיין עולה דיין כּהנת...

דער קרוין־פּרינץ האָט זיך ווידער אָבגערוקט און אָבּ־

נעשאָקעלט, ווי ער וואָלט פון זיך אַ לאַסט געוואָלט אַראָבּ־וואַרפען. קמאַ האָט געקוקט אויף איהם פון אונטער די אַראָבּגעלאָזטע ברעמען און געשמייכעלט.

ווען דאָס שווייגען האָט צו־לאַנג געדויערט, האָט זי שטיל געזאָגט:

— דו האָסט מיך געהייסען רופען, הערשער. אַט בין איך דאָ און וואַרט אויף דיין בעפעהל.

— אהאָ! — האָט דער קרוין־פּרינץ זיך אַ חאַפּ געטהון — זאָג נאָר, כּהנת... אהאָ!... ווער איז געוועזען דער מענש, וואָס איז אַזוי ענהליך געווען צו מיר, וועלכען איך האָב דאַמאָלס געזעהן אין אייער בּית־מקדש?...

קמאַ האָט איהר פינגער אַרויפגעלעגט אויפ'ן מויל.

— אַ הייליגער סוד איז דאָס...— האָט זי געזאָגט.

— איין זאַך איז אַ סוד, די צווייטע טאָר מען נישט — האָט רעמסס געזאָגט -- זאָל איך אַמוועניגסטען וויסען, ווער איז דאָס: אַ מענש צי אַ גייסט?

— אַ גייסט...

— און דער גייסט האָט געזונגען אונטער דיינע פענסטער?...

קמאַ האָט געשמייכעלט.

— איך וויל נישט מיט געוואַלד געוואָהר ווערען די סודות פון אייער בית־מקדש... — האָט דער קרוין־פּרינץ ווייטער געזאָגט.

— דו האָסט דאָס פערשפּראָכען הירום'ען — האָט זיך אָנגערופען די כּהנת.

— גוט, גוט! — האָט רעמסס געזאָגט מיט אויפ־רעגונג — און דעריבער וועל איך וועגען דעם גם נישט

רעדען מיט חירום'ען, מיט אנ'אנדערן און מיט דיר אויך
ניט... נאר זאג, קמא, דעם גייסט, אדער מענש, וואס
איז אזוי ענהליך צו מיר, ער זאל ווי אמגיבסטען ארויס-
פאהרען פון מצרים און זיך קיינעם ניט ווייזען. ווארום...
אין קיין מלוכה קאנען ניט זיין צוויי קרוין-פרינצען...

פלוצלונג האט ער זיך א קלאפ געטהון אין שטערן.
ביז איצט האט ער אזוי גערעדט, אום ער זאל אביסעל
בעאונרוהיגען קמא'ן, נאר איצט איז איהם א ערנסטער גע-
דאנק אין קאפ געקומען.

— איך וואלט גערן געוואוסט, פארוואס מען האט
מיר אין בית-מקדש אייערען געוויזען מיין לעבענדיג בילד...
צי ווילען זיי מיר ווארנען דערמיט, אז זיי האבען איינעם,
וועלכען זיי קאנען פארשטעלען אלס קרוין-פרינץ פון מצרים?...
דאס וואונדערט מיך זעהר.

קמא איז איהם צו די פיס געפאלען.

— א, הערר! — האט זי געזאגט — דו, וועלכער
טראגסט אויף דיין ברוסט אונזער בעסטע קמיע, דו קאנסט
גלויבען, אז די פעניציאנער זאלען דיר וועלען מיט עפעס
שאדען?... איבערקלער זיך נאר... ווען דו וואלסט געווען
אין א סכנה, אדער ווען דו וואלסט ניט געוואלט, אז דיינע
שונאים זאלען וויסען, וואו דו ביזט, וואלט דיר אזא מענש
ניט צו נוץ געקומען?... און טאקי דאס האבען דיר די
כהנים אונזערע געוואלט ווייזען אין בית-מקדש...

דער קרוין-פרינץ האט געקלערט און געהויבען די
פלייצעס.

— יא — האט ער געזאגט צו זיך זעלבסט — ווען איך
וואלט בעדארפט שוץ פון וועמען!... אבער צו מיינע די

פֿענִיציאַנער, אַז איך אַליין וועל מיר קיין עצה נישט געבען?... אויב אַזוי האָבען זיי אַ שלעכטען שיצער זיך געוועהלט.

— הערר! — האָט זי געזאָגט — ציִ ווייסטו נישט, אַז רעמסס דער גרויסער האָט געהאַט איסער זיין אייגען געשטאַלט, נאָך צוויי געשטאַלטען פאַר זיינע שונאים?... און יענע צוויי געשטאַלטען פֿון רעמסס'ן זענען אומגעקומען און ער האָט געלעבט...

— נו, גענוג... — האָט איהר איבערגעהאַקט דער קרוין־פּרינץ — אום די פֿעלקער פֿון אזיען זאָלען וויסען, אַז איך בין גנעדיג, בעשטים איך, קמאָ, פֿינף טאַלענטען אויף פֿערוויילונגען לכבוד עשתרות און אַ טייערען בעבער פֿאַר'ן בית־מקדש. נאָך היינט וועסטו דאָס בעקומען.

מיט אַ שאָקעל מיט'ן קאָפּ האָט ער די כהנת אָבגעזעגנט.

נאָך איהר אַרויסגעהן האָבען איהם אַ מענגע געדאַנקען בעהערשט.

„די פֿעניציאַנער — קלוג זענען זיי. אויב מיין לעבענדיג בילד איז אַ מענש, קאָנען זיי מיר געבען אַ שענע מתנה, און איך וואָלט אַזעלכע נסים געמאַכט, פֿון וועלכע מען האָט נאָך אין מצרים נישט געהערט. פרעה וואָהנט זיך אין מעמפֿיס און גלייכצייטיג וואָלט מען איהם געזעהן אין טעבי אָדער אין טאַניס!... פרעה געהט זיך מיט זיין אַרמיע קיין בבל, די אשורים פֿערזאַמלען דאָרט זייערע אַלע סאָלדאַטען און גלייכצייטיג נעהמט פרעה איין נינוה... די אשורים וואָלטען זיך זעהר געוואונדערט...

און ווידער האָט זיך אין איהם דערוועקט אַ שנאה צו

די מעכטיגע אזיאטען. און ווידער האט ער דערזעהן זיין טריאומף-וואגען, וועלכער פאהרט ארום דעם שלאכט-פעלד, וואס איז פול מיט מתים פון די אשורים און גאנצע קארבען מיט אבגעהאקטע הענד.

איצט איז אזוי נויטווענדיג געווען א מלחמה פאר זיין נשמה, ווי ברויט פאר א קערפער. ווארום נישט נאר ער האט דורך א מלחמה געקאנט רייך מאכען מצרים, פול מא־כען די שאץ און ערבען כבוד, אבער אויך בערוהיגען דעם שטארקען חשק צו פערניכטען אשור, וועלכער האט זיך אין איהם דערוועקט.

ווי לאנג ער האט נישט געזעהן די אשורים מיט די געקריזעלטע בערד, האט ער נישט געקלערט פון זיי, אבער היינט האבען זיי איהם געשטערט. עס איז איהם אזוי ענג געווארען אויף דער וועלט, אז ער אדער זיי האבען געמוזט אבטרעטען.

וואס פאר א ראל אין זיין איצטיגען גייסטיגען צושטאנד עס האבען געשפיעלט חירום און קמא — דאס האט ער זיך נישט איבערגעקלערט. ער האט נאר דאס געשפירט, אז ער מוז פיהרען א מלחמה מיט אשור. ווי א דורכפליהענדער פויגעל שפירט, אז אין חודש פאחאנא מוז ער אוועקגעהן אויף צפון.

דער שטארקער חשק צו א מלחמה האט גיך בע־הערשט דעם קרוין-פרינץ. ער האט ווייניגער גערעדט, זעל־טען געשמייכעלט, אויף די מאהלצייטען איז ער געזעסען פערטראכט, גלייכצייטיג איז ער עפטער פערבליבען מיט דעם מיליטער און מיט דער אריסטאקראטיע, זעהענדיג דעם חסד, וואס דער קרוין-פרינץ האט געוויזען די, וואס קאנען

טראָגען געווען, איז די יוגענד פון אדעל און אפילו עלטערע מענשען אריין אין די פאלקען. דער היילינגער מנטו-אפית האט דאס בעמערקט און ער האט ארויסגעשיקט צו הרהור'ן אזא בריעף:

„זייט די אשורים זענען אנגעקומען קיין פי-בושת, אין דער קרוין-פרינץ א צעהיצטער געוואָרען און זיין הויף שטרעבט צו מלחמה. מען טרינקט און שפיעלט אין ביינער, ווי פריהער; נאר אלע האבען אוועקגעוואָרפען די לייכטע קליי-דער און די פערוקען און, און האטש עס הערשט א שרעק-ליכע היץ, געהען זיי אין סאלדאטען-היט און קאפטאנען.

„איך האב מורא, אז דאס גרייטקייט צו א מלחמה וועט בעליידיגען דעם גרויסען סרגון".

הרהור האט באלד אבגעענטפערט מיט אזא בריעף:

„עס שאדט גארנישט, אז אונזער אדעל האט אנ-געהויבען צו ליעבען דעם מיליטאריזם, בעת די אשורים זענען אנגעקומען, ווייל זיי, די אשורים, ווילען בעקומען א בעסערען בעגריף וועגען אונז. דעם גרויסען קרוין-פרינץ האבען, ווי מיר זעהען, די געטער פערשטאנד געגעבען און ער פערשטעהט, אז טאקי איצט דארף מען קלינגען מיט די שווערדען, איצט, ווען מיר האבען ביי זיך שלוחים פון אזא פאלק, וואס שטרעבט שטענדיג צו מלחמות.

„איך בין זיכער, אז סרגון, זעהענדיג איצט אונזער אדעל, וועט ווייכער זיין ביי דעם אבמאך".

זייט מצרים עקזיסטירט, האט איצט צום ערשטען מאל פאסירט, אז דער קרוין-פרינץ האט גענארט די כהנים... נישט רעמסס'ענס פערדיענסט איז דאס געווען; אין דעם האבען מעהר געווירקט די פעניציאנער און דער

סוד פון אַ אָבמאַך מיט אשור, וועלכען די פעניציאַנער האָבען אַרויסגעגנב'עט און די כהנים איז אפילו אויף די געדאַנקען נישט געקומען, אַז אַזעלכעס האָט געקאָנט פּאָרקומען.

די בעסטע מאַסקע, וואָס דער קרוין־פּרינץ האָט געטראָגען פאַר די כהנים, איז געווען זיין לעבהאַפטיגער האַראַקטער. אַלע האָבען גוט געדענקט, ווי ער איז פאַר אַ יאָהר איבערגעגאַנגען פון די מאַנעווערען נעבען פּי־בושת צו דעם רוהיגען גוט פון שרה'ן און מיט וואָס פאַר אַ חשק ער האָט זיך אָבגעגעבען די לעצטע צייט די מאָהלצייטען, באַלד דערנאָך — אַדמיניסטראַציאָנס־בעשעפטיגונגען, דערנאָך — פּרומקייט און באַלד ווידער מאָהלצייטען. און טאַקע דאַדורך האָט קיינער, אויסער טוטמאָזיס'ן, נישט געגלויבט, אַז דער לייכטזיניגער יונגער מאַן האָט עפּעס אַ פּלאַן, צו וועלכען ער שטרעבט מיט שטאַרקער עקשנות.

איצט האָט מען לאַנג נישט בעדאַרפט וואַרטען אויף אַ נייעם בעווייז, אַז דער קרוין־פּרינץ ענדערט זיך.

חאָטש עס האָט געהערשט אַזאַ גרויסע היץ, איז קיין פּי־בושת אָנגעקומען שרה מיט איהר גאַנצען הויף און מיט איהר זוהן. זי איז געווען אַביסעל מאָגערער, דאָס קינד איז געווען אַביסעל נישט געזונד, אָדער מיעד, נאָר ביידע האָבען זעהר שען אויסגעזעהן.

דער קרוין־פּרינץ האָט זיך גליקליך געשפּירט. אין דעם שענסטען טייל פון גאָרטען אַרום זיין פּאַלאַץ, האָט ער שרה'ן בעשטימט אַ הויז און כמעט גאַנצע טעג איז ער געזעסען ביי דעם וויגעל פון זיין זוהן...

עס האָבען אויפגעהערט די מאָהלצייטען, מאַנעווערען און

די פערטראכטונגען פון רעמסס'ן; די שרים פון זיין סוויטע האבען געמוזט טרינקען און זיך ווײַלען אליין, ועהר גיך האבען זיי אויפגעהערט צו טראגען שווערדען און צוריק זיך געקליידט הערליך. פאר זיי איז זעהר נויטהוענדיג געווען צו ענדערען זייערע קאסטיומען, ווײַל דער קרוין־פרינץ האט עטליכע אריינגעפיהרט אין שרה'ס צימער, אום זיי צו ווייזען דעם זוהן, זיין זוהן...

— זעה, טוטמאזים — האט רעמסס אמאל געזאגט — ווי שען איז דאס קינד! א אמת'דיג בלעטעל פון א רויז, און פון דעם וועט א מאל ארויסוואקסען א מענש, פון דעם קליינעם!... און דאס רויטליכע פויגעלע וועט א מאל געהן, רעדען, לערנען זיך קלוגשאפט אין די שולען פון די כהנים...

זעהסטו, טוטמאזים, זיינע הענדטעלעך?...— האט רעמסס געזאגט מיט גרויס צופריעדענהייט — געדענק, ווי די קליינע הענדטעלעך זעהען אויס, אום דו זאלסט א מאל קאנען דערצעהלען וועגען זיי, ווען איך וועל איהם א פאלק געבען און איך וועל איהם הייסען טראגען מיין האק... און דאס איז מיין זוהן, מיינער!...

עס איז קיין וואונדער נישט, אז ווען אזוי האט געזאגט א קרוין־פרינץ, האבען זיך זיינע הויפס־לייט געזארגט, אז זיי קאנען נישט ווערען קיין אמען ביי דעם קינד, וועלכעס איז געווען דער ערשטער זוהן פון קינפטיגען פרעה, חאטש ער האט נישט געהאט דאס רעכט צו הערשען.

דאס האט אבער אויך נישט לאנג געדויערט, ווײַל דאס איז נישט בעקוועם געווען פאר די פעניציאנער.

א מאל איז חירום געקומען אין פאלאץ אריין מיט

א גרויסע סוויטע פון סוחרים, שקלאפען און אָרימע מצריים, וועלכע ער האָט געגעבען צדקה, און שטעהענדיג פאר דעם קרוין-פּרינץ, האָט ער געזאָגט:

— גנעדיגער הערר אונזערער! אום אונז צו געבען א בעווייז, אז דיין הארץ איז אויך פאר אונז, אזיאטען, פול מיט חסד, האסטו אונז געשענקט פינף טאלענטען, איינצו-אָרדנען פערוויילונגען לכבוד דער געטין עשתרות. דיין רצון האָבען מיר געטהון, די פערוויילונגען האָבען מיר פאַרבערייטעט, און איצט קומען מיר דיך בעטען, אז דו זאָלסט אונז אָנטהון דעם כבוד און קומען אויף די פערוויי-לונגען.

זאָגענדיג דאָס, האָט דער אלטער פירשט פון צור אנידערגעקניעט פאר רעמסס'ן און אויף א גאָלדענער טאַץ האָט ער איהם דערלאַנגט א גאָלדענעם שליסעל צו דער לאָושע פון צירק.

רעמסס האָט גערן אָנגענומען די איינלאַדונג, און די הייליגע כהנים, מפרים און מנטו-זופית האָבען גאָרנישט געהאַט געגען דעם, וואָס דער קרוין-פּרינץ וועט זיך בע-טייליגען אין די פייערונגען, וואָס ווערען געמאַכט לכבוד עשתרות.

— עשתרות — האָט מפרים געזאָגט צו מנטו-זופית — איז די זעלבע, וואָס אונזערע איזידאַ און וואָס איסתר פון לאנד כשדים. אויסער דעם, אז מיר האָבען ערלויבט די אזיאטען אויפצובויען א בית-מקדש אויף אונזער ערד, דאַרף מען פון צייט צו צייט צו זיין צו זיין צ..טיג פאר זייערע געטער.

— אז מיר האָבען אזא אָבמאַך געשלאָסען מיט אשור, זיינען מיר אויך מחויב די פעניציאַנער צו ווייזען אביסעל

ליעבשאפט...— האט דער גרויסער מנטו-זופית זיך אנגערופען מיט א געלעכטער.

דער צירק, אין וועלכען דער קרוין-פרינץ צוזאמען מיט'ן הויפט-מאן און מיט די גרעסטע אפיציערען איז געגאנגען פיער א זייגער נאך מיטאג, איז געבויט געווען אין גארטען פון בית-מקדש פון עשתרות. ער איז בעשטאנען פון א קייליגען פלאץ, וועלכער איז געווען ארומגעצוימט מיט א הויכען פארקאן. ארום דעם פארקאן איז געווען פיעל לאזשעס און בענק, אמפיטעאטראליש אויסגעשטעלטע. קיין דאך האט דער בנין נישט געהאט, נאר איבער די לאזשעס זענען געווען אויסגעצויגען פערשידען-פארביגע ליילעכער אין געשטאלט פון פליגעל פון זומער-פויגעלעך, וועלכע זענען בעשפריצט געווען מיט שמעקענדיג וואסער און זיי האבען געפאכעט אין דער לופט, אום קיהלער צו מאכען.

ווען דער קרוין-פרינץ האט זיך בעוויזען אין זיין לאזשע, האבען די אזיאטען און מצריים, וואס זענען געווען פערזאמעלט אין צירק, זעהר הויך אויסגעשריען. דערנאך האט זיך אנגעהויבען די פארשטעלונג מיט א פראצעסיע פון מוזיקער, זינגער און טענצערינס.

דער קרוין-פרינץ האט זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען. אויף דער רעכטער זייט האט ער געהאט די לאזשעס פון חירום'ען און די פארנעהמסטע פעניציאנער, אויף דער לינקער זייט איז געווען די לאזשע פון די פעניצישע כהנים און כהנות, צווישען וועלכע קמא האט פערנומען דאס פארנעהמסטע ארט און איהר שענהייט מיט איהרע רייכע מלבושים האבען געצויגען אויף זיך די אויפמערקזאמקייט פון אלע, וואס זענען דארט געווען. איהר קלייד

איז געוועזן דורכזיכטיג און בעציערט מיט פערשיעדען-פאַר-ביגע שפּיצען. אויף די הענד און די פיס האָט זי געהאַט בראַנזאָלעטען און אויף דעם קאָפּ — אַ באַנד מיט לאָטוס-בלום, וואָס איז קינסטליך אויסגעאַרבייט געוועזן פון טייע-רע שטיינער.

קמאָ, בוקענדיג זיך טיעף צוזאַמען מיט די כהנים דעם קרוין-פּרינץ, האָט זי זיך געווענדעט צו דער לאָזשע אויף דער לינקער זייט און האָט אָנגעהויבען שמועסען מיט אַ הויכען אויסלענדער, וועלכער איז האַלב-גרוי געוועזן, ער, ווי אויך זיינע חברים, האָבען געהאַט די בערד און די האָר פון קאָפּ געפלאָכטען אין צעפּ.

רעמסס, וועלכער איז געקומען אין צירק גלייך פון זיין זוהנס צימער, איז געוועזן לוסטיג. נאָר ווען ער האָט דערזעהן, אַז קמאָ רעדט מיט אַ פרעמדען מענשען, איז ער טרויעריג געוואָרען.

— ווייסטו נישט — האָט ער געזאָגט צו טוטמאָזיס'ן — ווער עס איז דער יונג, צו וועלכען די כהנת שמועסט אַזוי פריינדליך?

— דאָס איז טאַקע דער פרומער פון בבל, דער גרוי-סער סרגין.

— ער איז דאָך שוין אַנ'אַלטער.

— ער איז אודאי עלטער פון אונז ביידע, נאָר ער איז אַ שענער מאַנספּערזאָן.

— קאָן דען אַזאַ באַרבאַר זיין שען?...— האָט זיך רעמסס געבייזערט — איך בין זיכער, אַז מען שפּירט פון איהם חלב...

ביידע זענען שטיל געבליבען: דער קרוין-פּרינץ האָט

ניִשט געקאָנט רעדען פֿון כּעס און טוטמאַזיִם פֿון שרעק, וואָס ער האָט געהאַט די העזה צו ריִהמען אַ מענשען, וועלבער איִז ניִשט געפֿעלען געוואָרען זײַן העֶרר.

און אויף דער אַרענע איִז דערווײַל געגאַנגען אײן פֿאָרשטעלונג נאָך דער צווײטער. עס זענען פֿאָרגעטרעטען אײנער נאָכ'ן אַנדערן: גיִמנאַסטיִקער, שלאַנגען: בעקעמפֿער, טענצער, קונצען-מאַכער און לצים, אַרויסרופֿענדיִג געשרײען בײַ די צוזעהער.

דער קרוין-פּריִנץ איִז אָבער טרויעריִג געוועזען. איִן זײַן נשמה האָבען אויפֿגעלעבט אויף אַ ווײַלע די אײַנגעשלאָפֿענע לײַדענשאַפֿטען: די שנאה צו די אַשורים און די אײפֿערזיִכט וועגען קמאָ'ן.

— ווי קאָן די פֿרוי מאַכען חנ'ען צו אַנ'אַלטען מאַן, וועלבער האָט נאָך דערצו אַ פּנים ווי אַ פֿעל, אונרוהיִגע שוואַרצע אויגען און אַ באָרד ווי אַ באָק? — האָט זיִך רעמסס געקלערט:

אײן מאָל האָט אָבער דער קרוין-פּריִנץ מיִט מעהר אויפֿמערקזאַמקײַט געקוקט אויף דער אַרענע.

עס זענען אַרײַנגעקומען עטליִבע נאַקעטע כּשׂדים. דער עלטסטער האָט אַרײַנגעשטעקט איִן דער ערד דרײַ קורצע שפּיִזען, מיִט די שאַרפֿען אַרויף, איִן דער הויך, און דורך בעוועגונגען פֿון די הענד האָט ער אײַנגעשלעפֿערט דעם יונגסטען. דערנאָך האָבען אַנדערע איִהם גענומען בײַ די הענד און אַרויפֿגעלעגט אויף די שפּיִזען אַזוי, אַז אײנע האָט אונטערגעשפּאַרט דעם קאָפּ, די צווײטע — דעם רוקען, די דריִטע — די פֿיִס.

דער שלאָפֿענדער איִז געוועזען שטײַף, ווי האָלץ, דאַמאָלס

האט דער אלטער איבער איהם געמאכט בעוועגונגען מיט די הענד און ער האט ארויסגערוקט די שפיז, וועלכע האט אונטערגעשפארט די פיס. דערנאך האט ער ארויסגעצויגען פון דער ערד די שפיז, וועלכע האט אונטערגעשפארט דעם רוקען און דערנאך האט ער אומגעווארפען די שפיז, וועלכע האט אונטערגעשפארט דעם קאפ.

און אין העלען טאג, אין די אויגען פון עטליכע טויזענד צוזעהער, האט זיך דער שלאפענדער כשדי אויפגעהויבען אין דער לופט אהן שום אונטערשפארונג, עטליכע עהלען פון דער ערד. ענדליך האט איהם דער אלטער געשטופט צו דער ערד און דער כשדי האט זיך אויפגעחאפט פון שלאף.

אין צירק האט געהערשט א בעוואונדערונג; קיינער איז נישט דרייסט געווען צו שרייען אדער פאטשען מיט די הענד. נאר פון עטליכע לאושעס האט מען געווארפען בלומען.

רעמסס איז אויך פערוואונדערט געווען. ער האט זיך איינגעבויגען צו דער לאושע פון חירום'ען און שטיל צו איהם געזאגט:

— און דאס וואונדער וואלט איהר געקאנט מאכען אין דעם בית-מקדש פון עשתרות?

— איך קאן נישט אלע סודות פון אונזערע כהנים — האט ער געענטפערט פערמישט ווערענדיג — נאר דאס ווייס איך, אז די כשדים זענען זעהר חיטרע...

— פונדעסטוועגען האבען מיר אלע דאך געזעהן, אז דער יונגער-מאן איז געהאנגען אין דער לופטען.

— אויב מען האט אונז קיין עין-הרע נישט געגעבען

— האָט חירום געענטפערט און איז טרויעריג געוואָרען.

נאָך אַ קורצער פויזע, בעת וועלכער מען האָט ארומגעטראָגען אין די לאָזשעס פון די גרויסע לייט פרישע בלומען, קאַלטען וויין און קוכען, האָט זיך אָנגעהויבען דער וויכטיגסטער טייל פון דער פערוויילונג — דער קאַמפף פון די אָקסען.

ביי די טענער פון טראָמפּעטען, פויקען און פלעטען, האָט מען ארויסגעפיהרט אויף דער אַרענע אַ שטאַרקען, דיקען אָקס, מיט אַ ליילעך אויפ'ן קאָפּ, ער זאָל גאָרנישט זעהן. דערנאָך זענען אריינגעלאָפען עטליכע נאַקעטע מענשען, וועלכע זענען בעוואָפענט געווען מיט שפּיזען און איינער פון זיי — מיט אַ קורצער שווערד.

דער פּרינץ האָט געגעבען עפּעס אַ צייכען און דאַן זענען די פיהרער פון אָקס אַנטלאָפען, און איינער פון די בעוואָפענטע האָט דעם אָקס אַראָבגענומען דאָס ליילעך פון קאָפּ. דער אָקס איז עטליכע מינוטען געשטאַנען בעראַשט, דערנאָך האָט ער אָנגעהויבען צו יאָגען די מענשען מיט די שפּיזען, וועלכע האָבען איהם צערייצט, שטעכענדיג איהם.

דער קאַמפּף האָט געדויערט עטליכע מינוטען. די מענשען האָבען געקוועלט דעם אָקס, און ער, זייענדיג בעגאָסען מיט בלוט און שוים, האָט געיאָגט זיינע פערפאָלגער און זיי נישט געקאָנט חאַפּען.

ענדליך איז דער אָקס געפאַלען אַ טוידטער און די צוזעהער האָבען שטאַרק געלאַכט.

דער קרוין-פּרינץ האָט זיך געלאַנגווייליגט און אָנשטאָט אויף די אַרענע, האָט ער געקוקט אויף דער לאָזשע פון די כהנים. און ער האָט געזעהן, אַז קמאָ, זעצענדיג זיך נעהנ-

טער צו סרגונ'ען, האָט מיט איהם געפֿיהרט אַ לעבהאַפֿטיגען שמועס. סרגון האָט זי אויפֿגעפֿרעסען מיט זײַן בליק און זי האָט מיט אַ שמײכעל, פֿערשעהמט, געשמועסט מיט איהם שטיל, אײַנבויגענדיג זיך צו איהם אַזוי, אַז איהרע האָר האָבען זיך געמישט מיט די גראָבע געקרײַזעלטע האָר פֿון סרגונ'ען און טײל מאָל האָט זי זיך אומגעדרעהט פֿון איהם מיט אַ געמאַכטען כעס.

רעמסס האָט דערשפּירט אַ שמערץ אין הארצען. דאָס ערשטע מאָל אין לעבען האָט מיט איהם פּאַסירט, אַז אַ פֿרוי זאָל אַנ'אַנדערען געבען פֿאָרצוג פֿאַר איהם. דערצו נאָך אַ אַלטען, אַנ'אַשורי!...

צווישען די צוהערער איז געוואָרען עפּעס אַ שטיל גערויש. דער מענש מיט דער שווערד האָט זיך געהײסען צובינדען די לינקע האַנד צו דער ברוסט, אַנדערע האָבען בעקוקט זײערע שפּיזען — און מען האָט אַרײַנגעפֿיהרט אַ צווײטען אָקס.

ווען אײנער פֿון די בעוואָפֿענטע האָט איהם דאָס לײַלעך אַראָבגעריסען פֿון די אויגען, האָט זיך דער אָקס אומגעדרעהט און געקוקט אַרום זיך, ווי ער וואָלט געוואָלט צעהלען זײַנע געגנער. און ווען זײ האָבען איהם גענומען שטעכען, האָט ער זיך צוריקגערוקט אונטער דעם פּאַרקאַן, כדי זיך צו פֿערזיכערען דעם הינטען. דערנאָך האָט ער אַראָבגעבויגען דעם קאָפּ און בעטראַכט די בעוועגונגען פֿון די מענשען, וואָס פֿערפֿאָלגען איהם.

אָנפֿאַנגס האָבען זיך די בעוואָפֿענטע מיט פֿאָרזיכטיגקײַט אונטערגעגנב'עט צו איהם פֿון הינטען, אום איהם צו שטעכען. נאָר ווען דער אָקס איז אַלץ נאָך געשטאַנען

און זיך ניִשט גערִיהרט, זענען זיי דרייסטער געוואָרען און זיי האָבען אָנגעהויבען צו לויפען איהם פאַר די אויגען, וואָס אַמאָל נעהנטער.

דער אָקס האָט נאָך מעהר אַראָבגעבויגען דעם קאָפּ, נאָר ער איז געשטאַנען, ווי ער וואָלט געוועזען איינגעגראָבען אין דער ערד. די צוזעהער האָבען אָנגעהויבען לאַכען. נאָר פּלוצלונג איז זייער געלעכטער פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ געשריי פון שרעק. דער אָקס האָט אויסגעקוקט אַ געהעריגע צייט, איז שווער געשפּרונגען פאַר זיך און מיט זיינע הערנער האָט ער איינעם מיט אַ שפּיז אין דער האַנד געוואָרפען אין דער הויך.

דער מענש איז געפאַלען אויף דער ערד מיט צעבראָכענע ביינער און דער אָקס איז געלאָפען אויף דער צווייטער זייט אַרענע און איז ווידער געשטאַנען רוהיג, קוקענדיג וואָס ווייטער וועט זיין.

די מענשען מיט די שפּיזען האָבען איהם ווידער אַרומגענומען און אָנגעהויבען צו רייצען, און אין דער זעלבער צייט זענען אַריינגעלאָפען די דיענער פון צירק, וועלכע האָבען אויפגעהויבען דעם פערוואונדעטען, וועלכער האָט געקרעכצט. דער אָקס, חאָטש מען האָט איהם געשטאָכען מעהר ווי פריהער, איז געשטאַנען אָהן בעוועגונג, נאָר ווען דריי דיענער האָבען גענומען אויף זייערע אָרעמס דעם פערחלש'טען, האָט ער זיך גיך, ווי אַ ווינד, געוואָרפען אויף זיי, האָט זיי אומגעוואָרפען און שרעקליך מיט די פיס געקאָפּעט.

צווישען די צוזעהער איז געוואָרען אַ מהומה: פרויען האָבען געוויינט, מאַנספּערזאָנען האָבען געשאָלטען און גע-

זוּאַרפֿען אויף דעם אָקס, וואָס נאָר איינער האָט אין דער האַנד געהאַט. אויף דער אַרענע זענען געפֿאַלען שטעקענס, מעסער און אויך ברעטער פֿון די בענק.

דאַמאָלס איז צו׳ם אָקס צוגעלאָפֿען דער מענש מיט דער שווערד. די מענשען מיט די שפּיזען האָבען אָבער נישט געוואוסט, וואָס עס טהוט זיך מיט זיי, און זיי האָבען איהם נישט געשיצט. דער אָקס האָט איהם אומגעוואָרפֿען און האָט נאָכגעיאָגט אַנדערע.

עס איז פֿאָרגעקומען אַזעלכעס, וואָס מען האָט נאָך אין די צירקען נישט געזעהן: אויף דער אַרענע זענען געלעגען פֿינף מענשען, וועלכע האָבען זיך שלעכט געוועהרט און די צוועהער האָבען געשריען פֿון כעס, אָדער פֿון שרעק.

אין דעם — אַלעס איז שטיל געבליבען. די צוזעהער האָבען זיך אויפגעשטעלט און זיך אַרויסגעבויגען פֿון זייערע ערטער, דער דערשראָקענער חירום איז בלאַס געוואָרען און האָט פֿונאַנדערגעלעגט די הענד... פֿון די לאָזשעס פֿון די גרויסע לייט זענען אַרויסגעשפּרונגען אויף דער אַרענע צוויי מענשען: דער קרוין-פּרינץ רעמסס מיט זיין שווערד און סרגון מיט זיין קורצער האַק.

דער אָקס מיט אַנ׳אַראָבגעלאָזטען קאָפּ און אויפגעהויבענעם ווידעל, איז געלאָפֿען אַרום דער אַרענע. מאַכענדיג אַ וואָלקען פֿון שטויב איז ער געלאָפֿען גלייך צו דעם קרוין-פּרינץ. נאָר ווי ער וואָלט אַוועקגעיאָגט געוואָרען דורך דעם מאַיעסטעט פֿון קעניגליכען קינד, האָט ער אויסגעמיידט רעמסס׳ן, האָט זיך געוואָרפֿען אויף סרגונ׳ען און — ער איז געפֿאַלען אַ טויטער!... דער געשיקטער און זעהר

שטאַרקער אשורי, האָט איהם געהרג'עט מיט איין קלאַפּ, וואָס ער האָט איהם געגעבען צווישען די אויגען מיט זיין האַק.

די צוועהער האָבען הויך געשריען פון שמחה און זיי האָבען געוואָרפען בלומען אויף סרגונ'ען און אויף דעם אָקס. רעמסס איז דערווייל געשטאַנען מיט זיין אויסגעצויגענער שווערד פערוואונדערט און צעבייזערט, זעהענדיג, ווי קמא רייסט אַרויס איהרע שכנים בלומען פון די הענד און וואַרפט זיי אויף סרגונ'ען.

סרגון האָט מיט קאַלטבלוטיגקייט אָנגענומען דעם כבוד, וואָס די צוועהער האָבען איהם אָבגעגעבען. ער האָט נעקאָפּעט מיט'ן פוס דעם אָקס, אום ער זאָל זיך איבערצייגען, צי ער לעבט נאָך, און דערנאָך האָט ער זיך צוגענעהנט צו דעם קרוין-פּרינץ און זאָגענדיג עפּעס אויף זיין שפּראַך, האָט ער זיך געבוקט פאַר איהם מיט אַ גדלות פון אַ גרויסען מאַן.

פאַר רעמססענס אויגען האָט זיך געשטעלט אַ בלוטיגער נעבעל: גערן וואָלט ער זיין שווערד אַריינגעשטעקט אין האַרץ פון דעם מנצח. ער האָט אָבער געהערשט איבער זיך, און אַראָבנעהמענדיג פון זיין האַלז אַ גאָלדענע קייט, האָט ער זי אָבגעגעבען סרגונ'ען.

סרגון האָט זיך ווידער געבוקט, ער האָט געקושט די קייט און זי אַרויפגעלעגט אויף זיין האַלז און דער קרוין-פּרינץ מיט בלוילעבער רויטקייט אויף די באַקען, איז צונעגאַנגען צו דעם טהירעלע, דורך וועלכען די אַקטיאָרען זענען אַרויף אויף דער אַרענע, און ביי די געשרייען

פון די צווּעהער, איז ער אַרוים פון צירק אַ זעהר ערגיר־דיגטער.

# ניינטעס קאפיטעל.

עס איז שוין געוועזען דער חודש טאַמוז (ענדע יוני, אַנפאַנג יולי). אין פּי־בּושת און אין דער אומגעגענד האַט אַנגעהויבען קלענער צו ווערען די צאָהל פון די אַנקומענ־דע מענשען, ווייל די היץ איז געוועזען גרויס. אָבער אויף דעם הויף פון רעמססען האַט מען זיך נאָך אַלץ געווייַלט און מען האַט געשמועסט וועגען די געשעהענישען אין צירק.

די הויפּ־לייַט האָבען געריהמט די דרייסטקייט פון קרוין־פּרינץ, אַנדערע האָבען בעוואונדערט סרגונ׳ען, די כּהנים האָבען צווישען זיך גאַנץ ערנסט געשמועסט, אַז דאָך האָט דער קרוין־פּרינץ זיך נישט בעדאַרפט אַרייַנמישען אין דעם אָקסען־קאַמפּף. צו דעם קאַמפּף זענען דאָך בעשטימט אַנדערע מענשען, וועלכע ווערען דערפאַר בעצאָהלט און זיי זענען נישט געאַכטעט.

רעמסס האָט נישט געהערט דאָס, וואָס מען האָט וועגען איהם געשמועסט, און ווען ער האָט יאָ געהערט, האָט ער זיך גאָרנישט געמאַכט דערפון. צוויי זאַכען האָט ער גוט געדענקט פון דער פאָרשטעלונג: סרגון האָט בייַ איהם אַרויסגעריסען דעם נצחון איבער די אָקסען און — ער האָט זיך צוגעמאַכט צו קמאַ׳ן, וועלכע האָט איהם הערצ־ליך אויפגענומען.

ווייל עס האָט איהם נישט געפּאַסט אַרייַנצופיהרען צו זיך אַ פעניציש כּהנת, האָט ער אַמאָל צו איהר געשיקט

אַ בריעף, אין וועלכען ער האָט איהר געשריבען, אַז ער וויל זיך מיט איהר זעהן, און ער האָט געפרעגט, ווען זי וועט איהם אָננעהמען. קמאַ האָט איהם געענטפערט, אַז זי וועט אויף איהם ווארטען אין אָווענד.

ווען עס האָבען זיך נאָר וואָס געהיזען שטערן אויפ'ן הימעל, האָט זיך דער קרוין-פּרינץ בסוד (לויט זיין איבער-ציינונג) אַרויסגעהאַפּט פון פּאַלאַץ און איז געגאַנגען.

דער גאָרטען פון בית-המקדש עשתרות איז כמעט לעער געוועזען, בפרט אין דעם געגענד פון קמאַ'ס הויז. שטיל איז געוועזען אין דעם הויז און נאָר עטליכע ליכטלעך האָבען זיך דאָרט געברענט.

ווען דער קרוין-פּרינץ האָט דאָרט נישט דרייסט אָנגעקלאַפּט, האָט איהם די כהנת אַליין געעפענט. אין פינ-סטערען קאָרידאָר האָט זי איהם די הענד געקושט, זאָגענ-דיג איהם שטיל, אַז זי וואָלט געשטאָרבען, ווען דאַמאָלס, אין צירק, וואָלט איהם דער אָקס עפּעס שלעכטס געטהון..

— אָבער איצט, ביזטו אַוודאַי רוהיג — האָט רעמסס געענטפערט מיט כעס — וויל דיין בעליעבטער האָט מיך גערעטעט...

ווען זיי זענען אַריין אין אַ בעלויכטען צימער, האָט דער קרוין-פּרינץ בעמערקט, אַז קמאַ וויינט.

— וואָס וויינסטו? — האָט ער געפרעגט.

— דאָס האַרץ פון מיין הערר האָט זיך פון מיר דער-ווייטערט — האָט זי געזאָגט — און אפשר איז ער געהעכט.

דער קרוין-פּרינץ האָט ביטער געלאַכט.

— בכן ביזטו שוין זיין געליעבטע, צי וועסטו ערשט ווערען זיין געליעבטע, דו הייליג מיידעל?

— אַ געליבטע ? ... קיינמאָל ניִשט ! ... איך קאָן אָבער ווערען אַ פרוי פון דעם שרעקליכען מענשען.

רעמסס האָט זיך אויפגעחאפּט פון זיין אָרט.

— צי שלאָף איך ? ... — האָט ער נעשריען — צי האָט שת געוואָרפען אויף מיר אַ קללה ? ... דו, כהנת, וואָס דו היטסט אָב דאָס פייער ביי'ם מזבח פון עשתרות און דו מוזט בלייבען אַ בתולה, אויב דו ווילסט ניִשט אומקומען, דו ועסט חתונה האָבען ? ... דער שקר פון די פעניציאַנער איז נאָך ערגער, ווי מענשען זאָגען ! ...

— הער מיינע ווערטער, מיין הערה, — האָט זי געזאָגט, אָבווישענדיג זיך איהרע טרעהרען — און דערנאָך וועסטו מיך משפט'ן. סרגון וויל מיך נעהמען פאַר אַ ווייב, פאַר זיין ערשט ווייב. לויט אונזערע געזעצען מעג אַ כהנת אין זעהר זעלטענע פעלען ווערען איינעמס אַ ווייב, אָבער נאָר אַזעלכען מאַנספערזאָנס, וועלכער שטאַמט פון מלכים. סרגון איז אַ מחותן פון מלך אסר.

— און דו וועסט ווערען זיין ווייב ?

— אויב די העכסטע ראַטה פון די כהנים אין צור וועט מיך הייסען, וועל איך דען קאָנען אַנדערש טהון ? ... — האָט זי געענטפערט, בעגיִעסענדיג זיך מיט טרעהרען.

— וואָס געהער זיך אָן די ראַטה מיט סרגונ'ען ? — האָט דער קרוין-פּרינץ געפרעגט.

— זי געהער זיך יאָ אָן מיט סרגונ'ען — האָט זי געזאָגט זיפצענדיג — אשורים זאָלען ווערען איינגעהמען פעניציען, און סרגון זאָל בלייבען דער הערשער איבער פעניציען ...

— דו ביזט משוגע געווארען !... — האט דער קרוין־פרינץ געשריען.

— איך זאג, וואס איך ווייס. אין אונזער בית־המקדש הויבט מען שוין אן צו'ם צווייטען מאל מתפלל זיין, אז דאס אונגליק זאל ניט אנקומען אויף פעניציען... דאס ערשטע מאל האבען מיר מתפלל געווען איידער דו ביזט צו אונז געקומען, מיין הערר.

— פארוואס זענט איהר איצט צו'ם צווייטען מאל מתפלל?

— ווייל די טעג איז געקומען קיין מצרים דער כשדי־שער כהן איסטובאר מיט א בריעף. אין וועלכען ער בעשטימט סרגון'ען פאר זיין בעפאלמעכטיגטען צו שליעסען מיט אייך א אבמאך וועגען אבנעהמען פעניציען.

ער האט געוואלט זאגען: „איך ווייס גארניכט". ער האט זיך אבער צוריקגעהאלטען. ער האט געלאכט און געענטפערט:

— קמא, איך שווער דיר ביי דעם כבוד פון מיין פאטער, אז ווי לאנג איך וועל לעבען, וועט אשור ניט פערנעהמען פעניציען. איז דאס גענוג פאר דיר?

— א, מיין הערר! מיין הערר!... — האט קמא אויסגעשריען, פאלענדיג איהם צו די פיס.

— כבן, וועסטו איצט אודאי שוין ניט ווערען דעם גראבען מענשענס פרוי?

— אך!... — האט זי זיך אבגעשאקעלט — צי קאנסטו נאך פרעגען?

— און דו וועסט זיין מיינע... — האט רעמסס שטיל געזאגט

— ווילסטו, אַז איך זאָל שטאַרבען?... — האָט זי געענטפערט מיט שרעק — האַ!... אויב דו ווילסט אַזוי, בין איך גרייט...

— איך וויל, אַז דו זאָלסט לעבען... — האָט ער געזאָגט מיט ליידענשאַפט — דו זאָלסט לעבען, געהער-רעדיג צו מיר.

— דאָס קאָן נישט זיין...

— און די העכסטע ראַטה פון די כהנים אין צור?

— זי קאָן נאָר מיך אָבגעבען פאַר אַ פרוי...

— דו וועסט דאָך אריין אין מיין הויז.

— אויב איך וועל אריין אין דיין הויז נישט אַלס דיין פרוי — וועל איך שטאַרבען... איך בין אָבער גרייט... איך בין גרייט... תאָטש איך וואָלט שוין די מאָרגענדיגע זון נישט געזעהן...

— זיי רוהיג — האָט דער קרוין-פּרינץ ערנסט געזאָגט — ווער עס האָט מיין גנאָד בעקומען, דעם וועט קיין עולה נישט געשעהן.

קמא האָט ווידער געקניעט פאַר איהם.

— ווי קאָן דאָס זיין?... — האָט זי געפרעגט, צונויפלעגענדיג די הענד.

רעמסס איז צעהיצט געוואָרען. ער האָט אַזוי ווייט פערגעסען, ווער ער איז און וואָס זיינע פליכטען זענען, אַז ער איז גרייט געווען צו פערשפרעכען די כהנת, אַז ער וועט מיט איהר חתונה האָבען. פון דעם האָט איהם צוריקגעהאַלטען נישט דער פערשטאַנד זיינער, נאָר זיין אינסטינקט.

— ווי קאָן דאָס זיין?..., ווי קאָן דאָס זיין?... —

האט קמא שטיל געזאגט, פרעסענדיג איהם מיט איהרע אויגען און קושענדיג זיינע פיס.

דער קרוין-פרינץ האט זי אויפגעהויבען, אנידערגע־זעצט וויים פון זיך און געענטפערט מיט א שמייכעל:

— דו פרעגסט, ווי דאס קאן זיין?... באלד וועל איך דיר ערקלערען. מיין לעצטער לעהרער, איידער איך בין געוואָרען מינדית, איז געוועזען א געוויסער כהן, וועלכער האט אויסוועגדיג געקאנט אמאסע וואונדערבארע מעשיות און דאס לעבען פון נעטער, מלכים און אפילו אויך פון נידריגע בעאמטע און פויערען.

דער אלטער מאן, וועלכער איז בעריהמט געוועזען מיט זיין פרומקייט און נסים, וועלכע ער האט בעוויזען, האט איך ווייס נישט פארוואס, נישט ליעב געהאט קיין פרויען און האט אויך מורא געהאט פאר זיי. דאדורך האט ער זעהר אפט דערצעהלט וועגען דער שלעכטסקייט פון פרויען און אמאל, אום מיך צו איבערצייגען, וואס פאר א ממשלה איהר, פרויען, האט איבער מענער, האט ער מיר דערצעהלט אזא מעשה:

א יונגער, ארימער שרייבער, וועלכער האט אין זיין מארבע נישט געהאט קיין קופערנעם אוטען, נאר א גער־שטען-פלעצעל, האט געדייזט פון טעבי אין נידריגערען מצרים, אום צו זוכען פערדינסט — מען האט איהם געזאגט, אז אין דעם טהייל פון דער מלוכה וואהנען די רייכסטע הערדען און סוחרים, און אויב ער וועט נאר גוט טרעפען, וועט ער קאנען געפינען א שטעלע, ביי וועלכער ער וועט זיך קאנען ערווערבען א גרויס פערמעגען.

ער איז אלזא געגאנגען אויף דעם ברעג פון נילוס

(פֿאַר דער רייזע אויף אַ שיף האָט ער נישט געהאַט צו צאָהלען) און האָט זיך געקלערט:

— ווי נאַריש זענען די מענשען, וועלכע נעהמען־דיג בירושה פֿון זייערע עלטערן אַ טאַלענט, צוויי טאַלענ־טען, אָנשטאָט צו פֿערגרעסערן זייער אוצר, סיי דורך האַנ־דעל, סיי דורך הלוואות אויף גרויסע פּראָצענטער, פֿער־שווענדען זיי זייער פֿערמעגען, נישט וויסענדיג אויף וואָס! ווען איך וואָלט געהאַט אַ דראַכמאַ... נו, אַ דראַכמאַ איז צו ווייניג... אָבער ווען איך וואָלט געהאַט אַ טאַלענט, אָדער עטליכע ביטען ערד, וואָלט איך מיין פֿערמעגען יעדען יאָהר פֿערגרעסערט און אויף דער עלטער וואָלט איך גע־ווען רייך, ווי דער רייכסטער הויפּטמאַן.

וואָס זאָל איך אָבער טהון, אום איך זאָל רייך ווע־רען!... האָט ער געזאָגט זיפֿצענדיג — די געטער שיצען נאָר, ווי עס דאַכט זיך, נאַראָנים; איך בין אָבער פֿול מיט קלוגהייט פֿון מיין פּערוקאַ ביז צו די באָרפֿוסע פֿיס. און אויב אין מיין האַרצען ליעגט אויך בעהאַלטען אַ קערנדעל פֿון נאַר־הייט, איז דאָס נאָר אפשר די איינציגע נאַרהייט, וואָס איך וואָלט בשום אופן נישט געקאָנט פֿערשווענדען קיין פֿערמעגען און איך וואָלט אפילו נישט געוואוסט, ווי אַזוי מען קאָן אַזוי שלעכט זיין און אַ פֿערמעגען פֿערשווענדען.

קלערענדיג אַזוי, איז דער אָרימער שרייבער פֿער־ביינעגאַנגען פֿאַר אַ אָרים לעהם־הייזעל, פֿאַר וועלכען עס איז געזעסען עפּעס אַ מענש, נישט אַ יונגער און נישט אַ אַלטער, מיט אַ זעהר שאַרפֿען בליק, וועלכער האָט גע־גרייכט ביז צו דער טיעפֿעניש פֿון האַרצען. דער שרייבער, וועלכער איז געווען קלוג, ווי אַ באַציאַן, האָט באַלד פֿער־

שטאנען, אַז דאָס איז אודאי איינער פון די געטער, און בוקענדיג זיך, האָט ער געזאָגט:

— איך בעגריס דיך, בכבוד'ער בעל־בית פון דעם שענעם הויז, און איך בעדויער, וואָס איך האָב נישט קיין וויין און קיין פליישׁ דיר צו געבען, אלס צייכען, אַז איך אַכט דיך און אַז אַלעס, וואָס איך פערמאָג, געהער צו דיר.

דעם גאָט עמון — ער איז דאָס דאָרט געזעסען אין געשטאַלט פון אַ מענשען — איז די געפעליגקייט פון דעם יונגען שרייבער געפעלען געוואָרען. ער האָט אַלזאָ איהם בעקוקט און געפרעגט:

— וואָס האָסטו געקלערט, געהענדיג דאָ אהער? דיין קלוגהייט זעה איך אויף דיין שטערען און איך געהער צו די, וועלכע קלויבען צונויף ווערטער פון אמת, ווי אַ קוראַפּאַטווע קלויבט צונויף ווייץ.

דער שרייבער האָט געזיפצט.

— איך האָב געקלערט — האָט ער געזאָגט — פון מיין עלענדקייט און פון די לייכטזיניגע עשירים, וועלכע פערשווענדען זייערע פערמעגענס, נישט וויסענדיג אויף וואָס און ווי אַזוי.

— און דו וואָלסט נישט פערשווענדעט? — האָט געפרעגט דער גאָט, האַבענדיג שטענדיג אויף זיך אַ מענשליכע פיגור.

— קוק אויף מיר, מיין הערר, — האָט דער שרייבער געזאָגט — איך האָב אַ געלעבערט לייבעך און אויפ'ן וועג האָב איך אַ סאַנדאַל פערלוירען, נאָר פּאַפּירוס און אַ טינט־פּאַסטראָג איך שטענדיג מיט זיך, ווי דאָס אייגענע הארץ.

וואָרום אויפֿשטעהענדיג און ליעגענדיג זיך שלאָפֿען, זאָג איך מיר אַלע מאָל, אַז בעסער איז אָרימע קלוגהייט פֿון נאַרישע עשירות.

אויב איך בין אַזוי אַזעלכער, אויב איך קאָן זיך אויסדריקען אין צווייערליי שריפֿטען און מאַכען די שווערסטע רעכנונג, אויב איך קאָן אַלע געוואוקסען און אַלע בהמות, חיות און עופות, וועלכע זענען פֿערהאַנען אונטער׳ן הימעל, צי קאָנסטו רעכענען, אַז איך, וועלכער פֿערמאָג אַזאַ קלוגהייט, זאָל פֿעהיג זיין צו פֿערשווענדען אַ פֿערמעגען?

דער גאָט האָט זיך פֿערקלערט און געזאָגט:

— דיינע ווערטער פֿליעסען, ווי דער נילוס ביי מעמפֿיס; נאָר אויב דו ביזט טאַקע אַזוי קלוג, שרייב מיר אויף צוויי אופֿנים: עמון.

דער שרייבער האָט אַרויסגענומען דאָס טינט-פֿאַס, אַ פּינזעל און אין אַ קורצע צייט האָט ער אויף צוויי אופֿנים געשריבען: עמון, אַזוי דייטליך, אַז אפֿילו שטומע בעשעפֿעניסען האָבען זיך דאָרט פֿערהאַלטען, אום כבוד אָבצוגעבען דעם גאָט.

דער גאָט עמון איז צופֿריעדען געוועזען און האָט געזאָגט:

— אויב דו ביזט אַזוי געשיקט אין רעכענונגען, ווי אין שרייבען, רעכען מיר אויס דעם האַנדעלס רעכענונג: ווען פֿאַר איין קוראַפּאַטווע גיעט מען מיר 4 היהנער-אייער, וויפֿיעל דאַרף מען מיר געבען היהנער-אייער פֿאַר זיעבען קוראַפּאַטוועס.

דער שרייבער האָט צונויפֿגענומען שטיינדלעך, זיי געלעגט אין פֿערשיעדענע שורות, און איידער די זון איז אונטערגעגאַנגען, האָט ער געענטפֿערט, אַז פֿאַר 7 קוראַ-

פּאַטוועס דאַרף מען געבען — אַכט און צוואַנציג הינערא־אייער.

דער אַלמעכטיגער עמון האָט געשמייכעלט, זעהענ־דיג, אַז ער האָט פאַר זיך אַזאַ גרויסען חכם, און ער האָט געזאָגט:

— איך דערקען, אַז דו האָסט אמת געזאָגט ווענען דיין קלוגהייט. אויב דו וועסט אויך אַזוי דויערהאַפטיג זיין אין גוטסקייט, וועל איך מאַכען, אַז דו זאָלסט ביז'ן סוף פון דיין לעבען זיין גליקליך, און נאָך דיין טוידט, וועלען דיינע זיהן דיך מקבר זיין אין אַ שענעם קבר. און איצט זאָג: וואָס פאַר אַ עשירות ווילסטו, וועלכעס דו וואָלסט נישט פערשווענדעט, נאָר נאָך פערגרעסערט.

דער שרייבער איז דעם רחמנות'דיגען גאָט געפאַלען צו די פיס און האָט געענטפערט:

— ווען איך וואָלט פערמאָגט חאָטש דאָס לעהם־הייזעל און פיער מאָז ערד, וואָלט איך רייך געווען.

— גוט — האָט דער גאָט געזאָגט — נאָר פריהער איבערקלער דיר, צי דאָס וועט גענוג זיין פאַר דיר.

ער האָט איהם צו געפיהרט צו דעם לעהם־הייזעל און געזאָגט:

— דאָ האָסטו 4 הויבען און שירצלעך, צוויי לייל־בער אויף אַ נישט גוט וועטער און צוויי פאַר סאַנדאַלען. דאָ האָסטו פייער, דאָ אַ באַנק, אויף וועלכער מען קאָן שלאָפען, אַ מערזער צו שטויסען ווייץ און אַ דיזשע צו טייג...

— און דאָס וואָס איז? — האָט דער שרייבער גע־

פרענט, ווײזענדיג עפעס א פיגור, וועלכע איז געווען בע־
דעקט מיט לײַנוואנד.

— אט דאס איז די איינציגע זאך, — האט דער גאט געזאגט, — וועלכע דו טארסט ניט ריהרען, ווײַל דו וועסט דײַן גאנץ פערמעגען פערליערען.

— א!...— האט דער שרײַבער א געשרײַ געטהון — דאס קאן זיך שטעהן טויזענד יאהר, און איך וועל דאס ניט ריהרען... אבער זײַ מיר מוחל און זאג מיר: וואס פאר א גוט זעהט מען דארט?...

און ער האט זיך ארויסגעבויגען דורכ'ן פענסטער פון לעהם-הײַזעל.

— מיט קלונגשאפט האסטו גערעדט — האט עמון געזאגט — דאס איז א גוט און א שען גוט. דאס גוט האט א שען הויז, פופציג מאז ערד, לערך צוואנציג בהמות און צעהן קנעכט. ווען דו וואלסט בעסער געוואלט האבען יענ'ץ גוט...

דער שרײַבער איז געפאלען אויף זײַנע קניען פאר גאט.

— איז דען פערהאנען א מענש אונטער דער זון,—האט ער געפרעגט,— וואס אנשטאט א גערשטען-פלעצעל, זאל ער ניט וועלען בעסער א ווײַצענעם זעמעל?...

הערענדיג דאס, האט עמון געזאגט עטליכע ווערטער און אין דער זעלבער רגע זענען זײַ געווען אין הערליכען הויז פון דעם גוט.

— דא האסטו — האט עמון געזאגט — א געשניצט בעט, פינף טישלעך און צעהן שטוהלען. דא האסטו געהאפטענע מלבושים, א פאס און גלעזער צו ווײַן, דא האסטו א בוימעהלען-לעמפעל און א לעקטיקא...

— און דאָס וואָס איז? — האָט דער שרייבער גע־פרעגט, ווייזענדיג אַ פיגור, וועלכע איז געשטאַנען אין אַ ווינקעל בעדעקט מיט מושלין.

— דאָס איינע — האָט דער גאָט געענטפערט — זאָלסטו נישט ריהרען, וואָרום דו וועסט דאָס גאַנצע פערמעגען פערליערען.

— ווען איך זאָל אַפילו צעהן-טויזענד יאָהר לעבען — האָט דער שרייבער אויסגעשריען — וועל איך די זאַך נישט ריהרען?... איך ווייס דאָך, אַז אויסער חכמה, איז עשירות די בעסטע זאַך.

— אָבער וואָס זעהט מען דאָרט? — האָט ער נאָך אַ ווײַלע געפרעגט, ווייזענדיג אַ ריעזענדיגען פּאַלאַץ אין אַ גאָרטען.

— דאָס זענען פירשטליכע גיטער — האָט דער גאָט געענטפערט — עס איז דאָ אַ פּאַלאַץ, פינף הונדערט מאָז ערד, הונדערט קנעכט און עטליכע הונדערט בהמות. דאָס איז אַ זעהר גרויס רייכטהום און אויב דו פערשטעהסט, אַז מיט דער קלוגשאַפט וועסטו קאָנען די גרויסע גיטער פיהרען...

דער שרייבער איז ווידער געפאַלען דעם גאָט צו די פיס, בעגיעסענדיג זיך מיט טרעהרען פון שמחה.

— אָ, גאָט! — האָט ער אויסגעשריען — וואו איז פערהאַנען אַזאַ משוגע'נער, וועלכער זאָל נישט וועלען אָנ־שטאָט אַ גלעזעל ביער — אַ פאַס מיט וויין?

— דיינע ווערטער פּאַסען פאַר אַ חכם, וועלכער קאָן מאַכען די גרעסטע רעכענונגען — האָט עמון געזאָגט.

דער גאָט האָט אַרויסגעזאָגט עטליכע ווערטער און ביידע זענען שוין געווען אין פּאַלאַץ.

דער גאָט האָט אַרויסגעזאָגט עטליכע ווערטער און ביידע זענען שוין געווען אין פּאַלאַץ.

— דאָ האָסטו — האָט דער גוטער גאָט געזאָגט — אַ עס־זאַל, אין איהם פערגאָלדעטע שטוהלען און אַ כּאָפּע, אויך טישלעך פון פערשידענע־פאַרבּיג האָלץ. אונטען איז אַ קיך פאַר פינף קוכער, אַ שפּייז־קאַמער, אין וועלכער דו וועסט געפינען אַלערלייא פלייש, פיש און קוכען, קעהלער מיט דעם בעסטען וויין. דאָ האָסטו אַ שלאָפ־צימער מיט אַ בעוועגליכען דאַך, מיט וועלכען דיינע קנעכט וועלען דיך קיהלען, ווען דו וועסט שלאָפען. איך מאַך דיר אויפמערקזאַם אויף דעם בעט, וועלכעס איז געמאַכט פון צעדער־האָלץ און שפּאַרט זיך אָן אויף פיער לייבען־פיס, וואָס זענען אָבגעגאָסען פון בראָנז. דאָ האָסטו אַ קליידער־צימער, וועלכעס איז פול מיט מלבושים פון ליינוואַנד און וואָלענשטאָף; אין קאָסטענס וועסטו געפינען פינגערלעך, קייטלעך און בראַנזאָלעטען.

— און דאָס וואָס איז?... — האָט פּלוצלונג אַ פרעג געטהון דער שרייבער, ווייזענדיג אַ פיגור, וועלכע איז געווען בעדעקט מיט אַ שלייער, וואָס איז געווען געהאָפטען מיט גאָלדענע און פורפורנע פעדעם.

— דאָס איז טאַקי די זאַך, פאַר וועלכער מען מוז זיך אַממעהרסטען היטען — האָט דער גאָט געענטפערט — אויב דו וועסט דאָס ריהרען, וועט דיין ריזענדיג פערמעגען פערפאַלען ווערען. און איך זאָג דיר, אַז אַזעלכע גיטער איז פאַרהאַנען זעהר וועניג אין מצרים. איך מוז דיר אויך זאָגען, אַז אין דעם שאַץ ליגען צעהן טאַלענטען אין גאָלד און טייערע שטיינער.

— מיין הערשער !... — האט דער שרייבער אויסגעשריען — ערלויב, אז אין דעם פאלאץ זאל אויפ'ן ערשטען ארט שטעהן דיין היילינ בילד, וועלכען איך וועל פינף מאל טעגליך מקריב זיין קטורת...

— נאר יענע זאך זאלסטו נישט ריהרען! — האט עמון געענטפערט, וויזענדיג די פיגור, וועלכע איז געוועזן בעדעקט מיט דעם שלייער.

— ווען איך וואלט יענע זאך געריהרט, וואלט איך דאך געוועזן משוגע און ערגער פון א ווילדען חזיר — האט דער שרייבער געזאגט — זאל די פיגור אין דעם שלייער דא שטעהן הונדערט טויזענד יאהר, און איך וועל זי נישט דיהרען, אויב דיין רצון איז אזוי...

— געדענק, אז דו וועסט אלץ פערליערען, ווען דו וועסט ריהרען די פיגור!... — האט דער גאט אויסגעשריען און איז פערשוואונדען געווארען.

דער בעגליקטער שרייבער האט אנגעהויבען געהן אין זיין פאלאץ און ארויסקוקען פון די פענסטער. ער האט אנגעקוקט דעם שאץ און דאס גאלד האט ער געוואויגען אין די הענד: שווער איז דאס גאלד געוועזן; ער האט אנגעקוקט די טייערע שטיינער — זיי זענען ריכטיגע, אמת'ע טייערע שטיינער געוועזן. ער האט געהייסען מען זאל איהם געבען עסען: באלד זענען ארויסגעלאפען זיינע קנעכט, זיי האבען איהם געבאדען, געגאלט און געקליידט מיט פיינע מלבושים.

ער האט אבגעגעסען און אבגעטרונקען, ווי ער האט נאך קיינמאל נישט געגעסען און נישט געטרונקען: זיין הונגער האט זיך בעהאפטען אן דער פיינקייט פון די מא-

בלים און פֿון ביידע איז געוואָרען אַ וואונדערבאַרער גע־
שמאַק. ער האָט מקריב געווען קטורת פֿאַר דעם בילד
פֿון עבֿין און ער האָט אויסגעציערט מיט פֿרישע בלומען
שפּעטער איז ער געזעסען אין פֿענסטער.

אויפֿ'ן הויף איז געשטאַנען אַ פּאָר פֿערד איינגעשפּאַנט
אין אַ געשניצטען וואָגען. אויף אַנ'אַנדער אָרט האָט אַ גרו־
פּע מענשען מיט שפּיזען אין די הענד בערוהיגט וואלד־
יאַגד־הינד, וועלכֿע האָבען זיך געריסען צו'ם יאַגד. פֿאַר
דער שפּייז־קאַמער האָט איין שרייבער אָבגענומען תבואה
פֿון די ערד־אַרבייטער, פֿאַר דער שטאַל האָט אַ צווייטער
שרייבער אָבגענומען רעכֿענונג פֿון דעם אויפֿזעהער איבער
די פּאַסטוכֿער.

פֿון ווייטענס האָט מען געזעהן אַ וואַלד מיט עהל־
בוימער, אַ הויכֿען באַרג, וועלכֿער איז געווען בעוואַקסען
מיט ווייַנטרויבען, פֿעלדער מיט ווייץ און אויף אַלע פֿעל־
דער געדיכֿט געזעצטע טייטלען־בוימער.

— איז אמת'ן — האָט ער צו זיך געזאָגט — בין
איך רייך, ווי איך פֿערדיען, ווי איך בין ווערטה. און נאָר
דאָס איינע וואונדערט מיך, אַז איך האָב געקאָנט אַזוי פֿיעל
יאָהר אויסהאַלטען אין עלענדקייט און שפלות! איך מוז
טאַקי מודה זיין, — האָט ער זיך געקלערט — אַז איך ווייס
נישט, צי איך וועל קאָנען פֿערגרעסערען דאָס ריזענדיגע
עשירות, ווייל איך דאַרף נישט מעהר און איך וויל נישט
מעהר און איך וועל נישט האָבען קיין צייט זיך צו בעשעפֿ־
טיגען מיט ספּעקולאַציעס.

עס האָט זיך איהם אָבער אָנגעהויבען צו לאַנגווייליגען
אין די צימערען, ער האָט אַלזאָ אָנגעקוקט דעם גאָרטען,

אַרומגעפֿאָהרען זעהן די פֿעלדער, ער האָט געזעהן מיט דער דינענסטשאַפֿט, וועלכע איז געפֿאַלען פֿאַר איהם אויף די בײכער, חאָטש זײ זענען געווען אַזוי געקלײדט, אַז ער וואָלט געכטען נאָך געהאַלטען זיך פֿאַר אַ כבוד זײ צו קושען די הענד. נאָר ווײל דאָרט איז איהם אויך לאַנגווײליג געווען, איז ער צוריק אין פּאַלאַץ אַרײן און ער האָט אָנגעהויבען אָנצוקוקען דאָס אַלעס, וואָס געפֿינט זיך אין זײן שפּײז־קאַמער און זײן קעלער, אין די כלים און די צימערן.

— שען זענען די כלים — האָט ער צו זיך געזאָגט — שענער וואָלטען אָבער געווען כלים פֿון גאָלד און קריגי פֿון טײערע שטײנער!

זײנע אויגען האָבען זיך געווענדעט צו דעם ווינקעל, אין וועלכען עס איז געשטאַנען די פֿיגור, וואָס איז געווען בעדעקט מיט'ן געהאַפּטענעם שלײער און — זי האָט געזיפֿצט.

„זיפֿץ זיך, זיפֿץ!“ — האָט ער זיך געקלערט, נעהמענדיג די פֿאַן, אום מקריב צו זײן דאָס קטורת פֿאַר דעם גאָט עמון.

— אַ גוטער גאָט איז דאָס— האָט ער זיך געקלערט— ער קאָן שעצען די מעלות פֿון חכמים און מיט רעכטשאַפֿענהײט גיעט ער זײ, וואָס זײ פֿערדינענען. וואָס פֿאַר אַ שען פֿערמעגען האָט ער מיר געגעבען!... אמת טאַקי, איך האָב איהם אויך נישט קײן קלײנעם כבוד אָבגעגעבען, שרײבענדיג מיט אַ צווײ־פֿאַכיגער שריפֿט דעם נאָמען עמון אויף דער טהיר פֿון דעם לעהם־הײזעל. אָבער ווי שען האָב איך איהם דעם רעכענונג געמאַכט, וויפֿיעל היהנער־

אײער ער װעט בעקומען פאר זיעבען קוראפאטװעס? מײנע לעהרער האבען געהאט רעכט, זאגענדיג, אז קלוגהײט עפענט אויך דאס מויל פון געטער.

ער האט א קוק געטהון אויף דעם װינקעל. דאס געשטאלט, װאס איז בעדעקט געװעזען מיט'ן שלײער, האט װידער געזיפצט.

— נײגיעריג בין איך — האט דער שרײבער געזאגט צו זיך זעלבסט — פארװאס האט מיר מײן גוטער פרײנד עמון פערװעהרט צו בעריהרען די פיגור, װאס שטעהט דארט אין װינקעל?... נו, פאר אזא פערמעגען האט ער געהאט דאס רעכט מיר צו שטעלען בעדינגונגען; חאטש איך װעל איהם דאס נישט טהון, װאס ער פערלאנגט. װארום איב דער גאנצער פאלאץ איז מײן אײגענטהום, אויב אלץ װאס דא איז קאן איך בענוצען, פארװאס זאל איך נישט קאנען יענע זאך בעריהרען?... אזוי זאגט מען: מען טאר נישט ריהרען! אבער אנקוקען מעג מען דאך!..

ער איז צוגעגאנגען צו דער פיגור, האט ארונטערגענומען דעם שלײער, ער האט געקוקט... עס איז זעהר שען. עפעס א שען יונגעל, אדער נישט א יונגעל... ער האט לאנגע האר, ביז צו די קניע גרײכען זײ, א אײדעל פנים און די בליקען זענען פול מיט זיסקײט.

— װאס ביזטו? — זאגט ער צו דער פיגור.

— איך בין א פרוי — האט איהם דאס געשטאלט געענטפערט מיט אזא דינער שטימע, אז זי האט דורכגעדרונגען זײן הארץ, װי א פעניציש מעסער.

— א פרוי? — האט זיך דער שרײבער געקלערט — דאס האט מען מיך אין דער שולע פון די כהנים נישט

געלערנט. א פרוי?... — האָט ער איבערגעחזר'ט — און דאָס, וואָס דו האָסט דאָ, וואָס איז?...

— דאָס זענען מײַנע אויגען.

— אויגען?... וואָס קאָנסטו זעהן מיט אַזעלכע אויגען, וואָס קאָנען צעפּליעסען פון דער קלענסטער ליכטיגקײַט?

— ווײַל מײַנע אויגען זענען נישט צו דעם, אז זײַ זאָלען קוקען, נאָר אז דו זאָלסט אויף זײַ קוקען — האָט די פיגור געענטפערט.

— וואונדערבאַרע אויגען! — האָט דער שרײַבער גערעדט צו זיך, שפּאַצירענדיג אין דעם צימער.

ער האָט זיך ווידער געשטעלט פאַר דער פיגור און האָט געפרעגט:

— און דאָס וואָס איז?

— דאָס איז מײַן מויל.

— דו וועסט דאָך שטאַרבען פון הונגער — האָט ער אויסגעשריען — מיט אזא קלײַן מויל קאָן מען זיך דאָך נישט אָנעסען!...

— דאָס מויל איז נישט צו'ם עסען — האָט די פיגור געענטפערט—נאָר דערצו איז עס, אום דו זאָלסט עס קושען!

— קושען? — האָט דער שרײַבער איהר איבערגעחזר'ט — דאָס האָט מען מיך אויך נישט געלערנט אין דער שולע פון די כהנים...

— און דאָס, אָט דאָס, וואָס דו האָסט דאָ, וואָס איז?...

— דאָס זענען מײַנע הענדטלעך.

— הענדטלעך?... נאָך גוט, וואָס דו האָסט נישט געזאָגט: הענד, וואָרום מיט אַזעלכע הענד, וואָלסטו גאָר

ניִשט געקאָנט טהון, אפילו שאָף מעלקען איך ניִשט.

— מייַנע הענדטלעך זענען ניִשט צו דער אַרבייט.

— צו וואָס דען זענען זיי? — האָט זיך דער שרייַבער געוואונדערט, פונאַנדערשטעלענדיג איהרע פיִנגער...

(ווי איך שטעל פונאַנדער דייַנע פיִנגער, קמאַ, — האָט דער קרוין-פּריִנץ געזאָגט, גלעטענדיג די קלייִנע הענדטלעך פון דער כהנת).

— צו וואָס דען טויגען אַזעלכע הענדטלעך? — האָט דער שרייַבער געפרעגט די פיִגור.

— אַז איך זאָל מיִט זיי דייַן האַלז אַרומנעהמען.

— דו ווילסט זאָגען: דייַן קארק?... — האָט געשריִען מיִט שרעק דער שרייַבער, וועלכען די כהנים האָבען אָפּט געפּלעגט נעהמען בייַ דעם קארק, ווען ער האָט געזאָלט פלאָג בעקומען.

— ניִשט דעם קארק — האָט די פיִגור געזאָגט — נאָר אָט אַזוי...

און זי האָט איהם אַרומגענומען — האָט דער קרוין-פּריִנץ ווייטער דערצעהלט — מיִט די הענד דעם האַלז האָט זי איהם אַרומגענומען, אָט אַזוי (ער האָט זיך אַרומגענומען דעם האַלז מיִט די הענד פון דער כהנת). — און זי האָט איהם צוגעטוליעט צו איהר ברוסט... אָט אַזוי... — (ער האָט זיך צוגעטוליעט צו קמאַ'ן).

— מייַן הערר, וואָס טהוסטו?... — האָט קמאַ שטיל געזאָגט — דאָס איז דאָך מייַן טוידט...

— זיי רוהיג — האָט דער קרוין-פּריִנץ געזאָגט — איך וועל דיר נאָר, וואָס די פיִגור האָט געטהון מיִט'ן שרייַבער...

... אין דעם האָט געציטערט די ערד, פערשוואונדען

געוואָרען איז דער פּאַלאַץ, פערשוואונדען געוואָרען זענען אויך די הינד, פערד און קנעכט. דער באַרג. וואָס איז געווען בעדעקט מיט ווייַנבוימער, האָט זיך פערוואַנדעלט אין אַ פעלז, די עהל-בוימער — אין דערנער, און ווייץ — אין זאַמד...

ווען דער שרייַבער האָט זיך אויפגעחאַפּט אין די אָרעמס פון אַ פרוי, האָט ער פערשטאַנען, אַז ער איז פונקט אַזאַ עלענדער, ווי ער איז געווען נעכטען אויף דעם וועג. ער האָט אָבער נישט בעדויערט זיין רייַכטהום, ווייל ער האָט געהאַט אַ פרוי, וועלכע האָט איהם געליעבט און געגלעט, געטוליעט צו זיך.

— בכן איז אלעס פערשוואונדען געוואָרען, און זי איז געבליבען!... — האָט קמאַ געפרעגט מיט תמימות.

— דער באַרמהערציגער עמון האָט זי איהם איבער-געלאָזט אלס טרייסט — האָט דער קרוין-פּרינץ געענטפערט.

— איז עמון געווען באַרמהערציג נאָר פאַר שרייַבער! — האָט קמאַ געזאָגט — אָבער וואָס זאָל די מעשה בעדייַטען?

— טרעף. דו האָסט דאָך אויך געהערט, וואָס דער אָרימער שרייַבער האָט זיך ענטזאָגט פאַר אַ קוש פון אַ פרוי...

— אָבער אַ מלוכה וואָלט ער זיך נישט ענטזאָגט! — האָט איהם די כהנת איבערגעהאַקט.

— ווער ווייסט?... ווען מען וואָלט איהם נאָר זעהר געבעטען — האָט רעמסס מיט לייַדענשאַפט געזאָגט.

— אַ נייַן!... — האָט קמאַ אויסגעשריען, אַרויסרייַ-סענדיג זיך איהם פון די הענד. — קיין מלוכה זאָל זיך קיינער

ניִשט ענטזאָגען, וואָרום ווען די וואָלסט אזוי געטהון, וואָס וואָלט געוואָרען פון דיינע הבטחות, וואָס דו האָסט געגע־בען פעניציען?

ביידע האָבען זיך געקוקט אין די אויגען לאנג...

לאנג... דער קרוין־פּרינץ האָט דערשפּירט אַ וואונד אין זיין הארצען און ווי פון דעם וואונד איז אנטלאָפען עפּעס אַ גע־פיהל, ניִשט אַ ליידענשאַפט, וואָרום ליידענשאַפט איז איהם געבליבען, נאָר — אַכטונג און אמונה אָן קמא'ן איז פון זיין הארצען אנטלאָפען.

— משוגה'דיגע ווענען די פעניצישע טעכטער — האָט דער קרוין־פּרינץ זיך געקלערט — מען קאָן פאר זיי משוגע ווערען, אָבער טרויען זיי קאָן מען ניִשט!...

ער האָט זיך געשפּירט מיעד און ער האָט זיך געזעגענט מיט קמא'ן. ער האָט זיך אומגעקוקט אין דעם צימער, ווי עס וואָלט איהם שווער געווען אַוועקצוגעהן פון איהר און אוועקגעהענדיג האָט ער געזאָגט צו זיך:

„און דאָך וועסטו זיין מיין, און די פעניצישע גע־טער וועלען דיך ניִשט הרג'ענען, אויב זיי ווילען האָבען בית־המקדש'ס און כהנים..."

באלד ווען רעמסס איז אַרויס פון קמא'ס פּאלאַץ, איז אין איהר צימער אַריינגעקומען אַ יונגער גרעק, וועלכער איז געווען זעהר שעהן און זעהר עהנליך צו רעמסס. אויף זיין פנים האָט זיך געוויזען אַ שרעקליכער כעס.

— ליקאָן! — האָט קמא גערופען מיט שרעק — וואָס טהוסטו דאָ?

— נידערטרעכטיגע שלאנג!... האָט דער גרעק גע־ציִשט מיט אַ שענער שטימע — עס איז נאָך קיין חודש

נישט פֿאַראיבער פֿון דעם אָוועגד, ווען דו האָסט געשוואָ־רען, אַז דו ליעבסט מיך, אַז דו וועסט אַנטלויפֿען מיט מיר קיין גריעכֿענלאַנד, און שוין וואַרפֿסטו זיך אויף דעם האַלז פֿון אַ נייעם ליעבהאָבער... צי זענען די געטער געשטאָרבען, צי איז פֿון זיי אַנטלאָפֿען דער יושר?...

— דו משוגע'נער אייפֿערזיכטיגער! — האָט די כהנת איבערגעהאַקט זיינע ווערטער — דו וועסט מיך הרג'ענען...

— אודאַי וועל איך דיך הרג'ענען, און נישט דיין שטיינערנע געטין וועט דיר דעם טוידט געבען... מיט די אָט הענד — האָט ער געשריען, אויסציהענדיג די הענד זיינע — איך וועל דיך ווערגען, אויב דו וועסט ווערען אַ בעליעבטע...

— וועמענס?...

— ווייס איך וועמענס?... אודאַי ביידענס: דעם אַלטען אַשורי'ס און דעם קרוין־פּרינצס, וועלכען איך וועל מיט אַ שטיין דעם קאָפּ צעהאַקען, אויב ער וועט זיך שלעפּען... אַ קרוין־פּרינץ!... אַלע נקבות פֿון גאַנץ מצרים האָט ער און ער וויל נאָך אַ פֿרעמדע כהנת אויך — אַ כהנת מוז בלייבען פֿאַר כהנים און נישט ווערען בעליעבטע פֿון פֿרעמדע...

קמא האָט צוריק איהר קאַלטבלוטיגקייט בעקומען.

— און דו ביזט פֿאַר אונז נישט אַ פֿרעמדער? — האָט די כהנת געפֿרעגט מיט גאוה.

— שלאַנג!... — האָט דער גרעק צו'ם צווייטען מאָל געשריען מיט כעס — איך קאָן נישט זיין פֿרעמד פֿאַר אייך, ווען איך דיען אייערע געטער מיט דער שענער שטימע, וואָס די געטער האָבען מיר געשענקט... און וויפֿיעל מאָל

האָט איהר מיט מיין געשטאַלט גענאַרט די נאַרישע אויזאַטען ... איינרעדענדיג זיי, אַז דער קרוין-פּרינץ פון מצרים האַלט אין געהיים אייער אמונה? ...

— שטיל! ... שטיל! ... — האָט די כהנת זיך געבעטען, פערמאַכענדיג זיין מויל מיט איהר האַנד.

אין איהר בעריהרונג האָט געמוזט זיין אַזוי פיעל בעצויבערונג, אַז דער גרעק האָט זיך בערוהיגט און ער האָט אָנגעהויבען שטילער צו זאָגען:

— הער נאָר, קמאָ. די טעג וועט אָנקומען אַ גריעכישע שיף, וועלכע וועט געפיהרט ווערען דורך מיין ברודער. זעה צו טהון, אַז דער כהן-גדול זאָל דיך שיקען קיין פי-אות און פון דאָרט וועלען מיר אַנטלויפען קיין צפון-גריעכענלאַנד, אויף אַזאַ אָרט, וואו קיין פעניציאַנער איז נאָך נישט געווען ...

— עס וועט דאָרט יאָ קומען אַ פעניציאַנער, אויב איך וועל זיך דאָרט בעהאַלטען — האָט די כהנת איהם איבערהאַקט די ווערטער.

— אויב דיר וועט אַ האָר פון קאָפּ אַראָבפאַלען — האָט דער גרעק שטיל געזאָגט — שווער איך דיר, אַז דגון ... אַז אַלע היגע פעניציאַנער וועלען אָבגעבען זייערע קעפּ, אָדער זיי וועלען פגר'ן אין די גראָבען! זיי וועלען זיך דערוויסען, וואָס אַ גרעק קאָן ...

— און איך זאָג דיר — האָט איהם די כהנת געזאָגט — אַז ווי לאַנג איך וועל נישט צונויפקלויבען צוואַנציג טאַלענטען, וועל איך זיך פון דאַנען נישט ריהרען ... און איך האָב ערשט אַכט טאַלענטען ...

— פון וואַנען וועסטו נעהמען דאָס איבעריגע!

— סרגון און דער קרוין־פּרינץ װעלען מיר געבען.

— פון סרגונ'ען קאָנסטו נעהמען, אָבער פון קרוין־פּרינץ װיל איך ניט דו זאָלסט נעהמען!...

— נאַרישער ליקאָן! צי זעהסטו נישט, פאַרװאָס דער מענש געפעלט מיר?.. ער איז דאָך ענליך צו דיר!..

דער גרעק האָט זיך בערוהיגט.

— נו, נו, — האָט ער געמורמעלט — איך פערשטעה, אַז װען אַ פרוי האָט צו װעהלען צװישען אַ קרוין־פּרינץ און אַ זינגער, װי איך בין, האָב איך נישט װאָס מורא צוהאָבען... איך בין אָבער אײפערזיכטיג און אַ כעסן, דאַדורך בעט איך דיך, אַז דו זאָלסט איהם נישט אַזוי צו־ציהען צו זיך.

ער האָט זי געקושט, איז אַרויס פון דעם פּאַלאַץ און פערשװאונדען געװאָרען אין פינסטערען גאָרטען.

קמאַ האָט אויסגעצויגען איהרע פיסטען הינטער איהם.

— נידערטרעכטיגער פּאַיאַץ!... — האָט זי שטיל געזאָגט — אַ זינגענדיגער שקלאַף קאָנסטו נאָר זײן בײ מיר!...

## צעהנטעס קאַפּיטעל.

װען רעמסס איז צומאָרגענס געגאַנגען בעזוכען זײן זוהן, האָט ער אָנגעטראָפען שרה'ן זיצענדיג. אָנפאַנגס האָט זי איהם געזאָגט, אַז איהר איז גאָרנישט, דערנאָך האָט זי געזאָגט, אַז איהר איז עפּעס נישט גוט אויפ'ן האַרצען, ענדליך — איז זי איהם געפאַלען צו די פיס מיט אַגרויס געװײן...

— מײן העַרר... מײן העַרר! — האָט זי געזאָגט —

איך ווייס, אז דו ליעבסט מיך שוין נישט, אבער דיין לעבען שטעל נישט אין געפאהר!...

— ווער האט דיר געזאגט, אז איך ליעב דיך שוין נישט? — האט דער קרוין-פרינץ געפרעגט מיט בעוואונ-דערונג.

— דו האסט דאך דריי פרויען אין דיין הויז... מיידלעך פון גרויסע פאמיליעם...

— בכן ... וואס ווילסטו?...

— און דו שטעלסט נאך דיין לעבען אין געפאהר פאר דער פיערטער... פאר א פעניציאנער שווינדלערין...

דער קרוין-פרינץ איז מבולבל געווארען. פון וואנען האט שרה געקאנט געוואהר ווערען פון קמא'ן און זיך דער-וויסען, אז זי איז א שווינדלערין?...

— ווי שטויב שטופט זיך אריין אין א קאסטען, אזוי פאלען אריין שלעכטע ידיעות אין דעם רוהיגסטען הויז — האט רעמסס געזאגט — ווער האט דיר געזאגט וועגען דער פעניציאנערין?...

— ווייס איך דען ווער? מיין הארץ האט מיר געזאגט און א נבואה...

— א נבואה? — האט זיך רעמסס געוואונדערט:

— א שרעקליכע נבואה! א אלטע כהנת האט זיך דערוואוסט פון א קריסטאל-קויל, אז מיר אלע וועלען אום-קומען דורך די פעניציאנער, אלע און אמוועניגסטען איך און ... מיין זוהן!...— האט שרה געזאגט ווייענדיג שטארק.

— און דו, דו, וועלכע גלויבסט אין איינציגען גאט, האסט מורא פאר די נארישקייטען. וואס אן אלט פרוי, אפשר

גאָר אַ גרויסע שווינדלערין, זאָגט? וואו איז דיין גרויסער גאָט?...

— מיין גאָט איז נאָר מיינער און יענע געטער זענען דיינע, מוז איך דאָך זיי אָבּטען.

— בּכן האָט דיר די אַלטע געזאָגט וועגען די פּעניציאַנער? — האָט רעמסס געפרעגט.

— זי האָט מיר שוין לאַנג, נאָך נעבען מעמפיס, געזאָגט, אַז איך זאָל זיך היטען פון די פּעניציאַנער — האָט שרה געענטפערט — נאָר ערשט דאָ שמועסען אַלע פון עפּעס אַ פּעניצישער כהנת. ווייס איך דען? אפשר מישט זיך עפּעס אין מיין בּעזאָרגטען קאָפּ? מען האָט אויך געזאָגט, אַז ווען נישט איהר כּשוף, וואָלסטו דאַמאָלס נישט געשפּרונגען אויף דער אַרענע... אַך, ווען דער אָקס וואָלט דיך דאַמאָלס געהרג'עט!... נאָך איצט, ווען איך קלער וועגען דעם אונגליק, וואָס דיך האָט געקאָנט פּאַסירען, ווערט מיר דאָס האַרץ פערפרוירען...

— לאָך פון דעם, שרה, — האָט דער קרוין-פּרינץ לוסטיג געזאָגט — ווער עס איז בּיי מיר, שטעהט אַזוי הויך, אַז קיין שום אימה דאַרף איהם נישט דערגרייכען... נאַרישע ידיעות דאַרפען אַוודאי נישט איבּערשרעקען.

— און אַ אונגליק? איז דען פערהאַנען אַזאַ גרויסער בּאַרג, אויף וועלכען קיין אונגליק זאָל נישט קאָנען קומען...

— דו בּיזט פערמאַטערט פון דער אַרבּייט בּיי דעם קינד — האָט דער קרוין-פּרינץ געזאָגט — און די היץ פערמישט דיינע געדאַנקען און דאַרורך בּיזטו פערזאָרגט אָהן שום סבּה. זיי רוהיג און היט מיר אָב מיין זוהן. א מענש — האָט רעמסס ווייטער געזאָגט זייענדיג פערטראַכט —

זאָל ער זײַן װער ער איז: אַ פֿעניציאַנער, אָדער אַ גריעק, קאָן נאָר שאַדען זײַנסגלײַכען, אָבער נישט אונז, אונז, װאָס מיר זענען די געטער פֿון דער װעלט.

— װאָס האָסטו געזאָגט פֿון אַ גריעק? ... װאָס פֿאַר אַ גריעק? ...— האָט שרה געפֿרעגט מיט אונרוהיגקײַט.

— איך האָב געזאָגט: אַ גריעק? ... איך װײס נאָר נישט דערפֿון. אפשר איז מיר אַזאַ װאָרט אַרױס פֿון מױל און אפשר האָסטו נישט גוט געהערט. װאָס איך האָב געזאָגט.

ער האָט געקושט שרה'ן און זײַן זוהן, און ער האָט זיך מיט זײ געזעגענט. די אונרוהיגקײַט האָט ער אָבער נישט פֿערטריבען.

— אַמאָל מוז מען װיסען, אַז אין מצרים בלײַבט קײַן שום זאַך נישט בסוד — האָט ער זיך געקלערט — מיר שפּירען נאָך די כּהנים און מײַנע הױפֿ-לײַט, אַפֿילו דאַמאָלס, װען זײ זענען שכּור, אָדער זײ מאַכען זיך שכּור און קמאָ'ן היטען די שלאַנגען-אױגען פֿון די פֿעניציאַנער. אױב זײ האָבען זי ביז איצט נישט בעהאַלטען פֿאַר מיר, זאָרגען זײ נישט פֿיעל װעגען דעם, אַז זי זאָל בלײַבען אַ עהרליך מײדעל... און טאקי פֿאַר װעמען זאָלען זײ זי בעהאַלטען? פֿאַר מיר? זײ האָבען דאָך פֿאַר מיר ענטדעקט די סודות פֿון זײער בית-מקדש!... קמאָ װעט געהערען צו מיר... זײ זענען נישט אַזעלכע נאַראָנים, זײ זאָלען װעלען מײַן כּעס ציהען אױף זיך...

עטליכע טעג שפּעטער איז געקומען צו דעם קרױן-פּרינץ דער הײליגער כּהן מנטו-זופית, װעלכער איז געװען אַ געהילף פֿון דעם גרױסען הרהור אין קריעגס-געריכט.

קוקענדיג אויף דעם בלאסען פנים און די אראבגעלאזטע אויגען פון דעם נביא האט רעמסס דערקענט, אז ער ווייס שוין פון דער פעניציאנערין און אפשר וועט ער איהם וועלען מוסר זאגען, אלס גרויסער כהן. מנטו־זופית האט אבער דאס מאל נישט בעריהרט די זאך, נישט גערעדט וועגען קמא'ן.

בעגריסענדיג דעם קרוין־פרינץ מיט א אפיציעלער מינע, האט זיך דער נביא געזעצט אויף דעם ארט, וואס דער קרוין־פרינץ האט איהם געוויזען און האט געזאגט:

— פון דעם פאלאץ אין מעמפיס פון דעם אייביגען הערר האט מען מיר מודיע געווען, אז קיין פי־בושת איז אנגעקומען א כהן־גדול, א כשדי, איסטו־בר, וועלכער איז א שטערען־זעהער און א יועץ פון דעם מלך אסר.

דער קרוין־פרינץ האט געוואלט זאגען דעם נביא צו וואס איסטו־בר איז געקומען. ער האט זיך אבער געביסען די ליפען און געשוויגען.

— דער בעריהמטער איסטו־בר האט מיט זיך מיטגעבראכט דאקומענטען — האט דער כהן ווייטער געזאגט — לויט וועלכע סרגון, א מחותן פון דעם גרויסען מלך אסר, בלייבט ביי אונז א בעפאלמעכטיגטער פון דעם מעכטיגען מלך אסר...

רעמסס האט זיך קוים איינגעהאלטען פון לאכען. די ערנסטקייט, מיט וועלכער מנטו־זופית האט איהם אנגעהויבען צו ענטדעקען א שטיקעלע פון דעם סוד, וועלכער איז שוין לאנג בעוואוסט געווען דעם קרוין־פרינץ, האט איהם פול געמאכט דאס הארץ מיט לוסטיגקייט און — מיט פעראכטונג.

כהן — האָט זיך רעמסס געקלערט — איז זיך דער קונצען־מאַכער גאָר נישט משער, אַז איך קאָן אַלע זייערע שווינדלען?" . . .

— דער גרויסער סרגון און דער בכבוד'ער איסטו־בר — האָט מנטו־זופית געזאָגט — ווילען פאָהרען קיין מעמ־פיס, אום דאָרט צו קושען די פיס פון דעם הייליגען פרעה. פריהער ווערסט אָבער דו, אַלס שני־למלך, איינוויליגען אָנ־צונעהמען ביי זיך די צוויי גרויסע לייט און זייער סוויטע...

— גאַנץ גערן—האָט דער קרוין־פרינץ געענטפערט— און ביי דער געלעגענהייט וועל איך זיי פרעגען: ווען וועט אשור אונז בעצאָהלען דעם מס, וואָס קומט אונז שוין לאַנג?

— דו, גרויסער קרוין־פרינץ, ווערסט זיי פרעגען?— האָט דער נביא געפרעגט, קוקענדיג רעמסס'ן אין די אויגען.

— קודם־כל וועל איך זיי דאָס פרעגען!... אונזער שאַץ מוז האָבען דעם מס...

מנטו־זופית איז פלוצלונג אויפגעשטאַנען פון זיין אָרט און מיט אַגרויס ערנסטקייט האָט ער געזאָגט:

— דו, שני־למלך פון אונזער הערר, וועלכער טהיילט פונאַנדער לעבען: אין נאָמען פון הייליגען פרעה, פערוועהר איך דיר צו רעדען מיט וועמען עס איז וועגען דעם מס און בפרט מיט סרגונ'ען, איסטו־בר'ן און מיט עמיצען פון זיי־ער סוויטע.

דער קרוין־פרינץ איז בלאַס געוואָרען.

— דו, כהן,— האָט ער געזאָגט, אויך אויפשטעלענ־דיג זיך פון אָרט — מיט וואָס פאַר אַ רעכט רעדסטו צו מיר מיט אַ טאָן פון אַ אויבערהערר? ...

מנטו־זופית האָט אָבגערוקט זיין מלבוש און אַראָבגע־

נומען פון האלז א קייט, אויף וועלכער עס איז געווען א פינגערל פון פרעה'ן.

דער קרוין-פרינץ האט זיך ארומגעקוקט. מיט פרומ-קייט האט ער דאס פינגערל געקושט און געזאגט:

— איך וועל טהון, וואס מיין הייליגער פאטער הייסט מיך.

ביידע האבען זיך ווידער געזעצט און דער קרוין-פרינץ האט געפרעגט דעם כהן:

— צי וואלט איהר מיר נישט געקאנט ערקלערען: פארוואס זאל אשור אונז נישט בעצאהלען דעם מס, וועלכער וואלט באלד דעם שאץ פון דער מלוכה געקאנט רעטען?

— ווייל מיר האבען נישט קיין קראפט צו נויטען אשור, ער זאל אונז דעם מס בעצאהלען — האט מנטו-זופית מיט קאלטבלוטיגקייט געענטפערט — מיר האבען הונדערט און צוואנציג טויזענד מאן אין מיליטער און אשור האט דריי-הונדערט טויזענד. איך זאג דאס דיר בסוד אלס א גרויסען בעאמטען פון דער מלוכה.

— איך פערשטעה. אבער פארוואס האט דאס קריעגס-מיניסטעריום, אין וועלכען דו דיענסט, פערקלענערט אונ-זער ארמיע מיט זעכציג טויזענד מאן?

— אום צו פערגרעסערען די אויסגאבען אויף דעם הויף פון הייליגען פרעה'ן מיט צוועלף טויזענד טאלענטען — האט דער כהן געענטפערט.

— אהא!... זאג מיר, גרויסער כהן, — האט איהם דער קרוין-פרינץ ווייטער געזאגט — צו וואס פאהרט סרגון קיין מעמפיס, צו דעם הייליגען פרעה?

— איך וויים נישט.

— אהא!... אָבער פֿאַרוואָס זאָל איך נישט וויסען? איך, קרוין-פּרינץ?...

— ווייל עס זענען פֿערהאַנען סודות פֿון דער מלוכה, וועלכע עס קאָנען וויסען נאָר עטליכע גרויסע לייט...

— און אפילו מיין הייליגער פֿאָטער זאָל זיי נישט קענען?...

— אודאי! — האָט מנטו-זופית געענטפֿערט — זענען פֿערהאַנען אַזעלכע סודות, וועלכע עס וואָלט נישט געטאָרט וויסען אפילו דער הייליגער פּרעה, ווען ער וואָלט נישט געווען גלייכצייטיג אויך אַ כהן-גדול.

— ווי וואונדערבאַר איז דאָס — האָט דער קרוין-פּרינץ געזאָגט — מצרים איז אַ אייגענטהום פֿון פּרעה'ן און דאָך קאָנען פֿאָרקומען אין דער מלוכה אַזעלכע זאַכען, פֿון וועלכע פּרעה זאָל נישט וויסען?... ערקלער מיר דאָס, גרויסער כהן.

— מצרים איז אַ אייגענטהום פֿון נאָר עמון — האָט דער כהן געענטפֿערט — דאַדורך דאַרפֿען די גרעסטע סודות בעוואוסט זיין נאָר די, וואָס עמון זאָגט זיי זיין רצון און זיינע פּלאַנען.

דער קרוין-פּרינץ, הערענדיג די ווערטער, האָט געשפּירט אַזעלכע געפֿיהלען, ווי מען וואָלט איהם געוואָרפֿען אַהין און צוריק אויף אַ בעט, וואָס איז אויסגעזעצט מיט שטיכלעכען און אונטערגעצונדען מיט פֿייער.

מנטו-זופית האָט זיך געוואָלט אויפֿשטעלען, נאָר דער קרוין-פּרינץ האָט איהם פֿערהאַלטען.

— נאָך איין וואָרט — האָט ער געזאָגט געלאַסען — אויב מצרים איז שוואַך, אַז מען טאָר אפילו נישט דערמאָה-

געגען דעם מס, וואָס אשור איז שולדיג...

ער האָט שווער אָבגעעטהעמט.

... אויב מצרים איז אַזוי עלענד — האָט ער ווייטער געזאָגט— וואָס פאַר א זיכערהייט האָבען מיר, אַז די אשורים וועלען אויף אונז נישט אָנפאַלען?

— געגען דעם קאָן מען זיך בעוואָרנען — האָט דער כהן געענטפערט.

דער קרוין-פרינץ האָט געמאַכט מיט דער האַנד.

— קיין אָבמאַכונגען זענען נישט פערהאַנען פאַר שוואַכע! — האָט ער געזאָגט — די גרענצען קאָנען נישט געשיצט ווערען דורך זילבערנע טאָוולען, וועלכע זענען בעשריבען מיט אָבמאַכונגען, אויב אונטער זיי וועלען נישט שטעהן קיין שפיזען און שווערדען!...

— און ווער האָט דיר געזאָגט, אַז ביי אונז וועלען נישט שטעהן קיין שפיזען און שווערדען.

— דו אַליין האָסט מיר געזאָגט. הונדערט און צוואַנציג טויזענד מענשען מוזען אָבטרעטען פאַר דריי הונדערט טויזענד. און ווען אַשור וועט איינמאָל אַריין צו אונז, וועט פון מצרים ווערען א מדבר...

די אויגען פון מוטו-זופית האָבען אָנגעהויבען ברענען.

— ווען זיי וואָלטען אַריין צו אונז — האָט ער געזאָגט — וואָלטען זייערע ביינער נישט געזעהן זייער לאַנד!... מיר וואָלטען בעוואָפענט דעם גאַנצען אַדעל, די אַרבייטער-פאָלקען און אפילו די פערברעכער פון די גראָבען... מיר וואָלטען אַרויסגענומען די אוצרות פון אַלע בית-מקדש'ס... און אַשור וואָלט זיך בעגעגענט מיט פינף הונדערט טויזענד מאַן...

רעמסס איז געווען זעהר צופרידען פון דער פאטריאָטישער התלהבות פון דעם כהן. ער האָט איהם אָנגעכאַפּט ביי דער האַנד און געזאָגט:

— אויב מיר קאָנען אַליין האָבען אַזאַ אַרמיע, פאַרוואָס פאַלען מיר נישט אָן אויף בבל?... דער גרויסער העלד ניטאָגער בעט דאָך אונז שוין עטליכע יאָהר, מיר זאָלען אַזוי טהון!... און דער הייליגער פרעה איז דאָך שוין לאַנג אונרוהיג, הערענדיג, אַז אין אַשור הערשט עפּעס אַ בעוועגונג!... אויב מיר וועלען זיי ערלויבען צונויפצונעהמען זייערע כחות, וועט דער קאַמפּף זיין שווערער, אָבער ווען מיר וועלען אָנהויבען אַליין...

דער כהן האָט איהם די ווערטער איבערגעהאַקט.

— צי ווייסטו, קרוין־פּרינץ, — האָט ער געזאָגט — וואָס איז אַ מלחמה, צו וועלכער מען דאַרף געהן דורך דער מדבר? ווער קאָן אונז זיכערען, אַז איידער מיר וועלען צוקומען צו דעם טייך פרת, וועט נישט אַ העלפט פון אונזער אַרמיע אומקומען?

— אין איין מלחמה וואָלטען מיר מעהר געוואונען — האָט זיך רעמסס אָנגערופען.

— אַ מלחמה! — האָט איהם דער כהן איבערגעחזר'ט — צי ווייסטו, קרוין־פּרינץ, וואָס דאָס איז אַ מלחמה?..

— מיר דאַכט זיך, אַז איך ווייס! — האָט מיט גאוה געענטפערט דער קרוין־פּרינץ, קלאַפּענדיג מיט דער שווערד אָן דער ערד.

מנטו־זופית האָט געהויבען די פּלייצעם.

— און איך זאָג דיר, מיין העררר, אַז דו ווייסט נישט, וואָס מלחמה איז, פערקעהרט דו האָסט אַ פאַלשען בעגריף

וועגען אַ מלחמה. דו מיינסט, אַז אַ מלחמה איז דאָס זעלבע וואָס מאַנעווורען, אויף וועלכע דו האָסט אַלע מאָל געזיגט. האָטש נישט איין מאָל האָסטו בעדאַרפט צו זיין בעזיגט...

דער קרוין-פּרינץ איז טרויעריג געוואָרען. דער כהן האָט אַריינגערוקט די הענד אונטער זיין מלבוש און פּלוצלונג האָט ער געפרעגט:

— וואָס האַלט איך אין מיינע הענד?

— וואָס? — האָט מיט בעוואונדערונג איבערגעחזרט דער קרוין-פּרינץ.

— טרעף, ניך און גוט — האָט דער כהן געזאָגט — וואָרום אויב דו וועסט נישט וויסען, וועלען צוויי דיינע פאַלקען אומקומען...

— אַ פינגערל האַלטסטו — האָט דער קרוין-פּרינץ געענטפערט.

מנטו-זופית האָט געעפענט די האַנד: אַ שטיקעל פאַפּיער האָט ער אין דער האַנד געהאַלטען.

— נישט אַ פינגערל, נאָר אַ קמיע פון דער געטליכער התור — האָט דער כהן געזאָגט.

— זעהסטו, מיין הערר, — האָט דער כהן ווייטער געזאָגט — אַט אַזוי איז אַ מלחמה. אין דער צייט פון אַ מלחמה ציהט דער גורל אויס יעדע ווייַלע די האַנד צו אונז און הייסט ווי אַמגיכסטען טרעפען, וואָס אין האַנד געפינט זיך. מיר זענען זיך טועה, אָדער מיר טרעפען, ווען איז אָבער דעם, וואָס איז זיך אָפט טועה! און טויזענדער מאָל איז נאָך מעהר וועה דעם, וואָס דער גורל דרעהט זיך אויס פון איהם און נויט איהם ער זאָל זיך טועה זיין!...

— און דאָך גלויב איך, איך שפיר דאָס... — האָט

דער קרוין־פּרינץ געשריען, שלאָגענדיג זיך אין הארץ — אַז אַשור מוז צעטרעטען זיין!...

— הלואי זאָל דער גאָט עמון רעדען פון דיין מויל — האָט דער כהן געזאָגט — און אַזוי איז טאקע — האָט ער ווייטער געזאָגט —אַשור וועט ערנידריגט ווערען, אפשר נאָך מיט דיינע הענד, מיין הערר, אָבער נישט איצט... נישט איצט...

מנטו־זופית האָט זיך געזעגענט און דער קרוין־פּרינץ איז געבליבען אַליין. אין זיין הארץ און אין זיין קאָפּ האָט זיך געקאָכט.

— בכן איז חירום גערעכט געווען זאָגענדיג, אַז זיי נאַרען אונז — האָט זיך רעמסס געקלערט — איצט בין איך אויך זיכער. אַז אונזרע כהנים האָבען געשלאָסען עפּעס אַ אָבמאַך מיט די כשדים און דער הייליגער פּרעה וועט מוזען בעשטעטיגען דעם אָבמאַך. ער וועט מוזען... איז נאָך אַזאַ רשעות דערהערט געוואָרען?... ער, דער הערר פון דער מערב־וועלט, מוז אונטערשרייבען אַ אָבמאַך, וועלכען פאַלשע מענשען האָבען אויסגעטראַכט!...

זיין אָטהעם איז קורצער געוואָרען.

— בעזונדער האָט דער הייליגער מנטו־זופית מיר אַרויסגעגעבען אַ סוד, וועלכען ער האָט אפשר נישט געוואָלט אַרויסגעבען — האָט זיך רעמסס געקלערט — מצרים קאָן, נאָך זיינע ווערטער, אַרויסשטעלען אַן אַרמיע פון אַ האַלבען מיליאָן... מיר האָט זיך דאָס גאָר נישט געחלומ'ט!... און זיי מיינען, אַז איך וועל מורא האָבען פאַר זייערע מעשיות וועגען אַ גורל, וועלכען ער הייסט אונז טרעפען, וואָס ער האָט אין דער האַנד?... זאָל איך האָבען חאָטש נאָר צוויי הונ־

דערט טויזענד סאָלדאַטען, וועלכֿע זאָלען זײַן אַזוי געלערנט, ווי אונזערע סאָלדאַטען פֿון גריעכֿענלאַנד און לוב, וועל איך שוין אַלץ טרעפֿען, אַלץ, וואָס עס איז אויף דער ערד און אויף דעם הימעל.

און דער הײליגער נביא מנטו-זופית, נעהענדיג צוריק אין זײַן צעל, האָט צו זיך אַלײן געזאָגט:

„אַ דערהיצטער קאָפּ איז רעמסס, ער האָט ליעב פֿרויען, מחלוקת'ן, אָבער אַ פֿעסטען כאַראַקטער האָט ער. נאָך דעם שוואַכען הײַנטיגען פּרעה, וועט ער אונז צוריק-געבען די צײַטען פֿון רעמסס דעם גרויסען. נאָך צעהן יאָהר וועלען די שלעכֿטע שטערען זיך אומוואַנדלען, ער וועט עלטער, מיושב'ער ווערען און אַשור וועט דורך איהם צע-קרושעלט ווערען. פֿון נינוה וועלען חורבות ווערען, דער הײליגער בבל וועט צוריק גרויס ווערען און דער העכֿסטער גאָט, גאָט פֿון די כהנים אין מצרים און אין כשדים-לאַנד, וועט הערשען פֿון דער מדבר לוב ביז צו דעם הײליגסטען טײַך גאַנגעס.

„זאָל נאָר אונזער יונגער-מאַן נישט לעכֿערליך זיך מאַכֿען מיט זײַן וואַנדערן בײַ נאַכֿט צו דער כהנת פֿון פֿע-ניציען!... ווען מען וואָלט איהם דערזעהן אין גאָרטען פֿון עשתרות, וואָלט דאָס פֿאָלק געקאָנט מײנען, אַז דער קרוין פּרינץ בוינט צו זײַן אויער צו דער פֿעניצישער אמונה... און דער נידעריגער מצרים דאַרף שוין מעהר נישט, אום אַװעקצוואַרפֿען זײַנע אַלטע געטער... אַזאַ געמישעכֿטס פֿון פֿעלקער געפֿינט זיך דאָך אין נידעריגען מצרים!..."

עטליכֿע טעג דערנאָך האָט דער גרויסער סרגון אָפֿי-ציעל מודיע געװען דעם קרוין-פּרינץ, אַז ער איז אַ בעפֿאָל-

מעכטיגער פון אשור און אויסגעדרוקט זיין וואונש צו בע־גריסען דעם קרוין־פרינץ. גלייכצייטיג האט ער געבעטען, מען זאל איהם געבען א סוויטע, וועלכע זאל איהם בעגליי־טען מיט כבוד צו דעם היילינגען פרעה.

דער קרוין־פרינץ האט צוויי טעג זיך צוריקגעהאלטען פון צו געבען אנ'ענטפער און דערנאך האט ער סרגונ'ען בעשטימט א צייט צו זיין ביי איהם ווידער נאך צוויי טעג. סרגון, וועלכער איז געוואוינט געוועזען לאנגזאם אלין צו טהון, איז מיט דעם גאר נישט בעזארגט געווארען און ער האט קיין צייט נישט פערלוירען. ער האט געטרונקען פון דער פריה ביז אוועגד, אין ביינער האט ער געשפיעלט מיט חירום'ען און אנדערע רייכע לייט, און אין אפרייערע צייט, האט ער זיך, ווי רעמסס, ארויסגעחאפט צו קמא'ן.

דארט אלס עלטערער און פראקטישער מענש, האט ער ביי יעדען וויזיט געגעבען דער כהנת רייכע מתנות און וואס ער האט געפיהלט צו איהר האט ער אזוי אויס־געדרוקט:

— וואס זיצסטו, קמא, אין פי־בושת און ווערסט דאר? ווי לאנג דו ביזט יונג, וויילט דיך די דיענסט ביי די מזבחות פון עשתרות; אבער ווען דו ווערסט עלטער ווערען, וועסטו האבען צרות. זיי וועלען פון דיר אראב־רייסען די טייערע קליידער, אויף דיין ארט וועלען זיי אננעהמען א יונגערע און דו וועסט מוזען פערדיענען אויף א ביסעל געטריקענטען געשטען מיט נביאות'ן, וואס דו וועסט זאגען, אדער מיט פלעגען קינדבעטארינס.

— איך — האט סרגון ווייטער געזאגט — ווען די געטער וואלטען מיך געשטראפט און בעשאפען א פרוי,

וואלט איך בעסער געוואָלט זיין א קינדבעטאָרין, ווי פּלעגען א קינדבעטאָרין.

דאַדורך זאָג איך דיר, אלס א מענש א קלוגער, וואַרף אַוועק דאָס בית-מקדש און קום אין מיין האַרעם אריין. איך וועל פאַר דיר געבען צעהן טאַלענטען גאָלד, פּיערציג קיה און הונדערט מאָז ווייץ. די כהנים וועלען אָנפאַנגם מורא האָבען, אז די געטער זאָלען זיי נישט שטראָפען, כדי זיי זאָלען מעהר פון מיר אַרויסציהען געלד. נאָר וויל איך וועל מעהר אפילו איין דראַכמאַ נישט געבען, און אמהעכּס-טען וועל איך זיי נאָך עטליכע שעפּערך געבען, וועלען זיי אָבריכטען א תפלה און באַלד וועט זיך זיי דערוויזען די געטליכע עשתרות, וועלכע וועט דיך פרייַ מאַכען, אבי נאָר איך זאָל נאָך צוגעבען א נאָלדענע קיט אָדער א בעכער.

קמאָ, אויסהערענדיג די ווערטער, האָט זיך געביסען די ליפּען פון לאַכען און ער האָט וויטער געזאָגט:

— ווען דו וועסט מיט מיר פאָהרען קיין נינוה וועסטו ווערען א גרויסע דאַמע, איך וועל דיר געבען א פּאַלאַץ, פערד, א לעקטיקע, דינסטען און קנעכט. און איין חודש וועסטו אויף זיך מעהר פּאַרפומען אויסגיעסען, וויפיעל דו ביזט מקריב דאָ קטורת א גאַנץ יאָהר. און ווער ווייס — האָט ער געענדיגט — אפשר וועסטו געפעלען ווערען דעם מלך אסר און ער וועט דיך נעהמען אין זיין האַרעם אריין? אויב אזוי, וועסטו זיין גליקליכער און איך וועל צוריק נעה-מען דאָס, וואָס איך גיב אוים אויף דיר.

אין דעם טאָג, וואָס איז בעשטימט געווען, אז סרגון זאָל אָנגענומען ווערען ביי דעם קרוין-פרינץ, זענען הינטער דעם פּאַלאַץ פון קרוין-פרינץ געשטאַנען מיליטער און א

גרויסער המון, וועלכער האָט געוועלט זעהן, וואָס דאָרט טהוט זיך.

מיטאָג-צייט, ווען די היץ איז אַמגרעסטען געוועזען, איז געקומען סרגונ'ס סוויטע. פאָרענט זענען געגאַנגען פּאָליציאַנטען, וועלכע זענען בעוואָפענט געוועזען מיט שווערדען און שטעקענס, נאָך זיי עטליכע נאַקעטע לויפער און דריי רייטער, וואָס צוויי פון זיי זענען געוועזען רייטער און איינער אַ לאָקיי. אויף דעם עק פון יעדער גאַס האָבען די טראָמפּעטער געשפּילט אַ סיגנאַל און דערנאָך האָט דער לאָקיי הויך געשריען:

— אָט קומט אָן דער בעפאָלמעכטיגטער פון דעם מלך אסר, סרגון, אַ מחותן פון מלך, אַ הערר פון גרויסע גיטער, אַ מנצח אין מלחמות, אַ הערשער פון אַ פּראָווינץ. פאָלק, גיעב איהם אָב דעם כבוד, וועלכען ער פערדיענט אלס גוטער-פריינד פון היילינגען פּרעה, דער הערשער פון מצרים!...

נאָך די טראָמפּעטער זענען געפאָהרען לערך צוואַנציג רייטער פון אשור אין שפּיציגע היטלען, קורצע רעקלעך און ענגע הויזען. זייערע דויערהאַפטיגע פערד, וועלכע האָבען געהאַט לאַנגע האָר, האָבען אויף זייערע קעפּ און ברוסטען געהאַט מעשענע פּאַנצערס מיט שופּען.

דערנאָך זענען געגאַנגען פוסגעהענדיגע סאָלדאַטען אין היט און לאַנגע מאַנטלען ביז צו דער ערד. איין אָבטהיילונג פון די סאָלדאַטען איז געוועזען בעוואָפענט מיט שווערע בייטשען, די צווייטע אָבטהיילונג — מיט פייל-און-בויגענס, די דריטע אָבטהיילונג — מיט שפּיזען. אויסער דעם האָט יעדער געהאַט אַ שווערד און אַ פּאַנצער.

נאך די סאלדאטען זענען געגאנגען פערד, וועגען און לעקטיקעס פון סרגונ'ען, וועלכע זענען געוועזען ארומגענומען מיט דינער אין ווייסע, רויטע, גרינע קליידער... דערנאך האבען זיך געוויזען פינף עלפאנטען מיט לעקטיקעס אויף די רוקענס: אויף איין עלפאנט איז סרגון געפאהרען, אויף דעם אנדערען — דער כשדישער כהן איסטו־בר.

נאך זיי זענען ווידער געוועזען סאלדאטען, רייטער, און פוס־געהער און א סירישע מוזיק, וועלכע האט די אויערען געריסען און איז בעשטאנען פון טראמפעטען, בלעכען, פויקען און פלעטען.

רעמסס, זייענדיג ארום גענומען מיט כהנים, אפיציערען און אדעל־לייט, וועלכע זענען געוועזען רייך געקליידט, האט אבגעווארט דעם בעפאלמעכטיגטען אין א גרויסען זאל, וועלכער איז געוועזען אפען פון דריי זייטען. דער קרוין־פרינץ איז געוועזען לוסטיג, זעהענדיג, אז די אשורים טראגען מתנות און דאס פאלק פון מצרים קאן מיינען, אז דאס איז דער מס, וואס די אשורים גיעבען מצרים. ווען ער האט אבער געהערט אויף דעם הויף די הויכע שטימע פון לאקיי, וועלכער האט געריהמט די מעכטיגקייט פון סרגונ'ען, איז ער טרויעריג געווארען; ווען ער האט ווייטער געהערט, אז דער מלך אסר איז פרעה'ס א גוטער־פריינד, איז ער געווארען אין כעס. זיינע נאזלעכער זענען ברייט געווארען, ווי די נאזלעכער פון א צערייצטען אקס און אין זיינע אויגען האבען זיך פונקען אנגעצונדען. זעהענדיג דאס, האבען די אפיציערען און אדעל־לייט זיך אויך בייז געמאכט און די שווערדען זייערע האבען זיך אויסגעגלייכט. דער הייליגער

מנטו-זופית האָט דערזעהן זייער אונצופריעדענהייט און האָט אויסגעשריען:

— אין נאָמען פון הייליגען פרעה הייס איך די ארעל-לייט און אָפיציערען, אז זיי זאָלען אָננעהמען דעם גרויסען סרגון מיט אזא אכטונג, וואָס געהער דעם בעפאָלמעכטיגטען פון דעם גרויסען מלך! ...

דער קרוין-פרינץ האָט צוגעפעצויגען די ברעמען און מיט אונגעדולד האָט ער אָנגעהויבען געהן אויף דער עסטראדע, אויף וועלכען עס איז געשטאנען זיין שני-למלך'-דיגע שטוהל. נאָר די אָפיציערען און ארעל-לייט, וועלכע זענען געוואוינט געווען צו פאָלגען, האָבען זיך בערוהיגט, ווייסענדיג, אז געגען מנטו-זופית'ן, דעם געהילף פון קריעגס-מיניסטער, האָבען זיי קיין עצה נישט.

די סאָלדאטען פון אשור, וועלכע זענען געווען שווער געקלייידט, האָבען זיך דערווייל אויסגעשטעלט אויפ'ן הויף אין דריי רייהען געגען די האלב-נאקעטע פלינקע סאָלדאטען פון מצרים. אין הארץ פון די און יענע האָט געברענט א אלטע שנאה. די קאָמאנדע איז אָבער מעכטיגער געווען פון דער שנאה.

באלד זענען אויך אָנגעקומען די עלפאנטען, עס האָבען זיך געהערט די טראָמפּעטען פון מצרים און אשור, ביידע מיליטערען האָבען אויפגעהויבען דאָס געוועהר הויך, דאָס פאָלק איז געפאלען אויפ'ן פנים און די גרויסע לייט פון אשור: סרגון און איסטו-בר, זענען אראָבגעגאנגען פון די לעקטיקעס אויף דער ערד.

אין זאל איז רעמסס געזעסען אויף א הויכען שטוהל

אונטער אַ חופה און בײַ'ם אײַנגאַנג, האָט זיך געשטעלט דער לאַקײַ פון סרגון'ען.

— גרויסער הערר! — האָט ער זיך געווענדעט צו רעמסס'ן — דער בעפאָלמעכטיגטער פון גרויסען מלך אסר, דער בעריהמטער סרגון און זײַן חבר, דער הײליגער נביא איסטוּ-בר, ווילען דיך בעגריסען און אָנטהון כבוד דיר, שני-למלך און קרוין-פּרינץ, אײביג זאָלסטו לעבען! ...

— בעט די גרויסע לײַט, זיי זאָלען אַרײַנקומען און דערפרעהען מײַן הארץ מיט'ן זעהן זייערע פּנים'ער — האָט דער קרוין-פּרינץ געענטפערט.

מיט אַ קלאַנג איז אַרײַן אין זאַל סרגון אין אַ לאַנג, גרין מלבוש, וואָס איז געווען געדיכט אויסגענעהט מיט גאָלד. נעבען איהם אין אַ ווײַסען מאַנטעל איז געגאַנגען דער הײליגער איסטוּ-בר, און נאָך זיי האָבען שרים פון אשור געטראָגען מתנות פאַר דעם קרוין-פּרינץ.

סרגון איז צוגעגאַנגען צו דער עסטראַדע און האָט געזאָגט אויף אשור-לשון:

— איך, סרגון, אָנפיהרער פון מיליטער, שני-למלך און מחותן פון מעכטיגסטען מלך אסר, קום בעגריסען דיך, שני-למלך פון דעם מעכטיגסטען פרעה, און אלס צײַכען פון אײביגער פרײַנדשאַפט גיעב איך דיר די מתנות.

די ווערטער פון סרגון'ען זענען באלד איבערזעצט געוואָרען אויף מצריים-לשון און דער קרוין-פּרינץ האָט אָנגעשפּאַרט זײַנע הענד אויף די קניען און איז געזעסען אָהן בעוועגונג, ווי די שטײַנבילדער פון זײַנע אבות.

— איבערזעצער — האָט סרגון געזאָגט — צי האָסטו שלעכט איבערזעצט דעם קרוין-פּרינץ מײַן שענע בעגריסונג?

מנטו־זופית, וועלכער איז געשטאַנען נעבען דער עס־טראַדע, האָט זיך אָראָבגעבויגען צו רעמסס'ן.

— מײַן הער, — האָט ער שטיל געזאָגט — דער גרויסער סרגון וואַרט אויף דײַן גנעדיגען ענטפער.

— בכן זאָג איהם — האָט דער קרוין־פּרינץ געזאָגט מיט כעס — אַז איך פערשטעה ניַשט, מיט וואָס פאַר אַ רעכט רעדט ער צו מיר, ווי צו זײַנסגלײַכען ? ...

מנטו־זופית איז מבולבל געוואָרען און דאָס האָט נאָך מעהר דערצערנט דעם קרוין־פּרינץ, וואָס זײַנע ליפּען האָבען געציטערט און די אויגען געברענט. דער כשדי איסטו־בר, וועלכער האָט פערשטאַנען מצרים־לשון, האָט אָבער געזאָגט גיך צו סרגונ'ען:

— זאָלען מיר פאַלען אויף די פּנים'ער ! ...

— פאַרוואָס זאָל איך פאַלען אויף מײַן פּנים ? —האָט סרגון געפרעגט מיט כעס.

— פאַל אויף דײַן פּנים, אויב דו ווילסט נישט פערליערען די גנאָד אין די אויגען פון אונזער מלך. און אפשר וועסטו נאָך דײַן קאָפּ פערליערען : ...

זאָגענדיג דאָס, האָט זיך איסטו־בר אויסגעצויגען אויף דער ערד, ווי גרויס ער איז געווען און נעבען איהם האָט זיך אויסגעצויגען סרגון.

— פאַרוואָס זאָל איך ליעגען אויף מײַן בויך פאַר דעם יונג ? — האָט סרגון געמורמעלט.

— ווײַל ער איז אַ שני־למלך — האָט איסטו־בר געענטפערט.

— אוז איך בין נישט געווען אַ שני־למלך פון מײַן מלך ? ...

— ער וועט זײַן אַ מלך און דו וועסט קײַן מלך נישט זײַן.

— וועגען וואָס קריגען זיך די בעפֿאָלמעכטיגטע פֿון דעם מעכטיגסטען מלך אַסר ? — האָט דער קרוין־פּרינץ געפֿרעגט דעם איבערזעצער.

— וועגען דעם, צי זײ זאָלען דיר ווײַזען די מתנות, וועלכע זענען בעשטימט פֿאַר פּרעה'ס וועגען, צי זײ זאָלען נאָר דיר אָבגעבען די מתנות, וועלכע זענען געשיקט געוואָרען פֿאַר דײַנעם וועגען — האָט דער איבערזעצער געענטפֿערט.

— אדרבה, איך וויל זעהן די מתנות, וועלכע מײַן הײליגער פֿאָטער זאָל בעקומען — האָט דער קרוין־פּרינץ געזאָגט — און איך ערלויב די בעפֿאָלמעכטיגטע אויפֿצושטעהן.

סרגון האָט זיך אויפֿגעהויבען אַ רויטער פֿון כעס אָדער פֿון מיעדקײַט און ער האָט זיך געזעצט, אונטערלענענדיג אונטער זיך די פֿיס.

— איך האָב נישט געוואוסט—האָט ער געשריען— אַז איך, דער קרוב און בעפֿאָלמעכטיגטער פֿון גרויסען מלך אַסר, וועל מוזען מיט מײַנע קלײדער אויסווישען דעם שטויב פֿון דער פֿאָדלאָגע בײַ אַ שני־למלך פֿון מצרים! . . .

מנטו־זופֿית, וועלכער האָט פֿערשטאַנען די אשורית׳דיגע שפּראַך, נישט פֿרעגענדיג רעמסס'ן, האָט גיך געהײסען ברענגען צווײ בענק. וועלכער זענען געווען בעדעקט מיט דיוואַנעס, אויף וועלכע עס האָבען זיך באַלד געזעצט: דער צעבײזערטער סרגון און דער רוהיגער איסטו־בר.

סרגון האָט זיך אויסגעשפּעט און האָט געהייסען זיך געבען אַ גרויסען גלעזערנעם בעכער, אַ שטאָלענע שווערד און ברענגען צו פיהרען צוויי פערד מיט פערגאָלדעטען געשפאַן. און ווען מען האָט זיין בעפעהל אויסגעפיהרט, האָט ער זיך אויפגעהויבען פון אָרט, זיך געבוקט און געזאָגט צו רעמסס'ן:

— מיין העֶרר, דער מלך אַסר שיקט דיר, קרוין־פּרינץ, צוויי וואונדערבאַרע פערד, וועלכע זאָלען דיך פיהרען נאָר צו נצחונות. ער שיקט דיר אַ בעכער, פון וועלכען עס זאָל נאָר שמחה פליעסען אין דיין הארץ און אַ שווערד, וואָס זיינם גלייכען איז נישט פערהאַנען אין ערגעץ, אויסער אין דער וואַפען־קאַמער פון דעם מעכטיגען הערשער אין לאַנד אַשור.

ער האָט פון דער שייד אַרויסגעצויגען אַ לאַנגע שווערד, וועלכע האָט געבלאַנקט ווי זילבער און ער האָט זי געבויגען אין דער האַנד. די שווערד האָט זיך אויסגעבויגען ווי אַ בויגען און דערנאָך האָט זי זיך פּלוצלונג אויסגעגלייכט.

— דאָס איז טאַקי אַ וואונדערבאַרע שווערד!... — האָט רעמסס געזאָגט.

— אויב דו, קרוין־פּרינץ, וועסט ערלויבען, וועל איך דיר ווייזען, וואָס פאַר אַ מעלה נאָך די שווערד האָט — האָט סרגון געזאָגט און וועלענדיג זיך בערימען מיט דעם גוטען וואַפען. וואָס אַשור האָט, איז זיין כעס געשטילט געוואָרען.

אויף זיין בעפעהל האָט איינער פון די מצרי'שע אָפיציערען אַרויסגעצויגען זיין שטאָלענע שווערד און האָט זי

געהאלטען, ווי צו׳ם אטאקירען. דאן האט סרגון אויפגע-
הויבען זיין שווערד און האט אבגעהאקט א שטיקעל שווערד
פון דעם מצרי׳שען אפיציער.

און זאל האט מען בעוואונדערט די שווערד פון אשור
און דאס פנים פון רעמסס איז זעהר רויט געוואָרען.

„דער אויסלענדער — האט זיך רעמסס געקלערט, —
האט מיר אין צירק אבגענומען א אָקס, ער וויל חתונה
האבען מיט קמא׳ן און ווייזט מיר א שווערד, וועלכע
שניידט אונזערע שווערדען, ווי קרויט!...”

און נאך גרעסער איז געוואָרען זיין שנאה צו דעם
מלך אסר, צו אלע אשורים בכלל און בפרט צו סרגונ׳ען.

פונדעסטוועגען האט ער זיך בעהערשט און מיט
גרויס דרך-ארץ האט ער פערבעטען דעם בעפאלמעכטיג-
טען, ער זאל איהם ווייזען די מתנות, וואָס פרעה האט
געזאלט בעקומען.

באלד זענען געבראכט געוואָרען גרויסע קאסטענס,
פון וועלכע העבערע בעאמטע פון אשור האבען ארויסגע-
נומען דורכזיכטיגע שטאָפען, בעכערס, קריגען, שטאלען
געוועהר, פיילען און בויגענס פון הערנער פון ווילד-טיערען,
פערגאָלדעטע פושקעס צו׳ם געוועהר, וועלכע זענען אויס-
געזעצט געווען מיט טייערע שטיינער.

די הערליכסטע מתנה איז געווען א מאָדעל פון דעם
מלך אסר׳ם פאלאץ, וועלכער איז געווען אויסגעארבייט
פון זילבער און גאָלד. ער האט אויסגעזעהן, ווי פיער
גרויסע בנינים, וואס זענען געשטאנען איינער אויף דעם
אנדערען: אונטען א גרויסער, אויף איהם א קלענערער, אויף
וועלכען עס איז געשטאנען נאך א קלענערער, און אויף דעם

דריטען בנין — נאָך אַ קלענערער. יעדער פון דעם בנין איז געווען אַרומגענומען מיט זיילען און דער דאַך אויבען איז געווען אַ פלאַכער. ביי יעדען איינגאַנג זענען געשטאַנען לייבען, אָדער אָקסען מיט פליגעל און מענשען-קעפּ. אין ביידע זייטען פון די טרעפּ זענען געשטאַנען בילדער פון די מלכים און פירשטען, וועלכע זענען געווען אונטערטהעניג דעם מלך אַסר, מיט מתנות פאַר דעם מלך אין די הענד. אין ביידע זייטען פון דער בריק זענען געשטאַנען געשניצטע פערד. סרגון האָט אָבגערוקט איין וואַנד פון דעם מאָדעל און מען האָט דערזעהן רייכע צימערען מיט זעהר טייער מעבעל. אַממעהרסטען איז בעוואונדערט געוואָרען דער אוידיענץ-זאַל, וואו עס זענען געווען פיגורען, וועלכע האָבען פאָרגעשטעלט דעם מלך אויף אַ הויכען טראָהן און זיינע הויפּט-לייט, סאָלדאַטען און פרעמדע מלכים מיט פירשטען, וועלכע האָבען אָבגעגעבען מס.

דער גאַנצער מאָדעל איז געווען לאַנג, ווי צוויי מענשען, און הויך ווי איין מענש. די מצריים האָבען זיך אין די אויערען איינגערוימט, אַז די איינע מתנה פון מלך אַסר איז ווערט הונדערט און פונפציג טאַלענטען.

ווען מען האָט אַרויסגעטראָגען די קאַסטענס, האָט דער קרוין-פּרינץ פערבעטען ביידע בעפאָלמעכטיגטע אויף אַ מאָהלצייט, אויף וועלכען די געסט האָבען בעקומען גרויסע מתנות. רעמסס האָט אַזוי שען אויפגענומען די געסט, אַז ווען סרגון'ען איז געפעלען געוואָרען איינע פון זיינע פרויען, האָט ער זי איהם געשענקט, נאָכדעם ווי ער האָט זי געפרעגט, צי זי וויל געהן צו סרגון'ען און איהר מוטער איז אויך דערויף בעשטאַנען.

רעמסס איז ארטיג געווען צו די בעפאָלמעבטינטע און דאָך איז זיין שטערען בעדעקט געווען מיט א וואָלקען. און ווען טוטמאָזיס האָט איהם געפרעגט: צי דער פאַלאַץ פון מלך אַסר איז שען? — האָט דער קרוין-פרינץ געענטפערט:

— אמשענסטען וואָלטען מיר געפעלען געוואָרען חורבות פון דעם פאַלאַץ אויף די רואינען פון נינוה.

די אשורים האָבען זיך אויף דעם מאָהלצייט צוריק־געהאַלטען פון ריהמען זיך, פיעל עסען און טרינקען און שרייען. סרגון האָט קיין איינמאָל נישט הויך געלאַכט, ווי ער איז געוואוינט געווען: ער האָט זיינע אויגען פערדעקט מיט די ברעמען און ער איז געזעסען, ווי פערטראַכט.

נאָך די צוויי כהנים: דער כשדי איסטו-בר און דער מצריי מנטו-זופית זענען רוהיג געווען, ווי מענשען, וועלכע גאָט האָט געגעבען א רוח נבואה צו וויסען, וואָס אין דער צוקונפט וועט זיין און זיי קאָנען בעהערשען די צוקונפט.

## עלפטעס קאַפיטעל.

נאָך דער אויפנאַהמע ביי דעם קרוין-פרינץ, האָט זיך רעמסס נאָך פערהאַלטען אין פי-בושת, וואַרטענדיג אויף בריעף פון פרעה'ן, וועלכע האָבען געזאָלט אַנקומען פון מעמפיס, און גלייכצייטיג האָבען אָנגעהויבען צו קרייזען עפּעס משונה'דיגע קלאַנגען צווישען די אָפיציערען און די אַרעל-לייט.

די פעניציאַנער האָבען דערצעהלט בסוד, אז די כהנים האָבען צוליעב עפּעס א סבה געשענקט אשור דעם מס, וואָס ער איז שולדיג געווען, האָבען איהם בעפרייט

פֿון צו צאָהלען מס און אום די אַשורים זאָלען קאָנען פֿיהרען עפּעס אַ מלחמה אויף צפֿון, האָבען זײַ מיט אשור געשלאָסען אַ שלום אויף לאַנגע יאָהרען.

— פרעה — האָבען די פֿעניציאַנער דערצעהלט — איז זעהר קראַנק געוואָרען, געוואָהר ווערענדיג, וואָס פֿאַר הנחות עס זענען געמאַכט געוואָרען די באַרבאַרען. דער קרוין־פּרינץ איז פֿערזאָרגט און געהט אַרום טרויעריג, נאָר ביידע מוזען זיך אונטערגעבען די כהנים, נישט זייענדיג זיכער, אַז דאָס מיליטער און דאָס אַדעל וועלען מיט זײַ האַלטען.

דאָס האָט אַממעהרסטען פֿערדראָסען די אַריסטאָקראַטיע פֿון מצרים.

— זאָל די דינאַסטיע אונז שוין נישט טרויען!...— האָבען זיך שטיל בעקלאָגט די שרים, וועלכע האָבען געהאַט פֿיעל חובות צו צאָהלען — און די כהנים ווילען דוקא חרפּות אָנטהון מצרים און רואינירען דאָס לאַנד?... וואָרום דאָס קאָן דאָך יעדער פֿערשטעהן, אַז אויב אַשור האָט ערגעץ אויף צפֿון־זייט אַ מלחמה, איז דאָך טאַקי איצט צײַט אָנצופֿאַלען אויף איהם און מיט דעם רויב, וואָס מען וועט דאָרט בעקומען, פֿול צו מאַכען דעם שאַץ פֿון קעניג און אַדעל־לײַט, וועלכער איז איצט לעער...

עטליכע יונגע אַדעל־לײַט זענען דרייסט געוואָרען און געפֿרעגט דעם קרוין־פּרינץ: וואָס ער מיינט וועגען די באַרבאַרען פֿון אַשור? דער קרוין־פּרינץ האָט געשוויגען, נאָר דער בלאַנק פֿון זײַנע אויגען און דאָס פֿערמאַכטע מויל האָט אויסגעדריקט זײַנע געפֿיהלען.

— דאָס זעהט מען בעשיינפּערליך — האָבען זײַ צווי־

שען זיך געשמועסט בסוד—אז די דינאסטיע איז בעהערשט געוואָרען פון די כהנים, זי טרויעט נישט אין די ארעל-לייט און מצרים שטעהט פאר א גרוים אונגליק...

פון די שטילע שמועסען זענען ניך געוואָרען שטילע בעראטהונגען, וועלכע האבען אויסגעזעהן, ווי א פערשווערונג. נאר חאָטש פיעל פערזאָנען האבען זיך אין דעם בעטייליגט, האבען די כהנים דערפון גארנישט געוואוסט, און סרגון, חאָטש ער האָט דערשפירט די שנאה, האָט ער פון איהר זיך גארנישט געמאכט.

ער האָט דערקענט, אז דער קרוין-פרינץ רעמסס האָט איהם פיינד, ער האָט אָבער געמיינט, אז די שנאה שטאמט פון דעם פארפאל אין צירק און פון דער אייפערזיכט וועגען קמא'ן. זייענדיג אָבער זיכער, אז אלם בעפעלמעכטיגטען וועט איהם קיין שלעכטס נישט געשעהן, האָט ער אָבגעהאלטען מאהלצייטען און יעדע נאכט האָט ער זיך ארויסגעכאפט פון דער היים אין איז געגאנגען צו דער כהנת קמא, וועלכע האָט איהם וואס א מאל בעסער אויפגענומען און מיט מעהר ארטיגקייט זיינע מתנות אנגענומען.

א געוויסע נאכט איז דער הייליגער מנטו-זופית אריין צו רעמסס'ן אין וואָהנונג און האָט געזאָגט, אז ער מוז זיך זעהן מיט'ן קרוין-פרינץ.

די הויפס-לייט האבען געענטפערט, אז ביי רעמסס'ן געפינט זיך איצט איינע פון זיינע פרויען און דאדורך קאָנען זיי איהם נישט בעאונרוהיגען. ווען מנטו-זופית האָט אָבער שטארק פערלאנגט, האבען זיי דעם קרוין-פרינץ ארויסגערופען.

נאך א קורצער ווײַלע, האָט זיך רעמסס געוויזען און

ער איז זאָגאַר ניִשט געוועזען אין כעס, פאַרוואָס מען שטערט איהם.

— וואָס איז דאָס? — האָט דער הייליגער כהן געפרעגט — ציִ האָבען מיר אַ מלחמה, וואָס דו ביזט זיך מטריח אַרויסצוגעהן צו מיר אַזוי שפּעט?

מנטו-זופית האָט זיך גוט איינגעקוקט דעם קרוין-פּרינץ און האָט טיעף געזיפצט.

— ציִ ביזטו דעם גאַנצען אָוועגד ניִשט אַרויסגעגאַנגען?

— אַפילו איין טריט אויך ניִשט.

— בכן קאָן איך פערזיכערען, איך, אַ כהן, קאָן אַלזאָ פערזיכערען, אַז דו ביזט ניִשט אַרויסגעגאַנגען?

דער קרוין-פּרינץ האָט זיך געוואונדערט.

— מיר דאַכט זיך — האָט ער שטאָלץ געענטפערט — אַז דו דאַרפסט שוין ניִשט פערזיכערן. ווען איך פערזיכער. וואָס איז דאָס?

זיי זענען אַרויס אין אַ בעזונדער ציִמער.

— ווייסטו, מיין הערר, וואָס ער האָט פּאַסירט פאַר אַ שטונדע — האָט דער כהן געזאָגט מיט היץ — אויף סרגוס'ען זענען אָנגעפאַלען עפּעס יונגע לייט און איהם געשלאָגען מיט שטעקענס...

— וואָס פאַר יונגע לייט? ... וואו? ...

— נעבען דעם פּאַלאַץ פון דער פעניציִשער כהנת קמא — האָט מנטו-זופית געזאָגט, גוט זיך איינקוקענדיג אין פּנים רעמסס'ן.

— זעהר גוט! דרייסטע יונגען! — האָט רעמסס געזאָגט הויבענדיג די פּלייצעס — אָנפאַלען אויף אַזאַ

גבור!... נישט אײן בײן האָט דאָרט אודאי געפּלאַצט.

— אָבער אָנפּאַלען אַ בעפעלמעכטיגטען... בעמערק נאָר גרויסער הערר: אַ בעפעלמעכטיגטען, וועלכען עס שטיצט דער מאַיעסטעט פון אשור און מצרים — האָט דער כהן געזאָגט.

— האַ, האַ! — האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט דער קרוין־פּרינץ — בכן שיקט דער מלך אסר זײנע בעפעל־מעכטיגטע אויך צו אַ פעניציִשער טענצערין?...

מנטו־זופית איז מבולבל געוואָרען און האָט נישט געוואוסט, וואָס צו ענטפערען. פּלוצלונג האָט ער זיך אַ קלאַפּ געטהון אין שטערן און האָט אויסגעשריִען אײך מיט אַ געלעכטער:

— זעה, ווי אַ פּשוט'ער מענש איך בין און קאָן נישט קײן פּאָליטישע צערעמאָניעס. איך האָב דאָך גאָר פערגעסען, אַז סרגון, וועלכער שלעפט זיך ארום בײ נאַכט נעבען דעם הויז פון אַ פערדאַכטע פרוי, איז קײן בעפעל־מעכטיגטער נישט, נאָר אַ געוועהנליכער מענש!...

נאָר נאָך אַ ווײלע האָט ער ווײטער געזאָגט:

— יעדענפאַלס איז דאָס נישט גוט געוועזען, וואָס מען איז דאָ אָנגעפאַלען אויף סרגונ'ען... סרגון קאָן אונז פײנד בעקומען...

— כהנים!... כהנים!... — האָט דער קרוין־פּרינץ געזאָגט, שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ. דו פערגעסט אַ וויכטי־גערע זאַך, אַז מצרים דאַרף נישט מורא האָבען און נישט צו זאָרגען וועגען דעם צי סרגון, אָדער אפילו דער מלך אסר וועט אויף אונז בײז זײן אָדער נישט...

מנטו־זופית איז אַזוי צעמישט געוואָרען מיט די קלוגע

בעמערקונגען פון דעם קרוין-פרינץ, אז אנשטאט איהם צו ענטפערען, האט ער זיך געבוקט, מורמלענדיג:

— די געטער האבען דיר געגעבען חכמה פון א כהן-גדול... זאל זייער נאמען געבענשט זיין!... איך האב שוין געוואלט ארויסגעבען א בעפעהל, אז מען זאל אויסזוכען און ארעסטירען די יונגע-לייט; נאר איצט וויל איך בעסער דיך פרעגען, וואס איך האב צו טהון, ווייל דו ביזט קליגער פון אלע חכמים.

זאג מיר אלזא, מיין הערר, וואס האב איך צו טהון מיט סרגונ'ען און מיט די רשעים?...

מען דארףווארטען ביז מארגען — האט דער קרוין-פרינץ געזאגט — אלס כהן ווייסטו אודאי גוט, אז געטליבע חלומות ברענגען גוטע עצות.

— און אויב איך וועל ביז מארגען אויך נישט וויסען וואס צו טהון? — האט מנטו-זופית געפרעגט.

יעדענפאלס וועל איך בעזוכען סרגונ'ען און וועל זיך בעמיהען אויסצומעקען פון זיין זכרון דעם פארפאל.

דער כהן האט זיך געזעגענט מיט דעם קרוין-פרינץ אבגעבענדיג איהם דעם גרעסטען כבוד און אהיים קומענדיג, האט ער זיך געקלערט:

דאס הארץ וועל איך מיר לאזען ארויסרייסען, אויב דער קרוין-פרינץ האט געהערט צו דעם אנפאל: נישט ער אליין האט געשלאגען, נישט ער האט אנדערע אנגערעדט און ער האט אפילו נישט געוואוסט פון דעם פארפאל. ווער עס בעטראכט אזוי גוט, אזוי קאלטבלוטיג און אזוי גיך א זאך, קאן נישט געהערען צו איהר. און אויב אזוי קאן איך אנהויבען צו פיהרען די אויספארשונג און אויב

דער בעוואקסענער בארבאר וועט זיך נישט בערוהיגען, וועל איך די אנפאלער אבגעבען אין געריכט. א שענער אבמאך צווישען די צוויי מלוכות איז דאס! אנגעהויבען האט עס זיך מיט שלאגען א בעפאלמעכטיגטען!...

צומארגענס איז דער בעריהמטער סרגון געלעגען אויף זיין געלעגער פון דיוואנעס. ווי עס האט איהם אפט געפלעגט פאסירען, נאך יעדען מאל, ווען ער האט פיעל געשכור'ט, איז נעבען איהם, אויף א ניעדריגער זאפע, געזעסען דער פרומער איסטו-בר קוקענדיג אויף דעם סופית און בעטענדיג צו די געטער.

— איסטו-בר — האט דער גרויסער סרגון געזאגט זיפצענדיג — ציי ביזטו זיכער, אז קיינער פון אונזערע הויפס-לייט ווייסט נישט פון מיין אונגליק?

— ווער קאן וויסען, וואס דיר האט פאסירט, ווען קיינער האט דיך נישט געזעהן?

— אבער די מצריים?... — האט סרגון געזיפצט.

— פון די מצריים ווייסען מנטו-זופית און דער קרוין-פרינץ, נו, און די משוגעים, וועלכע וועלען זיכער לאנג געדענקען דיינע פויסטען...

— אפיש א ביסעל!... אפשר!... נאר מיר דאכט זיך, אז צווישען זיי איז געווען דער קרוין-פרינץ און ער האט א צעשלאגענע נאז און אפשר גאר א צעבראכענע.

— דער קרוין-פרינץ האט א גאנצע נאז און ער איז דארט נישט געווען. איך פערזיכער דיר!

— אויב אזוי — האט סרגון געזאגט זיפצענדיג — דארף דער קרוין-פרינץ עטליכע פון זיי אויף א סלופ הייסען

צושלאָגען. איך בין דאָך אַ בעפאָלמעכטיגטער!... מיין גוף איז הייליג!...

— און איך זאָג דיר — האָט איהם איסטו-בר גע־ראַטהען — דו זאָלסט אַרויסטרייבען דעם כעס פון דיין הארצען און זיך אפילו נישט בעקלאָגען, וואָרום אויב די הול־טייעם וועלען איבערגעגעבען ווערען דעם געריכט, וועט די גאַנצע וועלט געוואָהר ווערען, אז דער בעפאָלמעכטיגטער פון מלך אסר גיעט זיך אָב די פעניציאַנער און ער בעזוכט זיי איינער אַליין ביי נאַכט. און וואָס וועסטו ענטפערען, ווען דיין גרויסער שונא, דער קאַנצלער ליך-באַגום, וועט דיך פרעגען: „סרגון, מיט וועלכע פעניציאַנער האָסטו זיך געזעהן און וואָס האָסטו מיט זיי געשמועסט נעבען דעם בית־המקדש ביי נאַכט?"...

סרגון האָט געמורמעלט שטיל.

אינדעם איז אַריין איינער פון די אָפיציערען פון אַשור. ער האָט אַניעדערגעקניעט, איז מיט'ן פנים גע־פאַלען צו דער ערד און האָט געזאָגט צו סרגונ'ען:

— דו, ליכטיגקייט פון אונזער הערים אויגען!... פאַר'ן הויז זענען געקומען פיעל גרויסע שרים פון מצרים מיט דעם קרוין-פרינץ בראש... ער וויל אַריינגעהן צו דיר אודאַי נאָר, אום דיר כבוד אָבצוגעבען...

נאָר איידער סרגון האָט אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל, וואָס מען האָט צו טהון, איז אַריין דער קרוין-פרינץ. ער האָט אָבגעשטויסען דעם ריזענדיגען אַשורי, וועלכער איז געשטאַנען אויף דער וואַך און גיך איז ער צוגעגאַנגען צו די דיוואַנעם, וואו דער צעמישטער בעפאָלמעכטיגטער איז געלעגען און נישט געוואוסט, וואָס ער האָט מיט זיך צו

טהון: נאקעט צו אנטלויפען אין אנ'אנדער שטוב, אדער בעהאלט זיך אין בעטגעוואנד?

אויף דער שוועל זענען געשטאנען עטליכע אפיציערען פון אשור, וועלכע האבען זיך געוואונדערט, וואס דער קרוין-פרינץ איז אנגעקומען, טראץ דעם מנהג, וועלכער ערלויבט דאס נישט. איסטו-בר האט זיי א צייכען געגעבען און זיי זענען נעלם געווארען.

דער קרוין-פרינץ איז געבליבען אליין; די סוויטע האט ער איבערגעלאזט זיין סוויטע אויף דעם הויף.

— איך בעגריס דיך — האט ער געזאגט — דו בעפאלמעכטיגטער פון גרויסען מלך און פרעה'ס גאסט. איך בין געקומען דיך בעזוכען און פרעגען: צי דארפסטו עפעס און אויב דו האסט צייט און רצון, וויל איך, אז אין אונזער געזעלשאפט, אויף א פערד פון פרעה'ס שטאל, זאלסטו זיך איבערפאהרען אין שטאדט, זייענדיג ארומגענומען מיט אונזער סוויטע, ווי עס שטעהט אן א בעפאלמעכטיגטען פון דעם מעכטיגען מלך אסר, אייביג זאל ער לעבען!

סרגון האט אויסגעהערט ליגענדיג און האט קיין איין ווארט נישט פערשטאנען. און ווען איסטו-בר האט איהם איבערזעצט די ווערטער פון קרוין-פרינץ, איז דער בעפאלמעכטיגטער אזוי ענטציקט געווארען, אז ער האט אנגעהויבען צו שלאגען מיט'ן קאפ אן די דיוואנעס, איבערחזר'נדיג די ווערטער: „אסר און רעמסס!"

ווען ער האט זיך בערוהיגט און האט איבערגעבעטען דעם קרוין-פרינץ פאר זיין עלענדען צושטאנד, אין וועלכען

דער מעכטיגער גאַסט האָט איהם געפונען, האָט ער צו־
געגעבען:

— האָב מיר נישט פאַר איבעל, מיין הערר, אז
איך, וואָס איך בין נאָר א ערד־וואָרם און א פוסענבענקעלע
פון טראָהן, ווייס אויף אזא אונגעוועהנליכען אופן זיין
שמחה צוליעב דיין אָנקומען. איך האָב מיך אָבער דאָפעלט
געפרעהט. ערשטענס ווייל איך האָב אזא גרויסען כבוד און
צווייטענס — ווייל איך האָב אין מיין נאַריש און ניעדער־
טרעכטיג הארצען געקלערט, אז דו, מיין הערר, האָסט מיר
געמאַכט מיין נעכטיג אונגליק. עס האָט זיך מיר געדאַכט,
אז צווישען די שטעקענס, וועלכע זענען געפאַלען אויף מיי־
נע פלייצעס, שפיר איך דיין שטעקען, וועלכער שלאָגט
אזוי שטאַרק...

דער רוהיגער איסטו־בר האָט וואָרט ביי וואָרט אלעס
דעם קרוין־פּרינץ איבערזעצט. דער קרוין־פּרינץ האָט דע־
רויף געענטפערט:

— דו האָסט געהאַט א טעות, סרגון. ווען דו
וואָלסט נישט אליין אנערקענט דיין טעות, וואָלט איך דיר
באַלד געהייסען געבען פופציג שטעקענס, אום דו זאָלסט
געדענקען, אז איעלכע ווי איך פאַלען נישט אויף איין
מענשען מיט פיעל מענשען צוזאמען און דערצו נאָך —
ביינאַכט.

איידער דער געבילדעטער איסטו־בר האָט איבער־
זעצט דעם ענטפער, איז סרגון צוגעקראָכען צו דעם קרוין־
פּרינץ און אַרומגעהמענדיג זיינע פיס, האָט ער געשריען:

— גרויסער הערר!... גרויסער הערר... געלויבט
איז מצרים, וועלכע האָט אזא הערשער!

אויף דעֶם האָט דעֶר קרוין־פּרינץ געֶענטפעֶרט?

— איך וועֶל דיר נאָך מעֶהר זאָגעֶן, סרגון. אויב דו ביזט נעֶכטעֶן בעֶפאַלעֶן געֶוואָרעֶן, פעֶרזיכעֶר איך דיר, אַז קיין איינעֶר פון מיינעֶ הויפס־לייט האָט דאָס נישט געֶטהון. איך מיין, אַז אַזאַ גבור ווי דו, האָט געֶמוזט נישט איינעֶם פון די אָנפאַלעֶר דעֶם קאָפּ שפּאַלטעֶן. און מיינעֶ הויפס־לייט זעֶנעֶן געֶזונד, אַלעֶ...

— אמת האָט עֶר געֶזאָגט און גוט האָט עֶר געֶענטפעֶרט — האָט סרגון שטיל געֶזאָגט צו איסטו־בר'ן.

— נאָר חאָטש דאָס איז געֶשעֶהן אָהן מיין רצון און אָהן דעֶם רצון פון מיינעֶ הויפס־לייט, דאָך האַלט איך פאַר נויטיג אָבצושוואַכעֶן דיין פעֶרדרוס אויף דעֶר שטאָדט, אין וועֶלכעֶר מעֶן האָט דיר אַזעֶלכעֶס געֶטהון. דעֶריבעֶר האָב איך בעֶזוכט דיין שלאָפצימעֶר, דעֶריבעֶר עֶפעֶן איך פאַר דיר מיין הויז אין יעֶדעֶר צייט, וויפיעֶל מאָל דו וועֶסט מיך וועֶלעֶן בעֶזוכעֶן. דעֶריבעֶר בעֶט איך דיך, דו זאָלסט אָננעֶהמעֶן פון מיר די קליינעֶ מתנה.

זאָגעֶנדיג דאָס, האָט דעֶר קרוין־פּרינץ אַריינגעֶשטעֶקט זיין האַנד הינטעֶר דעֶר טוניקעֶ זיינעֶר און האָט אַרויסגעֶנומעֶן אַ קייט, וואָס איז געֶוועֶן אויסגעֶזעֶצט מיט רובינעֶן און שאַפירעֶן.

דעֶר ריעֶז סרגון האָט אַזש געֶוויינט. דעֶר קרוין־פּרינץ איז דעֶרפון געֶריהרט געֶוואָרעֶן, נאָר דעֶר קאַלט־בלוטיגעֶר איסטו־בר איז וויטעֶר קאַלט געֶבליבעֶן.

דעֶר קרוין־פּרינץ איז געֶזעֶסעֶן נאָך אַ ווילעֶ און האָט זיך געֶזעֶגעֶנט מיט דעֶם בעֶפאָלמעֶכטיגטעֶן. אַרויסגעֶהעֶנדיג האָט עֶר זיך געֶקלעֶרט, אַז די אשורים, חאָטש זיי זעֶנעֶן

בארבארען, פונדעסטוועגען זענען זיי נישט קיין שלעכטע מענשען, ווען זיי קאנען שפירען איידעלקייט.

סרגון איז געווען אזוי צעהיצט, אז ער האט געהייסען ברענגען וויין און ער האט געטרונקען און געטרונקען פון מיטאג ביז אווענד.

אין אווענד איז דער כהן איסטו-בר אויף א ווילע ארויס פון סרגון'ס צימער און — באלד איז ער צוריק אריין מיט א בעהאלטענער טהיר. נאך איהם זענען געגאנגען צוויי מענשען אין דונקעלע מאנטלען. ווען די מענשען האבען אראבגענומען פון זייערע פנים'ער די קאפטורען, האט סרגון דער־קענט אין איינעם דעם כהן-גדול מפרים און אין צווייטען — דעם נביא מנטו-זופית.

— מיר ברענגען דיר, גרויסער בעפאלמעכטיגטער, א גוטע בשורה — האט מפרים געזאגט.

— הלואי זאל איך אייך אויך קאנען געבען א גוטע בשורה! — האט סרגון אויסגעשריען — זעצט זיך, הייליגע לייט. און חאטש מיינע אויגען זענען רויט, רעדט צו מיר, ווי איך וואלט געווען ניכטערן... איך האב שכל אפילו ווען איך בין שכור און אפשר בין איך נאך קליגער ווען איך בין שכור... נישט אמת, איסטו-בר?

— זאגט, וואס איהר האט צו זאגען! — האט דער כשרי געזאגט.

— היינט האב איך ערהאלטען א בריעף פון דעם גרעסטען מיניסטער הרהור — האט מנטו-זופית דערצעהלט מיט שמחה — ער שרייבט אונז, אז דער הייליגער פרעה (אייביג זאל ער לעבען!) ווארט אייך אב אין זיין וואונדערבארען פאלאץ ביי מעמפיס און דער הייליגער פרעה (אייביג זאל

ער לעבען!) איז גענייגט צו שליסען מיט איהם א אָבמאך.

סרגון האט זיך געוואקעלט אויף די דיוואנעס, דאך איז ער געוועזען ביים פערשטאנד.

— איך וועל פאהרען — האט ער געענטפערט — צו דעם הייליגען פרעה (אייביג זאל ער לעבען!) איך וועל איין נאמען פון מיין הערר ארויפלעגען א חתימה אויף דעם אָבמאך, ווען ער וועט זיין געשריבען אויף ציגעל מיט אונזערע אותיות, ווארום איך קאן אייערע אותיות נישט לעזען... איך וועל ליגען אפילו א האלבען טאג אויף מיין בויך פאר דעם הייליגען פרעה (אייביג זאל ער לעבען!) און דעם אָבמאך וועל איך אונטערשרייבען... נאר ווי וועט איהר דעם אָבמאך האלטען.. חא!... חא!... חא!... חא!.. דאס ווייס איך שוין נישט!...— האט ער געענדיגט מיט א גראב געלעכטער.

— ווי האסטו די העזה, דו קנעכט פון גרויסען מלך אסר, צו האבען א ספק אין דעם, אז אונזער גרויסער הערשער וועט זיין אָבמאך נישט האלטען?...— האט מנטו-זופית אויסגעשריען.

סרגון איז אביסעל אויסגעניכטערט געווארען.

— איך רעד נישט פון הייליגען פרעה — האט ער געענטפערט — נאר פון קרוין-פרינץ...

— ער איז א יונגער-מאן, וואס איז פול מיט קלוגשאפט. ער פאלגט זיין פאטער און די הייליגע ראטה פון די כהנים — האט מפרים געזאגט.

— חא!... חא!... חא!... — האט זיך ווידער פונאנדערגעלאכט דער שכור — אייער קרוין-פרינץ!... א, געטער! דרעהט מיר אויס די געלענקען פון מיינע גלידער,

אויב איך זאָג ליגען, אז איך וואָלט געוואָלט, אַז אשור זאָל האָבען אזא קרוין־פּרינץ...

אונזער קרוין־פּרינץ פון אשור איז אַ חכם, אַ כהן... איידער ער געהט אויף אַ מלחמה, קוקט ער פריהער אויף די שטערען אין הימעל, דערנאָך קוקט ער אונטער די עקען פון די היהנער... איידער קרוין־פּרינץ וואָלט פריהער געזעהן: וויפיעל האָט ער מיליטער? ער וואָלט זיך דערוואוסט: וואו איז די מחנה פון שונא? און ער וואָלט געפאַלען דעם שונא אויף דעם קאַרק, ווי אַ אָדלער אויף אַ באָק. דאָס איז אַ אָנפיהרער!... דאָס איז אַ מלך!... ער איז נישט אַזעלכער, וואָס זאָל האָרכען די עצה פון כהנים... ער וואָלט אַ עצה פרעגען ביי זיין אייגענער שווערד און איהר מוזט זיינע בעפעהלען אָננעהמען...

און דאַדורך, חאָטש איך וועל מיט אייך אונטערשרייבען דעם אָבמאַך, וועל איך מיין הערד דערצעהלען, אַז אונטער דעם אַלטען פרעה און קלוגע כהנים, בעהאַלט זיך אַ יונגער קרוין־פּרינץ: אַ לייב און אַ ביק איין פערזאָן... וועלכער האָט האָניג אין מויל און דונערען אין האַרצען...

— און דו וועסט ליגען זאָגען — האָט זיך מנטוזופית אָנגערופען — וואָרום אונזער קרוין־פּרינץ, חאָטש ער איז אַ כעסן און אַביסעל האָט ער ליעב צו הוליען, ווי געוועהנליך יעדער יונגער־מאַן, קאָן ער דאָך אַכטען די עצה פון חכמים און די העכסטע איינאָרדנונגען אין לאַנד.

סרגון האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— אוי, איהר חכמים!... געלערנטע, ספרים־קעבער!... שטערענזעהער!... — האָט ער געזאָגט, לאַכענדיג — איך בין אַ פּשוט'ער מענש, אַ געוועהנליכער גענעראַל, וועל־

בער קאָן זײַן נאָמען ניִשט אונטערשרײַבען אָהן אַ חתימה...
איִהר זעָנט חכמים און איִך ביִן אַ פּשוט'ער מענש. און
דאָך, בײַ דער באָרד פון מײַן מלך שווער איִך אײַך, אַז
איִך וואָלט מיִך ניִשט געוואָלט בײַטען אויף אײַער חכמה...
ווײַל איִהר זעָנט מענשען, פאר וועלכע עס האָט זיִך
געעפענט אַ וועלט פון ציִגעל און פּאַפּיִרוסען, אָבער פער־
מאַכט איִז פאר אײַך די וויִרקליִכע וועלט, אויף וועלכער
מיִר לעבען... איִך ביִן אַ פשוט'ער מענש! איִך האָב אָבער
אַ חוש הריח פון אַ הונד. און וויִ אַ הונד דערשפּיִרט פון
ווײַטענס אַ בער, אַזוי דערשפּיִר איִך מיִט מײַן רויטער נאָז
אַ גבור.

איִהר וועט געבען עצות דעם קרוין־פריִנץ!... ער
האָט אײַך אָבער שוין הײַנט פערגיִפטעט, וויִ אַ שלאַנג
פערגיִפטעט אַ טויב. איִך נאָר ניִשט זיִך זעלבסט, און
חאָטש דער קרוין־פריִנץ איִז צו מיִר אַזוי גוט, וויִ אַ פאָטער,
שפּיִר איִך דורך מײַן הויט, אַז ער האָט פײַנד מיִך און אַלע
אַשורים, וויִ אַ טיִגער האָט פײַנד אַ עלפאַנט. חאַ!...
חאַ!... גיִעט איִהם נאָך די אַרמיע, וועט ער נאָך דרײַ
חדשים שטעהן נעבען נינוה. ווען אויף דעם וועג וועלען איִהם
נאָר ניִשט אומקומען קײַן סאָלדאַטען...

— אפילו ווען דער קרוין־פריִנץ וואָלט געוואָלט געהן
מלחמה האַלטען אין נינוה — האָט מנטו־זופית געזאָגט —
וועט ער דאָך ניִשט געהן!

— ווער וועט איִהם אָבהאַלטען, ווען ער וועט ווע־
רען פּרעה.

— מיִר.

— איִהר?... איִהר?... חאַ!... חאַ!... חאַ!...

— האָט סרגון געלאַכט — איהר מײנט אלץ, אַז דער יונגער-מאַן װײסט נישט פון אונזער אָבמאַך... און איך... און איך... חאַ!... חאַ!... חאַ!... איך װעל הײסען די הויט פון זיך אַראָבּרײסען און צו אַ סלופּ זיך צושלאָגען, אויב ער װײס איצט נאָך נישט אַלץ...

צי װאָלטען די פּעניציאַנער געװען אַזוי רוהיג, װען זײ װאָלטען נישט געהאַט די זיכערהײט, אַז דער יונגער לײב פון מצרים װעט זײ שיצען געגען דעם ביקס פון אשור?

מנטו-זופית און מפריס האָבען געקוקט אײנער אויף דעם אַנדערן. זײ זענען דערשראָקען געװאָרען, הערענדיג די קלוגע װערטער פון דעם באַרבּאַר, װעלכער האָט דרײסט אַרויסגעזאָגט דאָס, װאָס זײ איז גאָר נישט אײַנגעפאַלען.

און טאַקי, װאָס װאָלט געװען, װען דער קרוין-פּרינץ װאָלט געװאוסט, װאָס זײ מאַכען און װאָלט דערויף נישט בּעשטאַנען?...

איסטו-בר, װעלכער איז ביז איצט שטיל געזעסען, האָט זיך פּלוצלונג אָנגערופען:

— סרגון, דו מישסט זיך אין זאַכען, װאָס געהערען נישט צו דיר. צו דיר געהער דאָס: צו שליסען מיט מצרים דעם אָבמאַך, װעלכען אונזער הערר װיל. און װאָס זײער קרוין-פּרינץ װײסט, אָדער װאָס ער װײסט נישט, װאָס ער װיל און װאָס ער װיל נישט, דאָס געהער שוין נישט צו דיר. װען די העכסטע, אײביג-לעבּענדע כהנים-ראַטה פערזיכערט אונז, אַז דער אָבמאַך װעט געהאַלטען װערען, װעט אודאי אַזוי זײַן. װי זי װעט זיך אײַנאָרדנען? — דאָס געהער שוין נישט צו אונזערע קעפּ.

דער שאַרפער טאָן, מיט װעלכען איסטו-בר האָט די

ווערטער געזאגט, האט בערוהיגט די צעלאזטע לוסטיגקייט פון דעם בעפאלמעכטיגטען. סרגון האט געשאקעלט מיט'ן קאפ און געמורמעלט:

— אויב אזוי, איז מיר א שאד דעם יונגען־מאן!...
ער איז א גרויסער מלחמה־מענש, א גנעדיגער הערר!

## צוועלפטעס קאפיטעל.

נאך דעם וויזיט ביי סרגון'ן האבען די צוויי הייליגע לייט, מפרים און מנטו־זופית, זיך גוט בעדעקט די קעפ מיט זייערע קאפטורען און פערטראכטערהייד זענען זיי צוריק געגאנגען אהיים.

— ווער ווייסט — האט מנטו־זופית געזאגט — צי דער שכור, סרגון, איז נישט גערעכט מיט דעם, וואס ער זאגט וועגען דעם קרוין־פרינץ...

— אויב אזוי, וועט איסטו־בר נאך מעהר גערעכט זיין — האט מפרים הארט געענטפערט.

— פונדעסטוועגען זאלען מיר פריהער גוט אויספארשען דעם קרוין־פרינץ — האט מנטו־זופית געענטפערט.

— פארש אויס!

און צומארגענס זענען טאקי ביידע כהנים געקומען מיט ערנסטע מינעס צו דעם קרוין־פרינץ און האבען איהם געבעטען, ער זאל מיט זיי אין געהיים עפעס רעדען.

— וואס איז געשעהן? — האט דער קרוין־פרינץ געפרעגט — צי האט דער גרויסער סרגון ווידער א נאכט־בעפאלמעכטיגונג אויסגעפיהרט?

— נישט וועגען סרגון'ען געהט אונז — האט דער כהן־גדול מפרים געענטפערט — נאר... צווישען פאלק גע־

הערן אַרום קלאַנגען, אַז דו, קרוין-פּרינץ, בּיזט אין נאָהנטע בעציהונגען מיט די כּופרים, די פעניציאַנער...

נאָך די ווערטער האָט דער קרוין-פּרינץ שוין אָנגעהויבען צו פערשטעהן דעם צוועק פון דעם וויזיט און — זיין בלוט האָט אין איהם געקאָכט. ער האָט אָבער אויך באַלד דערזעהן, אַז דאָס איז נאָר אַ אָנפאַנג פון אַ מלחמה צווישען איהם און די כּהנים און ער האָט זיך באַלד בּעהערשט. זיין פּנים האָט בעקומען אַנ'אויסדרוק פון תמימות'דיגער נייגיעריגקייט.

-- און פעניציאַנער זענען געפעהרליך, אייביגע שונאים פון אונזער מלוכה!...— האָט מפרים ווייטער געזאָגט.

דער קרוין-פּרינץ האָט געשמייכעלט.

— ווען איהר, הייליגע לייט,— האָט ער געענטפערט — וואָלט מיר געליהען געלד און איהר וואָלט געהאַט ביי אייערע בית-מקדש'ס שענע מיידלעך, וואָלט איך זיך געמוזט עפּטער מיט אייך זעהן. און אַז איהר לייהט מיר נישט קיין געלד און איהר האָט נישט קיין שענע מיידלעך, מוז איך דאָך אוים נויט זיך בעפריינדען מיט די פעניציאַנער!

— מען זאָגט, אַז דו, גרויסער קרוין-פּרינץ, בעזוכסט ביי נאַכט די פעניציאַנערין...

— און איך מוז אַזוי טהון, ביז דאָס מיידעל וועט בעקומען פערשטאַנד און וועט זיך איבּערטראָגען אין מיין הויז. אָבער האָט נישט קיין מורא, איך געה מיט אַ שווערד און ווען עמיץ וואָלט מיך...

— דורך דער פעניציאַנערין האָסטו דאָך פיינד בעקומען דעם בעפאָלמעכטיגטען פון דעם מלך אַשור.

— נישט דורך איהר, נאָר וויל פון סרגונ'ען שפּירט

מען חלב... און צו וואָס וועט דער שמועס ברענגען ?... איהר, היילינע כהנים, זענט דאָך נישט קיין וועכטער פון מיינע פרויען; איך מיין, אז דער גרויסער פּרעון האָט אייך נישט געמאַכט פאַר אַנ'אויפזעהער פון זיינע פרויען, בכן וואָס ווילט איהר ?...

מפּרים איז אַזוי צעמישט געוואָרען, אז זיין שטערן איז רויט געוואָרען.

— אמת האָסטו, קרוין-פּרינץ, געזאָגט—האָט מפּרים געענטפערט — אז נישט צו אונז נעהערען דיינע ליעבעס און די מיטלען, מיט וועלכע דו בענוצט זיך צו די ליעבעס. דאָס איז אָבער ערגער פון ליעבעס: דאָס פאָלק וואונדערט זיך, אז חירום האָט דיר געליהען הונדערט טאַלענטען אזוי לייכט און אָהן אַ משכון...

דער קרוין-פּרינץ האָט אַ ציטער געטהון. נאָר פונדעסטוועגען האָט ער רוהיג געענטפערט:

— נישט איך בין שולדיג אין דעם, וואָס חירום גלויבט מעהר מיין וואָרט, ווי די עשירים פון מצרים! ער ווייסט, אז איך וואָלט בעסער אוועקגעגעבען מיין געוועהר, וואָס איך האָב פון זיידען בירושה, ווי איהם נישט בעצאָהלט, וואָס איך בין איהם שולדיג. און מיר דאַכט זיך, אז ער איז זיכער, אז איך וועל איהם די פּראָצענט אויך בעצאָהלען. ער זאָגט מיר גאָרנישט וועגען דעם פּראָצענט.

איך וויל גאָר נישט האַלטען פאַר אייך, היילינע כהנים, בסוד דאָס, וואָס איך האָב בעמערקט, אז די פעניציאַנער האָבען מעהר געשיקטליכקייט, ווי די מצריים. אונזערס אַ רייכער מאַן, וואָלט געמאַכט אַ שטרענגע מינע, געזיפצט, אויפגעהאַלטען אַ חודש אָדער מעהר איידער ער

וואָלט מיר געליהען הונדערט טאַלענטען און דערנאָך — וואָלט ער גענומען אַ גרויסען משכּון און נאָך אַ גרעסערען פּראָצענט. אָבער די פּעניציאַנער, וועלכע קאָנען בעסער די הערצער פון פרינצען, גיעבען אונז געלד אַפילו אָהן עדות אויך.

דער כּהן-גדול איז אַזוי דערצערנט געוואָרען פון די רוהיגע ווערטער פון רעמסס׳ן, אין וועלכע ער האָט גע-שפּירט עפּעס אַ חוזק-מאַכעריי, אַז ער איז שטיל געבליבען און האָט דאָס מויל צוגעדריקט. אַנשטאַט איהם, האָט זיך אָנגערופען מנטו-זופית:

— וואָס וואָלסטו, קרוין-פּרינץ, געזאָגט, ווען מיר וואָלטען אַנ׳אָבמאַך געשלאָסען מיט דעם אשור און מיר וואָלטען איהם אָבגעגעבען זיין צפון-אזיען צוזאַמען מיט פּע-ניציען?...

זאָגענדיג דאָס, האָט ער זיינע בליקען געהאַלטען אויף רעמסס׳ענס פּנים. דער קרוין-פּרינץ האָט אָבער גאַנץ רוהיג געענטפערט:

— איך וואָלט געזאָגט, אַז נאַר פּעררעטהער קאָנען אָברעדען פרעה׳ן, ער זאָל אַזאַ אָבמאַך שליעסען.

ביידע כּהנים האָבען זיך אַ ריהר געטהון: מפרים האָט אויפגעהויבען די הענד צום הימעל און מנטו-זופית האָט די פויסטען צונויפגעדריקט.

— און ווען די זיכערהייט פון דער מלוכה וואָלט דאָס פערלאַנגט?... — האָט מנטו-זופית געפרעגט:

— וואָס ווילט איהר פון מיר?... — האָט זיך דער קרוין-פּרינץ געבייזערט — איהר מישט זיך אין מיינע חובות און פרויען, איהר נעהמט מיך אַרום מיט שפּיאָנען, איהר

האָט די העזה צו האָבען צו מיר טענות און איצט שטעלט איהר מיר עפּעס אַ פראַגע !... איך זאָג אייך, אַז איך, ווען איהר וואָלט מיך אפילו געוואָלט סמ'ען, וואָלט איך אַזאַ אָבמאַך נישט אונטערגעשריבען... צו'ם גליק איז דאָס נישט אָבהענגיג פון מיר, נאָר פון דעם היילינגען פרעה'ן, וואָס מיר אַלע מוזען זיין רצון טהון.

— און וואָס וואָלסטו, גרויסער קרוין-פּרינץ, געטהון, ווען דו וואָלסט אַ פּרעה געוואָרען ?...

— איך וואָלט געטהון דאָס, וואָס דער כבוד און דער אינטערעס פון פּרעה'ן וואָלטען פערלאַנגט פון מיר.

— אין דעם האָב איך קיין ספק נישט — האָט מנטו-זופית געזאָגט — אָבער וואָס האַלטסטו פאַר אַ מלוכה-אינ-טערעס ?... און פון וואַנען קאָנען מיר וויסען, וואָס דער מלוכה-אינטערעס פערלאַנגט ?...

— אויף דעם איז דאָך פערהאַנען די העכסטע ראַטה !... — האָט דער קרוין-פּרינץ אויסגעשריען מיט כעס — איהר זאָגט, אַז די העכסטע ראַטה בעשטעהט פון בלויז חכמים... זאָלען זיי אויף זייער פערענטוואָרטליכקייט נעהמען דעם אָבמאַך, וועלכען איך האַלט פאַר אַ חרפה און אַ אונ-גליק פאַר מצרים...

— פון וואַנען ווייסטו, גרויסער קרוין-פּרינץ, אַז נישט אַזוי האָט געטהון דיין געטליכער פאָטער ?...

— אויב אַזוי, צו וואָס פרעגט איהר מיך ?... וואָס פאַר אַ אויספאָרשונג מאַכט איהר ?... ווער האָט אייך גע-געבען רעכט אַריינצוקוקען אין מיין האַרץ ?...

רעמסס האָט זיך געמאַכט אַזוי כּעס, אַז די צווייַ כהנים האָבען געהאַלטען פאַר נויטיג איהם צו בערוהיגען

— דו זאָגסט אַזוי — האָ ך מפרים אָנגערופען, — ווי אַ גוטער מצרי דאַרף זאָגען. אזא אָבמאַך וואָלט אונז אויך געשמערצט, נאָר די זיכערהייט פון דער מלוכה פערלאַנגט נישט איינמאָל, מען זאָל זיך אונטערגעבען . . .

— אָבער פאַר וואָס זענט איהר מחויב אַזוי צו טהון? . . . — האָט דער קרוין־פּרינץ געשריען — צי האָבען מיר אַ גרויסע מלחמה פערשפּיעלט, צי האָבען מיר שוין קיין מיליטער נישט? . . .

— די רודערער פון דער שיף, אויף וועלכע מצרים פאָהרט דורך דעם טייך אייביגקייט. זענען די געטער — האָט זעהר ערנסט געענטפערט דער כהן־גדול — און דער אָנפיהרער איז דער העכסטער גאָט, גאָט פון אַלע בעשעפ־נישען. נישט איין מאָל קעהרען זיי אום די שיף, אָדער האַלטען זי אויף, כדי מען זאָל אויסמיידען אַ סכנה, וועלכע מיר זעהען אפילו נישט. אין אַזעלכע פאָרפאַלען מוזען מיר געדולד האָבען און געהאָרזאַם זיין און דערנאָך, פריהער אָדער שפּעטער האָבען מיר אונזער בעלויהנונג, וועלכע איז גרעסער פון אַלץ, וואָס דער שטערבליכער מענש קאָן פערלאַנגען.

מאַכענדיג די בעמערקונג, האָבען זיך די כהנים גע־זעגענט מיט׳ן קרוין־פּרינץ, זייענדיג זיכער, אַז חאָטש רעמסס בייזערט זיך אויף דעם אָבמאַך, וועט ער איהם דאָך נישט ברעכען. ער וועט פערזיכערן מצרים רוה אין געוויסע צייט. ווען זיי זענען אַוועקגעגאַנגען, האָט רעמסס גערופען צו זיך טוטמאָזיס׳ן. און ווען ער איז אַליין געבליבען מיט איהם, האָט אויסגעבראָכען דער כעס, וועלכען ער האָט לאַנג אין זיך געהאַלטען. רעמסס האָט זיך געוואָרפען אויף

דער סאָפֿע, זיך געדרעהט, ווי אַ שלאַנג, געהאַקט מיט די פֿויסטען אין קאָפּ און געוויינט.

טוטמאַזיס איז דערשראָקען געוואָרען און ער האָט געוואַרט, ביז דער כעס פֿון קרוין-פּרינץ וועט אַ ביסעל געשטילט ווערען. דערנאָך האָט ער איהם געגעבען וואַסער מיט ווײַן, איהם אָנגערויכערט מיט שמעקענדע רויכווערק, דערנאָך האָט ער זיך געזעצט נעבען איהם און איהם געפֿרעגט, וואָס ער איז אַזוי פֿערצווייפֿעלט.

— זיץ דאָ — האָט איהם דער קרוין-פּרינץ געזאָגט, נישט אויפֿהויבענדיג זיך — ווייסטו? הײַנט בין איך זיכער, אַז אונזערע כהנים האָבען געשלאָסען מיט אשור אַן אָפּמאַך, וועלכער איז אַ גרויסע חרפּה פֿאַר אונז... אָהן אַ מלחמה. און אפילו אָהן אַ שום פֿערלאַנג פֿון יענעם צד! ווייסטו, וויפֿיעל מיר וועלען פֿערליערען?...

— דגון האָט מיר געזאָגט, אַז אשור וויל זיך צו־נעהמען פֿעניציען. נאָר די פֿעניציאַנער שרעקען זיך שוין נישט אַזוי, ווײַל דער מלך אסר האָט אַ מלחמה אויף צפֿון-מזרח. דאָרט וואָהנען זעהר שטאַרקע פֿעלקער, און דאַדורך קאָן מען נישט וויסען, ווי די מלחמה וועט זיך ענדיגען. יעדענפֿאַלס וועלען די פֿעניציאַנער האָבען עטליכע יאָהר מנוחה און זיי וועלען קאָנען פֿאַרבערײַטען שוץ און זוכען זיך גוטע־פֿרײַנד...

דער קרוין-פּרינץ האָט מיט אונגעדולד געוואָרפֿען מיט די הענד.

— אָט, זעהסטו — האָט ער טוטמאַזיס'ן איבער־געהאַקט די ווערטער — אפילו פֿעניציען בעוואָפֿענט זיך און אפֿשר אַלע איהרע שכנים אויך. און מיר וועלען יעדענפֿאַלס

פֿערלירען דעם מס פֿון אזיען. וואָס קומט אונז שוין לאנג (האָסטו נאָך אַמאָל אזעלכעם געהערט?) און בעטרעפֿט מעהר פֿון הונדערט טויזענד טאַלענטען!...

הונדערט טויזענד טאַלענטען!...— האָט דער קרוין־פּרינץ נאָך אַמאָל געזאָגט — אָ, געטער! אזא סומע וואָלט דאָך מיט איין מאָל פֿול געמאַכט דעם שאַץ פֿון פרעה'ן!...

און ווען מיר וואָלטען נאָך אָנגעפֿאַלען אויף אשור אין דער רעכ־טער צייט, וואָלטען מיר אין נינוה, אין פּאַלאַץ פֿון מלך אסר, געפֿונען אונגעהויערע אוצרות.

שטעל דיר פֿאָר, וויפֿיעל וואָלטען מיר געקאָנט פֿער־נעהמען שקלאַפֿען?... אַ האַלבען מיליאָן... אַ מיליאָן זעהר שטאַרקע מענשען, וועלכע זענען אזוי ווילד, אז די שקלאַ־פֿענשאַפֿט אין מצרים, די שווערסטע ארבייט ביי די קאַ־נאַלען, אָדער אין די גראָבען, וואָלטען ביי זיי געוועזען אַ פֿערוויילונג...

די פּרוכטבאַרקייט פֿון דער ערד וואָלט זיך געהויבען אין משך פֿון עטליכע יאָהר. אונזער עלענד פֿאָלק וואָלט אָבגערוהט און אײדער דער לעצטער שקלאַף וואָלט געשטאָר־בען, וואָלט שוין לאנג די מלוכה צוריק בעקומען איהר אַלטע מאַכט און עשירות...

און דאָס אַלעס פֿערניכטען די כהנים מיט עטליכע פֿערשריבענע זילבערנע בלעכען און עטליכע ציגעל, אויף וועלכע עס איז עפּעס אויפֿגעצייכענט געוואָרען מיט אותיות, וואָס קיינער פֿון אונז קאָן זיי נישט!...

אויסהערענדיג די ווערטער פֿון קרוין־פּרינץ, האָט טוטמאזיס זיך אויפֿגעהויבען פֿון שטוהל, מיט אויפֿמערק־זאַמקייט האָט ער בעטראַכט די נאָהנטע צימערען און געזעהן,

צי קיינער הערט נישט אונטער און דערנאָך האָט ער זיך צוריק געזעצט נעבען רעמסס׳ן, זאָגענדיג שטיל:

— זאָרג זיך נישט, מיין הערר! איך ווייס, אַז די גאַנצע אַריסטאָקראַטיע, אַלע הויפּט־מענער, אַלע העכערע אָפיציערען האָבען געהערט פון דעם אָבמאַך און אַלע וועגען זעהר אויפגערעגט. ווייז אונז נאָר אַ צייכען, ווילען מיר צעשלאָגען די צינגעל מיט׳ן אָבמאַך אויף דעם קאָפּ פון סרגוב׳ען און אסר׳ן...

— דאָס וואָלט דאָך געווען אַ בונט נעגען דעם הייליגען פרעה!...— האָט דער קרוין־פּרינץ געענטפערט.

טוטמאָזיס האָט געמאַכט אַ טרויעריגע מינע.

— איך וואָלט נישט געוואָלט דיין האַרץ פערבלוטיגען — האָט ער געזאָגט — איך מוז דיר אָבער זאָגען, אַז דיין פאָטער, וועלכער איז גלייך צו די העכסטע געטער, איז זעהר קראַנק.

— דאָס איז נישט וואָהר!...— האָט דער קרוין־פּרינץ געשריען.

— יאָ אמת! נאָר זאָג קיינעם נישט, אַז דו ווייסט דערפון. דער הייליגער פרעה איז זעהר מיעד פון דעם, וואָס ער איז דאָ, אַזוי לאַנג, אויף דער ערד און ער וויל פון אונז אַוועקגעהן. נאָר די כהנים האַלטען איהם אויף און דיך רופען זיי נישט קיין מעמפיס, כדי זיי זאָלען אָהן שטערונג אונטערשרייבען דעם אָבמאַך מיט אשור...

— זיי זענען דאָך פעררעטהער!... פעררעטהער!...— האָט דער קרוין־פּרינץ געזאָגט מיט שרעקליכען כעס.

— דערפאַר וועסטו קיין שווערינקייטען נישט האָבען ביים צערייסען דעם אָבמאַך, ווען דו וועסט איבערנעהמען

די ממשלה נאָך דײַן פֿאָטער (אײביג זאָל ער לעבען!).

דער קרוין־פּרינץ האָט זיך פֿערטראַכט.

— עס איז לײַכטער — האָט ער געזאָגט — אונטער־צושרײַבען אַנ׳אָבמאַך, ווי איהם צערײַסען...

— און צערײַסען אַנ׳אָבמאַך איז לײַכט! — האָט טוט־מאַזיס געזאָגט מיט אַ שמײכעל — זענען דען אין אַזיען נישט פֿערהאַנען קײן ווילדע פֿעלקער, וועלכע וועלען אַרײַנ־פֿאַלען אין אונזער גרענעץ?... היט דען נישט דער געט־ליכער ניטאָגער מיט זײַן אַרמיע די גרענעצען פֿון אונזער לאַנד דערויף, אַז ער זאָל די פֿעלקער פֿעריאָגען און אי־בערטראָגען די מלחמה אין זײערע לענדער?... און צי מײנסטו, אַז מצרים וועט נישט האָבען קײן מענשען און קײן געלד צו דער מלחמה?... מיר אַלע וועלען געהן, ווײַל יעדער קאָן עפּעס פֿערדינען בײַ דער מלחמה און זיך דאָס לעבען פֿערזיכערען... געלד געפֿינט זיך גענוג אין די בית־מקדש׳ס...

— ווער וועט די אוצרות אַרויסנעהמען פֿון די בית־מקדש׳ס? — האָט איהם דער קרוין־פּרינץ איבערהאַקט די ווערטער.

— ווער?... יעדער הויפּט־מאַן, יעדער אָפֿיציער, יעדער אַדעל־מאַן וועט דאָס טהון, ווען פּרעה וועט איהם נאָר הײסען און... די יונגערע כּהנים וועלען אונז ווײַזען דעם וועג צו די בעהעלטנישען...

— זײ וועלען נישט האָבען די העזה... פֿאַר דער שטראָף פֿון די געטער וועלען זײ מורא האָבען...

טוטמאַזיס האָט מיט פֿעראַכטונג געמאַכט מיט דער

האַנד

— זענען מיר דען פּויערען, אָדער פּאַסטוכער, מיר זאָלען מורא האָבען פאַר געטער? יורען, פעניציאַנער און גריעכען לאַכען פון זיי און יעדער געדונגענער סאָלדאַט פון אַנדערע לענדער בעשמוצט זיי און ווערט נישט בעשטראָפט. פאַרוואָס זאָלען מיר מורא האָבען פאַר זיי?...

די כהנים האָבען אויסגעטראַכט די אַלע נאַרישקייטען וועגען די געטער, אין וועלכע זיי אַליין גלויבען נישט. דו ווייסט דאָך, אַז אין בית־מקדש'ם ווערט אַנערקענט נאָר דער איינציגער גאָט... זיי, די כהנים, מאַכען אויך די וואונדער, פון וועלכע זיי אַליין לאַכען...

נאָר אַ פּויער פאַלט מיט'ן פּנים פאַר די בילדער, ווי פאַרצייטענס. אָבער אפילו אַרבייטער זענען שוין מסופק אין דער אַלמעכטיגקייט פון אָזירים, חירות און שת. די שרייבער נאַרען אָב די געטער אין זייערע רעכענונגען, און נאָר די כהנים בענוצען זיך מיט די געטער, ווי מיט אַ קייט און אַ שלאָס, אום צו פערזיכערען זייערע אוצרות...

אָהאָ! עס זענען שוין פאַרביי די צייטען — האָט טוטמאָזים ווייטער געזאָגט — ווען גאַנץ מצרים האָט געגלויבט אין דעם, וואָס מען האָט געזאָגט אין די בית־מקדש'ם. היינט בעליידיגען מיר די פעניצישע געטער. די פעניציאַנער בעליידיגען אונזערע געטער און קיינעם פאַלען קיין דונערען נישט פון הימעל...

דער קרוין־פּרינץ האָט זיך גוט איינגעקוקט אין טוטמאָזים'ן.

— פון וואַנען זענען דיר אַזעלכע געדאַנקען געקומען אין קאָפּ אַריין? — האָט ער געפרעגט — ערשט נישט לאַנג

בּיזטוּ דאָך בּלאָס געוואָרען, הערענדיג עפּעס רעדען וועגען די כּהנים!...

— ווייל פריהער בּין איך געוועזען איינער. אָבער היינט, ווען איך האָב זיך דערוואוסט, אַז דער גאַנצער אדעל ווייסט דאָס זעלבּע, וואָס איך, בּין איך מעהר דריי ס׳...

— און ווער האָט דיר געזאָגט און דעם אדעל וועגען דעם אָבּמאַך מיט אשור?

— דגון און אַנדערע פעניציאַנער — האָט טוטמאָזיס געענטפערט — זיי האָבּען זאָגאַר פערשפּראָכען אויפצובּוי־מעווען, ווען די צייט וועט קומען, די אַזיאַטישע פעלקער, כּדי אונזער מיליטער זאָל האָבּען אַ אויסרעד אַריינצוגעהן אין זייער גרענעץ. און אויבּ מיר וועלען זיך נאָר שטעלען אויפ׳ן וועג, וועלכער פיהרט קיין נינוה, וועלען די פעני־ציאַנער און זייערע גוטע פריינד צושטעהן צו אונז... און דאַן וועסטו האָבּען אַ אַרמיע, אַז אַפילוּ רעמסס דער גרויסער האָט אַזעלכּע נישט געהאַט!...

דעם קרוין־פּרינץ איז עפּעס נישט געפעלען געוואָרען די היסיגקייט פון די פעניציאַנער; דאָך האָט ער דאָס פערשוויגען אין געשפּרעך מיט טוטמאָזיס׳ן. ער האָט אָבּער געפרעגט:

— וואָס וועט אָבּער זיין, ווען די כּהנים וועלען גע־וואָהר ווערען פון דעם, וואָס איהר פּלאַפּלט צווישען זיך?... קיינער פון אייך וועט אודאי קיין לעבּענדיגער נישט בּלייבּען!

זיי וועלען נישט געוואָהר ווערען — האָט טוטמאָזיס געזאָגט פרעהליך — זיי זענען צו פיעל זיכער אין זייער גבורה, אַז זיי זאָלען פון עפּעס קלערען. זיי צאָהלען נישט

נוט די שפּיאָנען און פערפּײַנדען זיך בײַ גאַנץ מצרים מיט זײַער חשק אַליץ אײַנצושליננען און זײַער גאוה. אַלע אַדעל-לײַט, דאָס מיליטער, שרײַבער, אַרבײַטער און אפילו די נידריגערע כּהנים וואַרטען טאַקי דאָדורך נאָר אויף אַ צײַט, ווען זײַ וועלען קאָנען אַרײַנפאַלען אין די בית-מקדש'ס, פערנעהמען דאָרט די אוצרות און זײַ אָבנעבען פרעה'ן. און ווען די הײַליגע כּהנים וועלען שוין נישט האָבען זײַערע אוצרות, וועלען זײַ קײַן מאַכט אויך נישט האָבען. זײַ וועלען אויך מוזען אויפהערען מופתים צו ווײַזען, ווײַל אויך צו די מופתים מוז מען האָבען גאָלדערנע פינגערלעך.

דער קרוין-פּרינץ האָט אָנגעהויבען רעדען פון עפּעס אַנדערש און ענדליך האָט ער טוטמאָזיס'ן געגעבען אָנצו-הערען, אַז ער מעג שוין אַוועקגעהן.

ווען ער איז איבערגעבליבען אײַנער אַלײַן, האָט ער זיך אָנגעהויבען איבערצוקלערען.

ער וואָלט צופריעדען געווען דערמיט, וואָס דער אַדעל האָט פײַנד בעקומען די כּהנים און וואָס די העכע-רע קלאַסען זענען גרײַט צו פיהרען מלחמות. ווען די התלהבות וואָלט נישט אַזוי פלוצלונג אויסגעבראָכען און ווען ער וואָלט נישט אַרויסגערופען געוואָרען דורך די פע-ניציאַנער.

דער קרוין-פּרינץ האָט פערשטאַנען, אַז ער מוז פאָר-זיכטיג זײַן; ער האָט זיך געקלערט, אַז אין די ענינים פון מצרים איז פאָרט בעסער צו טרויען די כּהנים ווי די פע-ניציאַנער.

ער האָט זיך אָבער דערמאָהנט די ווערטער פון זײַן פאָטער, אַז די פעניציאַנער זאָגען דעם אמת און זענען

טרײַ, ווען עס האַנדעלט זיך אין זייער אינטערעס. און דאָס איז דאָך קיין ספק נישט, אַז די פעניציאַנער האָבען אַ אינטערעס אין דעם, אַז זיי זאָלען נישט איבערגעהן צו דער מאַכט פון אַשור און מען האָט זיי געקאָנט טרויען, ווי גוטע־פרײַנד, ווען עס וואָלט אויסגעבראָכען אַ מלחמה, וואָרום ווען מצרים וואָלט די מלחמה פערשפיעלט, וואָלטען זיי, די פעניציאַנער, זעהר דערפון געליטען.

פון דער צווייטער זײַט האָט רעמסס נישט געגלויבט, אַז די כהנים, אַפילו ווען זיי האָבען אַזאַ מיאוס׳ען אָבמאַך געשלאָסען מיט אַשור, האָבען געזאָלט מצרים פעררעטען. ניין, זיי זענען נישט קיין פעררעטער, נאָר פוילע. שלום איז בעקוועם פאַר זיי, וואָרום אַפילו אין שלום־צײַט פערגרעסערען זיי זייערע אוצרות און פערשטאַרקען זייער מאַכט. זיי ווילען נישט קיין מלחמה, ווײַל אַ מלחמה וואָלט פערשטאַרקט פרעה׳ס מאַכט און זיי וואָלטען געמוזט פיעל געלד אויסגעבען.

און דער יונגער קרוין־פרינץ האָט פערשטאַנען, אַז ער מוז זײַן פאָרזיכטיג, נישט אײַלען זיך, קיינעם נישט האַלטען פאַר אַ שלעכטען און קיינעם נישט צופיעל טרויען. ער האָט שוין בײַ זיך בעשלאָסען צו פיהרען אַ מלחמה מיט אַשור, נישט ווײַל די אַדעל־לײַט און די פעניציאַנער האָבען געוואָלט אַ מלחמה, נאָר ווײַל מצרים האָט בעדאַרפט אוצרות און שקלאַפען.

נאָר בעשליסענדיג צו פיהרען אַ מלחמה, האָט ער געוואָלט ווירקען מיט פאָרזיכטיגקײַט. איינציגווײַז האָט ער געוואָלט די כהנים איבערצײַגען, אַז אַ מלחמה איז נויטווענדיג און ערשט ווען זיי וועלען זיך עקשנ׳ען — זאָל

ער זאָל צוריקקען מיט דער הילף פון מיליטער און אדעל-לייט .

און מאַקי דאַמאַלם , ווען די הײליגע מפרים און מנטו-זופית האָבען געלאַכט פון סרגונ'ס ווערטער , וועלכער האָט געזאָגט, אַז דער קרוין-פּרינץ וועט זיך נישט אונטער-געבען די כהנים, נאָר ער וועט זײ נויטען, זײ זאָלען מוזען איהם פאָלגען , דאַמאַלס האָט דער קרוין-פּרינץ שוין געהאַט אַ פאַרטיגען פּלאַן זײ צו בעהערשען און ער האָט געזעהן , וואָס פאַר מיטלען ער האָט דערצו. ווען ער וועט דעם קאַמפּף פיהרען און ווי אַזוי ער וועט איהם דורכפיהרען וועגען דעם האָט ער בעשלאָסען שפּעטער צו קלערען .

— די צייט ברענגט די בעסטע עצות ! — האָט ער צו זיך אַליין געזאָגט .

ער איז געוועזען רוהיג און צופריעדען , ווי איינער , וואָס האָט לאַנג געקלערט און דערנאָך ווייסט ער שוין, וואָס ער האָט צו טהון און ער גלויבט די אײגענע כוחות, און כדי צו פטר'ן פון זיך שפורען פון פריהעריגען כעס , איז ער געגאַנגען צו שרה'ן .

ווען נאָר ער האָט זיך געשפּיעלט מיט זיין קליינעם זוהן , האָט ער שטענדיג פערגעסען אַלע זיינע זאָרג און זיין האַרץ איז פול געוואָרען מיט צופריעדענהייט .

ער איז דורכגעגאַנגען דעם גאָרטען , איז אַריין אין הויז פון זיין ערשטער געליבטע און ער האָט ווידער דערזעהן , אַז זי וויינט .

— שרה ! — האָט ער געשריען — ווען דו וואָלסט געהאַט דעם גאַנצען נילוס אין דיין האַרצען, וואָלסטו איהם מיט דיינע טרעהרען אויסגעגאָסען .

— איך וועל שוין נישט וויינען... — האָט זי געענטפערט, נאָר נאָך אַ גרעסערער שטראָם מיט טרערען האָט זיך געגאָסען פון איהרע אויגען.

— וואָס איז דאָס? — האָט רעמסס געפרעגט — זי האָסטו ווידער זיך דאָ אַריינגעבראַכט אַ טרעפערין, וועלכע בעשרעקט דיך מיט פעניציאַנישע טעכטער?

— נישט פאַר פעניציאַנישע טעכטער שרעק איך זיך, נאָר פאַר די פעניציאַנער... — האָט זי געזאָגט — אָ, דו ווייסט נישט, מיין הערר, וואָס פאַר נידערטרעכטיגע מענשען די פעניציאַנער זענען...

— זיי ברענגען קינדער? — האָט רעמסס געלאַכט.

— און דו מיינסט, אַז זיי ברענגען נישט קיין קינדער?... — האָט זי געענטפערט, קוקענדיג אויף איהם מיט איהרע גרויסע אויגען.

— אַ אויסגעטראַכטע מעשה! איך ווייס דאָך פון דעם פירשט חירום, אַז דאָס איז אַ ליגען...

— חירום? — האָט שרה אויסגעשריען — חירום איז דאָך דער גרעסטער מערדער!... פרעג מיין פאָטער און ער וועט דיר זאָגן, ווי אַזוי חירום נאַרט אַריין אין זיינע שיפען מיידלעך פון ווייטע לענדער און — אויפשפּרייטענדיג די זעגעלבוימער, פיהרט ער זיי אַוועק און פערקויפט זיי... ביי אונז איז דאָך געווען אַ שקלאַפין מיט העלע האָר, וועלכע חירום האָט גערויבט, זי איז משוגע געוואָרען פון בענקעניש נאָך איהר לאַנד, נאָר זי האָט נישט געקאָנט זאָגען, וואו עס געפינט זיך איהר פאָטערלאַנד, און זי איז געשטאָרבען!... אַזאַ רוצח איז חירום, אַזאַ רוצח איז דגון און די אַלע נידערטרעכטיגע...

— מעגליך, אז זיי אלע זענען טאקי רוצחים, נאר וואס געהט דאס אונז אן?

— דאס געהט אונז זעהר פיעל אן — האט שרה געזאגט — דו, מיין הערר, הארכסט היינט די עצות פון די פעניציאנער און דערוויילל האבען אונזערע יודען ענטדעקט, אז די פעניציאנער ווילען ארויסרופען א מלחמה צווישען אשור און מצרים... די גרעסטע סוחרים און באנקירען פון פעניציען, האבען זיך פערפליכטעט דערצו מיט די שרעקליכסטע שבועות...

— צו וואס טויג זיי א מלחמה? — האט דער קרוין-פרינץ געפרעגט מיט געמאכטער קאלטבלוטיגקייט.

— צו וואס! — האט שרה אויסגעשריען — זיי ווע-לען איינך און די אשורים פערקויפען געוועהר, סחורות און ידיעות און פאר אלעם וועלען זיי זיך הייסען בעצאהלען צעהן מאל מעהר, וויפיעל עס איז ווערטה... זיי וועלען אראפרייסען די מלבושים און צונעהמען אלעס פון די טוידטע און פערוואונדעטע מצריים און אשורים... זיי וועלען אבקויפען פון אייערע סאלדאטען און פון די סאלדאטען פון אשור די צוגערויבטע זאכען און שקלאפען... דאס איז דען צו וועניג פאר זיי?... מצרים און אשור וועלען רואינירט ווערען, אבער פעניציען וועט זאמלען אוצרות...

— ווער האט דיר דאס געזאגט? ווער האט דיך דאס געלערנט?... — האט דער קרוין-פרינץ געפרעגט שמייכ-לענדיג.

— הער איך דען נישט, ווי מיין פאטער, אונזערע קרובים און בעקאנטע רעדען שטיל צווישען זיך פון דעם, ארומקוקענדיג זיך מיט שרעקעניש און היטענדיג זיך, אז

קײנער זאָל ניִשט הערען, וואָס זײ רעדען? און צי קאָן איך גיִשט די פֿעניִציאַנער? פֿאַר דיר, מײַן הערר, ליִעגען זײ אויף זײערע בײַכער, דו זעהסט ניִשט זײערע פֿאַלשע בליִקען. אָבער איך האָב זיך ניִשט אײַנמאָל אײַנגעקוקט אין זײערע אויגען, וועלכע זענען געוואָרען גריִן אָדער געל פֿון כעס.

— אָ, היִט זיך, מײַן הערר, פֿאַר די פֿעניִציאַנער, ווי פֿאַר גיִפֿטיִגע שלאַנגען!

רעמסס האָט געקוקט אויף שרה'ן און ער האָט פֿער־גלײַכט אין זײַנע געדאַנקען איהר רײַנע, אמת'ע ליִעבע מיִט דער בערעכענטקײַט פֿון דער פֿעניִציאַנעריִן, איהר היִץ מיִט דער קאַלטקײַט פֿון קמא.

„אמת טאַקי — האָט ער זיך געקלערט — די פֿעני־ציאַנער זענען טאַקי גיִפֿטיִגע שלאַנגען, נאָר אויב רעמסס דער גרויסער האָט זיך בענוצט אויף אַ מלחמה מיִט אַ לײב, פֿאַר־וואָס זאָל איך זיך ניִשט בענוצען מיִט שלאַנגען געגען די פֿײַנד פֿון מצרים?"

און וואָס מעהר ער האָט זיך איִן די געדאַנקען פֿאַר־געשטעלט די פֿאַלשקײַט פֿון קמא'ן, אַלץ מעהר תאוה האָט ער צו איהר בעקומען. די נשמה פֿון גבוריִם זוכט פֿיִעל מאָל סכנות.

ער האָט זיך געזעגענט מיִט שרה'ן, און פּלוצלונג, ניִשט וויִסענדיִג פֿון וואַנען, האָט ער זיך דערמאָהנט, אַז טרגון האָט איהם חושד געווען, אַז ער האָט זיך בעטײליִגט אין דעם אָנפֿאַל אויף איהם.

דער קרוין־פּריִנץ האָט זיך אַ קלאַפּ געטהון איִן שטערן:

— צי האָט דער, וועלכער איִז אַזוי ענהליִך צו

מיר — האָט ער זיך געקלערט — אײַנגעאָרדענט דעם אַנפֿאַל אויף דעם בעפֿאָלמעכטיגטען? ... און אויב אַזוי, ווער האָט איהם דערצו אָנגערעדט? ... אודאי די פֿעניציאַנער! און אויב זײ האָבען צו אַזא שמוציגער זאַך געוואָלט אַרײַנמישען מײַן פּערזאָן, האָט דאָך שרה רעכט, זאָגענדיג, אַז זײ זענען נידערטרעכטיגע און איך מוז זיך היטען פֿאַר זײ!...

און ווידער האָט זיך דער כעס אין איהם דערוועקט און ער האָט בעשלאָסען באַלד די זאַך צו ערלעדיגען. און ווײַל דאמאָלס האָט פּונקט אָנגעהויבען נאַכט צו ווערען, איז ער באַלד געגאַנגען צו קמא'ן.

עס האָט איהם ווייניג אינטערעסירט. אַז מען וועט איהם אפשר דערקענען; וועט זײַן עפּעס אַ געפֿאַהר, האָט ער דאָך זײַן שווערד מיט זיך...

אין דעם פּאַלאַצעל פֿון דער כהנת איז ליכטיג געווען, נאָר אין קאָרידאָר איז קיינער פֿון דער דיענסטשאַפֿט נישט געווען.

„ביז איצט — האָט ער זיך געקלערט — האָט קמא געפּלעגט אַרויסשיקען איהר דיענסטשאַפֿט, ווען איך האָב געזאָלט קומען צו איהר. הײַנט — צי האָט זי געשפּירט, אַז איך קום, צי נעהמט זי אָן בײַ זיך אַ גליקליכערען פֿון מיר?"...

ער איז אַרויף אויף דעם שטאָק, האָט זיך געשטעלט געגען דעם צימער פֿון קמא און פֿלוצלונג האָט ער אָבגערוקט די פֿאָרהאַנג. אין צימער איז געווען קמא, געגען איהר איז געזעסען חירום און בײדע האָבען געשמועסט שטיל.

— אָ! ... אין אַ שלעכטער צײַט קום איך... — האָט

דער קרוין-פּרינץ געזאָגט מיט געלעכטער — איהר, פּרינץ, זיצט אויך ביי אַ פרוי, וועלכע ווערט בעשטראָפט מיט'ן טוידט, ווען זי איז גנעדיג צו אַ מאַנספּערזאָן?

חירום און קמא האָבען זיך גיך אויפגעהאַפּט פון זייערע ערטער.

— עפּעס אַ גוטער מלאך האָט דיר צו וויסען געטהון, אַז מיר רעדען פון דיר... — האָט חירום געזאָגט, בוקענדיג זיך.

— איהר פאַרבערייטעט מיר עפּעס אַ אונגעריכט געשעהעניש? — האָט דער קרוין-פּרינץ געפרעגט...

— אפשר יאָ!... ווער קאָן וויסען? — האָט קמא געענטפערט, קוקענדיג אויף איהם מיט שטאָלץ.

דער קרוין-פּרינץ האָט אָבער קאַלטבלוטיג געענטפערט:

— זאָלען נאָר די, וועלכע ווילען מיר אַזעלכע געשעהענישען פאַרבערייטען, נישט פערמשעפען זיך אָן מיין האַק אָדער שטריק... דאָס וואָלט זיי מעהר פערוואונדערט, איז מיך וואונדערט זייער געשעהעניש...

קמא איז געבליבען שטעהן מיט אַ אָפען מויל, חירום איז בלאַס געוואָרען און האָט געזאָגט מיט הכנעה:

— מיט וואָס האָבען מיר פערדיענט אויף דעם כעס פון אונזער העררשער?

— איך וויל וויסען דעם אמת — האָט דער קרוין-פּרינץ געזאָגט — זעצענדיג זיך און קוקענדיג מיט כעס אויף חירום'ען — איך וויל וויסען: ווער האָט איינגעאָרדענט דעם אָנפאַל אויף דעם בעפעלמעכטיגטען פון אשור און האָט אין דער נידערטרעכטיגקייט אריינגעמישט אַ מענשען, וועלכער

איז אַזוי ע̇הנליך צו מיר, ווי מיין רעכטע האַנד איז ע̇הנ־
ליך צו דער לינקער.

— זעהסטו, קמא — האָט זיך חירום אָנגערופען —
איך האָב געזאָגט, אַז די נאָהנטקייט פון דעם הונד צו דיר
קאָן אויף אונז ברענגען אַ אונגליק... און איצט האָסטו!...
מיר האָבען לאַנג נישט בעדאַרפט וואַרטען אויף דעם
אונגליק.

די פעניציאַנערין האָט זיך געוואָרפען דעם קרוין־
פּרינץ צו די פיס:

— אַלעס וועל איך דיר זאָגען — האָט זי אויסגע־
שריען זיפּצענדיג — נאָר וואַרף אַרויס, מיין הערר, פון
דיין האַרץ דעם פערדרוס, וואָס דו האָסט אויף די פעני־
ציאַנער... הרג'ע מיך, נעהם מיך אין דער תפיסה אַריין.
נאָר אויף זיי בייזער זיך נישט.

— ווער איז אָנגעפאַלען אויף סרגון'ען?

— ליקאָן, דער גרעק, וועלכער זינגט אין אונזער
בית־המקדש — האָט זי געענטפערט, נאָך אַלץ קניענדיג.

— אַהאַ!... האָט ער דאָס דאַמאָלס געזוּנגען נעבען
דיין הויז און ער איז דאָס אַזוי ע̇הנליך צו מיר?...

חירום האָט אַראָבגעבויגען דעם קאָפּ און די האַנד
אַרויפגעלעגט אויף זיין האַרץ.

— זעהר גוט האָבען מיר דעם מענשען געצאָהלט —
האָט ער געזאָגט — פאַר דעם, וואָס ער איז ע̇הנליך צו
דיר, מיין הערר... מיר האָבען גערעכענט, אַז זיין עלענדע
פיגור וועט דיר קאָנען נוצען אַ מאָל, אין אַ צייט פון אַ
אונגליק...

— און זי איז צונוץ געקומען!... — האָט איהם

דער קרוין-פרינץ איבערגעהאקט די ווערטער... וואו איז ער? איך וויל זעהן דעם פיינעם זינגער... מיין לעבעדיג בילד...

חירום האט זיינע הענד אויסגעצויגען.

— ער איז אנטלאפען, אבער מיר וועלען איהם געפינען — האט ער געענטפערט — אויסער ווען ער וועט זיך פערוואנדלען אין א פליעג, אדער אין א ערד-וואורם...

— און מיר וועסטו מוחל זיין, מיין הערר?... — האט קמא שטיל געזאגט, אנשפארענדיג זיך אויף די קניען פון רעמסס'ן.

— פרויען איז מען פיעל מוחל — האט דער קרוין-פרינץ געזאגט.

— און איהר וועט זיך נישט נוקם זיין אן מיר?...— האט זי מיט שרעק געפרעגט חירום'ען.

— פעניציען — האט דער אלטער געענטפערט לאנגזאם, גוט ארויסרעדענדיג יעדעם ווארט — וועט פערגעסען די גרעסטע זינד דעם, וואס וועט זיך ערווערבען דעם גנאד פון אונזער הערר רעמסס, אייביג זאל ער לעבען!...

— ליקאנ'ען,—האט חירום וויטער געזאגט, ווענדענדיג זיך צו דעם קרוין-פרינץ — וועסטו בעקומען, מיין הערר, א לעבענדיגען, אדער א טוידטען...

זאגענדיג דאס האט זיך חירום ניעדעריג געבוקט און דאס צימער פערלאזט, איבערלאזענדיג דעם קרוין-פרינץ מיט דער כהנת אליין אין צימער.

רעמסס'ן איז דאס בלוט געקומען אין קאפ אריין. ער האט ארומגענומען קמא'ן, וועלכע האט געקניעט פאר איהם און האט שטיל געזאגט:

— דו האָסט גערערט, וואָס דער גרויסער חירום האָט געזאָגט?... פעניציען וועט דיר פערגעסען די גרעסטע זינד!... דער מענש איז מיר טאַקי טריַ... און איצט, ווען ער האָט אַזוי געזאָגט, וואָס פאַר אַ אויסרעד וועסטו וויטער געפינען?...

קמא האָט זיינע הענד געקושט, זאָגענדיג שטיל:

— דו האָסט מיך בעקומען... איך בין דיין שקלאַפין... נאָר היינט לאָז מיך צו רוה... דו מוזט אַכטען דאָס הויז, וועלכעס געהער צו דער געטליכער עשתרות...

— בכן וועסטו זיך איבערטראָגען אין מיין פּאַלאַץ?— האָט דער קרוין-פּרינץ געפרעגט.

— אָגעטער! וואָס האָסטו געזאָגט?... זייט די זון געהט אויף און געהט אונטער, האָט נאָך נישט פּאַסירט, אַז אַ כהנת פון עשתרות...

נאָר פערפאַלען!... פעניציען גיעט דיר אַ בעוויַז, אַז זי אַכטעט און ליעבט דיך אַזוי, ווי זי האָט נאָך קיינעם פון איהרע זיהן נישט געאַכטעט און געליעבט...

— בכן... — האָט איהר דער קרוין-פּרינץ איבערגעהאַקט די ווערטער, צוטולענדיג זי צו זיך.

— נאָר נישט היינט און נישט דאָ... — האָט זי איהם געבעטען.

# דרייצעהנטעס קאַפּיטעל.

געוואָהר ווערענדיג פון חירום'ען, אַז די פעניציאַנער האָבען איהם געשענקט די כהנת, האָט דער קרוין-פּרינץ זי געהאַלט האָבען ווי אַמגיכסטען אין זיין הויז, נישט וויל

ער · אָט אָהן איהר נישט געזאָלט קאָנען לעבען, נאָר ווייל זי איז פאַר איהם געווען א נייעס.

קמא האָט אָבער אָבגעזעגערט, בעטענדיג דעם קרוין-פרינץ, ער זאָל זי לאָזען צו רוה, ביז עם וועלען אויפהערען אָנצוקומען אזוי פיעל פרומע לייט און ביז עם וועלען נישט ארויספאָדערען פון פי-בושת די גרעסטע לייט. ווארום ווען זי וואָלט געוואָרען זיין געליעבטע, ווען זיי זענען אין שטאָדט, וואָלטען פערקלענערט געוואָרען די איינקינפטען פון בית-המקדש און די כהנת וואָלט געווען אין א סכנה.

— אונזערע חכמים און גרויסע לייט וועלען מיר מוחל זיין — האָט זי רעמסס'ן געזאָגט — אָבער דער המון וועט בעטען די געטער, זיי זאָלען זיך אָן מיר נוקם זיין. און דו, מיין הערר, ווייסט דאָך, אז די געטער האָבען לאַנגע הענד...

— זאָלען זיי נאָר די הענד נישט פערליערען, ווען זיי וועלען אונטער מיין דאך די הענד אריינרוקען — האָט דער קרוין-פרינץ געענטפערט.

און דאָך האָט ער נישט דוקא פערלאַנגט, ווייל דער קאָפּ זיינער איז איהם דאַמאָלס מיט עפּעס אנדערש געווען בעשעפטיגט.

די בעפאָלמעכטיגטע פון אשור: סרגון און איסטו-בר, זענען ארויסגעפאָהרען קיין מעמפיס, אום דאָרט אונטערצו-שרייבען דעם אָבמאַך. גלייכצייטיג האָט פּרעה פערלאַנגט פון רעמסס'ן, ער זאָל איהם צושטעלען א ראַפּאָרט פון זיין רייזע.

דער קרוין-פרינץ האָט געהייסען די שרייבער, זיי זאָלען בעשרייבען אלעס, וואָס האָט פּאַסירט, זייט ער האָט

פערלאָזט מעמפּיס: ווי ער האָט בעזוכט די בעלי־מלאכות, פאַבריקען און פעלדער, ווי ער האָט געשפּראָכען מיט די הויפּט־מענער און בעאַמטע. און אָבצופיהרען דעם ראפּאָרט קיין מעמפּיס, האָט ער בעשטימט טוטמאָזיס'ן.

— פאַר פּרעה'ס פּנים — האָט דער קרוין־פּרינץ צו איהם געזאָגט — ווען דו זאָלסט זיין מיין האַרץ און מיין מויל, און טהון זאָלסטו אַזוי:

ווען דער גרויסער הרהור וועט דיך פרעגען: וואָס איך מיין וועגען דער עלענדקייט, פון מצרים און דעם שאַץ פון דער מלוכה? — זאָלסטו זאָגען דעם מיניסטער, אז ער זאָל זיך ווענדען צו זיין געהילף פענטוער און ער וועט מיינע אַנשויאונגען ערקלערען פונקט אַזוי, ווי ער האָט ער־קלערט אין דעם בית־המקדש פון דער געטליכער התור.

ווען הרהור וועט וועלען וויסען מיין מיינונג וועגען דעם אָבמאַך מיט אשור — זאָלסטו זאָגען, אז איך בין מחויב צו טהון, וואָס מיין הערר, מיין פאָטער, הייסט מיך.

טוטמאָזיס האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ אַלס צייכען, אז ער פערשטעהט.

— נאָר — האָט דער קרוין־פּרינץ וויטער געזאָגט — ווען דו וועסט שטעהן פאַר דעם פּנים פון מיין פאָטער (איביג זאָל ער לעבען!) און דו וועסט זיך איבערצייגען, אז קיינער הערט נישט וואָס דו זאָגסט, זאָלסטו איהם פאַלען צו די פיס און זאָגען אַזוי:

אַזוי זאָגט דיין זוהן און דיין קנעכט, דער עלענדער רעמסס, וועלכען דו האָסט געגעבען לעבען און מאַכט.

מצרים איז אונגליקליך, ווייל זי האָט וואָס אַ מאָל וועניגער פרוכטבאַרע ערד און מענשען. פון דער ערד

ווערט א מדבר און די מענשען שטארבען פון שווערע ארבייט און נויט.

וויסען זאלסטו אבער, העריר אונזערער, אז די כהנים שאדען נישט ווייניגער דיין שאץ, ווי די מגפות און די מדבר. זייערע בית-מקדש'ם זענען פול מיט אוצרות און ציערונג, מיט וועלכע מען וואלט געקאנט אלע חובות בעצאהלען, און חוץ דעם האבען די כהנים און נביאים אין זייערע הענד — די בעסטע גיטער, די שטארקסטע פויערען און ארבייטער און ערד האבען זיי אסך מעהר פון הייליגען פרעה.

אזוי זאגט דיר דיין זוהן און דיין קנעכט רעמסס, וועלכער האט די גאנצע צייט פון זיין רייזע געהאט די אויגען אפען ווי א פיש, און די אויערען אויפגעשטעלט, ווי א קלוגער איזעל.

דער קרוין-פרינץ האט אביסעל אויפגעהערט רעדען און טוממאזיס האט זיך אין קאפ איבערגעחזר'ט די ווערטער פון רעמסס'ן.

— און אויב — האט ווייטער רעמסס געזאגט — אויב דער הייליגער פרעה וועט דיך פרעגען, וואס איך מיין וועגען דעם אבמאך מיט אשור — זאלסטו פאלען פאר איהם מיט'ן פנים צו דער ערד און דו זאלסט ענטפערען אזוי:

דיין קנעכט רעמסס, אויב דו וועסט איהם ערלויבען, וועט ער האבען די דרייסטיגקייט צו מיינען, אז די אשורים זענען גרויסע און שטארקע פויערען און זיי האבען גאר גוט געוועהר; מען דערקענט אבער אין זיי, אז זיי זענען שלעכט מוסטרירט.

ביי סרגון'ס פים זענען דאך נעגאנגען די בעסטע

סאָלדאַטען פֿון אשור: מיט פֿיל-און-בויגענס מיט העק, און דאָך זענען צווישען זיי קיין זעקס נישט געווען, וועלכע האָבען געזאָלט קאָנען געהן גלייך אין איין רייהע. די שפּיזען האַלטען זיי קרום, די שווערדען זענען ביי זיי שלעכט צוגעבונדען, די העק האַלטען זיי, ווי קצבים. זייערע מלבושים זענען שווער, זייערע דיקע סאַנדאַלען ברענען די פֿיס און זייערע פּאַנצערס זענען טאַקי שטאַרק. אָבער קיין נוץ קאָן מען נישט האָבען פֿון זיי, ווייל דער סאָלדאַט קאָן זיך אין זיי נישט רירען.

— אמת זאָגסטו – האָט טוטמאָזיס זיך אָנגערופֿען – איך האָב אויך דאָס געזעהן און אַזוי זאָגען אויך אונזערע אָפֿיציערען.

— דו זאָלסט אויך זאָגען דעם הערר אונזערען, וועלבער שענקט אונז דאָס לעבען — האָט רעמסס ווייטער געזאָגט — אַז אַלע אַדעל-לייט און דאָס גאַנצע מיליטער פֿון מצרים איז זעהר צערייצט געוואָרען, הערענדיג, אַז אַשור וועט פֿערנעהמען פֿעניציען. פֿעניציען איז דאָך אַ פּאָרט פֿון מצרים און די פֿעניציאַנער — די בעסטע מאַטראָסען פֿון אונזער פֿלאָט.

זאָג אויך דאָס, וואָס איך האָב געהערט פֿון די פֿעניציאַנער (דער הייליגער פּרעה ווייסט אַוודאי דאָס זעהר גוט), אַז אַשור איז איצט שוואַך: אַ מלחמה האָט ער אין צפון און אין מזרח און גאַנץ מערב-אַזיען איז געגען איהם. ווען מיר וואָלטען היינט אָנגעפֿאַלען אויף אַשור, וואָלטען מיר זיך ערוואָרבען גרויסע אוצרות און פֿיעל שקלאַפֿען, וועלכע וואָלטען אונזערע פֿויערען צוגעהאָלפֿען אַרבייטען.

צום סוף זאָלסטו זאָגען, אַז די חכמה פֿון מיין פֿאָ-

מיר איז גרעסער פון דער קלוגהייט פון אלע מענשען און דאדורך וועל איך טהון אזוי ווי ער וועט מיר הייסען, אבי נאר ער זאל פעניציען נישט אבגעבען אין די הענד פון אשור, דען אויב אזוי, וועלען מיר אלע אומקומען. פעניציען איז א שטאלענע מויער צו אונזער שאץ און וואו איז פערהאנען א מענש, וואס זאל א גנב איבערגעבען זיין טהיר?

טומטאזים איז געפאהרען קיין מעמפיס אין הודש פאאפי (יולי, אויגוסט).

אין נילום איז אנגעקומען וואס אמאל מעהר וואסער און דאדורך זענען פון אזיען ווייניגער מענשען אנגעקומען קיין פי-בושת אין דעם בית-מקדש פון עשתרות. די ארטיגע בעפעלקערונג איז אויך ארוים אויף דעם פעלד, אום ווי אמניבסטען ארבצונעהמען ווייגטרויבען, פלאקס און בוים-וואל.

דער נעגענד איז רוהיג געווארען און די גערטנער ארום דעם בית-המקדש זענען כמעט לער געווארען.

דער קרוין-פרינץ, זייענדיג דאמאלס פריי פון פער-חיילונגען און מלוכה-פפליכטען, האט ער זיך בעשעפטיגט מיט זיין ליעבע צו קמא. אמאל האט ער אבגעהאלטען בסוד א בעראטהונג מיט חירום'ען, וועלכער האט אויף זיין פעראָרדנונג געשענקט דעם בית-מקדש פון עשתרות 12 טאלענטען אין גאלד, א בילד פון דער געטין, וואס איז אויס-געשניצט געוועזן פון א גרינעם שטיין, 50 קיה און 250 מאס וויין. די נדבה איז געוועזן אזוי גרויס, אז דער כהן-גדול פון בית-המקדש איז אליין געקומען צו רעמסס'ן און לעגענ-דיג זיך פאר איהם מיט'ן בויך אויף דער ערד, האט ער איהם געדאנקט פאר דער גנאד, וועלכע די פעלקער,

וואָס ליעבּען די גענצע עשתרות, וועלען קיין מאָל נישט פערגעסען...

אָבפּאַרטיגענדיג זיך מיט דעם בית-מקדש, האָט רעמסס געראופען צו זיך דעם הויפּט-מאַן פון דער פּאָליציע אין פּי-בּושת און האָט מיט איהם לאַנג פערבראַכט. אין עטליכע טעג דערנאָך האָט די גאַנצע שטאָדט געקאָכט צוליעב אַ אונעררהערט נייעס.

קמא, די כהנת פון עשתרות, איז געגנב'עט געוואָרען. זי איז אַוועקגעפיהרט און פערשוואונדען געוואָרען, ווי אַ קערנדעל זאַמד אין דער מדבר.

דער אונערהערטער פּאַרפּאַל איז פאָרגעקומען אין פאָלגענדע בעדינגונגען:

דער כהן-גדול פון בית-מקדש עשתרות האָט געשיקט קמא'ן אין דער שטאָדט שבנא-חתים מיט קרבנות פאַר דעם קליינעם בית-מקדש פון עשתרות, וואָס איז דאָרט געווען. קמא איז געפאָהרען ביי נאַכט אויף אַ קליין שיפעל, ווייל ביי טאָג איז זעהר הייס געווען.

פאַר טאָג, ווען די פיער רודערער זענען געווען מיעד און זיי האָבען געדרימעלט, איז פּלוצלונג פון צווישען די וואוקסען אויף דעם ברעג אַרוים אַ שיפעל, אויף וועלכען עס זענען געזעצען גריעכען חתים און צופאָהרענדיג צו דעם שיפעל פון בית-מקדש עשתרות, האָבען זיי געכאַפּט קמא'ן. דער אָנפאַל איז אַזוי גיך געמאַכט געוואָרען, אַז די פעניציש רודערער האָבען זיך גאָר נישט געקאָנט געגענשטעלען. קמא'ן האָט מען אודאי דאָס מויל מיט עפּעס פערשטופּט, כדי זי זאָל נישט קאָנען שרייען, וואָרום מען האָט איהר קול אפילו נישט געהערט.

חאַפּענדיג קמאָן, זענען זיך די גריעכען און חתים פערשוואונדען געוואָרען מיט קמאָן צווישען די געוואוקסען. פון וואַנען זיי זענען מיט איהר ערגעץ אוועק און פערשוואונדען געוואָרען.

אין פּי-בּושת איז געוואָרען אַ טומעל: די גאַנצע בע־פעלקערונג האָט פון דעם גערעדט. מען האָט געקלערט, ווער עס האָט געמאַכט דעם אָנפאַל. עטליכע האָבען גע־זאָגט, אַז דער אָנפאַל איז געמאַכט געוואָרען דורך סרגונ׳ען, וועלכער האָט קמאָן געוואָלט נעהמען פאַר אַ ווייב און האָט זי געבעטען, זי זאָל מיט איהם פאָהרען קיין נינוה. אַנדע־רע האָבען חושד געווען דעם גרעק ליקאָן, וועלכער איז געווען אַ זינגער אין דעם בית-מקדש פון עשתרות און האָט זעהר היים געליעבט קמאָן. ער איז געווען גענוג רייך און האָט אויך געקאָנט זיך דינגען גריעכישע רויבער. פרום איז ער אויך נישט געווען.

אין דעם בית-מקדש עשתרות האָבען זיך פערזאַמעלט די רייכסטע און פרומסטע פון די, וואָס האָבען געגלויבט אין דער געטין. די פערזאַמלונג האָט בעשלאָסען, אַז קמא זאָל מעהר קיין כּהנת נישט זיין און עס זאָל פון איהר אַראָבגענומען ווערען דער חרם, וועלכער ליעגט אויף יעדער כּהנת, וואָס גיעט זיך אָב אַ מאַנספערזאָן.

דער בעשלוס איז געווען רעכטשאַפען און קלוג. וואָרום פאַר וואָס האָט זי געזאָלט בעשטראָפט ווערען, ווען עמיץ האָט זי מיט געוואַלד געחאַפּט?

עטליכע טעג דערנאָך, האָט מען אין בית-מקדש עשתרות געבלאָזען שופר און אויסגערופען, אַז די כּהנת קמא איז געשטאָרבען. אויב עמיץ וועט בעגעגענען אַ פרוי,

וועלכע זעהט אויס ווי קמא, טאָר ער זיך נישט נוקם זיין אין איהר און אַפילו קיין שלעכטע ווערטער טאָר ער איהר נישט זאָגען, ווייל נישט זי, די כהנת, האָט פערלאָזט די געטין, נאָר שלעכטע רוחות האָבען זי געחאַפּט און די רוחות מעלען בעשטראָפט ווערען.

דעם זעלבען טאָג איז חירום געווען ביי רעמסס׳ן און האָט איהם געגעבען אין אַ גאָלדענע שייד אַ פּאַרמעט, אויף וועלכען עס זענען געווען חתימות און אונטערשריפטען פון די בעריהמטסטע פעניציאַנער.

אויף דעם פּאַרמעט איז געווען געשריבען דער בע־שלום פון בית־דין אין בית־מקדש פון עשתרות, לויט וועל־כען עס איז אראָבגענומען געוואָרען פון קמא׳ן דער חרם פון די געטער.

ווען די זון איז אונטערגעגאַנגען, איז דער קרוין־פּרינץ געגאַנגען מיט דעם פּאַרמעט אין אַ איינזאַמע ווילע אין זיין גאָרטען. ער האָט מיט אַ אונבעוואוסטען מיטעל געעפענט די טהיר און איז אַרויף אויף דעם שטאָק אין אַ קליין צימער.

ביי דער ליכט פון אַ געשניצט לעמפּעל, אין וועלכען עס האָט זיך געברענט שמעקענדער בוימעהל, האָט דער קרוין־פּרינץ דערזעהן קמאן.

— ענדליך! — האָט ער אויסגעשריען, געבענדיג איהר די גאָלדענע שייד — דו האָסט אַלעס, וואָס נאָר דו האָסט געוואָלט.

די פעניציאַנערין איז געווען צעהיצט; איהרע אויגען האָבען געפלאַמט. זי האָט געחאַפּט די שייד און אַנקוקענדיג וואָס אין איהר איז, האָט זי אויף דער ערד געוואָרפען די שייד מיט׳ן פּאַרמעט.

— דו מיינסט, אז די שייד איז אַ גאָלדענע ?... — האָט זי געזאָגט — איך גיעב אָב מיין האלז־קייט, אויב די שייד איז ניט אַ קופּערנע און נאָר אין ביידע זייטען איז זי בעדעקט מיט דין גאָלד !...

— שען בעגריסטו מיך !... — האָט דער קרוין־פּרינץ געזאָגט מיט כעס.

— איך קען דאָך מיינע ברידער ! — האָט זי נעענט־פערט — זיי פעלשען ניט נאָר גאָלד, אָבער אויך רובינען און שאַפּירען...

— קמא ! — האָט איהר דער קרוין־פּרינץ איבערגע־האַקט די ווערטער — און דער שייד ליעגט דאָך דיין בע־פרייאונג, דיין זיכערהייט...

— וואָס פאַר אַ זיכערהייט ?... — האָט זי געשריען — עס איז מיר דאָ לאַנגווייליג, און איך האָב מורא... איך זיץ דאָ שוין פיער טעג, ווי אין אַ תפיסה...

— וואָס פעהלט דיר דאָ ?

— ליכטיגקייט... אָטהעם... געלעכטער, געזאַנג, מענשען פעהלען מיר דאָ... אָ, דו געטין פון נקמה ! ווי שווער שטראָפסטו מיך !...

דער קרוין־פּרינץ האָט זיך געוואונדערט. און דער שרעקליכער בייזער פרוי האָט ער ניט דערקענט די קמא פון בית־המקדש, וועלכער דערליידענשאַפטליכער גרעק האָט געזונגען הייסע ליעדער.

— מאָרגען — האָט דער קרוין־פּרינץ צו איהר גע־זאָגט — וועסטו קאָנען אַרויסגעהן אין גאָרטען... און ווען מיר וועלען פאָהרען קיין טעבי, קיין מעמפיס, וועסטו זיך ווייזען, ווי דו האָסט זיך נאָך קיינמאל ניט געווינט...

מהו אקוק אויף מיר. ליעב איך דיך דען נישט? איז דאס דען נישט קיין גרויסער כבוד פאר דיר, וואס דו געהערסט צו מיר?

— יא — האט זי געענטפערט מיט כעס — דו האסט דאך אבער שוין געהאט פיער פרויען פאר מיר!...

— דיך ליעב איך אבער אממעהרסטען...

— ווען דו וואלסט מיך געליעבט מעהר פון אלע, וואלסטו מיך געמאכט פאר דיין ערשטע פרוי. וואלסטו מיך געזעצט אין דעם פאלאץ, וואו עס וואהנט די... די יודענע שרה, און מיר וואלסטו געגעבען א וואך, נישט איהר... דארט, פאר דעם בילד פון עשתרות, בין איך די ערשטע געווען... ווער עס האט געבראכט א קרבן דער געטין און האט געקניעט פאר איהר, האט אויף מיר געקוקט... און דא וואס האב איך?... דאס מיליטער פויקט און שפיעלט אויף פלעטען, בעאמטע פערלעגען די הענד אויף דעם הארץ און בוקען זיך פאר דעם הויז פון דער יודישער טאכטער...

— פאר מיין בכור, מיין ערשטגעבוירענעם זוהן — האט איהר דער קרוין-פרינץ די ווערטער איבערגעהאקט מיט אונגעדולד — און ער איז קיין יוד נישט...

— ער איז יא א יוד! — האט קמא געשריען.

רעמסס האט זיך אויפגעחאפט פון ארט.

— משוגע ביזטו?... — האט ער געזאגט — ווייסטו דען נישט, אז מיין זוהן קאן נישט זיין א יוד...

— און איך זאג דיר, אז ער איז יא א יוד!... — האט זי געשריען, קלאפענדיג מיט איהרע פויסטען אין טיש

— ער איז אַ יוד, ווי זיין זיידע, ווי זיינע פֿעטערס, זיי רופֿען דאָך איהם יצחק...

— וואָס האָסטו געזאָגט?... צי ווילסטו, אַז איך זאָל דיך אַרויסטרייבען פֿון דאַנען?...

— גוט, טרייב מיך אַרויס, אויב פֿון מיין מויל איז אַרויס אַ ליגען... נאָר אויב איך האָב געזאָגט אמת, טרייב אַרויס יענע... די יודענע, צוזאַמען מיט איהר שרץ און דעם פּאַלאַץ גיעב מיר... איך וויל, איך בין ווערטה צו זיין די ערשטע אין דיין הויז... ווייל יענע נאַרט דיך... לאַכט פֿון דיר... און איך האָב זיך דערוויסטערט פֿון מיין געטין איבער דיר... איך שטעל מיר איין דאָס לעבען...

— גיעב מיר אַ בעווייז, וועט דער פּאַלאַץ דיין זיין... ניין, דאָס איז אַ ליגען...— האָט דער קרוין־פּרינץ געזאָגט — שרה וואָלט דאָס נישט דערלאָזט... מיין ערשט־געבוירענער זוהן!...

— יצחק... יצחק!... — האָט קמא געשריען — גיעה צו איהר וועסטו זיך איבערצייגען.

רעמסס איז גיך אַרויסגעלאָפֿען פֿון קמא'ן און איז אַריינגעלאָפֿען אין דעם הויז, וואו שרה האָט געוואָהנט. ער איז געוועזען אַזוי אויפֿגערעגט, אַז חאָטש די שטערען האָבען געשיינט, האָט ער זיך פֿערבלאָנזעט און אַ ווײַלע האָט ער זיך אַרומגעדרעהט אין גאָרטען. די קיהלע לופֿט האָט איהם אָבער מונטערער געמאַכט, ער האָט דעם וועג געפֿונען און איז אַריין צו שרה'ן.

חאָטש עס איז שוין געוועזען שפּעט, איז מען דאָרט נאָך נישט געשלאָפֿען. שרה האָט מיט איהרע אייגענע הענד געוואַשען די ווינדלעך פֿון איהר קינד און איהר דיענסט

האָט די צײַט פֿערבראַכט מיט עסען, טרינקען און שפּילען.

ווען רעמסס איז אַרײַן אַ בלאַסער פֿון אויפרעגונג, האָט שרה אויסגעשריען, נאָר באַלד האָט זי זיך בערוהיגט.

— גוטען אָווענד, מײַן הערר — האָט זי געזאָגט, אָבווישענדיג איהרע פֿײַכטע הענד און בויגענדיג זיך צו זײַנע פֿיס.

— שרה, ווי הייסט דײַן זוהן?... — האָט ער געפֿרעגט,

שרה האָט פֿון שרעקעניש זיך אָנגעהאַפּט בײַ'ם קאָפּ.

— ווי הייסט דײַן זוהן?... — האָט ער נאָך אַמאָל געפֿרעגט.

— דו ווייסט דאָך, מײַן הערר, אַז ער הייסט שת... האָט זי געענטפֿערט שטיל.

— קוק מיר אין די אויגען...

— אָ, גאָט!...— האָט שרה שטיל געררופֿען.

— זעהסטו, אַז דו זאָגסט ליגען. און איצט וועל איך דיר זאָגען: מײַן זוהן, דער קרוין-פּרינץ פֿון מצרים, הייסט יצחק... און איז אַ יוד... אַ נידערטרעכטיגער יוד...

— גאָט!... גאָט!... האָב רחמנות!... — האָט זי אויסגעשריען, װארפֿענדיג זיך איהם צו די פֿיס.

רעמסס האָט אָנפֿאַנגס געררעדט שטיל, געלאַסען, נאָר זײַן פּנים איז בלאַס געוואָרען.

— מען האָט מיך געוואָרענט — האָט ער געזאָגט — אַז איך זאָל אין מײַן הויז נישט אַרײַננעהמען קיין יודישע טאָכטער... מײַנע געדערים האָבען זיך מיר אומגעדרעהט, ווען איך האָב דערזעהן, אַז דאָס גוט איז פֿול געװיען מיט

יודען... איך האָב זיך אָבער איינגעהאַלטען, ווייל איך האָב דיר געטרויעט. דערוויַיל האָסטו צוזאַמען מיט דיינע יודען מיין זוהן מיר אוועקגעגנב'עט, מיין זוהן!...

— די כהנים האָבען געהייסען, ער זאָל בלייבען א יוד...— האָט שרה שטיל געזאָגט, שלאָבצענדיג און ליעגענדיג ביי די פיס פון רעמסס'ן.

— כהנים?... וועלכע כהנים?...

— דער גרויסער הרהור... דער גרויסער מפרים... זיי האָבען געזאָגט, אַז אַזוי מוז זיין, ווייל דיין זוהן וועט מוזען זיין א יודישער מלך...

— די כהנים?... מפרים?...— האָט רעמסס איבער־געחזר'ט — א יודישער מלך?... איך האָב דאָך דיר אָבער געזאָגט, אַז דיין זוהן קאָן ווערען א אָנפיהרער פון מיינם א פאָלק, מיינם א שרייבער קאָן ער זיין... איך האָב דיר דאָס געזאָגט!... און דו עלענדע האָסט געמיינט, אַז א גרעסע־רער כבוד איז צו זיין א יודישער מלך, ווי צו זיין מיינם א שרייבער!... א אָנפיהרער פון מיינם א פאָלק!... מפרים!... הרהור!... געלויבט זאָלען זיין די געטער, וועלכע האָבען מיר געעפענט די אויגען און איך האָב דערזעהן, וואָס זיי זענען! איצט פערשטעה איך שוין, וואָס פאַר א גורל זיי בעשטימען מיין קינד...

א ווײַלע האָט ער געטראַכט, געביסען זיינע ליפען און פּלוצלונג האָט ער מיט א שרעקליכער שטימע אויסגע־שריען:

— קנעכט!... סאָלדאַטען!...

אין איין מינוט איז דאָס צימער פול געוואָרען. עס זענען אריינגעקומען די דיענסטען פון שרה'ן, דער שרייבער

און דער פֿערוואַלטער פֿון איהר הויז, דערנאָך זענען אַנגעקומען שקלאַפֿען און עטליכע סאָלדאַטען מיט אַן אָפֿיציער.

— דער טוידט!... — האָט שרה געשריען מיט אַ אוננעהויער שרעקליכער שטימע.

זי איז צוגעלאָפֿען צום וויעגעלע, האָט אַרויסגעכאַפּט איהר קינד און שטעלענדיג זיך אין אַ ווינקעל, האָט זי געשריען:

— הרג'עט מיך און איהם וועל איך נישט אָבגעבען!... רעמזעס האָט געשמייכעלט.

— אָפֿיציער! — האָט ער געזאָגט צו דעם אָפֿיציער — נעהם די פֿרוי מיט איהר קינד און פֿיהר זיי אריין אין דעם בנין, וואו עס געפֿינען זיך די שקלאַפֿען פֿון הויז. די יודישע טאָכטער וועט שוין נישט זיין קיין דאַמע, נאָר אַ דיענסט ביי דער, וועלכע וועט דאָ אָנקומען אויף איהר אָרט.

— און דו, פֿערוואַלטער, — האָט ער ווייטער געזאָגט, ווענדענדיג זיך צו דעם בעאַמטען — געדענק, אַז די יודענע זאָל מאָרגען אין דער פֿריה נישט פֿערגעסען צו וואַשען די פֿיס פֿון דער דאַמע, וועלכע וועט באַלד דאָ אַריינקומען. ווען די דיענסט וועט נישט פֿאָלגען, וואָס מען הייסט זי, וועט זי, אויף דעם בעפֿעהל פֿון איהר הערשערין — בעקומען מלקות.

אַרויסגעפֿיהרט זאָל ווערען די פֿרוי אין דער שטוב פֿון די שקלאַפֿען.

דער אָפֿיציער און דער פֿערוואַלטער זענען צוגעגאַנגען צו שרה'ן. זיי האָבען זיך אָבער פֿערהאַלטען, נישט האָבענדיג די העזה זי צו בעריהרען. זיי האָבען אָבער נאָר

נישט בעדאַרפט זי בעריהרען. זי האָט מיט אַ לײַלעך אײַנ־
געוויקעלט דאָס ווײַנענדיגע קינד און איז אַרויס פון צימער,
זאָגענדיג שטיל:

— גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב, דער־
באַרם זיך איבער אונז...

זי האָט זיך טיעף געבוקט פאַר דעם קרוין-פּרינץ
און פון איהרע אויגען האָבען געפליעסט טרעהרען. ווען זי
איז שוין געווען אין קאָרידאָר, האָט רעמסס נאָך געהערט
איהר זיסע שטימע:

— גאָט פון אברהם, פון יצחק...

ווען עס איז רוהיגער געוואָרען, האָט רעמסס געזאָגט
צו דעם אָפיציער און צו דעם פערוואַלטער:

— מיט שטאָלקאַצען געהט אין דעם הויז צווישען די
פײַגען-בוימער...

— איך פערשטעה — האָט דער פערוואַלטער גע־
ענטפערט

— און באַלד ברענגט דאָ אַהער די פרוי, וועלכע
וואָהנט דאָרט...

— די פרוי וועט זײַן אײַער הערשערין און די הער־
שערין פון שרה'ן, דער יודענע, וועלכע וועט אַלע טאָג אין
דער פריה מוזען וואַשען די פיס פון איהר הערשערין, זי
בעגיעסען מיט וואַסער און האַלטען פאַר איהר דעם שפּיעגעל.
אַזוי וויל איך און אַזוי הײס איך...

— אַזוי וועט זײַן — האָט דער פערוואַלטער גע־
ענטפערט.

— און מאָרגען אין דער פריה זאָלסטו מיר זאָגען,
צי די נײַע דיענסט פאָלגט, וואָס מען הײסט זי...

ארויסגעבענדיג דעם בעפעהל, איז דער קרוין-פרינץ צוריק אריין צו זיך אין צימער, נאר די גאנצע נאכט איז ער נישט געשלאפען. אין זיין נשמה האט געברענט א פייער פון נקמה.

ער האט געוואוסט, אז נישט שרייענדיג, האט ער צעשלאגען שרה'ן, די עלענדע יודענע, וועלכע האט געהאט די העזה איהם צו נארען. ער האט זי בעשטראפט, ווי א מלך, וועלכער שטירצט גרויסע לייט פון זייערע הויכע שטע-לען און ווארפט זיי אריין אין א טיעפען גרוב מיט איין וואונק פון די ברעמען. שרה איז דאך אבער נאר געוועזען ווי א געשיר אין די הענד פון די כהנים, און פאר וואס זאל זי בעשטראפט ווערען און די כהנים נישט?

זיין כעס איז נאך גרעסער געווארען, דערמאהנענדיג זיך, אז די כהנים קאן ער נישט בעשטראפען. שרה'ן האט ער געקאנט צוזאמען מיט'ן קינד ארויסטרייבען ביי נאכט אין דער שטוב פון די שקלאפען, אבער הרהור'ן האט ער די מאכט נישט געקאנט אבנעהמען און ביי מפרים'ן האט ער נישט געקאנט אבנעהמען די כהונה-גדולה. שרה איז איהם געפאלען צו די פים, ווי א צעטרעטענער פויגעל, אבער הרהור און מפרים, וועלכע האבען איהם ארויסגערי-סען זיין בכור, האבען געהערשט איבער מצרים (ווי גרוים איז די חרפה!) איבער איהם, דעם קינפטיגען פרעה!...

און ער האט זיך ווידער דערמאהנט, וואס פאר עולות די כהנים האבען איהם שוין געטהון. אין דער שולע האבען זיי איהם געשלאגען מיט שטעקענס, ביז דער רוקען האט איהם געפלאצט, מיט הונגער האבען זיי איהם געפייניגט...

אויף די פאר א יאָהריגע מאנעווערען, האט איהם הרהור זיין פלאן פערדארבען, דערנאך האט ער בעשולדיגט איהם און ער איז דאדורך נישט געווארען א אנפיהרער פון קארפוס. דער זעלבער הרהור האט געמאכט, אז דער פאטער זאל איהם נישט ליעבען און זאל איהם נישט מאכען פאר א שני-למלך, ווייל ער האט אין זיין הויז אריינגענומען שרה'ן און, נאר ווען ער האט עטליכע חדשים געוואנדערט, האט מען איהם גענעבען, וואס איהם קומט.

עס האט זיך איהם נערראכט, אז ווען ער וועט ווערען א אנפיהרער פון דער ארמעע און א שני-למלך, וועלען די כהנים אויפהערען איהם דריקען. דערווייל איז פונקט פערקעהרט: איצט זענען זיי ארויסגעטרעטען געגען איהם מיט א דאפעלטער מאכט. זיי האבען איהם געמאכט פאר שני-למלך. צו וואס? ... כדי איהם צו דערווייטערען פון פרעה'ן און כדי זיי זאלען קאנען שליעסען דעם אבמאך מיט אשור. זיי האבען איהם גענויט, אז ער זאל ווי א בעל-תשובה געהן אין בית-המקדש; דארט האבען זיי איהם גענארט מיט עפעס מופתים און בעשרעקענישען און זיי האבען איהם געגעבען גאנץ פאלשע ערקלערונגען.

דערנאך האבען זיי זיך אריינגעמישט אין זיינע פערוויילונגען, זיינע געליעבטע, בעציהונגען מיט די פעניציאנער, חובות און ענדליך, אום איהם צו ערנידערען, צו מאכען איהם צו שפאט אין די אויגען פון די מצריים. האבען זיי פון זיין בכור געמאכט א יוד! ...

וואו איז פערהאנען א פויער, א שקלאף, א ארעםטאנט אין די גרובען, איין מצרי וועלכער זאל נישט האבען דאס רעכט צו זאגען:

— איך בין בעסער פון דיר, קרוין-פרינץ, ווייל קיין איינער פון מיינע זיהן איז קיין יוד נישט...

שפירענדיג די לאסט פון דער בעלעדיגונג, האט רעמסס גלייכצייטיג פערשטאנען, אז ער קאן זיך באלד נישט נוקם זיין. ער האט אלזא בעשלאסען אבצולעגען די זאך אויף שפעטער. אין דער שולע פון די כהנים האט ער זיך אויסגעלערנט הערשען איבער זיך, אין זיין פאטערס הויף האט ער זיך געלערנט געדולד און צביעות; די מעלות וועלען זיין א שוץ זיינע, א פאנצער אין דעם קאמפף מיט די כהנים. פארלויפיג וועט ער זיי נארען, און ווען די צייט וועט קומען, וועט ער זיי אזוי ווארפען, אז זיי וועלען זיך מעהר נישט אויפהויבען.

אויפ'ן הויף האט שוין אנגעהויבען ליכטיג צו ווערען. דער קרוין-פרינץ איז הארט איינגעשלאפען, און ווען ער האט זיך אויפגעכאפט, האט ער צו'ם ערשטען דערזעהן דעם פערוואלטער פון שרה'ס פאלאץ.

— וואס איז מיט דער יודענע? — האט ער געפרעגט.

— לויט דיין בעפעהל האט זי געוואשען די פיס פון זייהר הערשערין — האט דער בעאמטער געענטפערט. —

— זי האט זיך געעקשנ'ט?

— זי איז געווען פול מיט הכנעה, נאר נישט געשיקט איז איהר די ארבייט געגאנגען, האט זיך דאדורך די מאדאם געבייזערט און זי געקאפעט מיט'ן פוס צווישען די אויגן..

דער קרוין-פרינץ האט זיך געווארפען פון כעס.

— און וואס האט שרה געזאגט?... — האט דיר קרוין-פרינץ געפרעגט.

— זי איז געפאלען אויף דער ערד, און ווען די נייע מאדאם האט זי געהייסען אוועקגעהן, איז זי ארויס־געגאנגען, ווייגענדיג שטיל...

רעטסס איז אהין און צוריק געגאנגען אין צימער.

— ווי האט זי פערבראכט די נאכט?...

— די נייע מאדאם?...

— ניין!... — האט דער קרוין פרינץ זיינע ווערטער איבערגעהאקט — איך פרעג וועגען שרה'ן...

— לויט דיין בעפעהל, איז שרה געגאנגען מיט'ן קינד אין דער שטוב פון די שקלאפען. דארט האבען די שקלאפינס רחמנות געהאט אויף איהר און איהר אבגעטרע־טען א פריש געלעגער. שרה האט זיך אבער נישט געלעגט שלאפען, נאר זי איז געזעסען א גאנצע נאכט מיט'ן קינד אויף די קניען,

— און דאס קינד?

— דאס קינד איז געזונד. היינט אין דער פריה, ווען די יודענע איז געגאנגען אויף דער דיענסט צו דער נייער הערשערין, האבען אנדערע פרויען אויסגעבאדען דאס קינד אין ווארים וואסער. און די פרוי פון פאסטוך, וועלכע האט אויך א קליין קינד, האט דעם קינד געגעבען צו זויגען.

דער קרוין־פרינץ האט זיך געשטעלט פאר דעם פענ־סטער.

— עס איז שלעכט — האט ער געזאגט — ווען א קוה, אנשטאט צו נעהרען דאס קעלבעל, געהט זי אקערען און ווערט געשלאגען מיט שטעקענס. חאטש די יודענע האט זיך זעהר שלעכט אויפגעפיהרט געגען מיר, דאך וויל

איך נישט, אַז איהר אונשולדיגער שרץ זאָל ליידען. דאַ־
דורך וועט שרה שוין מעהר נישט וואשען די פיס פון דער נייער מאַדאַם און זי וועט דורך איהר נישט געקאָפּעט ווע־
רען אין די אויגען. אין דעם הויז פאַר די שקלאַפען זאָלסטו איהר געבען אַ בעזונדערע שטוב, אַביסעל הויז־געשיער און שפייז, ווי עס געהער אַ פרוי נאָך אַ קינדבעט. און זאָל זי רוהיג נעהרען איהר קינד.

— אייביג זאָלסטו לעבען, הערשער אונזערער! — האָט דער פערוואַלטער געענטפערט און גיך איז ער געלאָ־
פען ערפילען דעם בעפעהל.

די גאַנצע דיענסטשאַפט האָט געליעבט שרה'ן און אין משך פון עטליכע שטונדען האָט זי שוין פיינד בעקומען די שלעכטע קמא'ן.

## פיערצעהנטעס קאַפּיטעל.

קמא האָט נישט פיעל גליק געבראַכט רעמסס'ן.

ווען ער איז צו'ם ערשטען מאָל געקומען זי בעזוכען אין דעם פּאַלאַץ, וואו שרה האָט פריהער געוואוהנט, האָט ער געמיינט, אַז ער וועט בעגריסט ווערען מיט דאַנקבאַר־
קייט. דערווייל האָט איהם קמא אויפגענומען מיט אַ כעס.

— וואָס איז דאָס? — האָט זי געשריען — שוין אַזוי גיך האָסטו צוריק געשענקט דיין גנאָד דער עלענדער יודענע?...

— וואוהנט זי דען שוין נישט אין דעם הויז פאַר שקלאַפען?

— מיין פערוואַלטער האָט מיר געזאָגט, אַז זי וועט מיר שוין נישט וואשען די פיס...

דעמסס'ן איז נישט גוט געוואָרען אויפ'ן הארצען, הערעני־דיג די ווערטער.

— דו ביזט, ווי איך זעה, נישט צופריעדען—האָט ער געזאָגט.

— און איך וועל נישט זיין צופריעדען — האָט זי געענטפערט מיט כעס — ביז איך וועל נישט שטירצען די יודענע... ביז זי וועט נישט דינען ביי מיר, קניען ביי מיינע פיס און פערגעסען, אז זי איז אמאָל געוועזען דיין ערשטע פרוי און א הערשערין אין דעם הויז... ווי לאנג מיין דינסטשאַפט וועט נישט אויפהערען צו קוקען אויף מיר מיט שרעק און אונטערזי און אויף איהר מיט רחמנות, וועל איך נישט צופריעדען זיין...

רעמסס'ן איז וואָס אמאָל ווייניגער די פעניציאַנערין געפעלען געוואָרען.

— קמא — האָט ער געזאָגט — בעטראַכט גוט, וואָס איך וועל דיר זאָגען. ווען אין מיין הויז וואָלט א קנעכט געקאָפּעט אין די ציהען א הונד, וועלכער געהערט זיינע יונגע הינדטלעך, וואָלט איך איהם אַרויסגעטריבען... און דו האָסט געקאָפּעט צווישען די אויגען א פרוי, א מוטער... און אין מצרים, קמא, האָט א מוטער א גרויס בעדייטונג, וואָרום א גוטער מצרי אַכטעט אמעהרסטען דריי זאַכען אויף דער ערד: די געטער, פרעה'ן און מוטערס...

— ווע איז מיר!... — האָט קמא געשריען, וואַר־פענדיג זיך אויף דעם בעט—אַט, דאָס איז מיין בעלויהנונג דערפאַר, וואָס איך האָב פערלאָזט מיין געטין... נאך די פאָריגע וואָך האָט מען מיר בלומען צו די פיס געוואָרפען, קטורת האָט מען מיר מקריב געוועזען און היינט...

דער קרוין־פּרינץ איז שטיל אַרוים פֿון צימער און האָט בעזוכט קמא'ן ערשט נאָך עטליכע טעג.

זי איז אָבער אויך דאַמאָלס געווען אין כעס.

— איך בעט דיך, מיין הערר, — האָט זי געשריען — בעשעפֿטיג זיך אַביסעל מעהר מיט מיר!... די דיענסט־שאַפֿט הויבט אויך שוין אָן מיך צו פֿערנאַכלעסיגען, די סאָלדאַטען קוקען אויף מיר מיט פֿעראַכטונג און איך האָב מורא, אז מען זאָל מיר אין דער קיך נישט פֿערסמ'ען די מאכלים.

— איך בין געווען בעשעפֿטיגט מיט דעם מיליטער – האָט דער קרוין־פּרינץ געענטפֿערט — דאַדורך האָב איך דיך נישט געקאָנט בעזוכען...

— דאָס איז אמת!... — האָט קמא געזאָגט מיט כעס — נעכטען ביזטו געווען נעבען מיין הויז, און דער־נאָך ביזטו געגאַנגען צו דעם הויז פֿון די שקלאַפֿען, וואו די יודענע וואהנט... דו האָסט מיר געוואָלט ווייזען...

— גענוג! — האָט דער קרוין־פּרינץ איהר איבער־געהאַקט די ווערטער — איך בין נישט געווען ביי דיין הויז און נישט ביי דעם הויז פֿון די שקלאַפֿען, און אויב עס האָט זיך דיך געדאַכט, אז דו האָסט מיך געזעהן, הייסט דאָס, אז דיין געליעבטער, דער נידערטרעכטיגער גרעק איז נישט נאָר אין מצרים, אָבער אויך אין סיין גאָרטען האָט ער די העזה אריינצוקומען...

די פֿעניציאַנערין האָט מיט שרעק אויסגעהערט זיינע ווערטער.

— אָ, עשתרות!... — האָט זי פּלוצלונג אויסגע־שריען — ראַטע מיך!... אָ, ערד! בעהאַלט מיך!... וואָרום

איבּ דער עלענדער ליקאָן איז צוריקגעקומען, שטעהט מיר פֿאַר אַ גרויס אונגליק...

דער קרוין־פּרינץ האָט זיך פֿונאַנדערגעלאַכט, נאָר ער האָט אָבער שוין נישט געהאַט קיין געדולד מעהר צו הערען איהר יאָמערן.

— בלייבּ געזונד — האָט ער געזאָגט, אַרויסגעהענ־דיג — און זאָלסט זיך נישט וואונדערן, ווען איך וועל דיר די טעג ברענגען צו פֿיהרען דיין ליקאָנען, געשמידעט אין קייטען. ער האָט מיר שוין מיין געדולד אָבגענומען.

צוריקקומענדיג אהיים, האָט רעמסס באַלד געהייסען רופֿען צו זיך חירום'ען און דעם הויפּט־מאַן פֿון דער פּאָליציע אין פּי־בּושת. ער האָט זיי בּיידען דערצעהלט, אַז ליקאָן, וועלכער איז עהנליך צו איהם, געהט זיך אַרום נעבען די פּאַלאַצען. רעמסס האָט איהם אלזאָ געהייסען אַרעסטירען. חירום האָט געשוואָרען, אַז ווען די פֿעניציאַנער וועלען צו־זאַמען אַרבּייטען מיט דער פּאָליציע, וועט ליקאָן מוזען געחאַפּט ווערען. נאָר דער הויפּט־מאַן פֿון דער פּאָליציע האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— דו בּיזט מסופּק ? — האָט איהם דער קרוין־פּרינץ געפֿרעגט

— יאָ, איך בּין מסופּק, מיין הערר. אין פּי־בּושת וואָהנען זעהר פֿיעל פֿרומע אזיאַטען, וועלכע מיינען, אַז די כּהנת, וועלכע פֿערלאָזט דאָס בּית־המקדש, מוז געהרג'־עט ווערען. בּכן, אויבּ דער גרעק האָט זיך מתחייב געווען צו הרג'ענען קמאַן, וועלען זיי איהם העלפֿען, זיי וועלען איהם בּעהאַלטען און לייכט מאַכען צו אַנטלויפֿען.

— וואָס זאָגסטו צו דעם, חירום? — האָט דער קרוין־פּרינץ געפרעגט.

— דער גרויסער הויפּט־מאַן פון דער פּאָליציע האָט גוט געזאָגט! — האָט חירום געענטפערט.

— איהר האָט דאָך בעפריַיט קמאָ'ן פון דעם חרם! — האָט רעמסס אויסגעשריען.

— איך קאָן פערזיכערן — האָט חירום געענטפערט — אז די פעניציאַנער וועלען זי נישט הרג'ענען און זיי וועלען זוכען דעם גרעק. וואָס קאָנען מיר אָבער טהון מיט די אַלע אַנדערע, וועלכע גלויבען אין עשתרות.

— איך מיין — האָט דער הויפּט־מאַן פון דער פּאָליציע בעמערקט — אז דער פרוי שטעהט נישט פאָר קיין שום געפאַהר. ווען זי וואָלט געהאַט מוטה, וואָלטען מיר זיך געקאָנט מיט איהר בענוצען. דעם גרעק וואָלטען מיר אַריינגענאַרט אין די פּאַלאַצען פון קרוין־פּרינץ און דאָרט וואָלטען מיר איהם געחאַפּט.

— נעה אַלזאָ צו איהר — האָט דער קרוין־פּרינץ געזאָגט — און שטעל איהר פאָר דיין פּלאַן. און דו וועסט איהם חאַפּען, וועל איך דיר געבען צעהן טאַלענטען...

ווען דער קרוין־פּרינץ האָט זיי אָבגעזעגענט, האָט חירום געזאָגט צו דעם הויפּט־מאַן פון דער פּאָליציע:

— איך ווייס, אז דו קאָנסט בּיידע שריפטען און די חכמה פון די כהנים איז דיר נישט פרעמד, ווען דו ווילסט הערסטו דורך מויערען און זעהסט אין דער פינסטערניש. דו ווייסט די געדאַנקען פון אַ פּויער, וועלכער אַרבּייט ביי דעם וואַסער־גיעסען, פון אַ בעל־מלאכה, וועלכער ברענגט סאַנדאַלען אויפ'ן מאַרק און פון אַ גרויסען מאַן, וועלכער

שפּירט זיך זיבּער צווישען זיינע דיענער, ווי א קינד אין זיין מוטערס בויך...

— אמת זאָגסטו, גרויסער הערר, — האָט דער בּעאַמטער געענטפערט — די געטער האָבּען מיר געגעבּען א רוח נבואה.

— דאָס מיין איך טאקי — האָט הירום ווייטער געזאָגט — דורך דיין רוח נבואה ווייסטו אודאי שוין, אז אין דעם בּית־מקדש פון עשתרות וועט מען דיר בּעשטימען צוואנציג טאלענטען, אויב דו וועסט חאַפּען דעם הונד, וועלכער האָט די העזה זיך צו מאַכען אויסזעהן, ווי דער קרוין־פּרינץ, אונזער הערר. א חוץ דעם, וועט מען דיר סיי ווי סיי געבּען צעהן טאלענטען, אויב מען וועט אין מצרים נישט געוואָהר ווערען, אז דער הונד ליקאָן איז עהנליך צו דעם קרוין־פּרינץ. דאָס פּאַסט דאָך נישט, אז עפּעס א פּשוט'ער מענש זאָל אויסזעהן, ווי א פּערזאָן, וועלכער שטאַמט פון געטער.

בּכן זאָל דאָס, וואָס דו הערסט וועגען דעם הונד ליקאָן און דאָס, וואָס מיר יאָגען איהם, נישט אַרויס ווייטער, נאָר אין אונזערע הערצער זאָל דאָס בּלייבּען.

— איך פערשטעה — האָט דער בּעאַמטער געענטפערט — עס קאָן דאָך פּאַסירען, אז אזא הונד זאָל טוידט ווערען, איידער מיר גיעבּען איהם איבּער דעם געריכט.

— דו זאָגסט זעהר ריכטיג — האָט חירום געזאָגט, דריקענדיג איהם די האַנד — יעדע הילף, וואָס דו וועסט פערלאַנגען פון די פעניציאַנער, וועט דיר געגעבּען ווערען.

זיי זעגען זיך פונאַנדערגעגאַנגען אלס צוויי גוטע פריינד. בּיידע האָבּען גוט געוואוסט, אז דא געהט נישט

ווענען דעם, אז ליקאן זאל געחאפט ווערען, נאר אז ער זאל נישט אריינפאלען אין אנדערע הענד.

עטליכע טעג דערנאך האט רעמסס ווידער בעזוכט קמאן. ער האט זי אבער געפונען אין א שלעכטען צושטאנד. זי איז געוועזן ווי האלב משוגע. זי האט זיך בעהאלטען אין די פינסטערסטע שטובען פון איהר פאלאץ, זי האט נישט געגעסען, זי האט זיך נישט געקעמט, נישט געוואשען און ארויסגעגעבען איהרע דיענסטען אזעלכע בעפעהלען, וועלכע מען האט נישט געקאנט אויספיהרען. מיט א מאל האט זי געהייסען, אלע זאלען זיך בײ איהר פערזאמלען. ווען זײ זענען געקומען, האט זי אלע ארויסגעטריבען. בײ נאכט האט זי אריינגערופען צו זיך א וואך פון סאלדאטען און באלד דערנאך איז זי אנטלאפען פון די סאלדאטען אויף דעם בוידעם, שרײענדיג, אז מען וויל זי הרג'ענען.

דער קרוין-פרינץ האט זי אויפגעהערט צו ליעבען און ער האט נישט געוואוסט, וואס ער האט מיט איהר צו טהון. ווען דער פערוואלטער פון דעם פאלאץ האט איהם דאס דערצעהלט, האט ער זיך אנגעחאפט בײ'ם קאפ און געזאגט:

— איך האב שלעכט געטהון, אבנעהמענדיג די פרוי פון איהר געטין, ווארום נאר א געטין קאן דערלײדען איהרע קאפריזען!...

פון דעסטוועגען איז ער ווידער געגאנגען צו קמאן. ער האט זי דאמאלס געטראפען א דארע, נישט-געקעמטע און אציטערנדע:

— וועה איז מיר!... — האט זי געשריען — איך לעב צווישען בלויז פײנד... די, וועלכע האלט מײנע קלײ-

דער, ווײל מיך סמ עֶן און די פריזיערין ווײל אױף מיר וויי־
פֿען עפּעס אַ שווערע קראַנקהײַט... די סאָלדאַטען וואַרטען
נאָר אױף אַ געלעגענהײַט, זײ זאָלען אין מײַן ברוסט דער־
טרינקען זײערע שפּיזען און שווערדען און אין דער קיך
בין איך זיכער, אַז אַנשטאָט מאכלים, קאָכט מען פֿער־
כּשופֿ׳טע קרויטעכטסער... אַלע זוכען נאָר מיטלען מיר דאָס
לעבען צו נעהמען...

— קמא!... — האָט איהר דער קרוין־פּרינץ איבער־
געהאַקט די ווערטער.

— רוף מיך נישט אַזוי!...— האָט זי געזאָגט שטיל
מיט שרעק — איך וועל דורך דעם אונגליקליך ווערען!...

— וואָס פֿאַלט דיר אײַן?...

— וואָס מיר פֿאַלט אײַן?... דו מײנסט אודאַי, אַז
אַפילו בײַ טאָג זעה איך דאָ נישט קײן פֿרעמדע מענשען,
וועלכע קומען צו׳ם פּאַלאַץ און ווערען פֿערשוואונדען, נאָך
אײדער איך רוף די דיענסטשאַפֿט?... און בײַ נאַכט הער
איך רען נישט שטילע שמועסען הינטער דער וואַנד?

— עס דאַכט זיך נאָר אַזוי.

— פֿערשאָלטען זאָלט איהר ווערען!... פֿערשאָלטען!...
— האָט זי אויסגעשריען מיט אַ געוויין — איהר אַלע זאָגט,
אַז מיר דאַכט זיך נאָר. און ערשט נעכטען האָט מיר
עמיץ אונטערגעוואָרפֿען אין מײַן שלאָף־צימער אַ שלײער.
איך האָב דעם שלײער געטראָגען אַ האַלבען טאָג און ערשט
דערנאָך האָב איך דערקאָנט, אַז ער איז נישט מײַן, אַז איך
האָב קײנמאָל אַזאַ שלײער נישט געהאַט.

— וואו איז דער שלײער? — האָט געפֿרעגט דער

קרוין-פרינץ, וועלכער איז שוין בעאונרוהיגט געווארען מיט איהרע ווערטער.

— איך האב איהם פערברענט, נאר פריהער האב איך איהם געוויזען מיינע דיענסטען.

— נו, איז ער נישט דיין געוועזען. וואס פאר א שלעכטס איז דיר געשעהן?

— עס איז מיר גאר קיין שלעכטס נישט געשעהן. נאר ווען איך וואלט די סמאטע געהאלטען ביי מיר אין דיזער היים עטליכע טעג, וואלט איך אודאי פערסמ'ט געווארען, אדער איך וואלט אריינגעפאלען אין א קרענק, פון וועלכער איך וואלט זיך שוין נישט געקאנט אויסהיילען... איך קאן די אזיאטען און זייערע מיטלען!...

דער קרוין-פרינץ איז גיך ארויס פון דעם פאלאץ, חאטש זי האט איהם געבעטען, ער זאל דארט בלייבען. מיין ער האט דערנאך נעפרעגט די דיענסטשאפט וועגען דעם שלייער, האט איהם דאס קליידער-מיידעל מודה געוועזען, אז דאס איז טאקי נישט געוועזען קמא'ס שלייער, נאר עמיץ האט איהם אונטערגעווארפען.

דער קרוין-פרינץ האט געהייסען שטעלען א דאפעלט גרויסע וואך אין פאלאץ און ארום דעם פאלאץ און א טרוי-ערינער איז ער צוריק געגאנגען אין זיין וואהנונג.

„איך וואלט קיינמאל נישט געגלויבט, אז איין שוואכע פרוי זאל קאנען אזא מהומה מאכען!— האט זיך רעמסס גיקלערט — פיער פריש-געחאפטע היענען זענען נישט אזוי אונרוהיג ווי די פרוי!...“

ביי זיך אין וואהנונג האט דער קרוין-פרינץ אנגעטראָ-

פּען טוטמאָזיס׳ן, וועלכער איז פּונקט דאַמאָלס געקומען פון מעמפיס.

— וואָס האָסטו מיר צו זאָגען? — האָט דער קרוין־פּרינץ איהם געפרעגט, שפּירענדיג, אַז ער האָט איהם קיין גוטע בשורות נישט געבראַכט — האָסטו געזעהן דעם היי־ליגען פּרעה?

— איך האָב געזעהן דעם גאָט פון דער זון און מצרים — האָט טוטמאָזיס געענטפערט — און אָט אַזוי האָט ער מיר געזאָגט...

— דערצעהל!... — האָט איהם רעמסס געהייסען.

— אַזוי האָט געזאָגט אונזער הערר... — האָט טוט־מאָזיס געזאָגט, צונויפלעגענדיג די הענד אויפ׳ן הארץ און אַראָבבויגענדיג דעם קאָפּ — אַזוי זאָגט אונזער הערר: פיער און דרייסיג יאָהר האָב איך געצויגען דעם שווערען וואָגען פון מצרים און איך בין אַזוי מיעד, אַז איך בענק שוין נאָך מיינע גרויסע אָבות, וועלכע וואָהנען אין מזרח־לאַנד. קירצ־ליך וועל איך פערלאָזען די ערד און דאַמאָלס וועט מיין זוהן רעמסס זיצען אויף מיין טראָהן און ער וועט טהון מיט דער מלוכה דאָס, וואָס זיין קלוגשאַפט וועט איהם הייסען...

— אַזוי האָט מיין הייליגער פאָטער געזאָגט?

— די ווערטער האָט ער געזאָגט — האָט איהם טוט־מאָזיס געענטפערט — עטליכע מאָל האָט מיר בפירוש דער הערשער געזאָגט, אַז ער גיעט דיר נישט קיין שום בעפעהל, ווי דו זאָלסט פיהרען, כדי דו זאָלסט קאָנען פיהרען די מלוכה ווי דו ווילסט אַליין...

— אָ, ווי הייליג איז דער פאָטער מיינער!... איז ער טאַקי אַזוי זעהר שוואַך? פאַרוואָס ערלויבט ער מיר

נישט צו קומען צו איהם?... — האט דער קרוין-פרינץ געפרעגט.

— דו מוזט דא זיין, ווייל דו קאנסט דא נוצען...

— און דער אבמאך מיט אשור?... — האט דער קרוין-פרינץ געפרעגט.

— דער אבמאך איז געשלאסען אויף אזא אופן, אז אשור קאן פיהרען א מלחמה אויף צפון-זייט און אויף מזרח-זייט און מיר דארפען איהם נישט שטערען. נאר וועגען פעניציען איז פארלויפיג גארנישט בעשלאסען געווארען, ביז דו וועסט פרעה ווערען...

— געבענשט זאל ער זיין!... הייליגער הערשער!... — האט דער קרוין-פרינץ אויסגעשריען — פון אזא שרעקליכער ירושה האסטו מיך בעפרייט...

— וועגען פעניציען איז אלזא פארלויפיג גארנישט בעשלאסען געווארען — האט טוטמאזיס ווייטער געזאגט — עס איז אבער אויך דערביי געשעהן א אונגליק, ווארום אום צו געבען אשור א בעווייז, אז מיר וועלען נישט שטערן צו פיהרען א מלחמה מיט די פעלקער פון צפון, האט דער הייליגער פרעה געהייסען פערקלענערן אונזער ארמיע מיט צוואנציג טויזענד געדונגענע סאלדאטען...

— וואס זאגסטו?...— האט דער קרוין-פרינץ אויסגעשריען מיט בעוואונדערונג.

טוטמאזיס האט געשאקעלט מיט'ן קאפ.

— איך זאג אמת און פיער פאלקען פון לוב האט מען שוין פונאנדערגעלאזט — האט טוטמאזיס געזאגט.

— דאס איז דאך א שגעון!... — האט געשריען דער קרוין-פרינץ, ברעכענדיג זיך די הענד — פארוואס

זאָלען מיר זיך אַליין אַזוי שוואַך מאַכען און וואוהין וועלען די סאָלדאַטען איצט געהן...

— דאָס איז טאַקי אַ אונגליק!... זיי זענען שוין גע־נאַנגען אין דער מדבר פון לוב און דאָרט וועלען זיי אָנ־פאַלען אויף די מענשען פון לוב. פון דעם קאָנען מיר צרות האָבען, אָדער זיי וועלען צוזאַמען מיט די איינוואָהנער פון לוב אָנפאַלען אויף אונזערע מערב־גרענעצען...

— איך האָב פון דעם גאָרניִשט געהערט!... וואָס האָבען זיי געטהון?... ווען האָבען זיי דאָס געטהון?... קיין שום ידיעה האָבען מיר פון דעם נישט געהאַט...— האָט דער קרוין־פּרינץ געשריען.

— ווייל די געדונגענע סאָלדאַטען, וועלכע זענען פונאַנדערגעלאָזט געוואָרען, זענען געגאַנגען גלייך פון מעמ־פיס אין דער מדבר אַריין און הרהור האָט פערוועהרט צו רעדען וועגען דעם...

— בכן ווייסען דאָס נישט אפילו מפרים און מנטו־זופית?...— האָט רעמסס געפרעגט.

— זיי ווייסען יאָ — האָט טוטמאָזיס געענטפערט.

— זיי ווייסען יאָ און איך וויים נישט!...

דער קרוין־פּרינץ האָט זיך פלוצלונג בערוהיגט, נאָר ער איז בלאַס געוואָרען און אויף זיין יונגען פנים האָט זיך בעוויזען אַ שרעקליכע שנאה. ער האָט טוטמאָזיס'ען אָנגע־חאַפּט ביי ביידע הענד און דריקענדיג זיי שטאַרק, האָט ער שטיל געזאָגט:

— הער אויס!... ביי די הייליגע קעפ פון מיין פאָ־טער און מוטער שווער איך... ביי דער אָנדענקונג פון רעמסס דעם גרויסען... ביי אַלע געטער, וועלכע זענען

אויף דער וועלט פערהאנען, שווער איך, אז אויב די כהנים וועלען זיך נישט אונטערגעבען מײן רצון, בעת איך וועל זײן פרעה, וועל איך זײ צעדריקען!...

טוטמאזים איז דערשראָקען געוואָרען.

— איך, אָדער זײ!... האָט דער קרוין-פּרינץ געענדיגט זײנע ווערטער — מצרים קאָן נישט האָבען קײן צווײ הערען...

— מצרים האָט שטענדיג געהאַט נאָר אײן הערר, פּרעה'ן — האָט טוטמאזים זיך אָנגערופען.

— ווילסטו מיר טרײ זײן?...

— איך, אַלע אַדעל-לײט, דאָס גאַנצע מיליטער, איך שווער דיר צו!...

— גענוג שוין!... — האָט דער קרוין-פּרינץ געזאָגט — זאָלען זײ זיך איצט בעפרײען דאָס געדונגענע מיליטער... זאָלען זײ אונטערשרײבען אַבמאַכען... זאָלען זײ אַלעם האַלטען בסוד פאַר מיר און זאָלען אונז אַלע נאַרען... עס וועט אָבער קומען א צײט...

און איצט, טוטמאזים, רוה זיך אָב פון דײן רײזע און זײ בײ מיר הײנט אָװענד אויף א מאָהלצײט... די מענשען האָבען מיך אַזוי געצוואונגען, אַז איך קאָן מעהר נישט טהון, נאָר זיך ווײלען... וועל איך זיך ווײלען...

נאָר א מאָל וועל איך זײ ווײזען, ווער עס איז דער הערשער פון מצרים: זײ אָדער איך!...

פון דאַמאָלס אָן האָבען זיך ווידער אָנגעהויבען מאָהלצײטען. דער קרוין-פּרינץ, כלומרשט שעהמענדיג זיך פאַר דעם מיליטער, האָט קײנמאָל שוין די סאָלדאַטען נישט מושטרירט. אָנשטאָט דעם איז זײן פּאַלאַץ שטענדיג פול

געווען מיט אדעל-לייט, אפּיציערען, קונצען-מאַכערס און זינגערס און יעדע נאַכט זענען פאָרגעקומען גרויסע פער-ווײַלונגען, אויף וועלכע די טענער פון הארפען האבען זיך געמישט מיט דעם געטומעל פון שכּורים און מיט דעם ווילדען לאַכען פון פרויען.

אויף איין מאָהלצייט האט רעמסס פערבעטען קמא'ן, נאָר זי האט נישט געוואָלט געהן. דער קרוין-פּרינץ האט זיך בעלעדיגט און ווען טוטמאזיס האט דאס בעמערקט, האט ער צו איהם געזאָגט:

— מען האט מיר געזאָגט, מיין הערר, אז שרה האט שוין מעהר נישט קיין גנאָד אין דיינע אויגען.

— דערמאָהן מיך נישט אָן דער יודענע — האט דער קרוין-פּרינץ געענטפערט — דו ווייסט דאך, וואס זי האט געטהון מיט מיין זוהן!...

— איך ווייס — האט טוטמאזיס געזאָגט — אָבער זי איז אין דעם גאָרנישט שולדיג. איך האב געהערט אין מעמפיס, אז דיין פערגעטערטע מוטער, ניקאָטריס, און דער גרויסער מיניסטער הרהור, האָבען דיין זוהן געמאַכט פאר א יודען, כּדי ער זאָל א מאָל קאָנען הערשען איבער יודען.

— יודען האָבען דאָך נישט קיין מלך, נאָר כּהנים און שופטים! — האט איהם רעמסס איבערגעהאַקט די ווערטער.

— זיי האָבען נישט, אָבער זיי ווילען האָבען. זיי איז שוין אויך פערמיאוס'ט געוואָרען די ממשלה פון די כּהנים.

רעמסס האט מיט פעראַכטונג געמאַכט מיט די הענד.

— א קוטשער פון הייליגען פרעה איז גרעסער פון אַלע מלכים — האט ער געענטפערט — און בפרט פון

עפּעס אַ יודישען מלך, וועלכער איז נאָך אויף דער וועלט נישט פערהאַנען.

— יעדענפאַלס איז דאָך שרה נישט שולדיג אין דעם — האָט טוטמאַזיס געענטפערט.

— זאָלסטו טאַקי וויסען, אַז איך וועל אַ מאָל בעצאָהלען אויך די כהנים...

— אין דעם הינזיכט זענען זיי אויך נישט אַזוי שטאַרק שולדיג. צו'ם ביישפּיעל דער גרויסער הרהור האָט אַזוי געטהון, כדי צו פערגרעסערן דערמיט די ליוב און די גבורה פון דיין דינאַסטיע. חוץ דעם האָט ער דאָך דאָס געטהון מיט דער ידיעה פון דער פערגעטערטער ניקאָ טריס...

— און מפריס פאַרוואָס מישט זיך אין מיינע געשעפטען?...— האָט דער קרוין-פּרינץ געפרעגט — ער איז מחויב צו היטען נאָר דאָס בית-המקדש און נישט בעשטימען דעם גורל פון אַ קינד, וואָס שטאַמט פון די פּרעה'ס...

— מפריס איז אַ זקן, וועלכער הויבט אָן קינדיש צו ווערען. דער גאַנצער הויף פון הייליגען פּרעה'ן לאַכט פון מפריס'ן דורך זיינע אויפפיהרונגען, פון וועלכע איך האָב קיינמאָל נישט געוואוסט, חאָטש יעדען טאָג זעה איך דעם הייליגען מענשען...

— וואָס טהוט ער דאָס אַזעלכעס? — האָט רעמסעס געפרעגט מיט נייגיעריגקייט.

— עטליכע מאָל אין מעת-לעת — האָט טוטמאַזיס געענטפערט — איז ער מתפלל אין דעם געהיימסטען אָרט פון בית-המקדש און הייסט זיינע כהנים בעטראַכטען, צי די געטער הויבען זיך נישט אויף אין דער לופט בעת זיין תפלה...

— חאַ, חאַ, חאַ!... — האָט זיך רעטסס פונאַנדערגעלאַכט — און דאָס אַלעס טהוט ער אין פּי־בושת, נעבען מיר און איך ווייס נאָרנישט...

— דאָס איז אַ סוד פון די כהנים...

— אַ סוד, וועלכע אַלע אין מעמפיס ווייסען און אַלע שמועסען פון איהם!... חאַ!... חאַ!... חאַ!... אין צירק האָב איך געזעהן אַ קונצען־מאַכער, אַכשרי, וועלכער איז געפלויגען אין דער לופט...

— איך האָב אויך געזעהן — האָט זיך טוטמאָזיס אָנגערופען. דאָס איז אָבער נאָר געווען אַ קונץ און מפרים וויל אין אמת'ן פליהען אין דער לופט אויף די פליגעל פון זיין פרומקייט...

— משוגע איז ער!... האָט דער קרוין־פּרינץ געזאָגט — וואָס זאָגען אַנדערע כהנים דערצו?

— אין אונזערע הייליגע פּאַפּירוסען שטעהט געשריבען, אַז פאַרצייטענס זענען ביי אונז געווען נביאים, וועלכע זענען געפלויגען אין דער לופט, דאָדורך וואונדערען זיך נישט די כהנים, וואָס מפרים וויל אויך פליהען. און וייל ביי אונז, ווי דו ווייסט, זעהען די נידריגע דאָס, וואָס די העכערע ווילען, זיי זאָלען זעהן, דעריבער זאָגען טאַקי מאַנכע הייליגע לייט, אַז מפרים פליהט טאַקי בעת ער איז מתפלל...

— חאַ!.. חאַ!... חאַ!... און אין דעם גרויסען סוד, איז עוסק דער גאַנצער הויף, און מיר ווייסען גאָרנישט פון די מופתים, וועלכע ווערען נעבען אונז געמאַכט, ווי פויערען... ביטער איז דער גורל פון אַ קרוין־פּרינץ אין מצרים!... — האָט דער קרוין־פּרינץ געלאַכט.

ווען ער האט זיך בערוהיגט, האט איהם טוטמאזיס געבעטען, ער זאל הייסען שרה'ן איבערגעהן מיט'ן קינד פון דער שטוב פאר שקלאפען אין דעם קליינעם פאלאצעל, וואו קמא האט פריהער געוואהנט און דער קרוין־פרינץ האט איינגעווילליגט דערויף.

די דיענסטשאפט פון קרוין־פרינץ איז ענטציקט געווען מיט דער פעראָרדנונג פון זייער הערר און אלע דיענסטען, שקלאפינען און אפילו שרייבער, האבען אבגעפיהרט שרה'ן אין איהר נייע וואהנונג מיט מוזיק און מיט שמחה־געשרייען.

דערהערענדיג דאס גערויש, האט די פעניציאנערין געפרעגט, וואס די סבה דערפון איז, און ווען מען האט געענטפערט, אז שרה האט צוריק בעקומען גנאד אין די אויגען פון קרוין־פרינץ און פון דעם הויז פאר די שקלאפינען האט זי זיך איבערגעטראגען אין פאלאץ אריין, האט זי באלד געהייסען רופען צו זיך רעמסס'ן.

רעמסס איז געקומען.

— בכן, פיהרסטו זיך אזוי אויף מיט מיר?... — האט זי געשריען, נישט איינהאלטענדיג איהר כעס — אזוי פיהרסטו זיך אויף?... דו האסט מיר פערשפראכען, אז איך וועל זיין דיין ערשטע פרוי, און איידער די לבנה איז דורכגעגאנגען א האלבען הימעל, האסטו שוין דיין ווארט געבראכען!... דו מיינסט אפשר, אז עשתרות איז זיך נוקם נאר אין א כהנת און נישט אין א קרוין־פרינץ?...

— זאג דיין געטין עשתרות — האט רעמסס רוהיג געזאגט — אז זי קאן נישט דערשרעקען א קרוין־פרינץ, ווארום זי קאן אויך נעהן אין דעם הויז פאר שקלאפען.

— איך פֿערשטעה! — האָט קמא געשריען — איך וועל געהן אין הויז פֿאַר שקלאַפֿען און אפשר גאָר אין דער תּפיסה אַריין און דו וועסט דיר פֿערברענגען די נעכט בײַ דער יודענע! דאָס איז מיין בעלויהנונג דערפֿאַר, וואָס איך האָב אוועקגעוואָרפֿען מיינע געטער פֿון דיינעט וועגען... ווײַל איך האָב געבראַכט קללות אויף מיין קאָפּ... דערפֿאַר, וואָס איך האָב נישט איין שעה מנוחה, דערפֿאַר וואָס איך האָב דיר געאָפּפֿערט מיין יוגענד, מיין לעבען, מיין נשמה, פֿאַר דעם אַלעם בעצאָהלסטו מיר אַזוי!...

דער קרוין-פּרינץ האָט בײַ זיך אין האַרצען מודה גע-ווען, אַז קמא האָט ווירקליך פֿיעל געאָפּפֿערט פֿון זיינעט וועגען און ער האָט דערשפּירט אַביסעל חרטה.

— איך בין נישט געווען און איך וועל נישט זיין בײַ שרה'ן — האָט ער געענטפֿערט — אָבער וואָס קאָן דאָס דיר שאַרען, אַז די אונגליקליכע פֿרוי וועט צוריק האָבען איהר בעקוועמליכקייט און זי וועט קאָנען געהרען איהר קינד?

די פֿעניציאַנערין האָט זיך געוואָרפֿען אין כעס. זי האָט אויפֿגעהויבען אין דער הויך איהרע צונויפֿגעדריקטע פֿויסטען, איהרע האָר האָבען זיך אויפֿגעשטעלט און אין איהרע אויגען האָט זיך אָנגעצונדען אַ פֿלאַם פֿון שנאה.

— וואָס פֿאַר אַ ענטפֿער גיעבסטו מיר?... די יודענע איז אונגליקליך, ווײַל דו האָסט זי אַרויסגעטריבען פֿון פּאַ-לאַץ; און איך מוז צופֿריעדען זיין, חאָטש די געטער האָ-בען מיך אַרויסגעיאָגט פֿון אַלע זייערע בית-המקדש'ם!... איך און מיין נשמה, די נשמה פֿון אַ כּהנת, וועלכע טרינקט אין טרעהרען און שרעק, איז בײַ דיר נישט מעהר ווערטה,

ווי דער יודישער שרץ, דאָס קינד... הלואי זאָל עס שוין פּגר'ן!... זאָל עס...

— שווייג!... — האָט דער קרוין־פּרינץ געשריען, פערמאַכענדיג איהר דאָס מויל.

קמא איז צוריקגעשפּרונגען מיט שרעק פון איהר אָרט.

— מאָר איך זיך שוין נישט בעקלאָגען אויף מיין עלענדקייט אויך?... — האָט זי געפרעגט — אויב די זאָרגסט אַזוי פאַר דעם קינד, פאַרוואָס האָסטו מיך אַרויס־געגנב'עט פון דעם בית־המקדש? פאַרוואָס האָסטו מיר פערשפּראָכען, אַז איך וועל בייַ דיר זיין די ערשטע פרוי?...

— היט זיך! — האָט זי ווידער געשריען — היט זיך! ווען מצרים וועט זיך דערוויסען פון דער עולה, וואָס דו האָסט מיר געטהון, וועט דאָס גאַנצע לאַנד דיך האַלטען פאַר אַ רשע!...

דער קרוין־פּרינץ האָט געדרעהט מיט זיין קאָפּ און געשמייכעלט. ענדליך האָט ער זיך געזעצט און געזאָגט:

— מיין לעהרער איז געדערבט געווען, ווען ער האָט מיך געוואָרענט, אַז איך זאָל זיך היטען פאַר פרויען... איהר זענט, ווי אַ צייטיגער פּירזיך אין די אויגען פון אַ מענשען, וואָס דער דורשט האָט איהם די צונג אויסגעטרי־קענט... ער מיינט, אַז ער האָט געפונען אַ פרוכט, וועלכע וועט איהם דעם דורשט לעשען. אָבער וועה איז דעם נאַר, וועלכער צעבייסט די שענע פרוכט!... אַנשטאָט זיסען זאַפט, געפינט ער אַ נעסט מיט ביהנען, וועלכע פערוואונ־דען נישט נאָר זיין מויל, אָבער אויך זיין הארץ!...

— דו בעקלאָגסט זיך שוין?... שוין בעקלאָגסטו זיך

אויף מיר ?... דערפֿאר וואָס איך האָב דיר געאָפּפֿערט דעם כבוד פֿון אַ כּהנת און מײַן אונשולדיגקײַט !...

דער קרוין-פּרינץ האָט ווידער געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און געשמײכעלט.

— איך וועל דיר דערצעהלען אַ מעשה — האָט דער קרוין-פּרינץ צו איהר געזאָגט — אַ מעשה, וועלכע פֿיערען דערצעהלען זיך. איידער זיי לעגען זיך שלאָפֿען.

— מעשות פֿערווילט זיך איהם דערצעהלען ! — האָט קמא צו איהם געזאָגט מיט ביטערקײט — איינע האָסטו מיר שוין דערצעהלט און איך האָב שוין גענוג...

— די מעשה וועט דיר זיכער נוצען, ווען דו וועסט זי נאָר וועלען פֿערשטעהן.

— אַ מעשה וועגען יודישע שרצים ?...

— וועגען כּהנת'טעם אויך, נאָר הער:

די מעשה איז געשעהן שוין לאַנג אין דער זעלבער שטאָדט פּי-בושת. דער קרוין-פּרינץ שטן האָט דערזעהן אויפ'ן פּלאַץ פֿון דעם בית-המקדש פּתח אַ זעהר שענע פֿרוי. זי איז געוועזען שענער פֿון אַלע פֿרויען, וועלכע ער האָט ביז דאַמאָלס געזעהן און זעהר פֿיעל גאָלד האָט זי אויף זיך געהאַט.

דעם קרוין-פּרינץ איז די פֿרוי שטאַרק געפֿעלען געוואָרען. ער האָט זיך דערוואוסט ווער זי איז: דעם כּהן-גדול'ס אַ טאָכטער. דער קרוין-פּרינץ האָט געשיקט צו איהר זײַן שטאַל-מײַסטער און ער האָט איהר געהייסען זאָגען אַזוי:

„איך וועל דיר געבען צעהן גאָלדענע פֿינגערלעך, אויב דו וועסט זײַן מיט מיר צוזאַמען איין שעה".

דער שטאל-מייסטער איז געגאנגען צו דער שענער טבובואי און האט איהר געזאגט, וואס דער קרוין-פרינץ האט געהייסען. די פרוי האט איהם געענטפערט, ווי א גוט ערצויגען מיידעל דארף ענטפערן:

„איך בין דעם כהן-גדול'ס טאכטער. איך בין א אונשולדיגע און נישט קיין אויסגעלאסען מיידעל. אויב דער קרוין-פרינץ וויל האבען דאס פערגניגען מיך צו דערקענען, זאל ער קומען אין מיין הויז אריין און אונזער קונדשאפט וועט קאנען בלייבען אין געהיים, און די פרויען פון דער גאנצער גאס וועלען נישט קאנען רעדען קיין רכילות אויף מיר".

שטן איז אליוא געגאנגען צו טבובואי אין איהרע צימערען, וואס זיינע ווענד זענען געווען בעלעגט מיט בלאס-גרינער עמאליע און אין זיי זענען געווען פיעל בעטען, וועלכע זענען געווען בעדעקט מיט קעניגליכער לייגוואנד און איין-פוסיגע טישלעך מיט גאלדענע בעכערס זענען דארט געשטאנען. איין בעכער האט זי אנגעגאסען מיט ווייץ און איהם געגעבען דעם קרוין-פרינץ. און זי האט געזאגט צו איהם: „טהו מיר דעם חסד און טרינק דעם וויין". דער קרוין-פרינץ האט אבער געענטפערט: „דו ווייסט דאך, אז איך בין נישט געקומען טרינקען קיין וויין". דאך האבען זיי זיך ביידע געזעצט און אבגעהאלטען דאס מאהלצייט. טבובואי האט געהאט אויף זיך א לאנג קלייד פון דיקען שטאף, וועלכעס האט זי פערדעקט פון האלז ביז צו די פיס. דער קרוין-פרינץ האט געטרונקען פיעל וויין און דערנאך האט ער זי געוואלט קושען. טבובואי האט איהם אבער אבגערוקט פון זיך און געזאגט:

„דאָס הויז וועט זײַן דײַן הויז. געדענק אָבער, אַז איך בין נישט קיין גאסען־מיידעל, נאָר אַ אומשולדיגע פרוי, בכן, אויב דו ווילסט, אַז איך זאָל דיר זײַן געהאָרזאַם, שווער מיר, אַז דו וועסט מיר זײַן טרײַ און פערשרײַב מיר דײַן פערמעגען".

„זאָל קומען אַ שרײַבער!" — האָט דער קרוין־פּרינץ געזאָגט, און ווען מען האָט אַרײַנגעבראַכט דעם שרײַבער, האָט דער קרוין־פּרינץ געהייסען שרײַבען אַ כתובה און אַ קאָנטראַקט, אַז ער שענקט איהר זײַן גאַנץ פערמעגען.

אַ שעה דערנאָך, האָט די דיענסטשאַפט געמעלדעט דעם קרוין־פּרינץ, אַז זײַנע קינדער וואַרטען אויף איהם. טבובואי איז אַרויס פון צימער און באַלד איז זי צוריק געקומען אין אַ דורכזיכטיג קלייד. שטן האָט זי געוואָלט האַלזען, נאָר זי האָט איהם אָבגערוקט פון זיך, זאָגענדיג:

„דאָס הויז וועט זײַן דײַן הויז, נאָר ווײַל איך בין נישט קיין גאסען־מיידעל, מוזטו, אויב דו ווילסט מיך בעקומען, הייסען דײַנע קינדער, זיי זאָלען זיך ענטזאָגען פון זייער ירושה, כדי זיי זאָלען שפּעטער נישט פיהרען קיין פּראָצעסען מיט מײַנע קינדער".

שטן האָט אַרײַנגערופען זײַנע קינדער און זיי געהייסען אונטערשרײַבען אַ קאָנטראַקט, אַז זיי ענטזאָגען זיך פון זייער ירושה. די קינדער האָבען אַזוי געטהון און דער קרוין־פּרינץ האָט זיך ווידער צוגערוקט צו טבובואי, זי האָט איהם אָבער ווידער נישט צוגעלאָזט צו זיך.

„דאָס הויז וועט זײַן דײַן הויז — האָט זי געזאָגט — איך בין דאָך אָבער אַ אומשולדיג מיידעל. אויב דו ליעבסט מיך, הייס הרג'ענען דײַנע קינדער, כדי זיי זאָלען אַ מאָל

ניט קאָנען ארויסרייסען פון מיינע קינדער זייער פערמעגען..."

— ווי לאַנג איז די מעשה!... — האט איהם קמא איבערגעהאקט די ווערטער.

— זי ווערט זיך באלד ענדיגען — האט דער קרוין-פרינץ געזאָגט — און ווייסטו, קמא, וואס שטן האט געענטפערט?

"אויב דו ווילסט אזוי... זאל מען מיינע קינדער אויסהרגענען!"...

טבובואי האט באלד געהייסען הרגענען די קינדער אין די אויגען פון זייער פאטער און זייערע פערבלוטיגטע גליעדער האט זי געהייסען ווארפען דורכ'ן פענסטער פאר די הינד און קעץ. און ערשט דאמאלס איז שטן אריין אין איהר צימער און איז געלעגען אויף איהר בעט פון העבן, ווען ער איז געווען אויסגעפלאסטערט מיט עלפאן-ביין...

— טבובואי האט גוט געטהון, נישט גלויבענדיג, וואס א מאנספערזאן פערזיכערט, — האט קמא געזאגט מיט כעס.

— אבער שטן — האט רעמסס געענטפערט — האט נאך בעסער געטהון: ער האט זיך אויפגעכאפט פון שלאף... די גאנצע מעשה איז געווען נאר א חלום...

און דו, קמא, געדענק גוט, אז דאס בעסטע מיטעל אויפצווועקען א מאנספערזאן פון זיינע ליעבע-חלומות, איז נאר — צו ווירקען געגען זיינע קינדער...

— זיי רוהיג, מיין העדר!... איך וועל דיר שוין קיינמאל נארנישט זאגען וועגען מיינע צרות און וועגען דיין ווייב — האט קמא געזאגט מיט ביטערקייט.

— און איך וועל מיין גנאד פון דיר נישט אראבנעה-

מען און דיִ וועסט גליִקליִך זייַן — האָט איִהר רעמסס פערשפּראָכען.

## פופצעהנטעס קאפּיטעל.

איִיך צוויִשען דעם המון פון פּי־בושת האָט מען שוין זעהר פיִעל געהערט וועגען די רויבער פון לוב. מען האָט דערצעהלט, אַז די געוונליכע סאָלדאַטען, וועלכע זענען פונאַנדערגעלאָזט געוואָרען דורך די כהנים, צוריקגעהענדיג איִן זייער פאַטערלאַנד, האָבען זיי אָנפאַנגס געבעטעלט, דערנאָך — געגנב׳עט און ענדליִך האָבען זיי אָנגעהויבען רויבען און אונטערציִנדען דערפער, הרג׳ענדיג דערבייַ זייערע אייַנוואָהנער.

איִן משך פון עטליִכע טעג זענען דורך די רויבער רואיִניִרט געוואָרען די שטעדט: חיִנון־סו, פּי־מת און קסא אויף דרום־זייַט פון דעם טייַך מערות. עס איִז דאַמאָלס אומגעקומען אַ מחנה מיִט סוחרים און אַנדערע רייַזענדער, וועלכע זענען געגאַנגען פון דער אָזאַ מיִת־מיִהו. די גאַנצע מערב־גרענעץ פון דער מלוכה איִז געווען איִן געפאַהר און אויך פון טרם־עתות האָבען די אייַנוואָהנער אָנגעהויבען צו אַנטלויפען. וואָרום אויך איִן יענעם געגענד, נעבען דעם ים זענען אָנגעקומען די רויבער, וואָס זענען געשיִקט געוואָרען פון דעם שרעקליִכען פייַנד מוסף־אַסאַ, וועלכע האָט איִן דער גאַנצער מדבר אויסגערופען, אַז ער אָרדענט אייַן אַ הייליִגע מלחמה געגען מצרים.

און דאַדורך, ווען אַמאָל, איִן אָווענד, איִז אויף מערב-זייַט דער היִמעל אַביִסעל רויטער געוואָרען, איִז געפאַלען אַ גרויסע אימה אויף די אייַנוואָהנער פון פּי-בושת.

מענשען האָבען זיך פֿערזאַמעלט אויף די גאַסען, אַנדערע זענען אַרויף אויף די פֿלאַכע דעכער, נאָך אַנדערע האָבען אַרויפֿגעקלעטערט אויף בוימער און אַלע האָבען געשריען, אַז זיי זעהען אַ שרפה אין מי-נוף אָדער אין סיחון. עס האָבען זיך אויך געפֿונען אַזעלכע, וואָס האָבען געזאָגט, אַז זיי זעהען ווי די איינוואָהנער אַנטלויפֿען אָדער ווי די באַנדעס געהען אין דער זייט פֿון פּי-בושת.

און חאָטש די בעפֿעלקערונג איז אויפֿגערעגט געווען, דאָך האָבען זיך די פֿערוואַלטער פֿון דער פּראָווינץ געהאַלטען רוהיג; די צענטראַל-מאַכט האָט זיי קיין שום בעפֿעהל וועגען דעם נישט צוגעשיקט.

דער קרוין-פּרינץ רעמסס האָט געוואוסט, אַז דער המון בעאונרוהיגט זיך און ער האָט אויך געזעהן, ווי די מאַכט אין פּי-בושת האַלט זיך קאַלטבלוטיג, ער איז געוואָרען שרעקליך בייז אויף מפריס'ן און מנטו-זופית'ן, וועלכע האָבען מיט איהם גאָרנישט געשמועסט פֿון די אונרוהען, וועלכע זענען געפֿעהרליך פֿאַר דער גאַנצער מלוכה. זיין כעס איז אויך גרויס געוואָרען אויף דער צענטראַל-מאַכט אין מעמפֿיס, וועלכער שיקט נישט צו קיין בעפֿעהל וועגען דעם, וואָס מען האָט צו טהון.

נאָר וויל ביידע כהנים: מפריס און מנטו-זופית זענען צו איהם נישט געקומען, איז ער אויך צו זיי נישט נעגאַנגען און האָט נישט געמאַכט קיין שום פֿאָרבערייטונגען צו אַ מלחמה.

דערנאָך האָט ער אויך אויפֿגעהערט צו בעזוכען די פֿאָלקען, וועלכע זענען געשטאַנען נעבען פּי-בושת. ער האָט

פֿערזאַמעלט בײַ זיך אין פּאַלאַץ די גאַנצע יוגענד פֿון אַדעל און זיך געווײַלט, געמאַכט מאָהלצײַטען און געשטיקט אין האַרצען דעם כעס אויף די כּהנים און די זאָרג.

— װעסטו זעהן — האָט ער אַמאָל געזאָגט צו טוט־מאַזיס'ן — אַז די הײליגע נביאים װעלען ברענגען דערצו, אַז מוסף־אַמאָ װעט פֿערנעהמען דעם נידריגירען מצרים און מיר װעלען מוזען אַנטלויפֿען קײן טעבי און אפשר גאָר קײן סין, אויב נאָר די כּושים װעלען אונז פֿון דאָרט נישט אַרויסטרײַבען...

— אמת — האָט טוטמאַזיס געענטפֿערט — אונזערע הערשער פֿיהרען זיך אַזוי װי זײ װאָלטען געװעזען פֿערדרעטהער.

דעם ערשטען טאָג פֿון חודש התּור (אויגוסט — סעפּטעמבער) איז פֿאָרגעקומען אין פּאַלאַץ פֿון קרוין־פּרינץ דאָס גרעסטע מאָהלצײַט. מען האָט זיך אָנגעהויבען װײַלען נאָך מיטאָג און אײדער די זון איז אונטערגעגאַנגען זענען שוין אַלע שכּור געװען. מענער און פֿרויען זענען געלעגען אויף דער פּאָדלאָגע, װעלכע איז געװען בעגאָסען מיט װײַן, בעשיט מיט בלומען און מיט שאַרבענס פֿון צעהאַקטע קרוגען.

דער קרוין־פּרינץ איז געװען מעהר ניכטערן פֿון זײ אַלע. ער איז נאָך נישט געלעגען נאָר געזעסען אויף זײַן שטוהל, האַלטענדיג אויף די קניען צװײ שענע טענצערינס, װעלכע האָבען געגעבען װײַן צו טרינקען און בעגאָסען דעם קאָפּ מיט שטאַרקע פּאַרפֿומען.

פּלוצלונג איז אַרײַנגעקומען זײַן אַדיוטאַנט און געהענדיג אויף עטליכע שכּורים, װאָס זענען געלעגען אויף דער פּאָדלאָגע, איז ער צוגעקומען צו דעם קרוין־פּרינץ.

— גרויסער הערשער ! — האָט ער שטיל געזאָגט — די הײליגע ספרים און מנטו־זופית װילען מיט דיר רעדען ...

דער קרוין־פּרינץ האָט אָבגעשטופּט פון זיך די מײד־לעך, װעלכע ער האָט געהאַלטען אויף די קניען און מיט א רויט פּנים און אין א פערפלעקטען קאַפּטאַן, האָט ער זיך קוים אַרײנגעשלעפּט אין זײן צימער.

װעהענדיג דעם קרוין־פּרינץ, האָבען די כהנים געקוקט אײנער אויפ'ן אַנדערען.

— װאָס װילט איהר, גרויסע כהנים ? — האָט רעמסס געפרעגט, פאַלענדיג אויף א שטוהל.

— איך װײס נישט, צי דו װעסט אונז קאָנען אויס־הערען ... — האָט מנטו־זופית געענטפערט.

— איהר מײנט, אז איך בין שכור ? — האָט רעמסס אויסגעשריען — האָט נישט קײן מורא ... גאַנץ מצרים איז הײנט אזוי משוגע, אז שכורים האָבען אַממעהרסטען פערשטאַנד ...

די כהנים זענען טרויעריג געװאָרען.

— װײסטו — האָט מנטו־זופית געזאָגט — אז אונזער הערשער און די העכסטע ראטה האָבען בעשלאָסען צו בע־פרײען צװאַנציג טויזענד געדונגענע סאָלדאַטען ? ...

— נו, כלומר'שט װײס איך נישט ... — האָט דער קרוין־פּרינץ געענטפערט — איהר האָט דאָך מיך קײן עצה נישט געפרעגט װעגען דעם קלוגען בעשלוס און איהר האָט מיר אפילו נישט מודיע געװעזען, אז פיער פּאַלקען האָט איהר שוין פונאַנדערגעלאָזט און אז די סאָלדאַטען, נישט האָבענדיג װאָס צו עסען, פּאַלען זיך אָן אויף אונזערע הײזער ...

— מיר דאכט זיך, אזדו, קרוין-פרינץ, קריטיקירסט דאָס בעפעהל פון היילינגען פרעה... — האָט מנטו-זופית זיך אָנגערופען.

— נישט דאָס בעפעהל פון היילינגען פרעה — האָט דער קרוין-פרינץ געשריען — נאָר דאָס בעפעהל פון די פעררעטהער, וועלכע בענוצען זיך דערמיט, וואָס מיין פאָטער איז קראנק און זיי ווילען פערקויפען גאנץ מצרים די אשורים און לובים!...

די כהנים זענען געבליבען, ווי פערשטיינערט. קיין שום מצרי האָט נאָך אזעלכע ווערטער נישט געזאָגט אויף די כהנים.

— דו ווערסט אונז איצט ערלויבען אוועקצוגעהן און צוריקצוקומען אין עטליכע שטונדען ארום, ווען דו וועסט זיך בערוהיגען... — האָט מפרים געזאָגט.

— דאָס איז נישט נויטיג. איך ווייס, וואָס עס טהוט זיך אויף אונזער מערב-גרענעץ... אָדער בעסער געזאָגט: איך ווייס גאָרנישט, נאָר מיינע קוכערס, מיינע שטאל-יונגען און דיענסטען ווייסען... אפשר וועט איהר, היילינגע כהנים, מיר אויך עפעס זאָגען וועגען אייערע פלאנען...

מנטו-זופית האָט זיך געמאכט קאלטבלוטיג און געזאָגט:

— די לובים בערוהיגען זיך און נעהמען צונויף באנדען, מיט וועלכע זיי האָבען בדעה אנצופאלען אויף מצרים.

— איך פערשטעה.

— אויף דעם בעפעהל פון היילינגען פרעה און דער העכסטער ראטה — האָט מנטו-זופית ווייטער געזאָגט —

דאַרפֿסטו, קרוין־פּרינץ, צונויפֿנעהמען דאָס מיליטער פֿון נידריגערן מצרים און נעהן אויסראָטען די רויבער.
— וואו איז דאָס בעפֿעהל?
מנטו־זופית האָט אַרויסגענומען פֿון בוזעם אַ שטיק פּאַרמעט מיט חתימות און האָט עס געגעבען רעמסס'ן.
— בכן, בין איך פֿון איצט אָן דער הויפּט־אָנפֿיהרער און איך האָב די הויפּט־מאַכט אין דער פּראָווינץ? — האָט רעמסס געפֿרעגט.
— ווי דו האָסט געזאָגט, אַזוי איז.
— און איך האָב דאָס רעכט אָבצוהאַלטען מיט אײַך אַ קריגסט־ראַטה?
— אודאי!... — האָט מפרים געענטפֿערט — אפילו שוין...
— זיצט!... — האָט דער קרוין־פּרינץ איבערגעהאַקט זײַנע ווערטער. ביידע כהנים האָבען זיך געזעצט.
— איך פֿרעג אײַך: פֿאַרוואָס האָט איהר פֿונאַנדער־געלאָזט די געדונגענע פֿאָלקען? איך מוז דאָס וויסען... צו מײַנע פּלאַנען איז מיר נויטווענדיג דאָס צו וויסען...
— און אויך אַנדערע פֿאָלקען וועלען פֿונאַנדער־געלאָזט ווערען — האָט מנטו־זופית געענטפֿערט — די העכסטע ראַטה וויל פּטור ווערען פֿון די צוואַנציג טויזענד טײַערסטע סאָלדאַטען, כדי צו קאָנען געבען יעדעס יאָהר דעם שאַץ פֿון הײַליגען פּרעה פֿיער טויזענד טאַלענטען, אָהן וועלכע דער קעניגליכער הויף קאָן נישט אויסגעהאַלטען ווערען.
— אָבער אפילו דעם ערגסטען פֿון די כהנים אין מצרים פֿעהלט גאָרנישט!...— האָט זיך דער קרוין־פּרינץ אָנגערופֿען.

— דו, קרוין פרינץ, פערגעסט, אז אויף א כהן טאר מען נישט זאגן: „דער ערגסטער" — האט מנטו־זופית בעזונטפערט, ווייל זיי לעבען אין ארימקייט, דערפאר טאקי פעהלט זיי גארנישט.

— אויב אזוי, טרינקען די בילדער אויס דעם וויין, וואס ווערט יעדען טאג געבראכט אין די בית־מקדש'ס און די שטיינערנע געטער בעציערען זייערע פרויען מיט גאלד און טייערע שטיינער — האט דער קרוין־פרינץ לצנות געמאכט — נאר זאלען מיר פון דעם בעסער נישט רעדען. די ראט פון די כהנים לאזט פונאנדער צוואנציג טויזענד סאלדאטען און עפענט די טויערען פון מצרים פאר באנדיטען, נישט אום פול צו מאכען פרעה'ס שאץ...

— פאר וואס דען טהוט זי אזוי?...

— אום נעפעלען צו ווערען דעם מלך פון אשור. און ווייל דער הייליגער פרעה וואלט נישט איינגעשטימט אבצוגעבען פעניציען אין די הענד פון אשור, דערויף ווילט איהר אבשוואכען די מלוכה דערמיט, וואס איהר לאזט פונאנדער דאס גערונגענע מיליטער און רופט ארויס א מלחמה אויף אונזער מערב־גרענעץ...

— די געטער נעהם פאר עדות, אז מיר וואונדערען זיך זעהר הערענדיג דיינע ווערטער!.. — האט מנטו־זופית אויסגעשריען.

— די נשמות פון די פערשטארבענע פרעה'ס וואלטען זיך מעהר געוואונדערט, ווען זיי וואלטען דערהערט, אז אין דעם מצרים, וואו אפילו מלכים האבען נישט קיין גרויסע מאכט, פיהרט א גנב, א כשדי די מלוכה צו א אונגליק...

— מײַנע אײגענע אױערן גלױב איך נישט, אז איך הער פֿון דיר אזעלכע װערטער!.. — האָט מנטו־זופית געענטפֿערט — װאָס רעדסטו פֿון עפּעס אַ כשדי?..

דער קרױן־פּרינץ האָט ביטער געלאַכט.

— איך רעד פֿון בר־אות... אױב דו הײליגער מנטו־זופית האָסט נישט געהערט פֿון איהם, פֿרעג דעם הײליגען מפֿרים און אױב ער האָט פֿערגעסען, זאָל ער זיך װענדען צו הרהור'ן און צו פּענטועׄר'ן...

אָט, דאָס איז דער גרױסער סוד פֿון אײַער בית־מקדש...

אַ פֿרעמדער, װעלכער האָט זיך אַרײַנגעגנב'עט אין מצרים װירקט אױף די כהנים, זײ זאָלען שליסען אַזאַ אָבמאַך, װעלכען מיר װאָלטען געקאָנט אונטערשרײַבען נאָר נאָך אַ שװערער מלחמה, װען מיר װאָלטען שױן נישט געהאַט קײן מיליטער און בײדע הױפּט־שטעדט װאָלטען שױן געװען אײַנגענומען...

און דאָס אַלעס האָט געפּועל'ט נאָר אײן מענש, װעלכער איז אַודאַי דעם מלך אַשור'ס אַ שפּיאָן!.. און אונזערע חכמים האָבען זיך אַזױ געלאָזט בעצױבערען מיט זײַנע װערטער, אַז װען פּרעה האָט נישט אײַנגעשטימט זיך צו לאָזען אַרױסרײַסען פּעניציען, לאָזען זײ פֿונאַנדער דאָס מיליטער און רופֿען אַרױס אַ מלחמה אױף דער מערב־גרענעץ...

איז דאָס נאָך דערהערט געװאָרען? — האָט רעמסס װײַטער געזאָגט, נישט קאָנענדיג מעהר הערשען איבער זיך — בעת מען דאַרף פֿערגרעסערן די אַרמײע ביז דרײַסיג טױזענד מאַן און זײ שיקען קײן נינוה, יאָגען פֿונאַנדער די

פרומע משוגעים צוואנציג טויזענד סאלדאטען און צינדען אונטער זייערע אייגענע הייזער!..

. מפרים איז געוועזן שטייף, בלאס און האט רוהיג אויסגעהערט דאס זידלען פון דעם קרוין-פרינץ. ענדליך האט ער זיך אבער אנגערופען:

— איך ווייס נישט, פון וואנען דו האסט אזעלכע ידיעות בעקומען... הלואי וואלטען די ידיעות וועלכע דו בעקומסט, געוועזן אזוי ריין, ווי ריין עס זענען די הערצער פון די מיטגלידער פון דער העכסטער ראטה! נאר זאלען מיר זאגען, אז דו האסט רעכט, אז עפעס א כהן א כשדי האט געווירקט אויף די כהנים, זיי זאלען אונטערשרייבען דעם אפמאך מיט אשור. ווען עס וואלט אזוי געוועזן, פון וואנען וואלסטו געקאנט וויסען, אז דער כהן איז נישט געשיקט געווארען פון די געטער, וועלכע האבען אונז דורך איהם געווארענט, אז מיר זאלען נישט ארייגפאלען אין אונגליקען?..

— זייט ווען גלויבט איהר אזוי די כשדים? — האט דער קרוין-פרינץ געפרעגט.

— די כהנים פון די כשדים זענען עלטערע ברידער פון די כהנים אין מצרים — האט מנטו-זופית זיך אנגערופען.

— איז אפשר דער מלך אשור א הערשער איבער פרעה'ן? — האט רעמסס געפרעגט מיט ליצנות.

— לעסטער נישט, קרוין-פרינץ! — האט מפרים שטרענג איבערגעהאקט זיינע ווערטער — די גרעסטע הייליגסטע סודות האלטסטו פאר א לייכטזיניגקייט!.. דאס איז נא-פעהרליך אפילו פאר גרעסערע פון דיר!..

— גוט, איך וועל שוין נישט האלטען פאר ליי‍בט-זיניגקייט. אָן וואס קאָנט איהר אָבער דערקענען, אז איין כשדי איז א שליח פון די געטער און אנ׳אנדערער כשדי איז א שפיאָן פון מלך אשור?

— און די מופתים — האט מפרים געענטפערט — ווען דער צימער וואלט אויף דיין בעפעהל פול געוואָרען מיט רוחות, ווען דו וואלסט געפלויגען אין דער לופט, וואָלטען מיר געוואוסט, אז דו ביזט א שליח פון די געטער און מיר וואָלטען דיר געפאָלגט.

רעמסס האט געהויבען די פלייצעס.

— איך האב אויך געזעהן רוחות: א יונג מיידעל האט זיי ארויסגערופען... איך האב אויך געזעהן פליהען אין דער לופט: א קונצען-מאכער איז געפלויגען...

— דו האסט אָבער נישט געזעהן די דינע שנירלעך, וועלכע זיינע פיער געהילפען האבען געהאלטען אין זייערע ציינער...— האט מנטו-זופית געזאָגט.

דער קרוין-פרינץ האט זיך ווידער פונאנדערגעלאכט און דערמאָהנענדיג זיך, וואס טוטמאזים האט איהם דער-צעהלט וועגען מפרים'ן און זיינע תפלות, האט ער געזאָגט מיט א טאָן פון ליצנות:

— אין די צייטען פון קעניג חיאופס, האט א געוויס-ער כהן-גדול געוואלט פליהען... ער האט מתפלל געווען צו די געטער און זיינע אונטערטאנען האט ער געהייסען קוקען: צי הויבט ער זיך נישט אין דער לופט בעת ער איז מתפלל? און די נביאים האבען טאקי יעדען טאָג פער-זיכערט דעם כהן-גדול, אז ער פליהט טאקי, נישט זעהר הויך, אָבער דאך פליהט ער: איין פינגער הויך... נו,

וואָס זאָגט איהר, גרויסער כהן־גדול? — האָט ער געפרעגט מפרים'ן.

מפרים, הערענדיג זיין אייגענע געשיכטע, האָט זיך געוואַקעלט אויף זיין שטוהל און ווען מנטו־זופית וואָלט איהם נישט אונטערגעהאַלטען, וואָלט ער אראָבגעפאַלען.

רעמסס איז מבולבל געוואָרען. ער האָט דערלאַנגט דעם זקן וואַסער צו טרינקען, האָט זיין שטערן און שלעפען געריבען מיט עסיג און איהם געפאָכט מיט'ן פעכער...

קורצליך איז מפרים צוריקגעקומען צו זיך. ער איז אויפגעשטאַנען פון שטוהל און האָט געזאָגט צו מנטו־זופית'ן:

— מיר קאָנען שוין געהן.

— יאָ.

— און איך וואָס האָב צו טהון? — האָט דער קרוין־פרינץ געפרעגט שפירענדיג, אז עפּעס שלעכטעס איז געשעהן.

— דו דאַרפסט טהון דאָס, וואָס א הויפט־אָנפיהרער איז מחויב צו טהון — האָט מנטו־זופית קאַלטבלוטיג גע־ענטפערט.

ביידע כהנים האָבען זיך געבוקט פאַר דעם קרוין־פרינץ און זענען ארויסגעגאַנגען. רעמסס איז שוין געווען גענצליך ניכטערן, נאָר אויפ'ן האַרץ האָט ער געהאַט א שווערע לאַסט. ער האָט פערשטאַנען, אז ער האָט געטהון צוויי גרויסע פעהלערען: ער איז זיך מורה געווען פאַר די כהנים, אז ער ווייסט זייער גרויסען סוד און — אונרחמנות'דיג האָט ער חוזק געמאַכט פון מפרים'ן.

ער וואָלט א יאָהר לעבען אָבגעגעבען, ווען ער וואָלט געקאָנט אויסמעקען פון זייער זכרון דעם גאַנצען שמועס.

עס איז אָבער שוין צו שפּעט געווען.

„עס וועט גאָרנישט העלפֿען — האָט ער זיך גע־קלערט — איך האָב זיך געקויפט צוויי בלוט־שונאים. עס איז פֿערפֿאַלען. דער קאַמפּף הויבט זיך אָן אין דער ערגסטער צייט... עס האָט אָבער שוין אַזעלכעס פּאַסירט. נישט איין פּרעה האָט געקעמפֿט מיט די כּהנים און האָט זיי מנצח געווען, חאָטש עס האָבען איהם געפֿעהלט שטאַרקע גוטע־פֿריינד"...

ער האָט אָבער אַזוי שטאַרק געשפּירט די געפֿאַהר, וואָס העננט איבער איהם, אַז ער האָט געשוואָרע בײַ'ם הייליגען קאָפּ פֿון זײַן פֿאָטער, ער זאָל מעהר נישט טרינקען צו פֿיעל ווײַן.

ער האָט געהייסען רופֿען טוטמאָזיס'ן, וועלכער איז באַלד געקומען און איז געווען גענצליך ניכטערן.

— מיר האָבען אַ מלחמה און איך בין דער הויפּט־אָנפֿיהרער — האָט איהם רעמסעס געזאָגט.

טוטמאָזיס האָט זיך געבוקט.

— און קיין מאָל וועל איך שוין נישט שכּור זײַן — האָט דער קרוין־פּרינץ ווייטער געזאָגט — ווייסטו פֿאַרוואָס?

— אַנ'אָנפֿיהרער מוז פֿאָרזיכטיג זײַן, ער זאָל נישט טרינקען קיין ווײַן און אַנדערע שטאַרקע געטראַנקען — האָט טוטמאָזיס געענטפֿערט.

— איך האָב דאָס נישט געדענקט און... איך האָב גערעדט פֿאַר די כּהנים דאָס, וואָס איך האָב נישט בעדאַרפֿט רעדען.

— וואָס האָסטו זיי געזאָגט? — האָט טוטמאָזיס גע־פֿרעגט מיט שרעק.

— אַז איך האָב זיי פיינד און איך לאַך פון זייערע מופתים ...

— דאָס שאַדט נישט. זיי ווייסען זעהר גוט, אַז קיינער ליעבט זיי נישט ...

— און אויך דאָס האָב איך זיי געזאָגט, אַז איך קאָן זייערע פּאָליטישע סודות — האָט דער קרוין-פּרינץ ווייטער געזאָגט.

— אוי ... — האָט טוטמאַזיס אויסגעשריען — דאָס איז געפעהרליך ...

— זאָלען מיר וועגען דעם נישט רעדען — האָט רעמסס געזאָגט — שיק באַלד אַרוים לויפערס צו די פּאָלקען, אַז זייערע אָנפיהרער זאָלען זיך צונויפפאָהרען און אָבהאַלטען א בעראַטהונג. הײַנט אָנצינדען די אַליאַרם-סיגנאַלען, אום דאָס גאַנצע מיליטער פון נידריגערן מצרים זאָל מאָרגען געהן צו דער מערב-גרענעץ. געה צו דעם הויפטמאַן און זאָג איהם, ער זאָל מעלדען אַלע אַנדערע הויפטמענער, אַז מען דאַרף צונויפקלויבען נאַהרונג, מלבושים און געוועהר.

— דער נילוס וועט אונז אָבער שטערן — האָט טוטמאַזיס געזאָגט.

— זאָל מען טאַקי פערהאַלטען אויף די צווייגען פון נילוס אַלע גרעסערע און קלענערע שיפען, אַלע זאָלען זיין גרייט איבערצופיהרען דאָס מיליטער. מען דאַרף אויך צונויפרופען די הויפטמענער, זיי זאָלען פאַרבערייטען רעזערוו-פּאָלקען ...

מפרים און מנטו-זופית זענען דערווייל צוריקגעגאַנגען אין זייערע דירות ביי דעם בית-מקדש פתח. ווען זיי זענען

געווען אליין אין זייער צעל, האט דער כהן־גדול אויפגעהויבען זיינע הענד און אויסגעשריען:

— אָ, אונשטערבליכע געטער! אָזיריס, איזידא און חרות! ראטעוועט מצרים!.. ווי לאנג די וועלט שטעהט האט נאך קיין שום פרעה נישט אזוי פיעל לעסטערונג ארויסגעלאזט פון זיין מויל, וויפיעל מיר האבען היינט געהערט פון דעם יונגען קרוין פרינץ!.. און נישט נאר פרעה, אבער אויך קיין שום פיינד פון מצרים, קיין חתי, פעניציאנער, לובי האט נאך נישט געהאט די העזה אזוי זידלען צו כהנים...

— ווייל מאכט א מענשען דורכזיכטיג — האט מנטו־זופית געזאגט — ווען א מענש טרינקט ווייך, זעהט מען, וואס אין איהם איז...

— אין דעם יונגען הארץ געפינט זיך א גאנצע נעסט פון שלאנגען... ער זידעלט כהנים, מאכט חוזק פון מופתים, גלויבט נישט אין געטער!..

— אממעהרסטען וואונדערט מיך דאס — האט מנטו־זופית געזאגט — פון וואנען ווייסט ער פון אונזער אבמאך מיט בר־אות'ן? אז ער ווייס, אויף דעם קאן איך שווערען.

— א פעררעטהונג איז געשעהן, א שרעקליכע פערּרעטהונג!—האט מנטו־זופית געשריען, אנחאפענדיג זיין קאפ מיט ביידע הענד.

— דאס איז גאר נישט צו פערשטעהן! נאר פיער זענט איהר דאך דאמאלס געווען!..

— מעהר ווי פיער. פון בר־אות'ן האבען געוואוסט: די עלטסטע כהנת פון איזידא, צוויי כהנים, וועלכע האבען איהם געוויזען דעם וועג צו דעם בית־מקדש פון שת, און דער כהן, וועלכער האט איהם אויפגענומען ביי'ם טויער...

ווארט נאָר!... — האָט מפרים געזאָגט — דער כהן איז די גאַנצע צייט געזעסען אין קעלער... און אויב ער האָט אונטערגעהאָרכט...

— יעדענפאלס האָט ער דעם סוד נישט פערקויפט א קינד, דעם קרוין פרינץ, נאָר עפּעס א מענש. און דאָס איז געפעהרליך!..

אין דעם צעל האָט אָנגעקלאַפּט דער כהן-גדול פון בית-מקדש פתח-שם.

— שלום עליכם! — האָט ער געזאָגט אריינקומענדיג.

— א ברכה אויף דיין הארץ.

— איך בין געקומען, ווייל איהר שרייט אזוי, ווי עס וואָלט געשעהן א אונגליק. אַודאי נישט פאר דער מלחמה מיט די לובים שרעקט איהר זיך!...— האָט שם געזאָגט.

— וואָס מיינסטו וועגען דעם קרוין-פרינץ? — האָט מנטו-זופית איבערגעהאַקט זיינע ווערטער.

— איך מיין, אז ער איז אודאי צופריעדען פון דער מלחמה און פון דעם וואָס ער איז א הויפט-אנפיהרער. ער איז געבוירען געוואָרען אויף א העלד! ווען איך קוק אויף איהם, דערמאַהן איך זיך אן דעם גרויסען רעמסס. ער איז ברייט זיך צו וואַרפען אויף אלע באנדעס פון לוב און ער וועט זיי אודאי מנצח זיין...

— דאָס יונגעל — האָט זיך מפרים אָנגערופען — קאָן אומוואַרפען אלע אונזערע בית-מקדש'ס און אַבמעקען מצרים פון דער ערד.

דער הייליגער שם האָט גיך אַרויסגענומען פון בוזעם די קמיע, וועלכע ער האָט געטראָגען אויף דער ברוסט, און האָט געזאָגט:

— אַנטלויפֿט , שלעבטע ווערטער , אין דער מדבר ...
דערוואַרטערט זיך און טהוט נישט קיין שאַדענס רעבעטשאַ־
פּענע מענשען !.. וואָס רעדסטו, גרויסער מפרים ?.— האָט
ער העכער געזאָגט.

— דער גרויסער מפרים האָט אמת געזאָגט — האָט
זיך מנטו־זופית אָנגערופֿען . דער קאָפּ מיט'ן בויך וואָלטען
דיר וועה געטהון , ווען אונזער מויל וואָלט נעקאָנט איבער־
חזר'ן די לעסטערונג, וועלכע מיר האָבען היינט געהערט
פֿון דעם יונגעלס מויל.

— מאך נישט קיין ליצנות, נביא,— האָט זיך דער
כהן־גדול שם אָנגערופֿען — איך וועל גיכער גלויבען , אז
וואַסער ברענט , ווי אז רעמסס לעסטערט !..

— ער האָט געלעסטערט כלומר'שט זייענדיג שכור—
האָט מפרים געזאָגט.

— זייענדיג שכור וועט ער אויך נישט לעסטערן.
דאָס איז אמת, אז ער איז לייכטזיניג, אָבער לעסטערן !..

— מיר האָבען אויך אַזוי געמיינט — האָט מנטו־זופית
געזאָגט — און מיר זענען אַזוי זיכער געווען, אז מיר קאָנען
זיין חאַראַקטער , אז ווען ער איז צוריקגעקומען פֿון בית־
מקדש התור, האָבען מיר אויפֿגעהערט איהם צו קאָנטראָלירען.

— עס איז דיר אַ שאַד געווען דאָס געלד , וואָס מען
האָט בעדאַרפֿט צאָהלען די נאָכשפּירער — האָט זיך מפרים
אָנגערופֿען — זעהסטו, וואָס פֿאַר רעזולטאַטען מיר האָבען
פֿון דער נאַכלעסיגקייט !..

— וואָס איז געשעהן ? — האָט שם געפֿרעגט מיט
אונגעדולד .

— קורץ וועל איך דיר זאָגען: דער קרויז פרינץ מאַכט חוזק פון געטער!

— אזוי!..

— ער קריטיקירט די בעפעהלען פון פרעה'ן...

— טאקי?..

— די העכסטע ראטה רופט ער „פעררעטהער"...

— דאָס קאָן דאָך נישט זיין!..

— און פון עמיצען איז ער געוואָהר געוואָרען, אז בר-אות איז ביי אונז געוועזן און ער האָט זיך געזעהן מיט מפרים'ן, הרהור'ן און פענטוער'ן אין דעם בית-מקדש פון שת...

דער כהן-גדול שם האָט זיך מיט ביידע הענד אָנגעהאַפט ביי'ם קאָפּ און איז נעלאָפען אויף און אָב אין דער צעל.

— דאָס קאָן נישט זיין...— האָט ער געזאָגט — דאָס קאָן נישט זיין!.. אוימער, וואָס איך?.. עמיץ האָט איהם געמוזט געבען א עין-הרע... אפשר האָט דאָס געטהון די כהנת פון פעניציען, וועלכע ער האָט ארויסגעגנב'ט פון איהר בית-מקדש?..

מנטו-זופית'ען איז די בעמערקונג געפעלען געוואָרען און ער האָט געקוקט אויף מפרים'ן, ווי ער וואָלט איהם מיט זיינע בליקען געזאָגט: „זעהסטו! אונז איז דאָס גאָר נישט איינגעפאַלען?"

— מיר וועלען ווייטער זעהן — האָט דער כהן-גדול ווייטער געזאָגט — פריהער מוזען מיר דורכפיהרען א אויספאָרשונג און מיר זאָלען וויסען אלץ, וואָס דער כהן-גדול האָט געטהון זייט ער איז צוריקגעקומען פון בית-מקדש

התור. ער האט צופיעל פרייהייט געהאט, צופיעל בעציהונגען האט ער געהאט מיט די אונגלויבער און מיט די פיינד פון מצרים.

צומארגענס האט דער כהן-גדול פתח געהייסען צונויפרופען דאס פאלק אין בית-מקדש פתח.

אויף די גאסען, אויף פלעצער און אויך אויף פעלדער זענען געשטאנען העראלדען פון די כהנים און האבען געבלאזען שופר און געשפיעלט אויף פלעטען. און ווען מענשען האבען זיך צונויפגעקליבען ארום זיי, האבען זיי אויסגערופען, אז דריי טעג וועלען אין בית-מקדש פתח פארקומען תפלות און פראצעסיעס, מען וועט בעטען דעם גוטען גאט, ער זאל שיקען זיין ברכה אויף מצרים און די לובים זאל ער אויסראטען. אויף זייער אנפיהרער מוסף-אסא זאל ער שיקען א צרעת, א בלינדקייט און שגעון.

עס איז אזוי געשעהן, ווי די כהנים האבען געוואלט. פון דער פריה ביז שפעט ביי נאכט, האט זיך דער המון פערזאמעלט ארום דעם בית-מקדש, דער אדעל און די רייכע לייט זענען געשטאנען אין דעם אויסערליכען קארידאר און די כהנים האבען מקריב געווען קרבנות דעם גאט פתח און האבען מתפלל געווען אין דעם קדש-קדשים.

דריי מאל טעגליך איז ארויסגעגאנגען פון בית-מקדש א פראצעסיע. דאס בילד פון דעם גאט האט מען געטראגען אויף א גאלדען שיפעל. דאס פאלק איז געפאלען אויף די פנים'ער און האט זיך מתודה געווען אויף די זינד. די נביאים זענען געשטאנען צווישען דעם פאלק און האבען דערוועקט אלע צו טהון תשובה.

מיטאג זענען געקומען סאלדאטען, וועלכע האבען

פֿערלאַנגט ברכות פֿון דעם כהן-גדול און גענומען פֿון איהם קמיעות. זיי זאָלען אָבגעהיטען ווערען פֿון שלעכטס און דער פֿיינד מיט זיין געוועהר זאָל איבער זיי קיין שליטה נישט האָבען.

טייל מאָל האָבען זיך געהערט אין בית-מקדש דונערען און אין אָווענד האָט מען געזעהן בליצען אויך. דאָס איז געווען אַ בעווייז, אַז דער גאָט פּתח האָט אויסגעהערט די תפלות, אָדער ער האָט גערעדט מיט די כהנים.

ווען די דריי טעג זענען פֿאַראיבער, זענען זיך צו-נויפֿגעקומען שם, מפרים און מנטו-זופית, אום צו בעטראַכ-טען, וואָס זיי האָבען ווייטער צו טהון.

דאַמאָלס האָבען זיי זיך שוין שטאַרקער געשפּירט. די דריי טעג האָבען געבראַכט פֿירציג טאַלענטען איינקינפֿ-טען, עס איז אָבער אויסגעגעבען געוואָרען זעכציג טאַלענ-טען אויף מתנות און אויף בעצאָהלען חובות פֿערשידענע פֿערזאָנען פֿון דעם אדעל און העכערע בעאַמטע פֿון מילי-טער.

ידיעות זענען צונויפֿגעקליבען געוואָרען פֿאָלגענדע:

דאָס מיליטער האָט צווישען זיך געשמועסט, אַז ווי באַלד רעמסס וועט ווערען פרעה, וועט ער אָנהויבען צו פֿיהרען אַ מלחמה מיט אשור. דאָס מיליטער וועט אין דער מלחמה רייך ווערען. דער נידריגסטער סאָלדאַט וועט נישט צוריקקומען פֿון דער מלחמה אָהן טויזענד דראַכמען און אפשר וועט ער נאָך מעהר האָבען.

דער המון האָט זיך געשמועסט, אַז ווען רעמסס וועט צוריקקומען פֿון דער מלחמה, וועט ער יעדען פֿויער

געבען שקלאפען און עטליכע יאהר וועט ער קיין אבצאהלונג ניט נעהמען.

דער אדעל האט פערזיכערט, אז דער נייער פרעה וועט אבנעהמען ביי די כהנים די גיטער, וועלכע זענען אלס משכנות איבערגעגאנגען צו די בית-מקדש'ס און ער וועט זיי אבגעבען דעם אדעל. מען האט אויך געזאגט, אז דער קינפטיגער פרעה וועט הערשען אליין, אהן דער בעטייליגונג פון דער העכסטער כהנים-ראטה.

און איבערצייגט זענען אלע געוועזן, אז אום זיך צו פערזיכערן די הילף פון די פעניציאנער, האט דער קרוין-פרינץ אנגעהויבען גלויבען אין דער געטין עשתרות און צו איהר איז ער מתפלל מעהר, ווי צו אנדערע געטער. און דאס איז זיכער געוועזן, אז דער קרוין פרינץ האט בעזוכט ביי נאכט דעם בית-מקדש עשתרות און ער האט דארט געזעהן מופתים.

צווישען די רייכע אויאטען האט מען געזאגט, אז רעמסס האט געגעבען פיעל טייערע קרבנות דעם בית-מקדש פון עשתרות און דערפאר האט מען איהם געגעבען די כהנת, וועלכע האט איהם געזאלט שטארקען אין זיין גלויבען.

די אלע ידיעות האבען צונויפגעקליבען שם און זיינע כהנים. די הייליגע מפרים און מנטו-זופים האבען איהם איבערגעגעבען אנ'אנדערע ידיעה, וועלכע ער האט דער-האלטען פון מעמפיס:

אין די קעלערם פון בית-מקדש שת איז אויפגע-נומען געווארען דער בעל-מופת בר-אות פון דעם כהן אושכר, וועלכער האט דערנאך חתונה געמאכט א טאכטער און האט

געגעבען טייער צירונג מיט א גרויס גוט, וועלכעס ער האט איהר געקויפט.

די כהנים האבען געוואוסט, אז דער כהן אושכר האט נישט קיין גרויסע איינקינפטען און דאדורך האט זיך דער־וועקט א חשד, אז אושכר האט אונטערגעהערט דעם שמועס, וואס איז פארגעקומען צווישען בר־אות'ן און די גרעסטע כהנים און דערנאך האט ער פערקויפט דעם סוד די פעני־ציאנער, פון וועלכע ער האט גענומען זעהר פיעל געלד.

אויסהערענדיג דאס, האט דער כהן־גדול שם געזאגט:

— אויב דער הייליגער בר־אות איז אין אמתן א בעל־מופת, פרעגט קודם־כל איהם: צי האט אושכר פער־קויפט דעם סוד?..

— מען האט שוין געפרעגט דעם בעל־מופת בר־אות — האט מפרים געענטפערט — דער הייליגער האט אבער געענטפערט, אז אין דער זאך וויל ער בעסער שווייגען. ער האט אויך געזאגט דאס, אז ווען אפילו עמיץ זאל האבען פערקויפט דעם סוד די פעניציאנער, וועט מצרים אויך דערפון נישט ליידען. ווען עס וועט אפילו דערוואוסט ווע־רען, ווער עס האט פערקויפט דעם סוד, דארף מען איהם נישט בעשטראפען.

— הייליג... מאקי הייליג איז בר־אות!... — האט שם געזאגט.

— און וואס רעכענסטו וועגען דעם קרוין־פרינץ און די אונרוהען, וועלכע זיין אויפפיהרונג האט ארויסגערו־פען?.. — האט מפרים געפרעגט שם'ן.

— איך וועל זאגען דאס זעלבע, וואס דער הייליגער בר־אות האט געזאגט: דער קרוין פרינץ וועט מצרים נישט

שאָדען. בכן דאַרף מען איהם נישט שטראָפֿען...

— ער לאַכט פֿון געטער און פֿון מופֿתים, ער געהט אין פֿרעמדע בית-מקדש׳ס, בונטעוועט דאָס פֿאָלק... דאָס איז נישט קיין קליינינקייט!..— האָט מפרים געזאָגט מיט ביטערקייט.

דער כהן-גדול שם האָט אָבער געליעבט רעמסס׳ן און דאַדורך האָט ער געענטפֿערט מיט אַ שמייכעל.

— וועלכער פֿויער אין מצרים וויל נישט האָבען קיין שקלאַפֿען, אום ער אַליין זאָל נישט דאַרפֿען שווער צו אַרבייטען און ער זאָל קאָנען אַרומגעהן לעדיג?

און צי איז אויף דער וועלט פֿערהאַנען אַ מענש, וועלכער זאָל נישט טראַכטען וועגען נישט איינטראָגען קיין אָבצאָהלונגען? פֿאַר דעם געלד, וואָס ער טראָגט איין דעם שאַץ, וואָלט ער דאָך געקאָנט מאַכען מלבושים פֿאַר זיך, זיין פֿרוי און קינדער!..

— דאָס לעדיג-געהן און דער חשק זיך טייער צו קליידען, פֿערדאַרבען דעם מענשען — האָט מנטו-זופית זיך אָנגערופֿען.

— און וועלכער סאָלדאַט — האָט שם ווייטער געזאָגט — וויל דאָס נישט קיין מלחמה מיט טויזענד דראַכמען.

ווייטער פֿרעג איך אייך, הייליגע כהנים: וועלכער פרעה, וועלכער הויפּט-מאַן, וועלכער אַדעלמאַן צאָהלט גערן חובות און קוקט נישט קרום אויף דעם רייכטהום פֿון די בית-מקדש׳ס?..

— די זינדיגע תאוה — האָט מפרים געזאָגט.

— און וועלכער קרוין פּרינץ — האָט שם געזאָגט — האָט נישט געקלערט צו בעגרענעצען די מאַכט פֿון די כהנים?

וועלכער פרעה האט אין אנפאנג פון זיין הערשען זיך נישט געוואלט בעפרייען פון דעם איינפלוס פון דער העכסטער ראט?

— דיינע ווערטער זענען פול מיט חכמה — האט מפרים געזאגט — אבער צו וואס קאנען זיי אונז ברענגען?

— צו דעם, אז איהר זאלט דעם קרוין פרינץ נישט אנקלאגען פאר דער העכסטער ראט. עס איז נישט פערהאנען קיין געריכט, וועלכעס זאל פערמשפט'ן דעם קרוין פרינץ דערפאר, וואס פויערען וואלטען געוואלט נישט צאהלען קיין מס אדער סאלדאטען ווילען א מלחמה. פערקעהרט, איהר קאנט נאך בעקומען א פסק, ווארום ווען איהר וואלט יעדען טאג כסדר נאכגעשפירט דעם קרוין פרינץ און אבגעהאלטען זיינע קאפריזען, וואלט איצט נישט געווען א נאנצער בארג מיט בעשולדיגונגען און דערצו אזעלכע, וואס זענען אויף גארנישט געשיצט.

אין אזעלכע ענינים איז נישט שלעכט דאס, וואס מענשען האבען א נייגונג צו דעם זינד, ווארום אזא נייגונג האבען מענשען אלע מאל געהאט. דאס איז אבער שלעכט, וואס מיר האבען די מענשען נישט געהיט. אונזער הייליגער טייך, דער פאטער פון מצרים, וואלט גיך פערשטאפט מיט זאמד אלע קאנאלען, ווען די אינזשענערען וואלטען אויפגעהערט אכטונג צו געבען.

— און וואס זאגסטו, הייליגער פאטער, אויף די זלזולים, מיט וועלכע דער קרוין פרינץ האט אונז בעשאטען, ווען ער האט געשמועסט מיט אונז? קאנסטו איהם מוחל זיין דאס חוזק־מאכען פון נסים, פון מופתים?... — האט

מפרים געפּרעגט — ער האָט דאָך מיך און מײַן פרומקײַט שרעקליך בעליידיגט !...

— דער וואָס רעדט מיט אַ שכּור, בעליידיגט זיך אַליין — האָט שם געענטפערט — איהר, הײליגע כּהנים, האָט נישט געטאָרט רעדען וועגען די וויכטיגסטע ענינים פון דער מלוכה מיט דעם שכּור'ן קרוין פּרינץ... איהר האָט אויך געטהון אַ פעהלער, בעשטימענדיג אַ שכּור פאַר אַ אָנפיהרער פון דער אַרמיע. אַ אָנפיהרער מוז זײַן ניכטערן.

— איך בוק זיך פאַר אײַער חכמה — האָט מפרים געזאָגט — אָבער איך מײַן, אַז מען דאַרף יאָ אָנגעבען אַ אָנקלאַגע צו דער העכסטער ראַט.

— און איך זאָג, אַז מען דאַרף נישט אָבגעבען — האָט שם געזאָגט מיט ענערגיע — די העכסטע ראַט מוז וויסען פון אַלע מעשים פון קרוין פּרינץ, אָבער נישט פון אַ אָנקלאַגע דאַרף זי זיך דערוויסען, נאָר פון אַ געוועהנליכען ראַפּאָרט.

— איך בין אויך געגען אָבגעבען אַ אָנקלאַגע — האָט זיך מנטופּית אָנגערופען.

ווען מפרים האָט געזעהן, אַז זײַ בײדע זענען געגען איהם, האָט ער נאָכגעגעבען און האָט שוין מעהר נישט פערלאַנגט, מען זאָל אָנגעבען אַ אָנקלאַגע. נאָר דעם בזיון, וואָס ער האָט געהאַט, האָט ער געדענקט און זײַן שנאה צו'ם קרוין פּרינץ האָט ער בעהאַלטען אין האַרצען.

## זעכצעהנטעם קאַפּיטעל.

לויט דער ראַטה פון די שטערנזעהער, האָט די הויפּט-אַבטהײלונג פון מיליטער געזאַלט אַרויס פון פּי-בּושת אין

זיעבּענטען טאָג פֿון חודש התור. דער טאָג איז געווען „גוט, גוט, גוט". די געטער אין הימעל און מענשען אויף דער ערד האָבּען זיך אין דעם טאָג געפֿרעהט מיט'ן נצחון פֿון דעם גאָט רע, וועלכער האט מנצח געווען זיינע שונאים. ווער עס איז אין דעם טאָג געבּוירען געוואָרען, דער איז געשטאָרבּען אין אַ גוטע עלטער און האָט געהאַט גרויס כבוד.

דער טאָג איז אויך געווען אַ גוטער פֿאַר מעוברת'-דיגע פֿרויען און פֿאַר די, וואָס האָבּען געהאַנדעלט מיט געשפּינטע סחורות און שלעכט איז ער געווען פֿאַר פֿרעש און מייז.

רעמסס האָט זיך מיט התלהבות גענומען צו דער אַרבּייט, זייט מען האָט איהם בּעשטימט פֿאַר אַ הויפּט-אַנפֿיהרער פֿון מיליטער. ער אַליין האָט אויפֿגענומען יעדען פֿאָלק, וואָס איז אָנגעקומען, ער אַליין האָט בּעטראַכט זיין געוועהר, מלבּושים און געצעלטען. ער אַליין האָט בּעגריסט די רעקרוטען און זיי געמאַכט אַ חשק צו לערנען די מיליטער-קונסט, אום זיי זאָלען קאָנען מנצח זיין די שונאים און פֿרעה'ס נאָמען זאָל בּעריהמט ווערען. אויף יעדער קריעגס-ראַט איז ער געווען פֿאָרזיצענדער, בּיי'ם אויספֿאָרשען יעדען שפּיאָן איז ער געווען און לויט די ידיעות, וואָס ער האָט ערהאַלטען, האָט ער מיט זיין אייגענער האַנד געצייכענט אויף דער מאַפּע די בּעוועגונגען פֿון מצרי'שען מיליטער און די ערטער וואו דער שונא געפֿינט זיך. ער איז אַזוי גיך דורכגעפֿאָהרען פֿון איין אָרט צו'ם אַנדערען, אַז אומעטום האָט מען איהם אָבּגעוואַרט און דאָך איז ער אומעטום אָנגעקומען אונגעריכט, ווי אַרויבּ-פֿויגעל. אין דער פֿריה איז

ער געווען אויף דרום־זייט פֿון פּי־בושת און האָט רעוויזירט דאָס שפּייז פֿון מיליטער; אַ שעה דערנאָך איז ער געווען אויף צפֿון־זייט פֿון דער שטאָדט און האָט ענטדעקט, אַז אין פֿאָלק יואב פֿעהלען 250 מענשען. פֿאַר נאַכט האָט ער דעריאָגט די פֿאָר־פּאָסט, איז געשטאַנען ווען זי איז דורכגעגאַנגען אַ צווייג פֿון נילוס און האָט בעטראַכט 200 קריגספֿוהרען.

דער הייליגער מנטו־זופית, וועלכער האָט גוט פֿערשטאַנען די מיליטער־קונסט, אַלס פֿערטרעטער פֿון דעם הייליגען הרהור, האָט ד[illegible] קרוין פּרינץ שטאַרק בעוואונדערט.

— ווייסט איהר, הייליגע לייט, — האָט ער געזאָגט צו שם'ן און מנטו־זופית'ן — איך ליעב נישט דעם קרוין פּרינץ זייט איך האָב ענטדעקט זיין שלעכטקייט און זיינע שווינדלען. זאָל אָבער אָזירים מיין עדות זיין, אַז דער יונגערמאַן איז געבוירען געוואָרען צו זיין אַ אָנפֿיהרער. איך וועל אייך דערצעהלען אַ אונערהערטע זאַך: דאָס מיליטער ביי דער גרעניץ וועלען מיר פֿערזאַמלען דריי אָדער פֿיער טעג פּריהער, ווי מיר האָבען גערעכענט, די לובים האָבען שוין די מלחמה פֿערשפּיעלט, חאָטש זיי האָבען אונזער שאָס נאָך נישט געהערט!..

— אַזאַ פּרעה איז נאָך געפֿעהרליכער פֿאַר אונז...
— האָט מפרים געזאָגט מיט כעס.

דעם זעקסטען התור פֿאַר נאַכט האָט דער קרוין פּרינץ זיך געבאָדען און האָט געזאָגט זיין שטאַב, אַז מאָרגען איידער די זון וועט אויפֿגעהן, וועט מען אַרויסריהרען.

— און איצט װיל איך זיך אויסשלאָפֿען — האָט ער געענדיגט.

עס איז אָבער לײַכטער געװען צו װעלען שלאָפֿען, װי צו שלאָפֿען.

די גאַנצע שטאָדט איז פֿול געװען מיט סאָלדאַטען און בײַם פּאַלאַץ פֿון קרױן פּרינץ איז געשטאַנען אַ פֿאָלק, װעלכער האָט געגעסען, געטרונקען און געזונגען, נישט האָבענדיג אין זינען זיך אָבצורוהען.

דער קרױן פּרינץ איז אַרײַן אין װײַטסטען צימער, אָבער אויך דאָ האָט ער זיך נישט געקאָנט אויסטהון. יעדע עטליכע מינוטען איז אַרײַנגעקומען אַ אַדיוטאַנט מיט עפּעס אַ ראַפּאָרט, װעלכער איז גאָר נישט װיכטיג געװען, אָדער װעגען אַ בעפֿעהל. װעלכעס דער אָנפֿיהרער פֿון פֿאָלק האָט אַלײן געקאָנט אַרויסגעבען. מען האָט געבראַכט צו איהם שפּיאָנען, װעלכע האָבען קײן שום נײַע ידיעות נישט געבראַכט; עס זענען אָנגעקומען אַדעל-לײַט מיט מענשען. װעלכע האָבען געװאָלט אײַנטרעטען אין מיליטער אַלס פֿרײַװיליגע. עס זענען געקומען סוחרים פֿון פֿעניציען. װעלכע האָבען געװאָלט צושטעלען שפּײַז דעם מיליטער. עס זענען אויך געקומען פּאָדריאַטשיקעס, װעלכע האָבען זיך בעקלאָגט אויף די גענעראַלען, אַז זײ פֿערלאַנגען צו פֿיעל.

צװישען די אָנקומענדע זענען אויך געװען כשוף-מאַכער און שטערען-זעהער, װעלכע האָבען דעם קרױן-פּרינץ געװאָלט פֿאָראויס זאָגען, װאָס עס װעט געשעהן אויף דער מלחמה. אַנדערע האָבען געהאַט צו פֿערקויפֿען קמיעות, װעלכע האָבען געזאָלט אָבהיטען פֿון אונגליקען.

די אַלע מענשען האָבען זיך אַרײַנגעשטופּט צו דעם

קרוין פרינץ, ווייל יעדער איינציגער פון זיי האט געמיינט, אז נאר אין זיין האנד ליעגט דער גורל פון דער מלחמה.

דער קרוין פרינץ האט מיט געדולד אנגענומען יעדען, וואס איז צו איהם געקומען. ער איז אבער ארוים פון געדולד, ווען צוזאמען מיט א שטערען-זעהער איז צו איהם אריין איינע פון זיינע פרויען און האט צו איהם געהאט א טענה פאר דעם, וואס ער האט זי שוין אויפגעהערט צו ליעבען און ער האט זיך מיט איהר נישט געזעגענט און באלד דערנאך האט זי געהערט אונטער זיין פענסטער א גע-וויין פון אנ'אנדער געליעבטע.

רעמסס האט גערופען טוטמאזיס'ן און געזאגט צו איהם:

— זיץ אין דעם צימער און אויב דו ווילסט, קאנסט טרייסטען מיינע פרויען. איך וועל זיך בעהאלטען אין דעם גארטען, ווארום אנדערש וועל איך נישט אנטשלאפען ווערען און מארגען וועל איך אויסזעהן, ווי א הוהן, וואס איז ארוים-גענומען געווארען פון א ברונען.

— וואו זאל איך דיך זוכען, ווען מען וועט דארפען?

— האט טוטמאזיס געפרעגט.

דער קרוין פרינץ האט געלאכט.

— זוכט מיך נישט, איך וועל שוין אליין קומען, ווען מען וועט מיך דארפען.

זאגענדיג די ווערטער, האט דער קרוין פרינץ גענו-מען אויף זיך א לאנגען מאנטעל מיט א קאפטור און איז ארוים אין גארטען.

אבער אויך דער גארטען איז פול געווען מיט סאל-דאטען און מיט קנעכט פון קרוין פרינץ. אין דעם גאנצען

שטת פון פּאלאץ איז קיין אָרדנונג נישט געווען, ווי גע־וועהנליך פאר א מלחמה. רעמסס איז אריין אין דעם גע־דיכטסטען אָרט פון גאָרטען און געפונען דאָרט אַ אַלטאַנע, וואָס איז געווען בעוואַקסען מיט ווייַנבוימער, האָט ער זיך דאָרט געלעגט אויף אַ באַנק.

— דאָ וועט מען מיך שוין נישט געפינען — האָט ער זיך געטראַכט — קיין כהן, קיין פרוי וועט שוין דאָ צו מיר נישט קומען.

באַלד איז ער הארט אַנטשלאָפען געוואָרען.

שוין עטליכע טעג איז קמא עפּעס נישט געזונד גע־ווען. אין די געשליסען פון איהרע גליעדער האָט זי געהאַט שמערצען און זי איז זעהר צערייַצט געווען, דאָס פנים און דער שטערן האָבען איהר געבריהט.

זי איז שטענדיג געזעסען בייַ'ם שפּיעגעל און איהרע דיענסטען האָט זי געזאָגט, אַז זיי קאָנען טהון, וואָס נאָר זיי ווילען, נאָר צו רוה זאָלען זיי זי לאָזען. זי האָט שוין אויפגעהערט זיך צו שרעקען, מען זאָל זי נישט הרג'ענען, נאָר שטענדיג האָט זי געקלערט וועגען איהר קראַנקהייט. וועגען רעמסס'ן האָט זי אויך אויפגעהערט צו קלערען, פון שרה'ן האָט זי שוין נישט גערעדט. זי האָט נאָר געטראַכט וועגען קליינינקע פלעקען, וואָס האָבען זיך איהר געמאַכט אויפ'ן שטערן, וועלכע קיין שום מענש האָט נישט געקאָנט דערזעהן.

— אַ פלעקעל... יאָ, דאָס איז אַ פלעקעל... — האָט זי געזאָגט צו זיך אליין, ציטערנדיג מיט אלע גליעדער — נאָך אַ פלעקעל און נאָך אַ פלעקעל!... אָ, עשתרות! אַזוי וועסטו דאָך נישט וועלען בעשטראָפען דיין כהנת!.. בעסער

איז שוין דער טויט . . . אָבער וואָס איז דאָס ? . . . ווען איך רײַב דעם שטערן מיט די פינגער, ווערט דער פלעק רוי־טער... אַ וואָרעם האָט מיך אודאי צעביסען, אָדער מיט שלעכ־טען עהל האָב איך זיך געשמירט ... איך וועל זיך אָבוואַשען און ביז מאָרגען וועלען די פלעקען פערשוואונדען ווערען...

דער מאָרגענדיגער טאָג איז געקומען און די פלעקען זענען נישט פערשוואונדען געוואָרען.

זי האָט גערופען די דיענסט.

— הער נאָר !-האָט זי געזאָגט— טהו אַ קוק אויף מיר ...

זאָגענדיג די ווערטער, האָט זי זיך געזעצט אין אַ דונקעל ווינקעלע.

— הער און קוק. . . — האָט זי געזאָגט מיט אַ גע־שטיקטער שטימע— צי זעהסטו פלעקען אויף מײַן פּנים ? נאָר געה נישט צו נאָהנט צו מיר ! . .

— איך זעה גאָרנישט ! . . . — האָט די דיענסט גע־ענטפערט.

— אונטער דעם לינקען אויג זעהסטו אויך נישט ?.. אונטער די ברעמען אויך נישט ? . . .— האָט זי געפרעגט מיט כּעס.

— זעץ זיך מיט דײַן גאָטליך פּנים צו דער ליכט, — האָט די דיענסט געזאָגט.

דער פערלאַנג האָט קמאַ'ן אַרײַנגעבראַכט אין כּעס.

— אַוועק, דו ניעדערטרעכטיגע !.— האָט זי געשריען — מעהר זאָלסטו צו מיר נישט קומען.

ווען די דיענסט איז אַוועקגעגאַנגען, איז קמאַ צוגעגאַנ־גען צו איהר שענקעל און עפענענדיג עטליכע שאַכטלעך, האָט זי מיט אַ פּינזעל זיך געפאַרבט דאָס פּנים אויף רויטליך.

פֿאַרנאַכֿט האָט זי געהייסען רופֿען אַ דאָקטאָר. ווען מען האָט איהר געזאָגט, אַז דער דאָקטאָר איז געקומען, האָט זי אַ קוק געטהון אין שפּיגעל און זי איז ווי משוגע געוואָרען. זי האָט געוואָרפֿען דעם שפּיגעל אויף דער ערד און האָט געשריען, אַז זי וויל נישט קיין דאָקטאָר.

דעם זעקסטען טאָג פֿון חודש התּור האָט זי נישט געגעסען, נישט געטרונקען און מיט קיינעם האָט זי זיך נישט געוואָלט זעהן.

ווען די זון איז אונטערגעגאַנגען און אַ שקלאַפֿין איז צו איהר אין צימער אַריינגעגאַנגען מיט ליכט, האָט זיך קמא געלעגט אויפֿ'ן בעט און האָט דעם קאָפּ אַרומגעבונדען מיט אַ שאַל. דער שקלאַפֿין האָט זי געהייסען זי זאָל גיך אַרויסגעהן, דערנאָך האָט זי זיך געזעצט אויף אַ שטוהל ווייט פֿון ליכט און איז דאָרט געזעסען עטליכע שטונדען.

— איך האָב קיין שום פֿלעקען נישט — האָט זי זיך געקלערט — און אויב איך האָב יאָ, שאַדט אויך נישט... דאָס איז דאָך נישט קיין צרעת.

— אָ, געטער! — האָט זי געשריען, וואַרפֿענדיג זיך אויף דער ערד — עס קאָן דאָך נישט זיין, אַז איך... אָ, געטער, ראַטעוועט!... איך וועל צוריקגעהן אין דעם בית־מקדש... איך וועל מיין גאַנץ לעבען תּשובֿה טהון...

און ווידער האָט זי זיך בערוהיגט און ווידער האָט זי זיך געקלערט:

— איך האָב קיין שום פֿלעקען נישט... עטליכע טעג ריַיב איך זיך די הויט, דאַדורך איז זי רויט... פֿון וואַנען זאָל איך האָבען אַ צרעת?.. איז דאָס דען נאָך דערן הערט געוואָרען, אַז אַ כּהנת און אַ פֿרוי פֿון אַ קרוין פּרינץ

וואָל האָבען צרעת?... אָ, געטער! דאָס האָט דאָך נאָך קיינמאָל נישט פּאַסירט זייט די וועלט שטעהט!... נאָר פישער, אַרעסטאַנטען און עלענדע יודען... אָ, די ניי־דערטרעבטיגע יודענע!... אויף איהר שיקט אַ צרעת, הייליגע געטער!..

אין פענסטער האָט זיך פּלוצלונג געזעהן אַ דורכפליהענדער שאָטען, דערנאָך האָט זיך געהערט אַ שטיל געראַויש און פון הויף איז אַריינגעשפּרונגען דער קרוין פּרינץ...

קמא איז געבליבען, ווי פערשטיינערט, פּלוצלונג האָט זי זיך אָנגעהאַפּט ביי'ם קאָפּ און אין איהרע אויגען האָט זיך געזעהן אַ מורא'דיגע שרעק.

— ליקאָן — האָט זי שטיל געזאָגט — ליקאָן, דו ביזט דאָ?... דו וועסט דאָך געהרג'עט ווערען!... מען זוכט דיך...

— איך ווייס — האָט ליקאָן געענטפערט לאַבענדיג — אַלע זוכען מיך, אַלע פעניציאַנער און די פּאָליציע פון הייליגען פּרעה.

— און דאָך — האָט ער צוגעגעבען — בין איך דאָ ביי דיר און איך בין געוועזען ביי דעם קרוין פּרינץ...

— דו ביזט געוועזען ביי דעם קרוין פּרינץ?...

— יאָ, אין זיין אייגענעם צימער... און איך וואָלט איהם געלאָזט מיין שטילעט אין זיין ברוסט, ווען שלעכטע רוחות וואָלטען איהם נישט אָבגערוקט... דיין קרוין פּרינץ איז אודאי געגאַנגען צו אַנ'אַנדערער פרוי נישט צו דיר...

— וואָס ווילסטו?.. אַנטלויף!.. — האָט קמאָ שטיל געזאָגט.

— מיט דיר צוזאַמען וועל [illegible] אַנטלויפען — האָט

ער געענטפערט — אויף דער גאס וואַרט אַ וואָגען, מיט וועלכען מיר וועלען פאָהרען צו'ם נילוס און דאָרט וואַרט שוין אויף מיר מיין שיף...

— דו ביזט משוגע געוואָרען!.. די גאַנצע שטאָדט און אלע וועגען זענען דאָך פול מיט מיליטער...

— טאַקי דאַדורך האָב איך געקאָנט אריינגעהן אין פּאַלאַץ און טאַקי איצט וועט אונז אמלייכסטען זיין צו אנט־לויפען — האָט ליקאָן געזאָגט — נעהם צונויף אַלע דיינע קאָסטבאַרע חפצים... איך קום באלד צוריק און נעהם דיך מיט זיך...

— וואוהין געהסטו?...

— איך וועל זוכען דיין קרוין פּרינץ — האָט ער גע־ענטפערט — איך וועל דאָך נישט אוועק פון דאַנען, ביז איך וועל איהם אַנ'אָנדערענקונג איבערלאָזען...

— דו ביזט משוגע!...

— שוויינ!... — האָט ער איהר איבער געהאַקט די ווערטער און איז בלאַס געוואָרען פון כעס — דו ווילסט איהם נאָך שיצען?...

קמא האָט זיך געוואַקעלט, צונויפגעדריקט די פויס־טען און אין איהרע אויגען האָט געבלאַנקט אַ שרעקליך פייער.

— און אויב דו וועסט איהם נישט געפינען? ... — האָט זי געפרעגט.

— וועל איך דערהרג'ענען עטליכע פון זיינע סאָל־דאַטען, וועלכע שלאָפען איצט, איך וועל אונטערצינדען דעם פּאַלאַץ... ווייס איך, וואָס איך וועל טהון?... אָדער אָהן אַ אָנדערענקונג וועל איך נישט אוועקגעהן...

די גרויסע אויגען פון דער פעניציאנערין האבען בעקומען אזא שרעקליכען אויסדרוק, אז ליקאן האט זיך געוואונדערט.

— וואס איז דיר? ... — האט ער געפרעגט.

— גארנישט. הער אויס. דו בייסט נאך קיינמאל נישט געווען אזוי ערהליך צום קרוין־פּרינץ, ווי היינט!... נבן, אויב די ווילסט עפּעס גוטס טהון...

זי האט איהר פּנים צוגעבויגען נאהנט צו זיין אויער און איהם שטיל עפּעס איינגערוימט.

ליקאן האט זיך שטארק געוואונדערט.

— קמא! — האט ער געזאגט — די ערנסטע רוחות רעדען ארויס פון דיין מויל...

יא, איהם וועט מען חושד זיין!...

— דאס איז בעסער ווי א שטילעט — האט קמא געזאגט און געלאכט — וואס?...

— דאס וואלט מיר קיינמאל נישט איינגעפאלען!... און אפשר נאר ביידע?...

— ניין. זי זאל לעבען בלייבען... דאס וועט זיין מיין נקמה...

— ווי א קלוגע נשמה זי האט! — האט ליקאן געזאגט.

דו געפעלסט מיר ועהר!... קעניגליך וועלען מיר זיי בעצאהלען!...

ער האט זיך צוריקגערוקט צום פענסטער און איז פערשוואונדען געווארען. קמא האט זיך ארויסגעבויגען נאך איהם און אונטערגעהארכט.

א פיערטעל שעה דערנאך האט זי געהערט א שרעק־

ליך געשריי פון אַ פרוי ביי דעם וועלדעל פון די פּיינעכבוי־מער. דאָס געשריי האָט עטליכע מאָל זיך איבערגעחזר'ט און דערנאָך איז שטיל געוואָרען.

אויף דער פּעניציאַנעריָן איז געפאַלען אַ אימה, זי איז געפאַלען אויף איהרע קניען און מיט אירענדרע אויגען האָט זי געקוקט אין גאָרטען אריין.

אין גאָרטען האָט זיך געהערט אַ שטיל געלויף און אין פענסטער האָט זיך ווידער ליקאָן בעוויזען. ער איז געווען איינגעהילט אין אַ שוואַרצען מאַנטעל, האָט שרעקליך גע־סאָפּעט און די הענד האָבען איהם געציטערט.

— וואו איז דאָס ציערונג ?... —האָט ער געפרעגט.

— לאָז מיך צו רוה — האָט זי געענטפערט.

ליקאָן האָט זי אָנגעהאַפּט ביי'ם קאַרק.

— מרשעת! — האָט ער געשריען — פערשטעהסטו דען נישט, אַז איידער די זון וועט אויפגעהן, וועט מען דיך אַרעסטירען און נאָך עטליכע טעג וועסטו דערשטיקט ווערען ?...

— איך בין קראַנק...

— וואו איז דיין ציערונג ?

— אונטער'ן בעט.

ליקאָן איז אריין אין צימער, האָט גענומען אַ שווער קעסטעל, אויף קמאַ'ן האָט ער אַרויפגעוואָרפען אַ מאַנטעל און זי געשלעפּט ביי'ם אָרעם.

— קום!... וואו איז די טהיר, דורך וועלכער דיין קרוין־פּרינץ קומט געוועהנליך צו דיר ?

— לאָז מיך צו רוה...

ליקאָן האָט זיך איינגעבויגען צו איהר און איהר איינגערוימט:

— אהא! ... דו מיינסט, אז איך וועל דיך דאָ אי־בערלאָזען? ... היינט האָסטו ביי מיר אזא ווערטה, ווי א הונד, וועלכער האָט זיין חוש־הריח פערלאָרען... אָבער נעהן מיט מיר מוזטו... זאָל דיין קרוין־פּרינץ וויסען, אז אנ׳אנדערער איז בעסער פון איהם... ער האָט פון דער גע־טין ארויסגעגנב׳עט א כהנת און איך נעהם ביי איהם אָב א געליבטע...

— איך זאָג דיר, אז איך בין קראנק...

ליקאָן האָט ארויסגעצויגען א שווערען שטילעט און איהם געלאָזט אויף איהר קארק. זי האָט א ציטערנעטהון און געזאָגט:

— איך געה שוין...

דורך א געהיימע טהיר זענען זיי ארויסגעגאנגען אין גאָרטען. פון דעם אָרט, וואו עס איז געוועזען דער פּאלאַץ פון קרוין־פּרינץ האָבען זיי געהערט א שטיל געריוש פון די סאָלדאטען, וועלכע האָבען געבּרענט פייער. צווישען די בוימער, אויף פערשיעדענע ערטער, האָבען זיי געזעהן ליכטלעך; יעדע עטליכע מינוטען איז פאָר זיי דורכ־געגאנגען א אנדערע פון דעם קרוין פּרינצ׳ם דיענסטשאַפט. אין טויער האָט זיי די וואך פערהאלטען:

— ווער זייט איהר?

— מעבי — האָט ליקאָן געענטפערט.

אָהן שטערונג זענען זיי ארויסגעגאנגען אויף דער גאַס און זענען פערשוואונדען געוואָרען אין די געסלעך פון דעם אויסלענדישען קווארטאל אין פי־בּושת

צוויי שטונדען אײדער די זון איז אויפגעגאנגען האט זיין אין שטאדט געטראמפּעטערט און געפּויקט.

טוטמאזיס איז נאך געלעגען אין טיעפען שלאף, ווען רעמסס איז אריין צו איהם, האט אראבגעצויגען פון איהם זיין מאנטעל און געשריען מיט א לוסטיג געלעכטער:

— שטעה אויף, דו פארזיכטיגער אנפיהרער!... די פאלקען געהען שוין!...

טוטמאזיס האט זיך געזעצט אויפ'ן בעט און זיך געריבען די אויגען.

— אך! דו ביזט דאס, מיין העהר... — האט ער גערופען געגעצענדיג — דו האסט זיך שוין אויסגעשלאפען?

— נאך קיינמאל האב איך זיך נישט אזוי גוט אויסגעשלאפען! — האט דער קרוין-פּרינץ געענטפערט.

— און איך וואלט נאך געשלאפען.

ביידע האבען זיך אויסגעבאדען, אנגעטהון זייערע קאפטאנען און האלבע פאנצערס און זענען ארויף אויף די פערד.

דער קרוינפּרינץ איז באלד מיט א קליינער סוויטע ארויס פון דער שטאדט, דעריאגענדיג דאס מיליטער און רייטענדיג דערנאך פאראויס. דער נילוס האט אויסגעגאסען און דער קרוינפּרינץ האט געוואלט זעהן, ווי דאס מיליטער געהט דורך די קאנאלען.

ווען די זון איז אויפגעגאנגען, איז דער לעצטער וואגען פון דער מחנה געווען ווייט פון דער שטאדט און דער הויפּט-מאן פון פי-בושת האט געזאגט צו זיין ריענסט-שאפט:

— איצט געה איך שלאפען און ווער איז דעם, ווער

עָס וועט מִיךְ אויפוועקען פֿאַר דעם אָווענד-מאָהלצַייט! אפילו די געטליכע זון רוהט נאָך יעדען טאָג און איך האָב זיך נישט געלעגט פֿון ערשטען טאָג התור אָן.

אַיידער ער האָט געענדיגט זיינע ווערטער, איז אַרײַן אַ אָפּיציער פֿון פּאָליציע און האָט איהם געבעטען, ער זאָל מיט איהם אַרײַן אין אַ בעזונדער צימער. ווײַל ער האָט עפּעס זעהר וויכטיגעס איבערצוגעבען.

— זאָל אײַך אַלע די ערד אײַנשלינגען! — האָט דער הויפּט-מאַן געשריען.

דאָך האָט ער גערופֿען דעם אָפּיציער און איהם געפֿרעגט:

— מען קאָן שוין נישט וואַרטען עטליכע שטונדען?.. דער נילוס אנטלויפֿט דאָך נישט...

אַ גרויס אונגליק האָט פּאַסירט — האָט דער אָפּי-ציער געענטפֿערט. דער זוהן פֿון קרוין-פּרינץ איז געהרג'עט געוואָרען...

— וואָס?... וועלכער?... — האָט דער הויפּט-מאַן געשריען.

— דער זוהן פֿון דער יודענע שרה...

— ווער האָט איהם געהרג'עט?... ווען?..

— הײַנט בײַ נאַכט.

— ווער האָט איהם געהרג'עט?

דער אָפּיציער האָט אַראָבגעבויגען דעם קאָפּ און אויס-געצויגען די הענד.

— איך פֿרעג: ווער האָט איהם געהרג'עט? — האָט געפֿרעגט דער הויפּט-מאַן, וועלכער איז געווען מעהר דער-שראָקען, ווי בײַז.

— אַליין, גרויסער הערר, מאַך די אויספאָרשונג. מיין מויל קאָן נישט ארויסרעדען דאָס, וואָס די אויערען האָבען געהערט.

דער הויפּט-מאַן איז נאָך מעהר דערשראָקען געוואָרען. ער האָט געהייסען אריינפיהרען די דינסטשאַפט פון שרה'ן און גלייכצייטיג האָט ער געשיקט נאָך דעם כהן-גדול מפרים. ווייל מנטו-זופית איז אַלס פאָרשטעהער פון קריעגס-מיניסטער געפאָהרען אויף דער מלחמה צוזאַמען מיט דעם קרוין-פרינץ.

מפרים איז געקומען און דער הויפּט-מאַן האָט איהם דערצעהלט, אַז דעם קרוין-פרינצ'ס קינד איז געהרג'עט געוואָרען און אַז דער אָפיציער פון דער פּאָליציי האָט נישט די העזה צו געבען אַ ערקלערונג.

— און עדות זענען דאָ? — האָט דער כהן-גדול געפרעגט.

— זיי וואַרטען אויף דיין בעפעהל, הייליגער כהן. מען האָט אריינגעפיהרט שרה'ס שוועסטער.

— דו ווייסט, אַז דעם קרוין-פרינצ'ס קינד איז געהרג'עט געוואָרען? — האָט איהם דער הויפּט-מאַן געפרעגט.

דער שוועסטער איז געפאַלען מיט'ן פנים אויף דער ערד און געענטפערט:

— איך אַליין האָב געזעהן, ווי דאָס הייליגע קערפּערל איז צעקלאַפּט געוואָרען אָן דער וואַנד און איך האָב פערהאַלטען אונזער מאַדאַם, וועלכע איז מיט אַ געשריי ארויסגעלאָפען אין גאָרטען...

— ווען איז דאָס געשעהן?

— נאָך האַלבער נאַכט, באַלד ווי אונזער גרויסער

קרוין־פּרינץ איז געקומען צו אונזער מאדאם... — האט דער שווייצער געענטפערט.

— דער קרוין־פּרינץ איז געווען ביי נאכט ביי אייער מאדאם? — האט ספּרים געפרעגט.

— אזוי ווי דו זאגסט, גרויסער נביא, אזוי איז געווען.

— וואונדערבאר! — האט ספּרים שטיל געזאגט צו דעם הויפּט־מאן.

מען האט דערנאך אריינגערופען שרה'ס קעכין און איהר דינסט. ביידע האבען געזאגט, אז נאך האלבער נאכט איז דער קרוין־פּרינץ אריינגעגאנגען אין שרה'ס צימער. ער איז דארט געווען נאר א קורצע ווייללע און באלד דער־נאך איז ארוים שרה און האט שרעקליך געשריען.

— דער קרוין־פּרינץ איז דאך די גאנצע נאכט נישט ארוים פון זיין צימער?... — האט דער הויפּט־מאן געזאגט.

דער אפיציער פון דער פּאליציע האט גערעהט מיט'ן קאפּ און געזאגט, אז אין קארידאר ווארטען עטליכע מענשען פון דער דינסטשאפט פון פּאלאץ.

מען האט זיי גערופען און דער היילינער ספּרים האט זיי אויסגעפרעגט. עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז דער קרוין־פּרינץ איז נישט געשלאפען אין פּאלאץ... פאר האלבער נאכט איז ער ארויסגעגאנגען פון זיין צימער אין גארטען אריין; צוריקגעקומען איז ער ערשט ווען מען האט גע־טראמפּעטערט.

ווען מען האט די עדות ארויסגעפיהרט און דער הויפּט־מאן איז געבליבען מיט'ן נביא אליין, האט ער זיך געווארפען אויף דער ערד און זיפצענדיג האט ער געזאגט

מפריס'ן, אז ער איז קראַנק און ער וויל בעסער געהרג'עט ווערען אײדער צו פיהרען די אויספאָרשונג. דער כהן-גדול איז געווען זעהר בלאַס און שטאַרק געריהרט, נאָר געזאָגט האָט ער, אז דער משפט מוז דורכגעפיהרט ווערען און אין נאָמען פון פרעה'ן האָט ער געהייסען דעם הויפּט-מאַן, ער זאָל געהן מיט איהם אין שרה'ס וואָהנונג.

צו דעם גאָרטען פון קרוין-פּרינץ איז נישט ווייט געווען און ביידע גרויסע לייט זענען גיך געקומען אויף דעם אָרט, וואו דער מאָרד איז געשעהן.

אַרײַנקומענדיג אין שרה'ס צימער, האָבען זיי דער-זעהן, אז שרה קניעט ביי דעם וויעגעל, ווי זי וואָלט געזויגט דאָס קינד, אויף דער וואַנד און אויף דער פּאָדלאָגע זענען געווען פלעקען פון בלוט.

דער הויפּט-מאַן איז אַזוי אָבגעשוואַכט געוואָרען, אז ער האָט נישט געקאָנט שטעהן אויף די פיס, נאָר מפריס איז רוהיג געווען. ער איז צוגעגאַנגען צו שרה'ן און בע-ריהרענדיג איהר אָרעם, האָט ער געזאָגט:

— מיר קומען אין נאָמען פון הייליגען פרעה...

שרה האָט זיך פּלוצלונג אויפגעחאַפּט און דערזעהענ-דיג מפריס'ן, האָט זי געשריען מיט א שרעקליכער שטימע:

— פערשאָלטען זאָלט איהר זיין!... איהר האָט גע-וואָלט האָבען א יודישען מלך, און אָט האָט איהר אייער מלך!... אוי, פאַרוואָס האָב איך געפאָלגט אייערע פאַל-שע עצות?...

זי האָט זיך געוואַקעלט און איז ווידער געפאַלען ביי דעם וויעגעל שלאָכצענדיג:

— מיין קינד... מיין קליין שת'ל!... אַזוי שען,

אַזוי קלוג איז ער געווען!... ער האָט צו מיר אויסגעצויגען די הענדטלעך און געלאַכט... אָ, גאָט!... גיעב מיר אָב מיין קינד!... דו קאָנסט דאָך איהם לעבעדיג מאַכען!... גאָט!... פאַרוואָס הערסטו נישט אויס מיין געבעט?... אַזא קליין קינד!... ווילדע חיות וואָלטען דאָך אויך רחמנות געהאַט אויף איהם!...

דער כהן-גדול האָט זי אַנגענומען ביי דער האַנד און אויפגעשטעלט. דאָס צימער איז פול געוואָרען מיט פאָלי-ציע און דיענסטשאַפט.

— שרה — האָט דער כהן-גדול געזאָגט — אין נאָ-מען פון הייליגען פרעה, דער הערר פון מצרים, הייס איך דיר, דו זאָלסט מיר ענטפערן: ווער האָט געהרג'עט דיין קינד?

שרה האָט געקוקט, ווי אַ משוגע'נע און זיך געריבען דעם שטערן. דער הויפט-מאַן האָט איהר דערלאַנגט וואַ-סער מיט וויין און איינע פון די דיענסטען האָט זי בע-שפריצט מיט עסיג.

— אין נאָמען פון הייליגען פרעה — האָט מפרים נאָך אַ מאָל געזאָגט — הייס איך דיר, שרה, דו זאָלסט מיר זאָגען: ווער האָט דיין קינד געהרג'עט?...

אַלע האָבען זיך גערוקט צו דער טהיר און דער הויפט-מאַן האָט מיט פערצווייפלונג זיך פערשטאָפט די אויערען.

— ווער האָט געהרג'עט?... — האָט שרה געזאָגט מיט אַ נעשטיקטער שטימע, קוקענדיג אויף מפרים'ן — דו פרעגסט, ווער עס האָט דאָס קינד געהרג'עט?... איך קען אייך... כהנים!... איך קען אייער יושר!...

— נו, ווער? — האָט מפרים ווייטער געפרעגט.

— איך !... — האָט זי געשריען מיט אַ אונמענשליכֿער שטימע — איך האָב געהרג'עט מיין קינד דערפֿאַר, וואָס איהר האָט פֿון איהם געמאַכֿט אַ יוד.

— דאָס איז ליגען ! — האָט דער כהן־גדול געשריען.

— איך ... איך !... — האָט שרה ווייטער געשריען — איהר אַלע, וועלכֿע זעהט מיר און הערט מיין שטימע — האָט זי געשריען וועגדענדיג זיך צו די עדות — וויסען זאָלט איהר אַלע, אַז איך האָב געהרג'עט... איך... איך... איך!... — האָט זי געשריען, קלאַפּענדיג זיך אין האַרצען.

דער הויפּט־מאַן איז לעבענדיגער געוואָרען, הערענדיג, אַז שרה אַליין זאָגט בפירוש, אַז זי האָט דאָס קינד געהרג'עט און מיט מיטגעפֿיהל האָט ער געקוקט אויף שרה'ן; פֿרויען האָבען געשלאָכֿצט, דער שווייצער האָט זיך אָבגעווישט די טרעהרען, נאָר דער הייליגער מפרים האָט צונויפֿגעדריקט זיינע בלויע ליפּען. ענדליך האָט ער הויך געזאָגט, קוקענדיג אויף די באַמטע פֿון דער פּאָליציע:

— קנעכֿט פֿון הייליגען פּרעה, איך גיב איך איבער די פֿרוי, וועלכֿע איהר דאַרפֿט אָבפֿיהרען אין דעם הויז פֿון געריכֿט ...

— מיין קינד וועל איך מיטנעהמען !... — האָט זיך שרה אָנגערופֿען, צופֿאַלענדיג צו'ם וויגעל.

— דו וועסט מיטנעהמען דיין קינד, אָרימע פֿרוי, — האָט דער הויפּט־מאַן געזאָגט, פֿערדעקענדיג זיך דאָס פּנים מיט די הענד.

מפרים און דער הויפּט־מאַן זענען אַרויס פֿון צימער. דער אָפֿיציער פֿון דער פּאָליציע האָט געהייסען ברענגען אַ לעקטיקאַ און מיט גרויס אַכֿטונג האָט ער שרה'ן אַרויס־

געפיהרט פון צימער. די אונגליקליכע האט גענומען פון וויעגעל דאס געהרג'עטע קינד און האט זיך אריינגעזעצט אין דער לעקטיקא.

די גאנצע דיענסטשאפט איז מיט איהר געגאנגען אין געריכט.

ווען מפרים מיט'ן הויפט-מאן זענען דורכגעגאנגען דעם גארטען, האט דער הויפט-מאן געזאגט:

— איך האב רחמנות אויף דער פרוי!..

— על פי יושר וועט זי מוזען בעשטראפט ווערען... פאר ליגען זאגען — האט דער כהן-גדול געזאגט.

— איהר מיינט...

— איך בין זיכער, אז די נעטער וועלען געפינען און משפט'ן דעם אמת'ן מערדער.

ביי דעם טויער פון גארטען איז צו זיי אנגעקומען דער פערוואלטער פון קמא'ס פאלאץ, שרייענדיג:

— די פעניציאנערין איז נישטא!... זי איז ביינאכט פערשוואונדען געווארען!

— א נייע אונגליק!... — האט דער הויפט-מאן געזאגט.

— שרעק זיך נישט—האט איהם מפרים בערוהיגט— זי איז מיטגעפאהרען מיט דעם קרוין-פרינץ...

און די ווערטער האט דער הויפט-מאן דערקענט, אז מפרים האט פיינד דעם קרוין-פרינץ און ער איז זעהר פער-ב[illegible]ערט געווארען. ווארום איב עס וועט דערוויזען ווערען, אז דער קרוין-פרינץ האט געהרג'עט זיין אייגען קינד. וועט ער קיינמאל נישט קאנען ווערען קיין פרעה און די שווערע

יאָך פֿון די כּהנים וועט נאָך מעהר דריקען גאַנץ מצרים.

דער הויפּט-מאַן איז נאָך מעהר טרויעריג געוואָרען, ווען מען האָט איהם אין אָווענד דערצעהלט, אַז צוויי דאָקטוי-רים פֿון דעם בית-המקדש התּור האָבען בעטראַכט דאָס געהרג'עטע קינד און זיי זענען איבערצייגט געוואָרען, אַז דאָס קינד האָט געהרג'עט אַ מאַנספּערזאָן. עמיצער—האָבען די דאָקטוירים געזאָגט — האָט אָנגעחאַפּט בּיידע פיסלעך מיט דער רעכטער האַנד און האָט געשלאָגען מיט'ן קעפּעל אָן דער וואַנד, שרה'ס האַנד האָט נישט געקאָנט אַרומנעה-מען בּיידע פיסלעך. אויף וועלכע מען האָט געקאָנט דער-קענען צייכענס פֿון גרויסע פינגער.

נאָך דער ערקלערונג איז דער כּהן-גדול מפרים צו-זאַמען מיט דעם כּהן-גדול שם געגאַנגען צו שרה'ן אין דער תפיסה און זיי האָבען זי בּעשוואָרען אָן אַלע געטער פֿון מצרים און פֿון אַנדערע לענדער, זי זאָל זאָגען. אַז זי איז נישט שולדיג אין דעם מאָרד און זי זאָל דערצעהלען, ווי דער מערדער האָט אויסגעזעהן.

— מיר וועלען דיר גלויבען—האָט מפרים געזאָגט— און בּאַלד ווערסטו פֿריי זיין.

שרה איז אָבער נישט גערירט געוואָרען מיט די וויינענדע ווערטער. פֿערקעהרט, זי איז געוואָרען אין כּעס.

— שאַקאַלען! — האָט זי געשריען— אייך איז נאָך ווענייג צוויי קרבּנות! נייע קרבּנות ווילט זיך אייך!... איך אונגליקליכע האָב דאָס געטהון, איך... וואָרום ווער דען וואָלט אַזוי נידערטרעכטיג געווען, ער זאָל הרג'ענען אַ

קינד ?... א קליין קינד, וועלכעס האט קיינעם קיין שלעכטס ניִשט געטהון !...

— ווייסטו אבער, פערעקשנ'טע פרוי, וואס פאר א פסק דו קאנסט בעקומען ? — האט מפרים געפרעגט.— דריי טעג וועסטו אויף דיין האנד האלטען דעם קערפער פון דיין קינד און דערנאך וועסטו געהן אין דער תפיסה אריין, וואו דו וועסט זיצען פופצעהן יאהר ...

— נאר דריי טעג ? — האט זי געפרעגט — איך וועל קיינמאל פון זיך ניִשט אוועקגעבען מיין קליינעם שת... און ניִשט נאר אין דער תפיסה אריין, אבער אויך אין קבר אריין וועל איך געהן צוזאמען מיט איהם, און מיין הערר וועט אונז הייסען צוזאמען מקבר זיין ...

ווען די כהנים־גדולים זענען אוועקגעגאנגען פון שרה'ן, האט שם געזאגט:

— איך האב שוין גע'משפט מוטערס, וועלכע האבען געהרג'עט זייערע קינדער. קיין איינע פון זיי איז אבער ניִשט ענליך געווען צו איהר...

— ווייל זי האט דאס קינד ניִשט געהרג'עט — האט מפרים געענטפערט מיט כעס.

— ווער דען ?

— דער, וואס די דיענסטשאפט האט איהם געזעהן, ווען ער איז אריין צו שרה'ן און באלד אנטלאפען ... דער, וואס האט מיטגענומען מיט זיך די פעניציאנערין קמא, ווען ער איז געגאנגען אויף דער מלחמה. דער — האט

מפרים געענדיגט מיט כעס — וועלכער האט פערטריבען שרה'ן און געמאכט פון איהר א שקלאפין, ווייל איהר קינד איז א יוד...

— דיינע ווערטער זענען שרעקליך! — האט שם געענטפערט מיט שרעק.

— דער מארד איז נאך שרעקליכער, און חאטש די נארישע פרוי עקשנ'ט זיך, וועט ענטדעקט ווערען, ווער דער מערדער איז.

און טאקי באלד איז ענטדעקט געווארען ווער דער מערדער איז...

נאך איידער רעמסס איז ארויס פון זיין פאלאץ, האט שוין דער אנפיהרער פון דער פאליציע געוואוסט, אז שרה'ס קינד איז געהרג'עט געווארען, אז קמא איז אנטלאפען און אז שרה'ס דינסטשאפט האט געזעהן, ווי דער קרוינפרינץ איז ביי נאכט אריין אין שרה'ס צימער. דער אנפיהרער פון דער פאליציע איז געווען א קלוגער און אנשטאט אויפ'ן ארט צו פיהרען די אויספארשונג, איז ער געלאפען הינטער דער שטאדט, אום דארט צו חאפען די מערדער, דער־ צעהלענדיג פריהער חירום'ען, וואס ער וויל טהון.

און אט ווען מפרים האט זיך בעמיהט צו ווירקען אויף שרה'ן, זי זאל איהם זאגען דעם אמת, ווער עס האט געהרג'עט דאס קינד, האבען די בעסטע אגענטען פון דער פאליציע אין פי־בושת, צוזאמען מיט אלע פעניציאנער אונטער דער ליימונג פון חירום'ען — געיאגט ליקאנ'ען מיט דער כהנת קמא

די דריטע נאכט נאך דעם ארויספאהרען פון קרוינ-פרינץ, איז דער אנפיהרער פון דער פאליציע צוריקגעקו-מען קיין פי-בושת, פיהרענדיג מיט זיך א גרויסע שטיין, וועלכע איז געוועזן בעדעקט מיט לייענוואנד און אין איהר איז געזעסען א פרוי, וואס האט שרעקליך געשריען. דער אנפיהרער פון דער פאליציע האט באלד גערופען צו זיך דעם אפיציער, וועלכער האט געפיהרט די אויספארשונג, און מיט אויפמערקזאמקייט האט ער אויסגעהערט דעם ראפארט, וואס דער אפיציער האט איהם געגעבען.

ווען די זון איז אויפגעגאנגען, האבען די צוויי כהנים-גדולים שם און מפרים, ווי אויך דער הויפט-מאן פון דער פראווינץ — ערהאלטען א איינלאדונג, זיי זאלען באלד, אויב זייער רצון איז אזוי, קומען צו דעם אנפיהרער פון דער פאליציע.

און אלע דריי זענען טאקי געקומען אין דער זעלבער צייט און דער אנפיהרער פון דער פאליציע, בוקענדיג זיך נידעריג, האט זיי געבעטען, זיי זאלען איהם דערצעהלען אלעס, וואס זיי וויסען וועגען דעם מארד, וואס מען איז בעגאנגען איבער דעם קינד פון קרוינפרינץ.

דער הויפט-מאן איז בלאס געווארען הערענדיג, וואס דער אנפיהרער פון דער פאליציע פערלאנגט פון איהם און האט געענטפערט, אז ער ווייסט גארנישט. דאס זעלבע האט אויך געזאגט דער כהן-גדול שם, צוגעבענדיג פון זיין זייט א בעמערקונג, אז לויט זיין מיינונג איז שרה אונשולדיג. דער הייליגער מפרים האט אבער אנדערש געזאגט:

— איך ווייס נישט, צי איהר, גרויסער אָנפיהרער, ווייסט, אַז אין דער נאַכט, ווען דער מאָרד איז אויסגעפיהרט געוואָרען, איז אַנטלאָפען איינע פון דעם קרוינפרינצ'ס פרויען, וועלכע הייסט קמא.

דער אָנפיהרער פון דער פאָליציע האָט זיך געמאַכט זיין שטאַרק פערוואונדערט.

— איך ווייס אויך נישט — האָט מפרים ווייטער געזאָגט — צי מען האָט אייך געזאָגט, אַז דער קרוינפרינץ האָט נישט גענעכטיגט אין פאַלאַץ און אַז ער איז געוועזען ביי שרה'ן. דער שווייצער און צוויי דיענסטען האָבען איהם דערקענט; די נאַכט איז געוועזען אַ ליכטיגע.

דער אָנפיהרער פון דער פאָליציע האָט זיך געמאַכט נאָך מעהר פערוואונדערט זיין.

— אַ שאָד — האָט ווייטער מפרים געזאָגט — וואָס איהר זענט עטליכע טעג נישט געוועזען אין פי-בּושת...

דער אָנפיהרער פון דער פאָליציע האָט זיך זעהר נידעריג געבוקט פאַר מפרים'ן און האָט זיך געווענדעט צו'ם הויפט-מאַן:

— צי וואָלט איהר מיר נישט געזאָגט: ווי איז דער הויפט-מאַן דאמאָלס געוועזען געקליידט? ...

— ער האָט געהאַט אויף זיך אַ ווייסען קאַפּטאַן און אַ פורפור-שירצעל, וועלכעס איז געוועזען ארומגענעהט מיט גאָלדענע פרענזיל'עך — האָט דער אָנפיהרער געענטפערט — איך געדענק דאָס גוט, דען איך בין געוועזען איינער פון די לעצטע, וועלכער האָבען יענעם אָווענד געשמועסט מיט דעם קרוינפרינץ.

דער אָנפיהרער פון דער פאָליציע האָט געפּאַטשט

מיט די הענד און עס איז אריינגעקומען שרה'ס שוועצער.

— דו האסט געזעהן דעם קרוינפרינץ — האט ער איהם געפרעגט — ווען ער איז ביי נאכט אריין צו שרה'ן ?

— איך האב געעפענט דאס טהירעל פאר דעם הייליגען קרוינפרינץ, אייביג זאל ער לעבען...

— און דו געדענקסט, ווי ער איז געוועזן געקליידט ?

— ער איז געוועזן געקליידט אין א קאפטאן מיט געלע און שווארצע שטרייפען, אזא הויב אויף דעם קאפ האט ער געהאט און זיין שירצעל איז געוועזן בלוי און רויט — האט דער שוועצער געענטפערט.

ביידע כהנים און דער הויפט־מאן האבען זיך אנגעהויבען וואונדערן.

ווען מען האט דערנאך אריינגעפיהרט די צוויי דיענסטען פון שרה'ן איינע נאך דער אנדערער און ביידע האבען געזאגט דאס זעלבע, וואס דער שוועצער האט געזאגט, איז דער הויפט־מאן זעהר לוסטיג געווארען און אויף דעם פנים פון הייליגען מפרים האט זיך געוויזען א אונצופריעדענהייט.

— איך וועל שווערען — האט זיך דער הויפט־מאן אנגערופען — אז דער קרוינפרינץ איז געוועזן געקליידט אין א ווייסען קאפטאן און אין א פורפור־שירצעל מיט גאלד...

— אין איצט — האט דער אנפיהרער פון דער פאליציע געזאגט — קומט, הייליגע און גרויסע לייט, אין די תפיסה אריין מיט מיר צוזאמען. מיר וועלען דארט זעהן נאך איין עדות...

זיי זענען אראבגעגאנגען אין א קעהלער, אין וועלכער עס איז געשטאנען א גרויסע שטייג, וועלכע איז געוועזן

בעדעקט מיט לײַנוואַנד. דער אָנפֿיהרער פֿון דער פּאָליציע האָט אָבגעוואָרפֿען די לײַנוואַנד מיט זײַן שטעקען און אַלע האָבען דערזעהן אַ פּרוי, וואָס איז געלעגען אין אַ ווינקעלע פֿון דער שטײַג.

— דאָס איז דאָך קמא!... — האָט דער הויפּט-מאַן אויסגעשריען.

דאָס איז טאַקי געווען קמא, וועלכע איז געווען קראַנק און זעהר געענדערט. ווען זי האָט זיך אויפֿגעשטעלט, האָט מען געזעהן, אַז איהר פּנים איז בעדעקט מיט קופּער-נע פֿלעקען. אויגען האָט זי געהאַט ווי אַ משוגע'נע.

— קמא! — האָט דער אָנפֿיהרער פֿון דער פּאָליציע געזאָגט — די געטער עשתרות האָט דיך געשטראָפֿט מיט צרעת...

— נישט די געטער — האָט קמא געענטפֿערט מיט אַ געענדערטער שטימע — די נידערטרעכטיגע אַזיאַטען האָבען מיר אונטערגעוואָרפֿען אַ פֿערסמ'טען שלײַער... אָ, ווי אונגליקליך בין איך!...

— קמא! — האָט ווײַטער געזאָגט דער אָנפֿיהרער פֿון דער פּאָליציע — די בעסטע פֿון אונזערע כהנים, די הײַליגע שם און מפרים, האָבען אויף דיר רחמנות בעקומען. אויב דו וועסט אונז זאָגען דעם אמת, וועלען זיי מתפּלל זײַן אויף דיר און אפשר וועט דער אַלמעכטיגער אָזיריס דיך הײַלען. עס איז נאָך צײַט, די קראַנקהײַט הויבט זיך ערשט אָן און אונזערע געטער קאָנען העלפֿען.

קמא איז געפֿאַלען אויף די קניען און צודריקענדיג דאָס פּנים צו דער שטײַג, האָט זי געזאָגט מיט אַ געבראָכענער שטימע:

— האָט רחמנות אויף מיר... איך האָב פֿערלאָזט די געטער פֿון פֿעניציען און מײַן גאַנץ לעבען וועל איך דיענען די געטער פֿון מצרים... נאָר דערוויַיטערט פֿון מיר...

— נו, דערצעהל, נאָר אמת זאָלסטו זאָגען — האָט דער אָנפֿיהרער פֿון דער פּאָליציע געזאָגט — און אונזערע געטער וועלען דיר העלפֿען. נו, ווער האָט נעהרג'עט שרה'ס קינד?

— דער פֿערדעטהער ליקאָן, אַ גרעק... ער איז געוועזען אַ זינגער אין אונזער בית־המקדש און האָט געזאָגט, אַז ער ליעבט מיך... און איצט האָט ער מיך אַוועקגע־וואָרפֿען, צונעהמענדיג בײַ מיר מײַן ציערונג!...

— פֿאַרוואָס האָט ליקאָן געהרג'עט דאָס קינד?

— ער האָט געוואָלט הרג'ענען דעם קרוינפּרינץ, נאָר נישט געפֿינענדיג איהם אין פּאַלאַץ, איז ער געלאָפֿען צו שרה'ן און...

— ווי אַזוי האָט דער מערדער געקאָנט אַרײַנקומען אין שרה'ס הויז, וועלכעס ווערט אַזוי געהיט?

— צי ווייסטו נישט, מײַן העדר, אַז ליקאָן איז עהנליך צו דעם קרוינפּרינץ?... זײַ זענען אַזוי עהנליך, ווי צוויי בלעטער פֿון איין פּאַלמען־בוים...

— ווי איז ליקאָן דאַמאָלס געוועזען געקליידעט? — האָט געפֿרעגט דער אָנפֿיהרער פֿון דער פּאָליציע.

— ער איז געוועזען געקליידעט אין אַ קאַפּטאַן מיט געלע און שוואַרצע שטרײַפֿען... אַזאַ הויב האָט ער געהאַט אויפ'ן קאָפּ און זײַן שירצעל איז געוועזען רויט און בלוי...
טהוט מיר שוין מעהר קיין יסורים נישט אָן... קעהרט מיר אום דאָס געזונד... האָט רחמנות... איך וועל טרײַ זײַן

דײַנע געטער... איהר געהט שוין אװעק? אױ, אכזרים!...

— אָרימע פּרוּ! — האָט שם געזאָגט — איך װעל צו דיר שיקען אַ גרױסען בעל-נם און אפשר...

— זאָל איַיך עשתרות בענשען!... אָ, נײַן! זאָלען אײַך בענשען אײַערע אַלמעכטיגע און בארמהערציגע געטער!... — האָט קמא געזאָגט שלאָכצענדיג.

אַלע זענען ארױס פון דער תפיסה און צוריקגעגאַנגען צו דעם אָנפיהרער פון דער פּאָליציע. דער הױפּט-מאַן, זעהענדיג, אַז דער כהן-גדול מפרים האָט אראָבגעלאָזטע אױגען און אַ פערמאַכט מױל, האָט ער איהם געפרעגט:

— פרעהסטו זיך נישט, הײליגער פאָטער, מיט די ענטדעקונגען, װאָס אונזער אָנפיהרער פון דער פּאָליציע האָט געמאַכט?...

— איך האָב נישט, װאָס זיך צו פרעהען, — האָט מפרים געענטפערט — אָנשטאָט פערשטענדליך צו װערען, װערט די זאַך נאָך מעהר פערװירט... שרה זאָגט דאָך װײַטער, אַז זי האָט דאָס קינד געהרג'עט, און קמא דער־צעהלט אַלעם אַזױ, װי מען װאָלט זי אױסגעלערנט.

— גלױבסטו אַלזאָ נישט?... — האָט דער אָנפיהרער פון דער פּאָליציע געזאָגט.

— איך האָב נאָך קײנמאָל נישט געזעהן קײן צװײ מענשען, װעלכע זאָלען זײַן אַזױ ענליך אײנער צו'ם אַנ־דערען, אַז װען אײנער טהוט עפּעס, זאָל מען מײנען, אַז דער אַנדערער האָט דאָס געטהון. איך האָב אױך נישט געהערט, אַז אין פּי-בושת זאָל זיך געפינען אַ מענש, װעל־כער זאָל זיך קאָנען פאַרשטעלען פאַר דעם קרױנפּרינץ, אײביג זאָל ער לעבען!

— דער מענש — האָט געזאָגט דער אָנפֿיהרער פֿון דער פּאָליציע — איז געווען אין פּי-בושת ביי דעם בית-המקדש פֿון עשתרות. דער פֿירשט פֿון סוריא, הירום, האָט איהם געקענט און אונזער קרוינפּרינץ האָט איהם געזעהן מיט זיינע אייגענע אויגען. פֿאַר אַ געוויסער צייט האָט ער מיר אַרויסגעגעבען אַ בעפֿעהל, איך זאָל דעם מענשען חאַפּען און ער האָט מיר פֿערשפּראָכען אַ גרויסע בעלוינונג דערפֿאַר.

— האָ, האָ!... — האָט מפרים אויסגעשריען — איך זעה, אַז דו האָסט אין דיין האַנד די גרעסטע סודות פֿון דער מלוכה. דאָך ערלויב מיר, נישט צו גלויבען אָן דעם ליקאָן, איידער איך וועל איהם זעהן!...

מפרים איז אַרויס פֿון דאָרט מיט כעס און נאָך איהם איז געגאַנגען שם הויבענדיג די פּליינצעס.

ווען זיי זענען אַרויסגעגאַנגען, האָט דער הויפּט-מאַן געזאָגט צו דעם אָנפֿיהרער פֿון דער פּאָליציע:

— וואָס?...

— טאַקי — האָט דער אָנפֿיהרער געזאָגט — די הייליגע נביאים הויבען זיך אָן מישען אין אַזעלכע זאַכען, וועלכע האָבען קיינמאָל צו זיי נישט געהערט...

— און מיר מוזען דאָס אַלעס ליידען!... — האָט דער הויפּט-מאַן געזאָגט.

— נישט שטענדיג וועלען מיר דאָס ליידען — האָט דער אָנפֿיהרער פֿון דער פּאָליציע געענטפֿערט — אַלע מיליטערס-לייט, אַלע בעאַמטע פֿון הייליגען פּרעה און די גאַנצע אַריסטאָקראַטיע איז איינגעבראָכט אויף דעם ווילקיר פֿון די כהנים. אַלעס מוז האָבען זיין ענדע..

— טײַערע ווערטער זענען פֿון דײַן מויל ארויס — האָט דער הויפּט־מאַן געזאָגט, דריקענדיג די האַנד פֿון דעם אָנפֿיהרער — איך האָב אַ נבואה, אַז דו וועסט נאָך זײַן דער גרעסטער פֿיהרער פֿון דער פּאָליציע בײַ דעם הײַליגען פרעה.

עס זענען ווידער פֿאָראיבער עטליכע טעג. די דאָקטוירים האָבען אינדעם נעבּאַלזאַמט דעם קערפּער פֿון קרויפּרינצ'ס זוהן און שרה איז נאָך אַלץ געזעסען אין דער תפיסה, אָבוואַרטענדיג דעם פּסק, וועלכען זי האָט געזאָלט בעקומען, און זײַענדיג זיכער, אַז זי וועט שטרענג בעשטראָפֿט ווערען.

קמא איז אויך געזעסען אין דער תפיסה, אין אַ שטײַג, ווײַל זי האָט געהאַט צרעת און מען האָט מורא געהאַט, מען זאָל נישט אָנגעשטעקט ווערען פֿון איהר. עס איז געקומען צו איהר דער בעל־מופת, האָט אָבגעזאָגט עטליכע תפלות און איהר געגעבען צו טרינקען הײַליג וואַסער. פֿונדעסטוועגען האָט זי ווײַטער געהאַט היץ און די קופּערנע פלעקען איבער די אויגען און אויף די באַקען זענען וואָס אַמאָל קענטיגער געוואָרען. דער הויפּט־מאַן האָט דאַרורך ארויסגעגעבען אַ בעפֿעהל, אַז מען זאָל זי ארויספֿיהרען אין דער מדבר אויף מזרח־זײַט, וואו עס זענען געהאַלטען געוואָרען די מצורעים ווײַט פֿון דער שטאָדט.

אַמאָל אין אָווענד איז אין דעם בית־מקדש פּתח אָנגעקומען דער אָנפֿיהרער פֿון דער פּאָליציע און האָט געמעלדעט, אַז ער וויל רעדען מיט די כהנים גדולים. דער אָנפֿיהרער פֿון דער פּאָליציע האָט געהאַט מיט זיך צוויי אַגענטען, וועלכע האָבען געפֿיהרט אַ מענשען, וואָס איז געווען בע־

דערקט מיט א זאק פון קאפ ביז די פיס.

נאך א ווײַלע האט מען איהם געענטפערט, אז די כהנים גדולים ווארטען איהם אב אין דעם הײַליגען צימער בײַ דעם בילד פון א גאט.

דער אנפיהרער פון דער פאליציע האט איבערגעלאזט די צוויי אגענטען פאר'ן טויער און דעם מענשען אין זאק האט ער אריינגעפיהרט מיט זיך אין דער הײַליגער שטוב. אריינקומענדיג האט ער אנגעטראפען מפרים'ן מיט שם'ן אין זײערע הײליגע קלײדער מיט זילבערנע בלעכען אויפ'ן קאפ.

ער איז געפאלען מיט'ן פנים צו דער ערד און האט געזאגט:

— לויט אײער בעפעהל האב איך אײך געבראכט, הײליגע מענער, דעם רוצח ליקאן. צי ווילט איהר זעהן זײן פנים?

ווען זיי האבען געענטפערט, אז זיי ווילען איהם זעהן, איז דער אנפיהרער פון דער פאליציע אויפגעשטא-נען פון דער ערד און האט אראבגעריסען דעם זאק פון דעם מענשען, וועלכען ער האט אריינגעפיהרט.

בײדע כהנים-גדולים זענען זעהר פערוואונדערט געווא-רען. דער גרעק איז טאקי געווען זעהר עהנליך צו'ם קרוין-פרינץ.

— דו ביזט דאס ליקאן, דער זינגער פון בית-מקדש עשתרות?... — האט דער הײליגער שם געפרעגט. ליקאן האט מיט פעראכטונג געשמײכעלט.

— און דו האסט געהרג'עט דאס קינד פון קרוין-פרינץ?.. — האט מפרים צוגעגעבען.

דער גרעק איז בלוי געווארען פון כעס און האט זיך בעמיהט אראבצורייסען פון זיך די קייטען, מיט וועלכע ער איז געווען געשמידעט.

— יא! — האט ער געשריען — איך האב געהרג'עט דעם שרץ, ווייל איך האב נישט געקאנט הרג'ענען זיין פאטער, דעם וואלף... זאל איהם פערברענען א פייער פון הימעל!...

— וואס פאר א שלעכטס האט דיר געטהון דער קרוין־פרינץ?.. — האט שם געפרעגט מיט כעס.

— וואס ער האט מיר געטהון?... ער האט מיר געחאפט קמא'ן און האט אויף איהר אנגעשיקט א קראנק־הייט, פון וועלכער מען קאן נישט אויסגעהיילט ווערען.. איך בין געווען פריי, איך האב געקאנט אנטלויפען מיט'ן לעבען און מיט א פערמעגען, נאר איך האב בעשלאסען זיך נוקם צו זיין און אט בין איך אין אייערע הענד... זיין גליק איז, וואס אייערע געטער זענען שטארקער פון מיין שנאה... היינט קאנט איהר מיך הרג'ענען... וואס פריהער איהר וועט מיך הרג'נען, דאס בעסער איז פאר מיר...

— א גרויסער רוצח איז ער! — האט זיך אנגערופען דער כהן־גדול שם.

מפרים האט געשוויגען און זיך איינגעקוקט אין די אויגען פון דעם גרעק, וועלכע האבען געברענט, ווי פלאמען־פייער. ער האט בעוואונדערט דעם מוטה פון דעם גרעק און וועגען עפעס געטראכט. פלוצלונג האט ער געזאגט צו דעם אנפיהרער פון פאליציע:

— דו קאנסט, גרויסער הערר, אוועקגעהן; דער מענש געהער צו אונז.

— דער מענש — האָט דער אָנפֿיהרער פֿון דער פּאָליציע געענטפֿערט מיט כּעס — געהער צו מיר... איך האָב איהם געחאַפּט און איך וועל בעקומען בעלויהנונג פֿון דעם קרוינפּרינץ...

מפּרים איז אויפֿגעשטאַנען און האָט אַרויסגענומען אַ גאָלדענעם מעדאַל.

— אין נאָמען פֿון דער העכסטער ראָט, וואָס איך בין איהר מיטגליעד — האָט מפּרים געזאָגט — הייס איך דיר איבערגעבען אונז דעם מענשען, געדענק, אַז זיין עקזיסטירען איז דער העכסטער מלוכה־סוד און הונדערט מאָל בעסער וועט זיין פֿאַר דיר, אויב דו וועסט אין גאַנצען פֿערגעסען, אַז דו האָסט איהם דאָ איבערגעלאָזען.

דער אָנפֿיהרער פֿון דער פּאָליציע איז ווידער געפֿאַלען מיט'ן פּנים אויף דער ערד און איז אַרויסגעגאַנגען, שטיקענדיג אין זיך זיין כּעס.

— אונזער קרוינפּרינץ וועט אייך בעצאָהלען דער־פֿאַר, ווען ער וועט ווערען פּרעה!... — האָט ער זיך געטראָכט — און איך וועל מיין חלק אויך געבען.

די אַגענטען, וואָס זענען געשטאַנען פֿאַר'ן טויער, האָבען איהם געפֿרעגט וואו דער מענש איז.

— אויף דעם אַרעסטירטען — האָט ער געענטפֿערט — האָבען די געטער געלעגט זייערע הענד.

— און אונזער בעלויהנונג? — האָט אונדרייסט געפֿרעגט דער עלטערער אַגענט.

— און אויף אייער בעלויהנונג האָבען אויך די געטער געלעגט די הענד — האָט דער אָנפֿיהרער געזאָגט — זאָל זיך אייך דאַכטען, אַז איהר האָט דעם אַרעסטאַנט געזעהן נאָר

אין חלום און דאָן וועט איהר זיין זיכער מיט אייער דיענסט און אייער געזונד.

די אנגעטשען האבען שוויינענד אראבגעלאָזט די קעפּ. נאָר אין זייערע הערצער האבען זיי געשוואָרען זיך נוקם צו זיין אָן די כהנים, וועלכע האבען ביי זיי צוגענומען אזא שען פערדיענסט.

ווען דער אָנפיהרער פון דער פּאָליציע איז אוועקגעגאנגען, האָט מפרים צוגערופען צו זיך עטליכע עלטערע כהנים און האָט זיי עפּעס איינגערוימט אין אויער... די כהנים האבען ארויסגעפיהרט דעם גרעק פון דעם הייליגען צימער. ליקאָן האָט זיך נישט געלאָזט ארויספיהרען.

— איך מיין — האָט שם געזאָגט — אז דער מענש דאַרף אלם רוצח איבערגעגעבען ווערען דעם געריכט.

— קיינמאָל נישט! — האָט מפרים געזאָגט — נאָך ערגער פון דער רציחה איז דאָס, וואָס ער איז עהנליך צו דעם קרוינפּרינץ...

— און וואָס וועסטו מיט איהם מאכען?

— איך וועל איהם איבערגעבען דער העכסטער ראַט — האָט מפרים געזאָגט — דאָרט, וואו א קרוינפּרינץ בעזוכט די בית־מקדש'ס פון געצענדיענער און גנב'עט פון זיי ארוים פרויען, וואו דעם לאנד שטעהט פאַר א שרעקליכע מלחמה און די מאכט פון די כהנים האָט פאַר זיך א בונט, דאָרט קאָן ליקאָן צו נוץ קומען...

צוזאַרגענס זענען געקומען אין דער תפיסה פון שרהין: דער הויפּט־מאַן און דער אָנפיהרער פון דער פּאָליציע. די אונגליקליכע טעליכע האָט טעג נישט גענעסען און איז געווען אזוי אָבגעשוואכט. אז זי האָט זיך נישט אויפגעהויבען

פון דער באַנק, ווען זיי זענען אַרײַנגעקומען.

— שרה! — האָט זיך אָנגערופן דער הויפט־מאַן, וועלכען זי האָט שוין לאַנג געקענט — מיר ברענגען דיר אַ גוטע בשורה.

— אַ בשורה? — האָט זי שטיל געפרעגט — מיין קינד לעבט ניט, אָט דאָס איז אַ בשורה!... מיינע ברוסטען זענען פול מילך, אָבער נאָך פולער איז מיין האַרץ מיט טרויערקייט...

— שרה! — האָט דער הויפט־מאַן געזאָגט — דו ביזט פריי. נישט דו האָסט געהרג'עט דאָס קינד!..

איהר טויט פנים איז לעבהאַפט געוואָרען. זי האָט זיך אויפגעהאָפט פון דער באַנק און געשריען:

— איך... איך האָב געהרג'עט... נאָר איך!..

— דיין זוהן, שרה, האָט געהרג'ט אַ גרעק, ליקאָן, קמא'ס אַ געליעבטער...

— וואָס זאָגסטו?.. — האָט זי שטיל געזאָגט, אָנ־האַפענדיג איהם ביי די הענד — אָ, די פעניציאַנערין!... איך האָב געוואוסט, אַז זי וועט אונז אונגליקליך מאַכען... אָבער אַ גרעק!.. איך קאָן נישט קיין שום גרעק... וואָס האָט מיין קינד געקאָנט שאַדען אַ גרעק?..

— דאָס ווייס איך נישט — האָט דער הויפט־מאַן ווייטער געזאָגט — דער גרעק לעבט שוין נישט. אָבער ווייסטו, שרה?... דער גרעק איז אַזוי ענהליך געווען צו דעם קרוינפרינץ, אַז ווען ער איז אַריין אין קאָרידאָר, האָסטו געמיינט, אַז דער קרוינפרינץ קומט... און דו האָסט בעסער געוואָלט זיך אַליין בעשולדיגען, ווי דעם קרוינפרינץ.

— האט נישט רעמסס דאס קינד געהרג'עט ? — דאט שרה געשריען, אנחאפענדיג זיך ביי'ם קאפ — און איך עלענדע האב גלאזט א פרעמדען מענשען ארויסשלעפען מיין קינד פון וויעגעל... חא!.. חא!.. חא!..

זי האט געלאכט וואס אמאל שטילער. פלוצלונג איז זי געפאלען אויף דער ערד, ווי מען וואלט איהר די פיס אונטערגעהאקט און ווארפענדיג עטליכע מאל מיט די הענד איז זי לאכענדיג געשטארבען.

אויף איהר פנים איז געבליבען אנ'אויסדרוק פון שמער־צען און לייד, וועלכע דער טויט האט אויך נישט געקאנט אבמעקען.

## זיעבצעהנטעס קאפיטעל.

די מערב־גרענעץ פון מצרים אין דער לענג פון הונ־דערט געאגראפישע מייל בעשטעהט פון א וואנד מיט נאקע־טע קאלך־בערג, וועלכע זענען איבערגעהאקט מיט טא־לען און הויך עטליכע הונדערט מעטער. די גרענעץ ציהט זיך אין דער לענג פון נילוס, א מייל אבגערוקט פון איהם.

ווען עס וואלט זיך עמיץ ארויפגעחאפט אויף איינעם פון די בערג און געשטאנען מיט'ן פנים אויסגעדרעהט צו צפון, וואלט ער געזעהן איינע פון די וואונדערבארסטע ערשיינונגען. אין דער נידער, רעכטס, וואלט ער געהאט פאר זיך א שמאלע גרינע לאנקע, וועלכע דער נילוס שניידט דורך; לינקס וואלט ער געזעהן א גרויסען, גלייכען שטח, וועלכער איז געל מיט ווייסע ציגעל־פלעקען.

נאר געלער זאמד און היצען זענען געווען אין דער מדבר לוב, וועלכע איז געווען אויף מערב־זייט מצרים.

דאָס זאַמד איז אָבער נישט געלעגען גלייך, נאָר וואַלען־ווייז, ווי די חוואַלעס פון ים.

ווער עס וואָלט געהאַט די דרייסטקייט צו נעהן עטליכע שטונדען אויף דעם ים, וואָלט געזעהן אויך אַנ׳אַנדער ערשיינונג: בערג און פעלזען פון פערשידענע געשטאַלטען. אונטער די פיס, ווערט דאָס זאַמד, וואָס אַמאָל ווענינער טיעף און קאַלך־פעלזען רוקען זיך אַרויס, נעבען די קאַלך־בערג זעהט מען טאָהלען, אויף וועלכע עס געפינען זיך טייכען און טייכלעך, ווייטער אַביסעל איז פאַראַנען אַ גרויסער, גלייכער שטח, אויף וועלכען עס געפינט זיך אַ גרויסע אָזערע.

אויף די בערג און אויף דעם גלייכען שטח וואַקסט אָבער נישט קיין גרעזעל, אין דער אָזערע און אין די טייכלעך מיט די טייכען געפינט זיך נישט קיין איין טראָפען וואַסער. אַלעס איז דאָרט פערברענט.

אויף דעם אָרט איז געשעהן דער ערגסטער פאַרפאַל אויף דער וועלט: די נאַטור איז דאָרט געשטאָרבען און איבערגעבליבען איז נאָר זאַמד, וועלכעס ווערט געברענט פון דער זון און הייסע ווינדטען טראָגען עס פונאַנדער אין אַלע זייטען.

אין דעם ים פון זאַמד וואַקסען אַרויס אויף מאַנכע ערטער טאַמאַרינדוסען, נאָר דער גאָט פון דער מדבר, טיפון, בעשיט זיי מיט זאַמד וואָס אַמאָל מעהר. ווי אַ מענש, וואָס טרינקט אין ים ציהט אַרויס די הענד, זוכענדיג רעטונג, אַזוי ציהען אַרויס די טאַמאַרינדוסען זייערע צווייגען.

אויף אַנדערע ערטער ווייזען זיך ווענד פון פעלזען

און אין זיי איז פֿערהאנגען א גרויס לאך, ווי א טויער.

און א וואונדער זעהט מען! הינטער איינעם פֿון די טויערען געפֿינט זיך א גרינער טהאל, א מענגע פּאלמען, בלויז וואסער פֿון א אָזיערע. מען זעהט אויך שאָף, אָקסען און פֿערד, וועלכע פּאשען זיך; ווייט אויף די פֿעלזען זעהט מען גאנצע שטעדטלעך און אויף די שפּיצען פֿון די פֿעלזען — ווייסע מויערען פֿון די בית-מקדש'ס.

דאָס אָרט איז א אָאזיס, א אינזעל אין ים פֿון זאמד.

אין די צייטען פֿון די פּרעה'ס איז אין דער מדבר געווען אזעלכע עטליכע צעהנדליגער אָאזען. זיי האָבען אויס-געזעהן, ווי א קייט פֿון אינזלען אין דער לענג פֿון דער מערב-גרענעץ פֿון מצרים. זיי האָבען זיך געפֿונען צעהן— צוואנציג, אָדער דרייסיג געאָגראפֿישע מייל פֿון נילוס און זייער שטח האָט געהאלטען עטליכע צעהנדליג קוואדראט-מיילען.

די אָזיערעס אין די אָאזען, זענען געווען זומפּיג, פֿון די קוועלען אונטער דער ערד האָט ארויסגעפּליסט זוארים וואסער, וועלכעס איז געווען געזאלצען און האָט געהאט א שלעכטען ריח; די געוואוקסען פֿון די אָאזען האָבען זיך נישט געקאָנט גלייכען צו די געוואוקסען אין מצרים. דאָך זענען זיי געווען ווי א גן-עדן פֿאר די וואנדע-רער אין דער מדבר, וועלכע האָבען אין זיי געפֿונען א ביסעלע גרינס פֿאר'ן אויג, עטוואָס קיהלקייט, פֿייכטקייט און טייטלען אויך.

די בעפֿעלקערונג פֿון די אָאזען זענען געווען פֿערשיע-דען, אויף יעדען אָאזיס האָבען געוואָהנט פֿון עטליכע הונ-דערט ביז עטליכע צעהנדליג טויזענד מענשען. אלע

אײַנוואָהנער פֿון די אַזיען זענען געווען אַוואַנטוריסטען פֿון מצרים, לוב און כוש, אָדער זײ האָבען געשטאַמט פֿון אַוואַנטוריסטען. ווארום אין דער מדבר זענען אַנטלאָפען מענשען, וועלכע האָבען שוין גאָר נישט געהאַט צו פֿערלירען: אַרעסטאַנטען פֿון גראָבען, פֿערברעכער, וועלכע זענען געזוכט געוואָרען פֿון דער פּאָליציע, פּויערען, וועלכע זענען צו פֿיעל בעלעסטיגט געוואָרען מיט אַרבײַט, אָדער אַרבײַטער. וועלכע האָבען בעסער געוואָלט זײַן אין געפֿאַהר ווי שרעקליך שווער צו אַרבײַטען.

דער רוב פֿון די אַנטלאָפֿענע איז אומגעקומען אין דער תפיסה. מאַנכע האָט געלונגען אָנצוקומען צו אַ אָאַזיס נאָך אונבעשרײַבליכע יסורים, וואָס זײ האָבען געליטען. קומענדיג צו דעם אָאַזיס, האָבען זײ געפֿיהרט אַ עלענד לעבען, נאָר פֿרײַ זענען זײ געווען און שטענדיג זענען זײ גרײַט געווען צו בעפֿאַלען מצרים, אום דאָרט צו רויבען.

צווישען דער מדבר און דעם מיטעללענדישען ים איז געווען אַ לאַנגער, נישט זעהר ברײַטער פּאַס פֿרוכט־באַרער ערד, אויף וועלכען עס האָבען געוואָהנט קלײנע שבטים. וואָס די מצריים האָבען זײ אַלע גערופֿען: לובים. עטליכע שבטים האָבען זיך בעשעפֿטיגט מיט ערד־אַרבײַט, אַנדערע מיט פֿיש־פֿאַנגען און שיפֿערײַ; נאָר אין יעדען שבט האָט זיך געפֿונען אַ גרופּע ווילדע מענשען, וועלכע האָבען בעסער געוואָלט גנב'ענען, רויבען, מאָרדען מענשען, ווי אַרבײַטען. מענשען פֿון די גרופּען זענען אונאויפֿהערליך אומגעקומען אין עלענדקײַט און מלחמות און דאָך זענען די גרופּען וואָס אַמאָל גרעסער געוואָרען דורך נײַע תּילדע באַנדיטען.

און ווייל לוב האָט זיך געגרענעצט מיט מערב-זייט פון נידריגערן מצרים, האָבען די באַרבאַרען אָפט בערויבט דאָס לאַנד פון הייליגען פרעה און — שווער זענען זיי דער-פאַר בעשטראָפט געוואָרען. איבערצייגענדיג זיך, אז די מלחמות מיט די לובים העלפען גאָרניט, האָבען די פרעה'ס, דאָס הייסט אייגענטליך די כהנים, זיך גענומען צו אַנ'אַנדער פּאָליטיק. די עהרליכע לייט פון לוב האָבען זיי ערלויבט זיך צו בעזעצען אויף די זומפּפען ביי'ם ברעג פון ים אין נידריגערן מצרים און די באַנדיטען מיט די אוואַנטו-ריסטען האָבען זיי אָנגענומען צו'ם מיליטער און האָבען גע-האַט אָן זיי זעהר גוטע סאָלדאַטען.

אויף אַזאַ אופן האָט זיך די מלוכה פערזיכערט מנוחה אויף דער מערב-גרענעץ. און אום אין אָרדנונג צו האַלטען איינצעלנע רויבער פון לוב, איז איינגעאָרדענט געוואָרען פּאָליציע און עטליכע פּאָלקען מיט סאָלדאַטען זענען גע-שטעלט געוואָרען ביי דער אָבטהיילונג פון נילוס.

אַזוי האָט זיך געפיהרט 180 יאָהר; די לעצטע מלחמה מיט די לובים איז געפיהרט געוואָרען דורך רעמסס דעם דריטען, וועלכער האָט געהייסען אָבהאַקען אמענגע הענד די פיינד, וועלכע ער האָט מנצח געווען, און קיין מצרים האָט ער געבראַכט דרייצעהן טויזענד שקלאַפען. פון דאַמאָלס אָהן האָט שוין קיינער גישט מורא געהאַט פאַר דעם אָנפאַל פון די לובים און ערשט ענדע רעמסס דעם צוועלפטענס צייטען, האָט די אונפערשטענדליכע פּאָליטיק פון די כהנים ווידער ערוועקט א מלחמה.

די מלחמה האָט אויסגעבראָכען איבער פאָלגענדע סבות:

דער היליגער הרהור, וועלכער איז געוועזן קריגס-מיניסטער און כהן-גדול, האט מיט אשור נישט געקאנט שליסען דעם אבמאך וועגען איינטיילען אזיען, וויל פרעה האט ביום אופן נישט געוואלט בעשטעהן דערויף. וועלענדיג פארט, אז צווישען אשור און מצרים זאל לאנג הערשען א שלום, ווי בר-אות האט געהייסען, האט בר-אות פערזיכערט סרגונ'ען, אז מצרים וועט נישט שטערן אשור'ן צו פיהרען א מלחמה מיט די אזיאטען אויף מזרח און צפון.

און וויל דער בעפאלמעכטיגטער פון מלך אסר האט נישט געגלויבט די שבועות פון די כהנים, האט איהם הרהור געוואלט געבען א בעווייז, אז מצרים וועט נישט פיהרען קיין מלחמה מיט אשור און צו דעם צוועק האט ער באלד ארויסגעגעבען א בעפעהל צו בעפרייען צוואנציג טויזענד געדונגענע סאלדאטען, אממעהרסטען לובים.

פאר די סאלדאטען, וועלכע זענען שטענדיג טריי געוועזן דער מלוכה, איז דאס בעפרייען געוועזן א גרויס אונגליק. מצרים האט געהאט פאר זיך א געפאהר פון א מלחמה מיט די לובים, וואס זייער לאנד איז נישט אימשטאנד געוועזן אויסצוהאלטען אזא מענגע מענשען, וועלכע זענען געוואוינט געוועזן צו בעקוועמליכקייטען און נישט צו קיין ארבייט און עלענדקייט. הרהור און אנדערע כהנים האבען אבער אויף אזעלכע קלייניגקייטען נישט געאכטעט, וועעם האט זיך געהאנדעלט וועגען דעם אינטערעס פון דער מלוכה.

מצרים האט דאך געזאלט האבען גרויסע נוצען פון דעם, וואס דאס געדונגענע מיליטער איז אבגעזאגט געווארען.

ערשטענס האט סרגון מיט זיינע חברים אונטערגעשרי־
בען און געשווארען אויף א צייטווייליגען אבמאך מיט מצרים
אויף צעהן יאהר, דאס הייסט אויף דער צייט, וואס לויט
די נביאות פון די כשדי׳שע כהנים, איז איבער מצרים
געהאנגען א שלעכטער גורל.

צווייטענס — האט דער אוצר פון דער מלוכה אין
מצרים זיך איינגעשאפט פיער טויזענד טאלענטען דערמיט,
וואס צוואנציג טויזענד סאלדאטען זענען פונאנדערגעטריי
בען געווארען.

דריטענס — די מלחמה מיט די לובים האט דעם
קרוינפרינץ געגעבען א געלעגענהייט צו ווייזען זיין גבורה
און א לאנגע צייט האט ער נישט געקאנט קלערען וועגע
די ענינים פון אזיען און וועגען דער מערב-גרענעץ. דער
גרויסער הרהור און די העכסטע ראט האבען גערעכענט,
אז עטליכע יאהר וועלען פאראיבער, איידער די לובים
וועלען ערמיעדעט ווערען און יועלען בעטען אום שלום.

דער פלאן איז געווען גוט. נאר די מחברים זיינע
זענען בעגאנגען א פעהלער: זיי האבען נישט געוואוסט, אז
רעמסס איז א זעהר פעהיגער קריעגס-אנפיהרער.

די פונאנדערגעלאזטע פאלקען פון די לובים, רויבעני־
דיג אויפ׳ן וועג, זענען זעהר גיך צוגעקומען צו זייער
פאטערלאנד. דאס איז זיי נאך לייכטער אנגעקומען דאדורך,
וואס הרהור האט זיי נישט געהייסען שטערן צו געהן אין
דער מדבר אריין. און די ערשטע סאלדאטען, וועלכע זע־
נען אנגעקומען קיין לוב, האבען דארט דערצעהלט פיעל
ליגענס וועגען מצרים.

לויט זייערע ווערטער, איז מצרים געווען דאמאלס

שוואך, ווי אין די צייטען, ווען די היקסאָסען זענען אָנגע־פאַלען אויפ'ן לאַנד, פאַר נײַנציג יאָהר. דער שאַך פון פרעה'ן איז געווען לעער און דאַדורך האָט ער געמוזט פונאַנדערלאָזען די לובים, וועלכע זענען געווען די בעסטע סאָלדאַטען פון מצרים. געבליבען איז איצט פרעה'ן פון דער אַרמיע נאָר אַביסעל סאָלדאַטען אויף דער מזרח־גרענעץ.

אויסער דעם זענען געפיהרט געוואָרען, לויט זיי־ערע ווערטער, מחלוקת'ן צווישען פרעה'ן און די כהנים. די אַרבייטער האָט מען קיין לויהן נישט אויסגעצאָהלט, און די פויערען זענען זעהר געדריקט געווען מיט די שווע־רע אָבצאָהלונגען, וואָס מען האָט אויף זיי אַרויפגעלעגט. דאָס איז נאָך ווייניג געווען: די הויפט־מענער, וועלכע זענען אַמאָל געווען אונאַבהענגיגע מושלים און פיעל מאָל האָבען זיי זיך דערמאָהנט זייערע רעכט, פאַרבערייטען זיך איצט, ווען די רעגיערונג איז אָבגעשוואַכט, אומצוווארפען פרעה'ן מיט דער העכסטער ראַט פון די כהנים צוזאַמען!...

די ידיעות זענען זיך פונאַנדערגעלאָפען אין מצרים און יעדער האָט אָן זיי געגלויבט. די באַנדיטען און באַרבאַרען זענען שטענדיג גרייט געווען אָנצופאַלען אויף מצרים, בפרט איצט, ווען זיי הערען פון די געוועזענע סאָל־דאַטען און אָפיציערען, אַז עס איז לייכט צו בערויבען מצרים. אויך די רייכערע און קלינערע לובים האָבען געגלויבט די סאָלדאַטען און אָפיציערען; פיעל יאָהרען האָבען זיי שוין געוואוסט, אַז דער אַדעל אין מצרים ווערט וואָס אַמאָל אָרימער, אַז פרעה האָט קיין מאַכט נישט און אַז פויערען

און אַרבּײַטער בּונטעווען זיך פֿון גרויס עלענדקײַט, וואָס הערשט בּײַ זײַ.

און אָט האָט אין גאַנץ לובֿ אויסגעבּראָכֿען אַ התלהבֿות צו דער מלחמה. די פֿונאַנדערגעטריבּענע סאָלדאַטען און אָפֿיציערען זענען אויפֿגענומען געוואָרען מיט שמחה. און ווײַל דאָס לאַנד איז געווען אָרים און האָט נישט געהאַט מיט וואָס אויפֿצונעהמען די געסט, איז בּעשלאָסען געוואָרען בּאַלד אָנצופֿאַלען אויף מצרים, אום מען זאָל ווי אַמגיכֿ־סטען פּטור ווערען פֿון דער מענגע מענשען, וועלכֿע זענען פֿריש אָנגעקומען און נישט געהאַט פֿון וואַנען צו לעבּען.

אויך דער קלוגער פֿירשט פֿון לובֿ, מוסף־אַסאַ, האָט זיך מיט געשלעפּט מיט דעם אַלגעמײַנעם שטראָם. איהם האָבּען אָבּער נישט איבּערגעצײַגט די געוועזענע סאָלדאַטען, נאָר עפּעס גרויסע, וויכֿטיגע לײַט, וועלכֿע זענען וואַהר־שײַנליך געווען אַגענטען פֿון דער העכֿסטער ראַט אין מצרים.

די גרויסע לײַט זענען כּלומר׳שט נישט צופֿריעדען געווען פֿון דעם צושטאַנד אין מצרים, כּלומר׳שט האָבּען זײַ זיך געשפּירט בּעליידיגט פֿון פּרעה׳ן און פֿון די כּהנים און זײַ זענען געקומען צו פֿאָהרען קײַן לובֿ מיט׳ן ים, היטענ־דיג זיך, אַז קײַנער זאָל זײַ נישט זעהן, און נאָר מוסף־אַסאַ׳ן האָבּען זײַ ערקלערט בּסוד, אַז איצט טאַקי דאַרף ער אָנ־פֿאַלען אויף מצרים, דערווײַזענדיג איהם מיט אותות ומופתים אין די הענד, אַז ער וועט גליקליך ווערען פֿון דער מלחמה.

— דו וועסט דאָרט געפֿינען — האָבּען זײַ געזאָגט — אַ גרויסען אוצר און אַ שפּײַכלער פֿאַר זיך, פֿאַר דײַנע מענ־שען, פֿאַר קינדער, אײַניקלעך און אוראײַניקלעך.

מוסף־אַסאַ האָט זיך געלאָזט אײַנרעדען. באלד האָט ער פערעפענטליכט אַ הייליגע מלחמה געגען מצרים און האָבענדיג מיט זיך צעהנדליגער טויזענדער גוטע סאָלדאַטען, האָט ער דעם ערשטען קאָרפּוס געשיקט אויף מזרח אונטער דער לייטונג פון זיין צוואַנציג־יעהריגען זוהן תחנה.

מוסף־אַסאַ האָט געוואוסט, וואָס אַ מלחמה איז, און ער האָט פערשטאַנען, אז ווער עס וויל מנצח זיין, דער מוז גיך ווירקען, געבען די ערשטע קלעפּ.

די פאָרבערייטונגען אין לוב האָבען נישט לאַנג געדויערט. די סאָלדאַטען זענען געקומען אָהן געוועהר, אָבער זייער פאַך האָבען זיי גוט געקענט און געוועהר איז נישט שווער געווען צו בעקומען. עס איז גענוג געווען צו האָבען פייל־און־בויגענס, שפּיזען, שפּיציגע שטעקענס, העק און טאָרבעס מיט שטיינער.

מוסף־אַסאַ האָט געגעבען זיין זוהן צוויי טויזענד געװעזענע מצר׳ישע סאָלדאַטען מיט פיער טויזענד מענשען פון די לובים, און האָט איהם געהייסען באלד אָנפאַלען אויף מצרים, רויבען וואָס ער וועט קאָנען, אום ער זאָל האָבען אויף אַ לענגערע צייט שפּייז פאַר דער אַרמיע. אַליין האָט ער צונויפגעקליבען זעהר פיעל מענשען, פונאַנדערגעשיקט שליחים אין די אָאזען און גערופען אַלע איינוואָהנער, זיי זאָלען געהן מיט איהם צוזאַמען מלחמה האַלטען.

עס האָט שוין לאַנג אין דער מדבר נישט געהערשט אזאַ בעוועגונג, ווי דאַמאָלס. פון יעדען אָאזיס זענען אַרויס גרופּעס מענשען, וועלכע זענען געווען שרעקליך אָרים און האָבען כמעט קיין שום קליידונג אויף זיך נישט געהאַט.

שטיצענדיג זיך אויף די ווערטער פון זיינע יועצים,

וועלכע זענען פריהער געווען פרעה'ס אָפיציערען, איז ער זיבער געווען, אז זיין זוהן וועט פריהער בערויבען עטליכע הונדערט דערפער און שטעדט, איידער ער וועט אנטרעפען מיליטער פון מצרים. מען האָט איהם אויך מודיע געווען, אז ווען עס איז אָנגעקומען די ערשטע ידיעה וועגען דער בעוועגונג אין לוב, זענען אנטלאָפען די אַרבייטער פון דער גרויסער גלאָז-פאַבריק און דאָס מיליטער איז אַרויס פון דער פעסטונג אין סוחט-היִמון, פונאַנדערלויפענדיג זיך אין אַלע זייטען.

דאָס איז געווען אַ זעהר גוטער סימן פאַר די לובים, ווארום פון דער גלאָז-פאַבריק האָט פרעה געהאט זעהר פיעל איינקינפטען.

מוסף-אַסאַ איז אָבער בעגאַנגען דעם זעלבען פעהלער, וואָס די העכסטע ראַט אין מצרים איז בעגאַנגען: ער האָט נישט געוואוסט, ווי וויַיט רעמסס איז גרויס אין זיינע פעהיגקייטען. און עס איז געשעהן דאָס, אויף וועלכען קיינער האָט זיך נישט גערעכנט: איידער די סאָלדאַטען פון לוב האָבען זיך אַרומגעזעהן, האָבען זיי שוין געהאט פאַר זיך די אַרמיע פון קרוינפּרינץ, וועלכע איז געווען פיעל גרעסער פון דער אַרמיע, וואָס איז געווען אין תחנה'ס האַנד.

די לובים זענען זאָגאַר געווען פאַרזיכטיג. תחנה און זיין שטאַב האָבען זיך גוט איינגעאָרדענט אַ נאָכשפּירונגס דיענסטשאַפט, זייערע שפּיאָנען זענען געווען אין פיעל ערטער אין מצרים און אויף צווייגען פון נילוס. זיי האָבען אָבער אין ערגעץ נישט געזעהן קיין מיליטער, ווארום דער אויסגוס פון נילוס האָט דאָך געמוזט פערהאַלטען די בע-

וועגונג און אומעטום האבען זיי געזעהן, אז צווישען דער בעפעלקערונג הערשט א מהומה און פון די דערפער געבען דער גרענעץ אנטלויפט די בעפעלקערונג.

די שפיאנען האבען אלזא געבראכט זייער אנפיהרער די בעסטע בשורות און דערוויל איז די ארמיע פון קרוינפרינץ אין אכט טעג אנגעקומען צו דעם ברעג פון דער מדבר, האטש דער נילוס האט דאמאלס אויסגעגאסען און זייענדיג בעזארגט מיט וואסער און שפייז, איז זי זיך פונאנדערגעגאנגען צווישען די בערג.

ווען תחנה וואלט געקאנט פליהען ווי א אדלער אין דער הויך, וואלט ער זיך דערשראקען, זעהענדיג ווי די פאלקען פון מצרים זענען פערשפרייט און באלד וועט זיין קארפוס ווערען ארומגענומען.

# אכטצעהנטעס קאפיטעל.

זייט דאס מיליטער פון נידריגערן מצרים איז ארויסגעגאנגען פון פי-בושת, האט דער נביא מנטו-זופית, וועלכער איז מיטגעפאהרען מיט'ן קרוינפרינץ, ערהאלטען און ארויסגעשיקט עטליכע בריעף יעדען טאג.

איין קארעספאנדענץ האט ער געפיהרט מיט דעם מיניסטער הרהור. מנטו-זופית האט געשיקט ראפארטען קיין מעמפיס וועגען דעם מיליטער און וועגען דער טעטיגקייט פון דעם קרוינפרינץ, וועלכען ער האט זעהר בעוואונדערט; דער גרויסער הרהור האט איהם געמאכט אנמערקונגען, אז ער זאל דעם קרוינפרינץ לאזען פריי טהון, וואס ער וויל און — אויב רעמסס וואלט פערשפיעלט די

ערשטע מלחמה, וואלט די העכסטע ראט זיך נישט מצער געווען.

„ווען ער וואלט געהאט א קליינע מפלה — האט הרהור געשריבען — וואלט ער זיך ארויסגענומען א מוסר און וואלט נישט אזוי שטאלץ געווען, ווי היינט. ער האלט זיך דאך פאר א גלייכען מיט דעם גרעסטען אנפיהרער, וועלכער האט שוין פיעל מלחמות געוואונען".

און ווען מנטו-זופית האט איהם געענטפערט, אז עס איז זעהר שווער צו גלויבען, אז דער קרוינפרינץ זאל האבען א מפלה, האט איהם הרהור געגעבען אנצוהערען, אז אויב אזוי, דארף מען זעהן, אז זיין טריאומף זאל נישט זיין צו גרויס.

„די מלוכה — האט ער געשריבען — וועט אין דעם גארנישט פערלירען און דער שטאלצער קרוינפרינץ וועט האבען עטליכע יאהר א פערוויילונג אויף דער מערב-גרענעץ. ער אליין וועט געניט ווערען אין מלחמות און אונזערע פוילע טאלדאטען וועלען האבען בעשעפטיגונג"...

די צווייטע קארעספאנדענץ האט מנטו-זופית געפיהרט מיט דעם כהן-גדול מפרים. די קארעספאנדענץ איז ביי מנטו-זופית'ן וויכטיגער געווען פון דער ערשטער. מפרים, וועלכער איז אמאל בעליידיגט געווארען דורכ'ן קרוינפרינץ, האט אין זיין בריעף בעשולדיגט רעמסס'ן, אז ער האט געהרג'עט שרה'ס קינד, וויל קמא האט דאס פון איהם פערלאנגט. און ווען עס איז דערנאך ענטדעקט געווארען, אז רעמסס איז נישט שולדיג, איז מפרים נאך מעהר צע-רייצט געווארען און ער האט נישט אויפגעהערט צו בע-הויפטען, אז דער קרוינפרינץ איז פעהיג צו אלעס שלעכ-

טען אלס א שונא פון די געטער פון די הייליגע אבות און א גוטער פריינד פון די עלענדע פעניציאנער.

אנפאנגס איז דער חשד אויף דעם קרוינפרינץ געוועזען אזוי גרויס, אז די העכסטע ראט אין מעמפיס האט יעדען טאג געפרעגט מנטו-זופית'ן וואס ער מיינט וועגען דעם. מנטו-זופית האט אבער געענטפערט, אז גאנצע טעג קוקט ער זיך איין דעם קרוינפרינץ און ער קאן גאר נישט גלויבען, אז ער האט געזאלט הרג'ענען דאס קינד.

אזעלכע קארעספאנדענציעס זענען געפלויגען, ווי א סטאדע ווילדע פויגעל, ארום רעמסס'ן, בעת ער האט ארויסגעשיקט נאכפארשער צו דעם שונא, אבגעהאלטען בעראטונגען מיט די אנפיהרער און דעם מיליטער געמאכט א חשק גיכער צו געהן.

דעם 14-טען האט זיך די ארמיע פון קרוינפרינץ קאנצענטרירט אין טרס-עוטית. דארט אהין איז אויך גע-קומען פאטראקלעס מיט די גריעכישע פאלקען און מיט איהם איז אויך געקומען דער כהן פענטוער, וועלכער איז געשיקט געווארען דורך הרהור'ן, ער זאל זיין דער צווייטער משגיח ביי רעמסס'ן.

רעמסס איז נישט זעהר צופרידען געוועזען דערפון, וואס אין דער מחנה געפינען זיך זעהר פיעל כהנים. ער האט אבער בעשלאסען זיי נישט צו אבטען און נישט צו פרעגען זיי קיין עצה.

די בעציהונגען זענען דאך אביסעל בעסער געווארען-לויט דעם בעפעהל פון הרהור'ן, האט מנטו-זופית נישט גערייצט דעם קרוינפרינץ און פענטוער איז בעשעפטיגט גע-ווען מיט ארגאניזירען היילונגס-הילף פאר די פערוואונדעטע.

די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבען.

קודם כל האָט רעמסס דורך זיינע אַגענטען פֿערשפּרייט קלאַנגען אין פֿיעל דערפֿער נעבען דער גרענעץ, אַז עס קומען אָן זעהר פֿיעל לובים, וועלכע וועלען אַלעס רואינירען און הרג'ענען. די דערשראָקענע בעפֿעלקערונג האָט אָנגעהויבען אַנטלויפֿען אויף מזרח און איז אָנגעקומען צו די פֿאָלקען פֿון מצרים. רעמסס האָט דאַמאָלס פֿערנומען די מענער און געמאַכט פֿון זיי טרעגער ביי'ם מיליטער און פֿרויען מיט קינדער האָט ער געשיקט אין מיטען לאַנד.

דערנאָך האָט דער קרוינפּרינץ אַרויסגעשיקט שפּיאָנען צו דער מחנה פֿון שונא, אום צו וויסען, וויפֿיעל מיליטער עס געפֿינט זיך דאָרט און וואָס פֿאַר אַ אָרדנונג דאָרט ווערט געהאַלטען. די שפּיאָנען זענען קירצליך צוריקגעקומען, ברענגענדיג ידיעות וועגען דעם אָרט, וואו דער שונא געפֿינט זיך. וועגען דער צאָהל פֿון די לובים האָבען זיי קיין ריכטיגע ידיעות נישט געבראַכט. זיי האָבען פֿאָרגעשטעלט די צאָהל פֿיעל גרעסער, ווי זי איז אין אמת'ן געוועזען. זיי האָבען אויך דערצעהלט אַ ליגען, אַז אָן דעם שפּיץ פֿון די לובים געפֿינט זיך מוסף־אַסאַ מיט זיין זוהן תחנה.

דער קרוינפּרינץ איז רויט געוואָרען פֿון שמחה, דערהערענדיג, אַז ער וועט האָבען געגען זיך אין דער ערשטער מלחמה, וואָס ער פֿיהרט — מוסף־אַסאַ'ן, וועלכער איז אַזוי גוט געניט אין פֿיהרען מלחמות.

ער האָט אַלזאָ געשעצט די געפֿאַהר פֿיעל מעהר, ווי זי איז אין אמת'ן געוועזען און זיין פֿאָרזיכטיגקייט איז אויך פֿיעל גרעסער געוועזען. אום זיך צו פֿערזיכערן דעם נצחון

האָט ער נאָך געמאַכט אזא המצאה: ער האָט געשיקט צו די לובים זיינע פערטרויעטע מענשען, האָט זיי געהייסען, זיי אָלען זיך פאָרשטעלען אלס אנטלאָפענע פון זיין מחנה און זיי זאָלען אויסקרייסען פון מוסף־אסאַ'ן זיינע בעסטע קרעפטען: די סאָלדאטען, וועלכע האָבען געדיענט אין מצרים.

— זאָגט זיי — האָט רעמסס זיי געהייסען — אז איך האָב העק פאַר חוצפה'דיגע און רחמנות פאַר גוטע. אויב זיי וועלען אויסקוואַרפען דאָס געוועהר אין דער מלחמה און אנטלויפען פון מוסף־אסאַ'ן, וועל איך זיי צוריק אָננעהמען אין דעם מיליטער פון הייליגען פרעה און וועל הייסען זיי בעצאָהלען זייער לויהן, ווי זיי וואָלטען קיינמאָל נישט ארויסגעגאַנגען פון דיענסט.

פאַטראָקלעס און אנדערע געגעראַלען האָבען אנער־קענט דאָס מיטעל פאַר זעהר גוט. די כהנים האָבען גע־שוויגען. מנטו=זופית האָט געשיקט א בריעף צו הרהור'ן און אין דעם זעלבען מעת־לעת האָט ער ערהאַלטען א תשובה.

תחנה האָט געזאָלט קודם־כל איינגעהמען א טהאָל, וואָס האָט געהאַלטען אין דער לענג עטליכע צעהנדליג קילאָמעטער און ארום זיך האָט זי געהאַט צוויי שנירען־בערג, וועלכע האָבען זיך געצויגען פון דרום־מזרח ביז צפון=מערב. אין דער ברייט האָט זי געהאַלטען אויף מאַנ־כע ערטער צעהן קילאָמעטער און אויף אנדערע ערטער איז זי זעהר שמאָל געוועזען.

אין דער גאַנצער לענג פון טהאָל האָבען זיך געצויגען לערך צעהן זומפּיגע אָזיערעס, וועלכע זענען פול געוועזען מיט ביטער־געזאלצען וואַסער. עס האָבען דאָרט געוואקסען

קרייטעכטסער, וועלכע זענען שטענדיג בעשיט געווארען מיט זאמד, שטענדיג האבען זיי געחעלקט און קיין בהמה האט זיי נישט געוואלט עסען. אין ביידע זייטען זענען גע־ווען קאלך־בערג און זאמדען, אין וועלכע מען האט געקאנט פערזונקען ווערען.

אין דעם טהאל האט מען קיין פויגעל נישט געזעהן; אלעם איז געווען טויט.

אין מיטען דעם טהאל האבען זיך געפונען צוויי גרופען מיט בנינים, וועלכע זענען געווען אבגערוקט איינע פון דער אנדערער עטליכע קילאמעטער: אויף מזרח־זייט איז געווען א קליין פעסטונג און אויף מערב־זייט — א גלאז־פאבריק, צו וועלכער די לובים האבען צוגעשטעלט הייצונגס־מאטעריאל. ביידע גרופען מיט בנינים זענען דאמאלס געווען לעער, ווארום די איינוואהנער מיט די ארבייטער, מורא האבענדיג פאר דעם שונא, זענען זיי פון דארט אנטלאפען.

דאס מיליטער פון תחנה האט געוואלט זיך בעזעצען אין די בנינים, כדי די ארמעע פון מוסף־אסא'ן זאל דא האבען א אפענעם וועג קיין מצרים.

די לובים זענען איינציגווייז געגאנגען פון דער שטאדט גלויקוס אויף דרום־זייט און דעם 14־טען התור אווענד זענען זיי אנגעקומען צו דעם טהאל, זייענדיג זיכער, אז זיי וועלען אנקומען צו די בנינים אהן שום שטערונג. דעם זעלבען טאג, ווען די זון איז אונטערגעגאנגען, איז די ארמעע פון מצרים ארויס צו דער מדבר און געהענדיג אין זאמד פיערציג קילאמעטער אין צוועלף שטונדען, איז זי אין דער פריה געשטאנען אויף די בערג צווישען דער

גלאָז-פֿאַבריק און דעם פֿעסטונג און האָט זיך בעהאַלטען אין די קליינע טהאָלען, צווישען די בערג.

ווען מען וואָלט די לובים געזאָגט, אַז אין דעם טהאָל זענען אַרויסגעוואַקסען פּאַלמען און ווייץ, וואָלטען זיי דאָס גיבער געגלויבט, ווי אַז דאָרט געפינט זיך שוין די אַרמעע פון מצרים.

די אַרמעע פון מצרים האָט אַביסעל גערוהט און אין דער קורצער צייט איז געלונגען די כהנים אויסצוגראָבען עטליכע ברונענס, פון וועלכע מען האָט געקאָנט נעהמען וואַסער צו'ם טרינקען. דערנאָך האָט די אַרמעע פערנומען די צפון-בערג, וועלכע האָבען זיך געצויגען אין דער-לענג פון טהאָל.

דער פּלאַן פון קרוינפּרינץ איז געוועזען אַ פשוט'ער: אָבצוהאַקען די לובים דעם וועג צוריקצוגעהן און זיי צו יאָגען אויף דרום-זייט אין דער מדבר, וואו זיי וואָלטען געמוזט שטאַרבען פון היץ און הונגער.

צו דעם צוועק האָט ער געשטעלט די אַרמעע אויף צפון-זייט פון טהאָל און האָט פונאַנדערגעטיילט דאָס מילי-טער אויף דריי קאָרפּוסען. פּאַטראָקלעס איז געוועזען דער אָנפיהרער פון דעם רעכטען פליגעל און ער האָט געזאָלט אָבהאַקען די לובים דעם וועג אין זייער שטאָדט גלויקום. מנטו-זופית איז געוועזען דער אָנפיהרער פון לינקען פליגעל, וועלכער איז נעהנטער געוועזען צו מצרים, און האָט געזאָלט פערשטעלען דעם וועג קיין מצרים. די לייטונג פון מיטעלסטען קאָרפּוס, נעבען דער גלאָז-פאַבריק, האָט איבערגענומען דער קרוינפּרינץ אַליין, האָבענדיג נעבען זיך פּענטוער'ן.

דעם 15־טען התור אין דער פריה, 7 א זייגער, זענען עטליכע צעהנדליג רייטער פון די לובים גיך דורכ־געריטען דעם טהאל און שטעלענדיג זיך אברוהען נעבען דער גלאז־פאבריק, האבען זיי זיך ארומגעקוקט און נישט דערזעהענדיג קיין לעבענדיגע נשמה, זענען זיי צוריק צו צו זייער מחנה.

10 א זייגער פאר מיטאג, ווען די היץ איז אזוי גרויס געווען, אז עס האט זיך געדאכט, אז זי טרינקט דעם שווייס און דאס בלוט פון מענשען, האט פענטוער געזאגט צו רעמסס'ן:

— די לובים זענען שוין ארייך אין טהאל און דורכ־געגאנגען דאס ארט, וואו פאטראקלעס מיט זיין קארפוס בעהאלט זיך. אין איין שעה ארום וועלען זיי דא זיין.

— פון וואנען ווייסטו דאס? — האט דער קרוינפרינץ געפרעגט מיט בעוואונדערונג.

— כהנים ווייסען אלעס!... — האט פענטוער גע־ענטפערט מיט א שמייכעל.

דערנאך איז ער מיט פארזיכטיגקייט ארויף א בארג, האט ארויסגענומען פון זיין טארבע עפעס א פינקעלדיגע זאך און ווענדענדיג זיך צו דעם ארט, וואו מנטו־זופית איז געשטאנען מיט זיין קארפוס, האט ער מיט זיין האנד גע־מאכט עפעס ציייכענס.

— מנטו־זופית ווייסט שוין אויך! — האט ער געזאגט.

דער קרוינפרינץ האט זיך זעהר געוואונדערט און געזאגט:

— איך האב א בעסערע ראיה פון דיר און דאך זעה

איך נארנישט. ווי אזוי האסטו דערזעהן דעם שונא און ווי אזוי פערשטענדיגסטו זיך מיט מנטו-זופית'ן ?

פענטוער האט רעמסס'ן געהייסען קוקען אויף א ווייט בארג, וואס אויף זיין שפיץ זענען געווען געדיכטע קליינע בוימלעך. רעמסס האט געקוקט דארטהין און פלוצלונג האט ער פערמאכט די אויגען: צווישען די בוימלעך האט פלוצלונג עפּעס שטארק געבלאנקט.

— וואס פאר אונערטרעגליכער בלאנק איז דאס ?...— האט ער אויסגעשריען—מען קאן פון איהם בלינד ווערען !...

— דער כהן, וועלכער איז ביי פאטראקלעס'ן, גיעט אונז צייכענם מיט דעם בלאנק — האט פענטוער געענטפערט — דו זעהסט אלזא, גרויסער הערר, אז מיר קאנען אויך נוצען אין א מלחמה...

ער איז שטיל געבליבען. פון דעם טהאל האט זיך געהערט עפּעס א גערויש. אין אנפאנג איז דאס גערויש געווען שטיל. איינציגווייז איז עס אבער וואס אמאל העכער געווארען.

דערהערענדיג דאס גערויש האבען די מצרי'שע סאלדאטען זיך אויפגעכאפט, בעטראכט זייער געוועהר און שטיל געשמועסט... א קורץ בעפעהל פון די אפיציערען האט זיי אבער בערוהיגט און ווידער האט געהערשט א שטילקייט אויף די צפון-פעלזען.

אין דער טיעף פון טהאל איז דערווייל דאס גערויש גרעסער געווארען. עס האבען זיך געהערט שמועסען פון טויזענדער מענשען, געזאנגען, טענער פון פלעטען, קריצען פון וועגען, קולות פון פערד, געשרייען פון אנפיהרער. רעמסס'ן האט אנגעהויבען קלאפּען דאס הארץ; ער

האָט שוין זיין נייגיעריגקייט נישט געקאָנט איינהאַלטען און ער האָט זיך אַרויסגעכאַפּט אויף א שפּיץ, פון וועלכען מען האָט געזעהן א גרויסען טייל פון דעם טהאָל.

זייענדיג אַרומגענומען מיט געלען שטויב, האָט זיך דער קאָרפּוס פון לוב געצויגען לאַנגזאַם, ווי א שלאַנג פון עטליכע וויאָרסט מיט ווייסע און רויטע פלעקען.

אין דער שפּיץ האָבען מאַרשירט עטליכע רייטער, פון וועלכע איינער איז געוועזען איינגעהילט אין א ווייס ליי־לעך און איז געזעסען אויף א פערד, ווי אויף א באַנק, אַראָבהענגענדיג ביידע פיס אויף דער לינקער זייט. נאָך די רייטער איז געגאַנגען א גרופּע שטיינער־שליידערער אין גרויע העמדער, דערנאָך איז עפּעס א גרויסער מאַן געטראָגען געוואָרען אין א לעקטיקאַ, איבער וועלכער מען האָט גע־טראָגען א גרויסען פּאַראַסאָל. ווייטער איז געגאַנגען א אַבטיילונג פון פייל־און בויגען שיסער אין בלויע און רויטע בלוזעס, דערנאָך א גרויסע באַנדע נאַקעטע מענשען, וועל־כע זענען געוועזען בעוואָפענט מיט האַמערס, שפּיזען און העק. זיי זענען געגאַנגען צו פיער אין א שורה און האָטש די אָפיציערען האָבען נישט אויפגעהערט צו שרייען, איז די אָרדנונג יעדע ווייַלע געבראָכען געוואָרען און די רייהען האָבען זיך צונויפגעמישט איינע מיט דער אַנדערער.

זינגענדיג און רעדענדיג זעהר הויך, האָט זיך די שלאַנג פון לוב אַרויסגערוקט אויף דער ברייטסטער טייל פון טהאָל, געגען דער גלאָז־פאַבריק און די אָזיערעס. דאָ האָט אין גאַנצען אויפגעהערט די אָרדנונג. די, וועלכע זענען געגאַנגען אין דער שפּיץ, האָבען זיך אָבגעשטעלט, וויַיל מען האָט עס געזאָגט, אז דאָ וועט דער קאָרפּוס רו־

הען. די, וואס זענען געגאנגען הינטער זיי, האבען אנגעהויבען גיכער געהן, אום גיכער צו קומען צו דעם ארט, וואו מען וועט אברוהען. מאנכע זענען ארויסגעלאפען פון די רייהען און אנידערלעגענדיג דאס געוועהר, זענען זיי אריינגעשפרונגען אין א אזיערע אדער געשעפט מיט די הענד דאס שטינקענדיג וואסער און געטרונקען. אנדערע האבען זיך געזעצט אויף דער ערד, ארויסגענומען פון זייערע טארבעס טייטלען און געגעסען, אדער געטרונקען וואסער מיט עסיג פון לעהמענע קרוגען.

הויך אין דער לופט איבער דער מחנה זענען געפלויגען עטליכע רויב-פויגעל.

רעמסס האט זיך זעהר אנגעהויבען שרעקען. פאר זיינע אויגען זענען געפלויגען פליגעלעך און עס האט זיך איהם געדאכט, אז ער וואלט שוין מוחל געוועזען דעם טראהן, אבי ער זאל דא נישט זיין און זאל נישט זעהן, וואס דא וועט באלד פארקומען. ער האט זיך אראבגעלאזט פון שפיץ בארג און ווי א משוגע'נער האט ער געקוקט פאר זיך.

אינדעם איז צו איהם צוגעגאנגען פענטוער און האט איהם געצויגען ביי'ם ארבעל.

— גיכער, אנפיהרער! — האט ער געזאגט — פאטראקלעס ווארט אויף דיין בעפעהל!

— פאטראקלעס?... — האט דער קרוינפרינץ געשריען און זיך אומגעקוקט.

פאר איהם איז געשטאנען פענטוער מיט א בלאס פנים. עטליכע טריט ווייטער איז געשטאנען טוטמאזיס, וועלכער איז אויך בלאס געוועזען און אין זיינע ציטערנדע הענד האט ער געהאלטען א אפיציעריש פייפעל. פון הינטער דעם

בערגעל האָבען זיך ארויסגערוקט סאָלדאטען, און אַן זיי־
ערע פּנים'ער האָט מען אויך דערקענט, אז זיי זענען
שטאַרק געריהרט.

— רעמסס — האָט פּענטוער ווייטער געזאָגט —
דאָס מיליטער ווארט...

דער קרוינפּרינץ האָט מיט פּערצווייפלונג געקוקט אויף
פּענטוער'ן און מיט א געשטיקטער שטימע האָט ער געזאָגט:

— זאָל מען אָנהויבען!...

פּענטוער האָט אויפגעהויבען זיין בלאַנקענדע קמיע
און געמאַכט מיט איהר עטליכע צייכענס אין דער לופט.
טוטמאָזיס האָט שטיל געפּייפט און אויף ווייטערע בערג,
רעכטס און לינקס האָבען די אָפיציערען אויך געפּייפט. אויף
די בערג האָבען אָנגעהויבען קלעטערן די מצרי'שע
שטיינער־שליידערער.

צוועלף א זייגער ביי טאָג איז דאמאָלס געוועזען.

רעמסס האָט זיך איינציגווייז אָבגעקיהלט פון די
ערשטע איינדרוקען און ער האָט אָנגעהויבען מיט מעהר
אויפמערקזאַמקייט זיך ארומקוקען אין אַלע זייטען. ער האָט
געזעהן זיין שטאַב, די אָבטהיילונגען פון זיין ארמעע אונטער
דער לייטונג פון אַלטע אָפיציערען. און ער איז געוועזען
זיכער, אז קיין איינער פון די מענשען וויל נישט אומקו־
מען און אפילו ריהרען זיך פון אָרט אין אזא היץ וויל נישט
קיין איינער פון זיי.

פון א שפּיץ פון איין בארג האָט זיך פּלוצלונג געהערט
א שטאַרקע שטימע, א שטאַרקערע פון א לייבען־שטימע:

— סאָלדאטען פון הייליגען פרעה! צעשלאָג די הינד
פון לוב!... די געטער זענען מיט אייך!...

דער שטימע האבען געענטפערט צוויי אנדערע שטארקע שטימען: א לאנגער אויסגעשריי פון דער מצרי'שער ארמעע און א שרעקליך געוויש פון די לובים...

דער קרוינפרינץ, נישט דארפענדיג זיך מעהר בעהאלטען, איז ארויף אויף א בערגעל, פון וואנען ער האט גוט געקאנט זעהן דעם שונא. פאר זיך האט ער געהאט א לאנגע קייט פון די מצרי'שע שטיינער-שליידערער, ווי זיי וואלטען פלוצלונג ארויסגעוואקסען פון דער ערד און עטליכע הונדערט טריט ווייטער האט ער געזעהן די מחנה פון די לובים. עס האבען זיך אנגערופען טראמפעטען, פייפפעך און קולות פון די אפיצירען פון לוב, וועלכע האבען זיך בעמיהט ארדנונג צו מאכען אין זייער מחנה. די וואס זענען געזעסען, האבען זיך אויפגעחאפט; די וואס האבען געטרונקען וואסער, האבען געחאפט דאס געוועהר און זענען געלאפען צו זייערע רייהען. דער טומעל און דאס גערויש זענען געווען שרעקליך.

די מצרי'שע שטיינער-שליידערער האבען דערווייל רוהיג געשליידערט זייערע שטיינער. די עלטערע סאלדאטען האבען געוויזען, יעדער זיין קליינער גרופע סאלדאטען, וואוהין מען דארף שליידערן און די סאלדאטען האבען געשליידערט.

דער קרוינפרינץ האט געזעהן, אז נאך יעדען שליידערן שיט זיך פונאנדער א קליינע גרופע פון די לובים און אפט איז נאר איין סאלדאט געבליבען אויפ'ן ארט.

פונדעסטוועגען האבען זיך די רייהען פון די לובים געשטעלט אין ארדנונג און זענען ארויס פון דעם ארט, וואו די שטיינער האבען געקאנט טרעפען. ארויסגערוקט האבען

זיך נאר זײערע שטײנער-שלײדערער, װעלכע האבען מיט זײערע פײל-און-בױגענס געשאסען צו די מצריים. טײלמאל האבען זײ זעהר הויך געלאכט און דאמאלס איז געפאלען טויט אײנער פון די מצריים.

באלד זענען שטײנער געפלויגען אויך איבער די קעפ פון דעם קרוינפרינץ און זײן סוויטע, אײן שטײן האט געטראפען אין ארעם פון דעם קרוינפרינצ'ס אדיוטאנט און האט איהם צעבראכען א בײן. א אנדערער שטײן האט אראבגעווארפען דעם העלם פון א צווײטען אדיוטאנט. א דריטער שטײן איז געפאלען בײ די פיס פון קרוינפרינץ און צעקלאפענדיג זיך אן דעם פעלז, האט ער פערשיט דאס פנים פון קרוינפרינץ מיט קלײנע, זעהר הײסע שטײנדלעך.

די לוביים האבען הויך געלאכט און עפעס אויסגעשריען: װאהרשײנליך האבען זײ געשאלטען דעם קרוינפרינץ.

פון רעמסס'ן האבען דאמאלס אבגעטרעטען די שרעק און דאס רחמנות. װאס ער האט פריהער געהאט. ער האט שוין נישט געזעהן פאר זיך קײן מענשען, װעלכען עס שטעהען פאר לײדען און טוידט, נאר רײהען װילדע חיות, װעלכע מען דארף אויסראטען, אדער אונשעדליך מאכען. אינסטינקטיװ האט ער אויסגעצויגען די האנד צו דער שווערד, אום ער זאל אן דער שפיץ פון א אבטײלונג מיט סאלדאטען געהן צו דעם פײנד. אבגעהאלטען פון דעם האט איהם אבער דאס מיאוס'ן זיך, ער זאל זיך פערפלעקען די הענד מיט'ן בלוט פון אזעלכע חיות!...

ער האט דאך סאלדאטען, װאס קאנען זײ אויסהרג'ענען!...

די מלחמה האט דערװײל געדויערט װײטער און די מוטיגע שטײנער-שלײדערער פון לוב האבען זיך גערוקט

וואָס אַמאָל נעֶהנטעֶר, שרײַעֶנדיג און זינגעֶנדיג פֿון. בײדעֶ זײַטעֶן זעֶנעֶן געֶפֿלויגעֶן שטײנעֶר און יעֶדעֶ ווײַלעֶ האָט זיך אַ אַנדעֶרעֶר אין דעֶר און אין יעֶנעֶר זײַט געֶרוקט הינטעֶר זיך אָדעֶר געֶפֿאַלעֶן טוידט. אַנדעֶרעֶ האָבעֶן אָבעֶר זײעֶר מוט נישט פֿעֶרלאָרעֶן: זײ האָבעֶן געֶקעֶמפֿט מיט שמחה און שפּעֶטעֶר — מיט שרעֶקליכעֶן כּעס, פֿעֶרגעֶסעֶנדיג אָן זיך אַלײן.

פּלוצלונג האָבעֶן זיך פֿון רעֶכטעֶן פֿליגעֶל געֶהעֶרט טראָמפּעֶטעֶן און הויכעֶ געֶשרײעֶן. פּאַטראָקלעֶס, וועֶלכעֶר איז געֶוועֶן שכּור נאָך פֿון דעֶר פֿריה אָן, האָט אַטאַקירט די הינטעֶר-וואַך פֿון דעֶם שׂונא.

— קלאַפּעֶן!... — האָט דעֶר קרוינפּרינץ געֶשריעֶן.

באַלד האָבעֶן זיך ווידעֶר געֶהעֶרט טראָמפּעֶטעֶן און פֿון אַלעֶ זײַטעֶן האָבעֶן זיך אַרויסגעֶרוקט מצרי'שעֶ סאָל-דאַטעֶן. אין טהאָל, געֶגעֶן די לובים, האָבעֶן זיך אויסגעֶ-שטעֶלט אין רײהעֶן מצרי'שעֶ סאָלדאַטעֶן מיט שפּיזעֶן און מיט העֶק.

דעֶר קרוינפּרינץ האָט קאָמאַנדירט. שטעֶהעֶנדיג אויפֿ'ן באַרג און קוקעֶנדיג פֿון ווײַטעֶנס, וואָס עֶס טהוט זיך אין דעֶם טהאָל. באַלד האָט זיך בעֶוויזעֶן אַ גרויסעֶר רויך פֿון ווײַטעֶנס און עֶס איז אָנגעֶקומעֶן אַ רײַטעֶר, וועֶלכעֶר האָט געֶזאָגט דעֶם קרוינפּרינץ, אַז פּאַטראָקלעֶס האָט אונטעֶר-געֶצונדעֶן די זאַכעֶן פֿון די לובים.

און די צווײ מחנות: די מצריים און די לובים, זעֶנעֶן זיך געֶנאַנגעֶן, וואָס אַמאָל נעֶהנטעֶר אײנעֶ צו דעֶר אַנדעֶ-רעֶר. דעֶר קרוינפּרינץ האָט ווײַטעֶר קאָמאַנדירט און פֿון אַלעֶ זײַטעֶן זעֶנעֶן ווײַטעֶר אָנגעֶקומעֶן מצרי'שעֶ סאָלדאַטעֶן.

באָר אײַן מנטו־זופית האָט זיך נאָך נישט גערירט.

די צװײַ מחנות זענען זיך שױן אָנגעקומען האַרט אײַנע צו דער אַנדערער. מען האָט שױן נישט געשלײַדערט קײַן שטײַנער, נאָר אײַנע האָבען זיך געװאָרפען אױף די אַנדערע מיט העק און שפּיזען.

צו דעם קרױנפּרינץ איז אָנגעקומען אַ בשורה, אַז מנטו־זופית האָט זיך אױך שױן אַרױסגערירט און די לובים זענען אַרומגענומען פון דרײַ זײַטען. אָפען האָבען זײ נאָר טיפע זאַמדען, דורך װעלכע עס איז אומעגליך צו אַנטלױפען.

— דער נצחון איז פאַרטיג!... אײַביג זאָלסטו לעבען אָנפיהרער! — האָט פּענטואר געשריען.

צװײ אַ זײגער נאָך מיטאָג איז דאַמאָלס געװען.

די אַזיאַטישע רײַטער, װעלכע זענען געװען בײַ׳ם קרױנפּרינץ, האָבען אָנגעהױבען רױשענד זינגען און שיסען אין דער הױך לכבוד דעם קרױנפּרינץ. די שטאַב־אָפיצירען זענען אַראָב פון זײערע פערד און געקושט די הענד און די פיס פון קרױנפּרינץ. ענדליך האָבען זײ איהם אַראָבגענומען פון זאָטעל און אױפגעהױבען אין דער הױך, שרײַענדיג:

— דער אָט איז אַ מעכטיגער אָנפיהרער!... ער האָט צעטרעטען די שונאים פון מצרים!... דעם גאָט עמון האָט ער בײַ זײַן רעכטע און לינקע האַנד און װער קאָן איהם מנצח זײַן?...

די לובים האָבען זיך צוריקגערוקט װאָס אַמאָל מעהר, זײ זענען אַרױף אױף די דרום־זאַמד־בערג און די מצריים זענען זײ נאָכגעלאָפען, איצט האָבען זיך יעדע װײַלע מעהר

רייטער ארויסגעריהרט פון די שטויב-וואָלקענס און זענען צו-
געקומען צו רעמסס'ן.

— מנטו-זופית האָט זיי פערנומען די הינטערשטע
אָבטיילונגען!... — האָט איינער געשריען.

— צוויי הונדערט לובים האָבען זיך אונטערגעגע-
בען!... — האָט דער צווייטער געשריען.

— פאטראָקלעס האָט זיי פון הינטען דעם וועג
פערשטעלט!...

— מען האָט פערנומען דריי פעהנער ביי די לובים:
דעם באָק, דעם לייב און דעם שפּארבער...

נעבען דעם שטאָב איז וואָס אמאָל ענגער געוואָרען;
פערבלוטיגטע און מיט זאמד בעשאָטענע מענשען האָבען
דעם שטאָב ארומגענומען.

— איביג זאָלסטו לעבען!... איביג זאָלסטו לעבען,
אָנפיהרער!...

דער קרוינפּרינץ איז געווען אזוי צערייצט, אז ער
האָט געלאַכט און געוויינט. דערנאָך האָט ער געזאָגט צו
זיין סוויטע:

— די געטער האָבען רחמנות געהאַט!... איך האָב
געמיינט, אז מיר האָבען שוין די מלחמה פערשפּיעלט...
שלעכט איז דער גורל פון אָנפיהרער, וועלכער ציהט נישט
אוים די שווערד און ווייסט אפילו גאָרנישט, מוז ער פער-
אַנטוואָרטליך זיין אויף אַלעם...

— איביג זאָלסטו לעבען, זיעגער!... — האָט מען
געשריען.

— א שענער נצחון איז דאָס פאר מיר!... — האָט

רעמסס געלאַכט — איך ווייס אפילו ניִשט, ווי אַזוי מיר האָבען דעם נצחון געהאַט!...

— ער געווינט די מלחמה און דערנאָך וואונדערט ער זיך!...— האַט געשריִען איינער פון דער סוויטע.

— איך ווייס דאָך אפילו ניִשט, ווי אַמלחמה זעהט אויס!... — האַט זיך דער קרוינפּרינץ פערטיידיגט.

— בערוהיג זיך, אַנפיהרער! — האַט פּענטוער גע־ענטפערט — דו האָסט אַזוי קלוג פונאַנדערגעשטעלט דאָס מיליטער, אַז דער שונא האָט געמוזט האָבען אַ מפּלה... ווי אַזוי האָט ער געהאַט אַ מפלה?... דאָס געהער שוין ניִשט צו דיר, נאָר צו די פאַלקען.

— איך האָב אפילו די שווערד ניִשט אויסגעצויגען!... קיין איינעם פון די לובים האָב איך ניִשט געזעהן! ... — האָט דער קרוינפּרינץ זיך ווייטער בעקלאָגט.

אויף די דרום-בערג האָט די מלחמה נאָך געהאַל־טען, נאָר אין דעם טהאָל האָט דער שטויב אָנגעהויבען פאַלען. אויף מאַנכע ערטער האָט מען געזעהן, ווי דורך אַ נעבעל, אַ גרופּע מצרי'שע סאָלדאַטען מיט שפּיזען אין די הענד.

דער קרוינפּרינץ איז געריטען צו דעם שלאַכט-פעלד, אויף וועלכען די מיטעלסטע אַבטהיילונג פון זיין אַרמעע האָט פאַר אַ ווייִלע געזיגט. דער פּלאַץ האָט געהאַלטען עטליכע הונדערט טריט אין דער ברייט און איז פול געווען מיט טייפע לעכער. עס זענען געלעגען פערוואונדעטע און געהרג'עטע מצריים און לובים אויסגעמישט איינע מיט די אַנדערע. אַביסעל ווייטער זענען געלעגען בלויז לובים.

אויף מאַנכע ערטער זענען געלעגען די עטליכע טוידטע

קערפערס צוזאמען. דאס זאמד איז געװען פול מיט ברױנע פלעקען. די װאונדען, פון װעלכע דאס בלוט האט געפליעסט, האבען שרעקליך אױסגעזעהן: אײנער איז גע־לעגען מיט אבגעהאקטע הענד, דער צװײטער האט געהאט א צעהאקטען קאפ, דעם דריטען זענען די געדערים ארױס פון בױך. מאנכע האבען זיך קאנװולסיװ געװארפען און פון זײערע מײלער, װעלכע זענען געװען פול מיט זאמד, האבען זיך געהערט קללות, אדער תחנונים, מען זאל זײ דערהרג׳ענען.

דער קרױנפרינץ איז גיך פארבײגעריטען פאר זײ. חאטש מאנכע פערװאונדעטע האבען מיט א שװאכער שטי־מע געשריען פון זײן כבוד װעגען.

נישט װײט פון דארט האט ער אנגעטראפען די ער־שטע גרופע געפאנגענע, װעלכע זענען געפאלען אויף זײ־ערע פנים׳ער פאר איהם און איהם געבעטען, ער זאל אויף זײ רחמנות האבען.

— זאגט די, װאס זענען בעזיעגט געװארען, אז איך װעל גנעדיג זײן צו זײ! — האט רעמסס געזאגט צו זײן סװיטע.

עטליכע רײטער זענען זיך פונאנדערגעריטען אין פערשידענע זײטען, באלד האט זיך אנגערופען א טראמפעט און דערנאך האט זיך געהערט א הױכע שטימע:

— אויפ׳ן בעפעהל פון דעם קרױנפרינץ, דעם העכ־סטען אנפיהרער, װעלען געפאנגענע און פערװאונדעטע נישט געהרג׳עט װערען!...

אלס ענטפער אויף דעם געשרײ, האבען זיך געהערט געמישטע געשרײען פון די געפאנגענע.

אויפ'ן בעפעהל פון העכסטען אנפיהרער — האט גערופען מיט א זינגענדיגען טאן א אנדערער מענש אין א אנדער זייט — וועלען פערוואונדעטע און שקלאפען נישט געהרג'עט ווערען!...

אויף די דרום-בערג האט דערוויל די מלחמה אויפגעהערט און די גרעסטע צוויי גרופען פון די לובים האבען זיך אונטערגעגעבען די גריעכישע פאלקען.

פאטראקלעס האט זיך קוים געהאלטען אויפ'ן פערד איבער דער שטארקער היץ, ווי ער האט געזאגט, אדער איבער דער שטארקער משקה, וואס ער האט זעהר פיעל געטרונקען, ווי אנדערע האבען געזאגט, ער האט זיך אויסגעווישט זיינע אויגען, וועלכע זענען געווען פול מיט טרערען און האט זיך געווענדעט צו די געפאנגענע:

— פארכעדיגע הינד! — האט ער געזאגט — איהר האט אייערע זינדיגע הענד אויפגעהויבען אויף דעם מיליטער פון הייליגען פרעה! זאלען אייך די ווערים פרעסען! איהר וועט אומקומען, ווי די לייז אונטער די נעגעל פון א פרומען מצרי, אויב איהר וועט מיר באלד נישט זאגען: וואו געפינט זיך אייער אנפיהרער, דער צרעת זאל איהם לעכערן די נאז און אויסטרינקען דעם זאפט פון די אויגען!...

אין דער רגע איז אנגעקומען דער קרוינפרינץ, דער גענעראל האט איהם בעגריעסט מיט אכטונג, אבער די אויספארשונג האט ער נישט איבערגעריסען.

— שטיקער פלייש וועל איך הייסען רייסען פון אייך!... איך וועל אייך צושלאגען צו סלופעס, אויב איך וועל זיך באלד נישט דערוויסען, וואו עס געפינט זיך די גיפטיגע שלאנג, דער שרץ פון א וואלד-חזיר...

— אָ, דאָרט איז אונזער אָנפֿיהרער!... — האָט זיך אָנגערופֿען איינער פֿון די געפֿאנגענע, ווייזענדיג מיט'ן פֿינגער אויף אַ גרופּע רייטער, וועלכע זענען לאנגזאם גע־ריטען אין דער מדבר.

— וואס איז דאָס? — האָט דער קרוינפּרינץ געפֿרעגט.

— דער עלענדער מוסף־אַסאַ אנטלויפֿט!... — האָט פּאטראָקלעס געענטפֿערט קוים זיך האַלטענדיג אויפ'ן פֿערד.

רעמסס'ן האָט דאָס בלוט געשלאָגען אין קאָפּ אַריין.

— בכן איז מוסף־אַסאַ דאָרט און ער אַנטלויפֿט?... זיכער! ווער עס האָט אַ גוט פֿערד, דער זאָל מיט מיר רייטען!...

— נו — האָט פּאטראָקלעס געזאָגט לאַכענדיג — איצט וועט ער אַליין דאָרט פּלאַצען, דער גנב!...

פּענטוער האָט דעם קרוינפּרינץ פֿערשטעלט דעם וועג.

— דו טאָרסט נישט נאָכיאָגען אנטלויפֿענדע!...

— וואָס? — האָט דער קרוינפּרינץ אויסגעשריען — די גאנצע צייט האָב איך אויף קיינעם קיין האנד נישט אויפֿגעהויבען און איצט זאָל איך נישט טאָרען חאַפּען דעם אָנפֿיהרער פֿון די לובים?... וואָס וואָלטען געזאָגט די סאָל־דאטען, וועלכע איך שיק קעמפּפֿען אונטער שפּיזען און העק?...

— די אַרמעע טאָר נישט בלייבען אָהן אַ אָנפֿיהרער!...

— זענען דען דאָ נישט פֿערהאַנען פּאטראָקלעס, טוטמאַזיס און מנטו־זופית? וואָס פֿאַר אַ אָנפֿיהרער בין איך, ווען מיר איז נישט ערלויבט צו האַפּען דעם שונא?... ער

געפינט זיך עטליכע הונדערט טריט פון אונז און זיין פערד איז מיעד ...

— אין איין שעה ארום וועלען מיר צוריקקומען מיט זיי ... מען דארף נאר די האנד אויסציהען ... — האבען געמורמעלט די אזיאטישע רייטער.

— פאטראקלעס. טוטמאזיס! ... איך גיעב אייך איבער דאס מיליטער ... — האט דער קרוינפרינץ געשריען — רוהט אב און איך וועל דא באלד צוריקקומען ...

ער איז געריטען אויף זיין פערד אין זאמד און נאך איהם — צוואנציג רייטער און פענטוער.

— צו וואס רייטסטו מיט אונז, נביא? — האט רעמסס געפרעגט פענטוער'ן — בעסער שלאף זיך אויס ... דו ביזט אונז היינט זעהר נוצליך געווען ...

— איך קאן נאך אפשר נוצליך זיין — האט פענטוער געענטפערט.

— בלייב דא ... איך הייס ...

— די העכסטע ראט האט מיך געהייסען, איך זאל דיך איין טריט נישט אבלאזען.

דער קרוינפרינץ איז אריינגעפאלען אין כעס.

— און אויב מיר וועלען אריינפאלען ...? — האט ער געפרעגט.

— אויך דארט וועל איך דיך נישט פערלאזען! — האט דער כהן געענטפערט.

## ניינצעהנטעס קאפיטעל.

אין דער שטימע פון פענטוער'ן איז געווען אזוי פיעל הערצליכקייט, אז דער קרוינפרינץ האט בעוואונדערט און

ערלויבט מיטצורייטען מיט איהם.

זיי זענען געווען אין דער מדבר, האבענדיג לערך צוויי הונדערט טריט הינטער זיך די ארמעע און עטליכע הונדערט טריט פאר זיך — די אנטלויפענדע. נאר חאטש די פערד זענען געשלאגען געווארען, האבען זיי זיך קוים געריהרט, פונקט ווי די פערד פון די אנטלויפענדע. פון דער הויך האט די זון שרעקליך געברענט די רייטער, אין מויל, אין דער נאז און אין די אויגען האט זיך אריינגע-חאפט א דינער, שארפער שטויב און אונטער די פיס פון די פערד האט זיך טיעף אראבגעלאזט דאס הייסע זאמד. אין דער לופטען איז געווען זעהר רוהיג.

— נישט שטענדיג וועט דאך אזוי זיין — האט דער קרוינפרינץ געזאגט.

— וואס ווייטער, דאס ערגער וועט זיין — האט פענטוער געענטפערט -- זעהסטו — האט ער ווייטער גע-זאגט, ווייזענדיג מיט'ן פינגער אויף די אנטלויפענדע — יענע פערד זינקען אין דעם זאמד ביז צו די קניען.

דער קרוינפרינץ האט געלאכט. אין דער רגע האט ער געשפירט אונטער זיך הארטערע ערד און לערך הונדערט טריט זענען זיי גיך געריטען. באלד זענען זיי אבער אנגע-קומען צו א זאמד-ים און ווידער האבען זיך די פערד קוים געשלעפט.

פון די רייטער האט זיך געגאסען שווייס און די פערד יענען געווען בעדעקט מיט שוים.

— הייס! — האט דער קרוינפרינץ געזאגט.

— העל אוים! — האט פענטוער זיך אנגערופען— היינט איז נישט קיין גוטער טאג צו יאגען פיינד. אין דער

פריה זענען די הייליגע ווערימלעך געווען אונרוהיג און דערנאך זענען זיי שטארק אנטשלאפען געווארען. מיין הייליג מעסערל האט זיך אויך נישט טיעף אריינגערוקט אין דער לעהמענער שייד און דאס איז א סימן, אז עס וועט זעהר היים זיין, און ווען עס איז א גרויסע היץ און די הייליגע ווערימלעך שלאפען שטארק, ווערט א געוויטער. זאלען מיר בעסער צוריק געהן, ווארום אונזער מחנה זעהען מיר שוין נישט און דאס געהויש פון די סאלדאטען הערען מיר נישט.

רעמסס האט געקוקט אויף דעם כהן מיט פערשטאנונג.

— און דו, נביא, מיינסט, אז ווען איך האב אמאל געזאגט, אז איך וועל האפען מוסף־אסא'ן, קאן איך צוריקגעהן מיט לעערע הענד, מורא האבענדיג פאר א היץ און פאר א געוויטער?

זיי זענען ווייטער געריטען, אויף איין ארט איז די ערד ווידער הארט געווען און אזוי ארום זענען זיי נעהנטער צוגעקומען צו די אנטלויפענדע.

— הערט! — האט דער קרוינפרינץ געשריען — גיעט זיך אונטער!...

די לוביים האבען זיך אפילו נישט אומגעקוקט און האבען זיך ווייטער געשלעפט אין זאמד. א ווייל האט מען געקאנט מיינען, אז מען וועט זיי קאנען האפען. באלד איז אבער דער קרוינפרינץ מיט זיינע בעגלייטער ווידער אריינגעפאלען אין זאמד און די אנטלויפענדע זענען זיי פערשוואונדען געווארען הינטער עפעס א בערגעל.

די אזיאטען האבען געשאלטען און דער קרוינפרינץ האט געקריצט מיט די צייהנער.

ענדליך זענען די פערד וואס אמאל מיעפער אריין אין זאמד און זיי האבען קוים די פים געשלעפט; די רייטער האבען דאדורך געמוזט אראב פון די פערד און געהן צו פוס, פלוצלונג איז איינער פון די אזיאטען רויט געווארען און געפאלען אויפ'ן זאמד. דער קרוינפרינץ האט איהם גע־הייסען בערעקען מיט א לייילעך זאגענדיג:

— מיר וועלען איהם נעהמען מיט זיך, ווען מיר וועלען צוריקגעהן.

נאך גרויסע מיה זענען זיי געקומען צו דעם קליינעם בערגעל און זיי האבען דערזעהן די לובים. דער וועג איז אבער פאר זיי אויך געווען זעהר שלעכט. צוויי פערד זייערע האבען זיך שוין פון ארט נישט געקאנט ריהרען.

די מחנה פון מצרי'שען מיליטער האט מען שוין מאקי נישט ארויסגעזעהן און ווען פענטוער מיט די אזיאטען וואלטען לויט די זון נישט געוואוסט וואו זיי געפינען זיך, וואלטען זיי שוין איצט נישט געטראפען צוריק.

אין דער סוויטע פון קרוינפרינץ איז געפאלען דער צווייטער רייטער, ארויסווארפענדיג פון מויל בלוטיגע שוים. רעמסס האט אויך דעם געהייסען איבערלאזען צוזאמען מיט דעם פערד. אויב דאס אלעס איז זיי נאך ווייניג גע־ווען, האבען זיי אויף דעם זאמד דערזעהן א גרופע פער־זען, צווישען וועלכע די לובים זענען געלם געווארען.

— מיין הערר! — האט פענטוער געזאגט — דארט קאן מען אונז ארומנעהמען פון אלע זייטען.

— זאל דארט זיין אפילו דער טויט און זאל ער מיך צונעהמען! — האט דער קרוינפרינץ געענטפערט מיט כעס.

דער כהן האט געקוקט אויף איהם מיט בעוואונדע־

רונג: ער האָט זיך גאָר נישט פֿאַרגעשטעלט, אַז רעמסס זאָל זיין אַזאַ עקשן.

צו די פֿעלזען איז נישט געווען ווייט, נאָר דער וועג איז אונגעהויער שווער געווען. מען האָט געמוזט גיין צו פֿוס און אַרויסשלעפּן די פֿערד פֿון זאַמד.

און אויפֿ'ן הימעל האָט נאָך אַלץ געברענט די זון, די שרעקליכע זון פֿון דער מדבר, וואָס יעדער שטראַהל ברענט, פֿאַרבלענדט און שטעכט. די דויערהאַפֿטיגע אויסטען זענען געפֿאַלען פֿון מידקייט: איינעם איז די צונג געשוואָלען געוואָרען, דעם צווייטען האָט געראַוישט אין קאָפּ און אין די אויגען האָט ער געהאַט שוואַרצע לאַטעס, אַ אַנדערער איז שלעפֿריג געוואָרען, אַלע האָבען געשפּירט שמערצען אין די געשליסען און האָבען אויפֿגעהערט צו שפּירען די היץ. און ווען מען וואָלט איינעם געפֿרעגט, צי עס איז הייס, וואָלט ער נישט געוואוסט, וואָס ער האָט צו ענטפֿערן.

און ווידער זענען זיי אָנגעקומען צו האַרטע ערד און רעמסס מיט זיין סוויטע זענען אַריין צווישען די פֿעלזען. דער קרוינפּרינץ, וועלכער האָט זיך בעסער געהאַלטען פֿון אַלע, דערהערענדיג אַ שנאָרכען פֿון אַ פֿערד, איז ער צוגעריטען אין אַ זייט און אין שאָטען פֿון אַ בערגעל, האָט ער דערזעהן ליגען אַ גרופּע מענשען.

איינער פֿון זיי, אַ צוואַנציג־יעהריגער יונגער־מאַן, האָט געהאַט אויף זיך אַ פּורפּור־העמדעל, אַ גאָלדענע קייט אויפֿ'ן האַלז און אַ שווערד אין אַ טייערער שייד. עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער ליגט טויט און פֿיהלט שוין גאָרנישט. זיינע אויגען זענען געווען אויסגעדרעהט מיט'ן ווייסעל

אין דרויסען און אביסעל שוים אויפ'ן מויל. רעמסס האָט דער־קענט, אז ער איז דער אָנפיהרער פון די לובים. ער איז צוגעגאנגען צו איהם, האָט איהם אראָבגעריסען די קייט פון האלז און די שווערד אָבגעטשעפעט.

עפעס א אלטער פון די לובים. וועלכער איז געווען ווענינגער מיעד פון אנדערע, זעהענדיג, וואָס רעמסס טהוט, האָט ער צו איהם געזאָגט:

— חאָטש דו, מצרי, האָסט מנצח געווען, דאָך דארפסטו אכטען אונזער פירשטס זוהן, וועלכער איז גע־ווען אונזער אָנפיהרער.

— דער איז מוסף־אסא'ס זוהן? — האָט דער קרוינ־פרינץ געפרעגט.

— אמת האָסטו געזאָגט — האָט איהם דער לובי געענטפערט — דאָס איז תחנה, מוסף־אסא'ס זוהן, אונזער אָנפיהרער, וועלכער איז ווערט געווען צו זיין אפילו א מצרי'שער פירשט.

— און וואו איז מוסף־אסא?

— מוסף־אסא געפינט זיך אין גלויקום און ער קלויבט צונויף א גרויסע ארמיע, וועלכע וועט זיך נוקם זיין אין די מצריים.

אנדערע לובים האבען זיך נישט אָנגערופען; זיי האָ־בען אפילו נישט געקוקט אויף זייערע בעזיעגער. אויף דעם בעפעהל פון דעם קרוינפרינץ האבען זיי די אזיאטישע סאָל־טען אָבגענומען דאָס געוועהר — און אליין האבען זיי זיך אנידערגעזעצט אין שאָטען פון א פעלז.

אין דעם מאָמענט זענען דאָרט נישט געווען קיין פריינד און קיין שונאים, נאָר שטערבליך מידע מענשען.

דער טוירט איז אַלע פֿאַרגעשטאַנען און זיי האָבען געוואָלט נאָר רוהען.

זעהענדיג, אַז תחנה ליעגט נאָך אַלץ אומבעוועגליך, האָט פּענטוער אַנידערגעקניעט נעבען איהם און זיך אַראָבגעבויגען איבער זיין קאָפּ אויף אַזאַ אופן, אַז קיינער האָט נישט געקאָנט זעהן, וואָס ער טהוט. תחנה האָט באַלד אָנגעהויבען אָבצועטהעמען, זיך וואַרפֿען און ענדליך האָט ער געעפֿענט די אויגען; דערנאָך האָט ער זיך אויפֿגעזעצט, רייבענדיג זיך דעם שטערן, ווי ער וואָלט זיך אויפֿגעוועקט פֿון אַ האַרטען שלאָף, וועלכער איז נאָך נישט איבערגעגאַנגען.

— תחנה, אָנפֿיהרער פֿון די לובים! — האָט רעמסס געזאָגט — דו און דיינע מענשען זענט געפֿאַנגענע פֿון הייליגען פּרעה.

— בעסער הרג'ע מיך באַלד — האָט תחנה געמורמעלט — איידער איך זאָל די פֿרייהייט פֿערליערען.

— אויב דיין פֿאָטער מוסף־אַסאַ וועט זיך בערוהיגען און ער וועט שליעסען אַ שלום מיט מצרים, וועסטו זיין פֿריי און גליקליך ...

תחנה האָט אויסגעדרעהט דעם קאָפּ און זיך צוריק געלעגט, ווי די ווערטער פֿון קרוינפּרינץ וואָלטען איהם נישט געריהרט. רעמסס האָט זיך געזעצט נעבען איהם און באַלד איז ער איינגעשלאָפֿען געוואָרען.

ער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט נאָך אַ פֿיערטעל שעה און האָט זיך פֿרישער געשפּירט. ער האָט אַ קוק געטהון אויף דער מדבר און אויסגעשריען פֿון איבעראַשונג: אויף דעם האָריזאָנט האָט ער דערזעהן אַ גריניעם פּלאַץ, וואַסער, גע=

דיכּטע פּאַלמען און אַבּיסעל ווײַטער — שטעדטלעך און בית־מקדש׳ם...

ארום איהם זענען אַלע געשלאָפען — די אַזיאַטען און די לוּבּים. נאָר פּענטוער, שטעהענדיג אויף אַ שטיק פעלז, האָט זיך מיט דער האַנד פערשטעלט די אויגען און עפּעס ערגעץ געקוקט.

— פּענטוער!... פּענטוער!... — האָט רעמסס גע־שריען — זעהסטו דעם אָאזיס?...

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט און איז צוגעלאָפען צו דעם כּהן, וועלכער איז געווען עפּעס בּעזאָרגט.

— זעהסטו דעם אָאזיס?...

— דאָס איז ניט קיין אָאזיס — האָט פּענטוער גע־ענטפערט — דאָס איז עפּעס אַ נשמה פון אַ לאַנד, וועלכע בּלאָנדזשעט ארום אין דער מדבר. דאָס לאַנד איז שוין לאַנג אויף דער וועלט נישטאָ... נאָר יענץ דאָרט... דאָס איז אין אמת׳ן יאָ פערהאַנען!... — האָט ער ווײַטער געזאָגט, ווײַזענדיג מיט די הענד אויף דרום.

— בּערג?... — האָט דער קרוינפּרינץ געפרעגט.

— קוק זיך איין בּעסער.

דער קרוינפּרינץ האָט זיך אײַנגעקוקט און פּלוצ־לונג האָט ער געזאָגט:

— מיר דאַכט זיך, אַז די דונקעלע מאַסע הויבּט זיך אויף... מײַנע אויגען זענען אוודאי מיעד...

— דאָס איז דער טיפאָן (שטאַרקער שטורם־ווינד) — האָט דער כּהן געענטפערט — נאָר די געטער קאָנען אונז ראַטעווען, אויב זיי וועלען נאָר חשק האָבּען אונז צו ראַטעווען...

רעמסס האָט טאַקי געשפּירט אויפ׳ן פּנים עפּעס אַ

וואַרים ווינדטעל, וועלכעס איז אין אָנפאַנג געווען זעהר איידעל, איז וואָס אַמאָל שטאַרקער און הייסער געוואָרען און גלייכצייטיג האָט זיך אַ דונקעלער זייל גיך אויפגעהויבען ביז צום הימעל.

— וואָס וועלען מיר טהון? — האָט דער קרוינפּרינץ געפרעגט.

— די פעלזען וועלען אונז שיצען — האָט פענטוער געענטפערט — פערשאָטען מיט זאמד וועלען מיר נישט ווערען. זיי וועלען אָבער נישט פעריאָגען דעם שטויב און די היץ, וועלכע ווערען וואָס אַמאָל גרעסער. און אין אַ טאָג, אָדער אין צוויי...

— דויערט דער טיפאָן אַזוי לאַנג?

— טיילמאָל דויערט ער דריי, פיער טעג... נאָר זעלטען האַלט ער נישט מעהר, ווי עטליכע שטונדען און פלוצלונג פאַלט ער, ווי אַ רויב־פויגעל, ווען ער ווערט דערשאָסען...

דער קרוינפּרינץ איז טרויעריג געוואָרען. פענטוער האָט אַרויסגענומען פון הינטער זיין מלבוש אַ קליין פלעשעלע פון גרין גלאָז און ווייטער געזאָגט:

— דאָ האָסטו אַ רפואה... דאָס דאַרף דיר קלעקען אויף עטליכע טעג... ווען דו וועסט דערשפּירען, אַז דו ווערסט שלעפעריג, אָדער ווען עס וועט אויף דיר פאַלען אַ אימה, זאָלסטו נעהמען אַ טראָפען פון דער רפואה. אַזוי אַרום וועסטו זיך שטאַרקען און דו וועסט איבערהאַלטען...

— און דו? און אַנדערע?...

— מיין גורל איז אין גאָטס האַנד... די איבעריגע מענשען... זיי זענען דאָך נישט קיין קרוינפּרינצען!...

— איך וויל נישט די רפואה — האָט דער קרוינ־פּרינץ געזאָגט, אָפּרוקענדיג דעם פלעשעל.

— דו מוזט דאָס נעהמען!... — האָט פּענטוער גע־שריען — געדענק, אַז דאָס פאָלק פון מצרים האָט זיין האָפנונג נאָר אין דיר... געדענק, אַז דאָס פאָלק דאַרף דיך האָבען...

דער שוואַרצער וואָלקען האָט שוין בעדעקט אַ האַל־בען הימעל און דער הייסער שטורם־ווינד האָט אַזוי געוואַל־דיג געבלאָזען, אַז דער קרוינפּרינץ און דער כהן האָבען געמוזט אַראָבגעהן און שטעהן הינטער דעם פעלז.

— דאָס פאָלק פון מצרים?... — האָט דער קרוינ־פּרינץ איבערגע'חזר'ט.

פּלוצלונג האָט ער אויסגעשריען:

— האָסטו פאַר אַ יאָהר געדעדט צו מיר ביינאַכט אין גאַרטען?... דאַמאָלס. באַלד נאָך די מאַנעוורען?...

— דאַמאָלס, ווען דו האָסט זיך דערבאַרימט איבער'ן פויער, וועלכער האָט זיך אויפגעהאַנגען פון פערצוויי־פלונג, ווייל מען האָט איהם דעם קאַנאַל פערדאָרבען — האָט דער כהן געענטפערט.

— דו האָסט אָבגעראַטעוועט מיין גוט און די יודענע שרה, ווען דער המון האָט זי געוואָלט פערשטיינען?...

— איך — האָט פּענטוער געענטפערט — דו האָסט דערנאָך בעפרייט פון דער תפיסה די אונשולדיגע פויערען און האָסט נישט ערלויבט דגונ'ען צו בעדריקען דאָס פאָלק מיט נייע אָבצאָהלונגען.

פאַר דעם פאָלק — האָט דער כהן געזאָגט — פאַר דעם רחמנות, וואָס דו האָסט אַלע מאָל געהאַט אויף

דעם פאָלק, בענש איך דיך נאָך היינט... אפשר וועסטו איינער דו גערעטעט ווערען, נאָר געדענק... געדענק, אז דיך ראַטעוועט דאָס פאָלק פון מצרים, וועלכעס ערוואַרטעט פון דיר אַ ישועה...

פלוצלונג איז פינסטער געוואָרען. פון מיטאָג אָן האָט זיך געשאָטען אַ רעגען מיט הייסען זאמד און עס האָט געריסען אַזאַ געוואַלדיגער שטורם־ווינד, אַז ער האָט אומגעוואָרפען אַ פערד, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ אָרט, וועלכעס איז נישט געוועזען בעשיצט דורך אַ פעלז. די אַזיאַטען און די געפאַנגענע לוביים האָבען זיך אויפגעחאַפט פון שלאָף און יעדער האָט זיך נעהנטער צוגעשטופט צו'ם פעלז.

אויף דער ערד איז פינסטער געוועזען און אויפ'ן הימעל האָבען זיך געיאָגט געלע און שוואַרצע וואָלקענס פון זאַמד. עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס זאַמד פון דער גאַנצער מדבר איז לעבענדיג געוואָרען, האָט זיך אויפגעהויבען אין דער הויך און איז געלאָפען אַזוי גיך, ווי אַ פייל פון בויגען.

היים איז געוועזען, ווי אין אַ שוויץ־באָד: אויף די הענד און אויפ'ן פנים האָט געפּלאַצט די הויט, די צונג איז פערטריקענט געוואָרען, ביי'ם אָבעטהעמען האָט געשטאָכען אין דער ברוסט. די דינע קערנדלעך זאַמד האָבען געבריהט, ווי פונקען.

פענטוער האָט מיט געוואַלד צוגערוקט דאָס פלעשעלע צו דעם קרוינפרינצס מויל. רעמסס האָט אויסגעטרונקען עטליכע טראָפּענס און דערשפירט אַ וואונדערבאַרע ענדערונג: די שמערצען און די היץ האָבען איהם אויפגעהערט צו קוועלען, דער געדאַנק זיינער איז פרייער געוואָרען.

— און דאָס קאָן דויערן עטליכע טעג?..

— פיער טעג — האט דער כהן געענטפערט.

— און איהר, חכמים, גאטס אנפערטרויעטע, האט נישט קיין מיטעל צו ראטעווען מענשען פון אזא אונגליק?...

פענטוער האט זיך פערטראכט און געזאגט:

— אויף דער וועלט איז פערהאנען נאר איין חכם, וועלכער קאן קעמפפען געגען די רוחות... ער געפינט זיך אבער נישט דא!...

דער טיפאן האט געבלאזען שוין א האלבע שעה מיט א שרעקליכער, אונבעגרייפליכער קראפט. עס איז געוועזען פינסטער, ווי ביינאכט. טיילמאל איז דער שטורם-ווינד שוואך געווארען, די שווארצע חמארעס האבען זיך פונאנ-דערגערוקט און אויף דעם הימעל האט מען געזעהן א בלו-טיגע זון. אויף דער ערד האט זיך געזעהן עפעס א געלע ליכטיגקייט.

באלד איז אבער צוריק שטארק געווארען דער הייסער, דעמפפיגער טיפאן. די זיילען שטויב זענען גער בטער געווארען, די געלע ליכטיגקייט איז פערלאשען געווארען און אין דער לופט האבען זיך געהערט עפעס שטילע גערוישען, וועלכע דאס אויער איז נישט געוואוינט געוועזען צו הערען.

די זון האט באלד געזאלט אונטערגעהן און דאס גע-וויטער מיט דער היץ זענען נאך אלץ וואס אמאל גרעסער געווארען. טיילמאל האט זיך אויף דעם האריזאנט בעוויזען א ריזענדיגער, בלוטיגער פלעק, ווי א שרפה וואלט ארומגענומען די וועלט.

פלוצלונג האט דער קרוינפרינץ דערזעהן, אז פענטוער געפינט זיך נישט ביי איהם. פלוצלונג האט ער דערהערט א געשריי:

— בר־אות! ... בר־אות! ... אויב נישט דו, ווער וועט אונז העלפֿען?... בר־אות!... אין נאָמען פֿון איינציגען, אַלמעכטיגען, וועלכער האָט נישט קיין אָנהויב און קיין סוף, רוף איך דיך! ...

פֿון צפֿון־זייט האָט זיך דערהערט אַ דונער. דער קרוינפּרינץ איז זעהר דערשראָקען געוואָרען; אין מצרים האָט מען זעהר זעלטען געהערט דונערן.

— בר־אות! ... בר־אות! ... — האָט דער כהן ווייטער געשריען.

דער קרוינפּרינץ האָט זיך גוט איינגעקוקט אין דער זייט, פֿון וואַנען פּענטוער'ס שטימע האָט זיך געהערט און ער האָט דערזעהן אַ מענשליכע פֿיגור מיט אויפֿגעהויבענע הענד. פֿון דעם קאָפּ, פֿון די פֿינגער און אויך פֿון די מלבושים פֿון דער פֿיגור, זענען יעדע ווייל אַרויסגעשפּרונגען העל־בלויע פֿונקען.

— בר־אות! ... בר־אות! ...

דאָס דונערן האָט זיך געהערט וואָס אַמאָל נעהנטער און צווישען די וואָלקענס פֿון זאַמד האָט געבלאַנקט אַ בליץ, וועלכער האָט בעגאָסען די מדבר מיט אַ רויטער ליכטיגקייט.

אַ נייער דונער און אַ נייער בליץ.

דער קרוינפּרינץ האָט דערשפּירט, אַז די געוואַלדיגקייט פֿון ווינד ווערט שוואַכער און די היץ ווערט קלענער. דאָס זאַמד, וועלכעס האָט זיך אויפֿגעהויבען ביז צו'ם הימעל, האָט איצט אָנגעהויבען אַראָבצופֿאַלען, דער הימעל האָט בעקומען אַ אַש־פֿאַרב. דערנאָך איז ער געוואָרען געל און שפּעטער — מילך־פֿאַרביג. דערנאָך איז שטיל געוואָרען

און א ווײַלע שפּעטער האָט זיך ווידער געהערט א דונער און א קאַלטער ווינד האָט געוועהעט פון צפון־זײַט.

די אַזיאַטען און די לובים האָבען זיך אויפגעחאַפּט.

— סאָלדאַטען פון פרעהן! — האָט זיך פּלוצלונג אָנגערופען דער אַלטער לובי — הערט איהר דאָס גערויש אין דער מדבר? ...

— ווידער א געוויטער?

— ניין, עס רעגענט...

עס זענען טאַקי פון הימעל אראָבגעפאַלען עטליכע קאַלטע טראָפּענס וואַסער, דערנאָך מעהר טראָפּענס אין ענדליך איז געוואָרען א שלאַקס־רעגען מיט דונערען און בליצען.

די סאָלדאַטען פון רעמסס'ן און זײַערע געפאַנגענע האָבען זיך זעהר געפרעהט. נישט אַכטענדיג אויף די בליצען און דונערען, האָבען אַלע געטאַנצט, ווי די קינדער אונטער די רעגען־שטראָמען. אין דער פינסטער האָבען זי געוואַשען זיך און די בערד, געחאַפּט וואַסער אין די היטלען און אין די לעדערנע זעק און געטרונקען, געטרונקען...

— נו, איז דאָס קיין נס נישט? ... — האָט רעמסס געזאָגט — ווען נישט דער רעגען, וואָלטען מיר אומגעקומען אין דער מדבר, אין די ברענענדע הענד פון טיפאָן.

— עס פּאַסירט — האָט דער אַלטער לובי זיך אָנגערופען — אז דער דרום־ווינד זאַמד רײַצט די ווינדען, וועלכע שפּאַצירען איבער דעם ים און דאַן קומט אָן א רעגען.

רעמסס'ן זענען די ווערטער נישט געפעלען געוואָרען; ער האָט געמײנט, אז די תּפילות פון פּענטוער'ן האָבען גע־

בראַכט דעם רעגען. און ווענדענדיג זיך צו דעם לובי, האָט ער איהם געפרעגט:

— ציִ פּאַסירט אויך דאָס, אַז פון אַ מענשען זאָלען אַרויסשפּרינגען פונקען?

— שטענדיג, ווען עס וועהעט אַ ווינד אין דער מדבר, פּאַסירט דאָס — האָט דער לובי געענטפערט — איצט האָבען מיר דאָך אויך געזעהן, אַז פונקען זענען אַרויסגעשפּרונגען נישט נאָר פון מענשען, אָבער אויך פון פערד.

אין זיין שטימע האָט געקלונגען אַזאַ זיכערהייט, אַז דער קרוינפּרינץ איז נאָהנט צוגעגאַנגען צו זיינם אַ אָפיציער און געזאָגט צו איהם שטיל:

— גיעט אַכטונג אויף די לובים...

קוים ער האָט די ווערטער אַרויסגעזאָגט, האָט זיך געהערט עפּעס אַ געררויש אין דער פינסטער און באַלד דערנאָך — אַ טופּען פון פערד. ווען אַ בליץ האָט אַ רגע ליכטיג געמאַכט אין דער מדבר, האָט מען דערזעהן אַ מענשען, וועלכער איז גיך אוועקגעריטען אויף זיין פערד.

— בינדען די אלע! — האָט דער קרוינפּרינץ געשריען — און אוים'הרג'ענען זאָל מען זיי, אויב ווער פון זיי וועט זיך נישט לאָזען בינדען... וועה דיר, תחנה, אויב ד ונד, וועלכער איז דאָ אנטלאָפען, וועט דאָ אהער גנגען דיינע ברידער!... דו וועסט אומקומען אין שווערע יסורים, דו און אלע דיינע...

חאָטש עס האָט גערעגענט, געדונערט און עס איז געווען פינסטער, האָבען די סאָלדאַטען פון רעמסס'ן גע-

בונדען די לובים, וועלכע האבען זיך זאגאר נישט געגעני-געשטעלט.

אפשר האבען זיי געווארט אויף דעם בעפעהל פון תחנה. דער איז אבער געוועזען אזוי נידערגעשלאגען, אז ער האט גאר נישט געקלערט צו אנטלויפען.

דאס געוויטער האט איינציגווייז אויפגעהערט און אנשטאט דער שטארקער היץ, וואס האט געהערשט בייטאג, איז איצט געווארען זעהר קאלט. מענשען און פערד האבען געטרונקען, וויפיעל זיי האבען געקאנט און די לעדערנע זעק זענען פול געוועזען מיט וואסער; טייטלען און סוחארקעס האבען זיי געהאט גענוג און אלע זענען לוסטיג געוועזען. די דונערען האבען אויפגעהערט, די בליצען האבען זיך שוין נישט אזוי אפט בעוויזען; אויף צפון-זייט זענען די וואלקענס פונאנדערגעריסען געווארען, דא און דארט האבען זיך געוויזען שטערען.

פענטוער איז צוגעגאנגען צו רעמסס'ן.

— זאלען מיר צוריקגעהן צו אונזער מחנה — האט ער געזאגט — מיר קאנען דארט אנקומען אין עטליכע שטונדען, איידער דער. וואס איז אנטלאפען, וועט אונז דא אהער ברענגען דעם שונא.

— ווי אזוי וועלען מיר קאנען וויסען וואו צו געהן ווען עס איז אזוי פינסטער?

— האט איהר שטאלקאצען? — האט דער כהן געפרעגט די אזיאטישע סאלדאטען.

זיי האבען געהאט שטאלקאצען, נאר קיין פייער איז נישט געוועזען. דאס האלץ, וואס זיי האבען געהאט מיט זיך,

וועלכעם האָט געוואָלט דינען אַנצוצינדען פייער — איז נאָם געוואָרען.

— מיר וועלען מוזען ווארטען ביז עם וועט טאָג ווערען! — האָט דער קרוינפרינץ געזאָגט.

פענטוער האָט גאָרנישט געענטפערט. ער האָט ארויסגענומען פון זיין טאָרבע אַ קליין כלי, פון אַ סאָלדאַט האָט ער גענומען אַ שטאָלקאַץ און איז אַוועקגעגאַנגען אָן אַ זייט. נאָך אַ קורצער ווילע האָט זיך די שטאָלקאַץ אָנגעצונדען...

— דער כהן איז אַ גרויסער מכשף!... — האָט דער אַלטער לובי געזאָגט.

— מיר אין די אויגען האָסטו שוין דעם צווייטען מופת בעוויזען — האָט רעמסס געזאָגט צו פענטוער'ן — קאָנסטו מיר נישט ערקלערען, ווי אַזוי דו מאַכסט דאָס?...

דער כהן האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— אַלעס זאָלסטו מיך פרעגען. — האָט ער געענטפערט — און איך וועל דיר ענטפערן, לויט ווי איך פערשטעה. נאָר קיינמאָל זאָלסטו נישט פערלאַנגען פון מיר, איך זאָל דיר ארויסגעבען די סודות פון אונזערע בית־המקדש'ס.

— אפילו ווען איך וועל דיך מאַכ[illegible]ן פאַר מיין יועץ וועסטו מיר אויך דאָס נישט אויסגעבען?

— אפילו ווען איך וועל זיין דיין יועץ. איך וועל קיינמאָל נישט זיין קיין פערדעטהער און ווען איך וואָלט אפילו יאָ געוואָלט זיין אַ פערדעטהער, וואָלט איך מורא געהאַט פאַר דער שטראָף...

— פאַר דער שטראָף?... — האָט רעמסס איבער־

געחור'ט — אהא! ... איך געדענק, אז אין דעם בית-המקדש התור האבען די כהנים געגאסען פעך אויף א מענשען, וואס איז געהאלטען געווארען אונטער דער ערד. צי האבען זיי טאקי אזוי געטהון? ... און דער מענש איז טאקי אומגעקו-מען אין שווערע יסורים...

פענטוער האט געשוויגען. ווי ער וואלט נישט גע-הערט די פראגע און לאנגזאם האט ער ארויסגעצויגען פון זיין טארבע א קליין בילדעל פון א אבגאט מיט אויסגעצוי-גענע הענד. דאס בילדעל איז געהאנגען אויף א שנירעל; פענטוער האט שטיל געזאגט עפעס א תפלה און האלטענ-דיג דאס שנירעל אין דער האנד, האט ער דאס בילדעל לייכט א שליידער געטהון. דאס בילדעל האט זיך געשליי-דערט אין אלע זייטען און דערנאך איז עס געבליבען הענגען רוהיג.

ביי דער ליכט פון שטאלקאץ, האט רעמסס זיך איינגעקוקט, וואס דער כהן טהוט.

— וואס טהוסטו? — האט ער געפרעגט פענטוער'ן.

— איך קאן דיר זאגען נאר דאס, אז דער גאט ווייזט מיט איין האנד אויף דעם שטערן, וועלכער פיהרט ביי נאכט די פעניציזשע שיפען איבער דעם ים.

— בכן האבען אויך די פעניציאנער דעם גאט?

— זיי ווייסען אפילו נישט פון איהם. נאר מיר און די כשדי'שע כהנים ווייסען פון איהם. מיט דער הילף פון דעם גאט קאן יעדער נביא וויסען דעם וועג, וואו ער דארף נעהן סיי אין א שען וועטער, סיי אין א רעגען-צייט, אויפ'ן ים און אויף דער מדבר.

אויף דעם בעפעהל פון קרוינפרינץ, וועלכער איז

געגאנגען נעבען פענטוער'ן מיט א שטאלקאץ אין דער האנד, איז די גאנצע מחנה מיט די געפאנגענע געגאנגען נאך דעם כהן אויף צפון-מזרח-זייט. דאס בילדעל אויף דעם שנירעל האט זיך געשאקעלט און מיט דער אויסגעצויגענער האנד האט עס געוויזען, וואו עס געפינט זיך דער הייליגער שטערן, וועלכער שיצט די פערבלאנדזעטע רייזענדע.

אלע זענען געגאנגען צו פוס, פיהרענדיג די פערד. עס איז אזוי קאלט געווען, אז אפילו די אזיאטען האבען געהויכט אין די הענד און די לובים האבען געציטערט.

פלוצלונג האט אונטער זייערע פיס זיך עפעס געבראכען. פענטוער האט זיך אנידערגעשטעלט און אראבגעבויגען.

— אויף דעם ארט — האט ער געזאגט — האט זיך פערזאמעלט וואסער פון רעגען און פון דעם וואסער, זעה, קרוינפרינץ, וואס עס איז געווארען...

זאגענדיג דאס, האט ער אויפגעהויבען א דורכזיכטיגען טאוועל, וועלכער האט אויסגעזעהן ווי גלאז און איז צושמאלצען געווארען אין זיין האנד.

— ווען עס איז זעהר קאלט — האט ער געזאגט — ווערט פון וואסער א דורכזיכטיגער שטיין.

די אזיאטען האבען בעשטעטיגט די ווערטער פון דעם כהן, צוגעבענדיג, אז ווייט אויף צפון-זייט, פערוואנדעלט זיך דאס וואסער זעהר אפט אין א שטיין און דאמפף — אין ווייס זאלץ, וועלכעס האט קיין שום טעם נישט, נאר עס שטעכט די פינגער און רופט ארויס צייהן-שמערצען.

דער קרוינפרינץ האט וואס א מאל מעהר בעוואונדערט די חכמה פון פענטוער'ן.

אויף צפון-זייט פון הימעל איז דערוויל ליכטיג געווארען און עס האט זיך דערוויזען דער שטערן, וועלכער פיהרט די פערבלאנדזשעטע. דער כהן האט ווידער געזאגט א תפלה און בעהאלטען דאס בילדעל פון אבגאט. דערנאך האט ער געהייסען פערלעשען די שטאלקאצען און איבערלאזען א צאנקענדע שנור, אויף וועלכער ער האט געמאכט צייכענס; ווען די שנור האט זיך אבגעברענט פון איין צייכען ביז צו'ם אנדערען, האט מען געוואוסט, אז עס איז פאראיבער א שעה.

דער קרוינפרינץ האט געהייסען זיינע סאלדאטען, זיי זאלען אכטונג געבען אויף די געפאנגענע און ער איז געגאנגען מיט פענטוער'ן לערך הונדערט טריט פאר זיי...

— פענטוער — האט רעמסס געזאגט צו דעם כהן — פון איצט אן בלייבסטו מיין יועץ, היינט און אויך ווען די געטער וועלען מיר איבערגעבען די קרוי'ן פון נידריגען און העכערן מצרים...

— מיט וואס האב איך אויף דעם פערדיענט?

— אין מיינע אויגען האסטו בעוויזען מופתים, וועלכע דערווייזען, אז דו פערמאגסט זעהר פיעל חכמה און דו הערשסט איבער רוחות. דו ביזט אויך בערייט געווען מיר צו רעטען דאס לעבען. חאטש דו האסט בעשלאסען פיעל זאכען צו פערבארגען פאר מיר...

— זיי מיר מוחל, גרויסער הערר, — האט איהם דער כהן איבערגעהאקט די ווערטער — ווען דו ווערסט דארפען פערטרעטהער, וועסטו זיי בעקומען פאר געלד און ציערונג, אפילו אויך צווישען די כהנים. איך וויל אבער צו זיי נישט געהערען. וארום, ווען איך וואלט פערטרעטהעט די געטער,

וואָלסטו דעָן געקאָנט זיכער זיין, אז דיך וועל איך ניט פערדערטהען?

רעמסס האָט זיך פערטראַכט.

— זעהר קלוג האָסטו געזאָגט — האָט דער קרוינפּרינץ געענטפערט — עס וואונדערט מיך אָבער, פאַרוואָס ביזטו, כהן, צו מיר אַזוי גוט? פאַר אַ יאָהר האָסטו מיך געבענשט, היינט האָסטו מיך נישט געלאָזט געהן אַליין אין דער מדבר און דו ביזט מיטגעגאַנגען מיט מיר, ברענגענדיג מיר אַזוי פיעל נוצען...

— ווייל די געטער האָבען מיך געוואָרענט, אַז דו, קרוינפּרינץ, וועסט קאָנען, אויב דו וועסט נאָר וועלען, אַרויסציהען דאָס אונגליקליכע פאָלק פון עלענדקייט און שפלות.

— וואָס אינטערעסירט דיך דאָס פאָלק?

— פון דעם פאָלק שטאַם איך... מיין פאָטער און מיינע ברידער האָבען גאַנצע טעג געשעפּט וואַסער פון נילוס און מיט שטעקענס זענען זיי געשלאָגען געוואָרען...

— מיט וואָס קאָן איך העלפען מיין פאָלק? — האָט דער קרוינפּרינץ געפרעגט.

פענטועָר איז לעבהאַפטיגער געוואָרען.

— דיין פאָלק — האָט ער געזאָגט, זייענדיג גע־ריהרט — אַרבייט צו פיעל, אָבצאָהלונגען מוז עס איינטראָגען צו פיעל. איז עלענד און פערפאָלגט. ביטער איז דעם פויער...

„אַ וואורם פרעסט אויף איין העלפט פון זיין תבואה, אַ וויזעלטהיר — די צווייטע העלפט; אויף די פעלדער געפינען זיך מענגעס מייז, אַ היישעריק איז אַנגע־

קומען, די בהמות האָבען צעטרעטען, די פויגעל האָבען געגנב'עט. וואָס עס איז נאָך איבערגעבליבען האָבען גזלנים גערויבט. אָ, עלענדקייט פון ערד־ארבייטער! ... עס קומט דער שרייבער אויף דעם ברעג פון פעלד און פערלאנגט מען זאָל איהם געבען תבואה, זיינע חברים האָבען געבראכט שטעקענס און נעגרען טראָגען ריטער פון פאלמען. זיי זאָגען: גיעב תבואה! — עס איז נישטאָ קיין תבואה. — זיי שלאָגען, ציהען אויס אויף דער ערד און בינדען, ווארפען אין קאנאל און האלטען דעם קאָפּ אין וואסער. זיין פרוי און זיינע קינדער בינדען זיי אין זיינע אויגען. די שכנים אנטלויפען, אָבראטעוועגדיג זייער תבואה". *)

— איך האָב דאָס אליין געזעהן — האָט דער קרוין־פּרינץ געענטפערט — און איך האָב אויך פעריאָגט אזא שרייבער. צי קאָן איך אָבער אומעטום זיך געפינען, אום איך זאָל נישט דערלאָזען קיין אונרעכט?...

— דו קאָנסט בעפעהלען, מען זאָל קיין מענשען נישט קוועלען. דו קאָנסט נידריגער מאכען די אָבצאָהלונגען, בעשטימען א רוה־טאָג פאר די פויערען. דו קאָנסט יעדער פאמיליע געבען א שטיקעל ערד, פון וועלכען זי זאָל זיך שפייזען און נישט דארפען אוועקגעבען קיינעם די תבואה. אויב דו וועסט אזוי נישט טהון, וועלען זיך די פויערען שטענדיג שפייזען מיט לאָטוס, פאפירוס און געפגר'טע פיש און דיין פאָלק וועט אמאָל מוזען אויסשטאר־

*) ריכטיג איבערגעגעבען די שילדערונג פון דעם דאמאָלס־טיגען צושטאנד אין מצרים

בען ... אָבער ווען דו וועסט איהם געבען דיין גנאָד ...
— אזוי וועל איך טאקי טהון! — האָט דער קרוין־פּרינץ געענטפערט — אַ גוטער בעל־בית לאָזט זיינע בהמות נישט שטארבען פון הונגער, ארבייטען מעהר, וויפיעל זיינע קרעפטען ערלויבען איהם און געשלאָגען ווערען אומזיסט. דאָס קאָן וויטער נישט זיין!...
פּענטועך האָט זיך אָבגעשטעלט.
— דו פערשפּרעכסט מיר אזוי צו טהון?...
— איך שווער דיר! — האָט רעמסס געענטפערט.
— איך שווער דיר אויך, אז דו וועסט זיין דער בעריהמטסטער פרעה, דו וועסט מעהר בעריהמט זיין פון רעמסס דעם גרויסען! — האָט פּענטועך אויסגעשריען.
דער קרוינפּרינץ האָט זיך פערטראַכט.
— וואָס וועלען מיר צוויי קאָנען אויפטהון געגען די כהנים, וועלכע האָבען מיך?...
— זיי האָבען מורא פאר דיר, מיין הערר, — האָט רעמסס געענטפערט — זיי האָבען מורא, אז דו זאָלסט נישט צו פריה אָנהויבען צו פיהרען אַ מלחמה געגען אשור...
— פאַרוואָס ווילען זיי נישט, אז איך זאָל פיהרען די מלחמה?...
דער כהן האָט אַראָבגעבויגען דעם קאָפּ, פונאנדער־געלעגט די הענד און געשוויגען.
— וועל איך דיר זאָגען!... — האָט דער קרוין־פּרינץ געשריען מיט כעס — זיי ווילען נישט, אז איך זאָל פיהרען אַ מלחמה מיט אשור, וויל זיי האָבען מורא, איך זאָל נישט צוריקקומען מיט אַ נצחון, בעלאָדענט מיט אוצרות, טרייבענדיג פאר זיך שקלאַפען... זיי האָבען מורא

ווײַל זײ ווילען, אַז יעדער פרעה זאָל זײַן שוואַך, אונגוצליך און זײ זאָלען מיט איהם קאָנען טהון, וואָס זײ ווילען...

מיט מיר וועלען זײ אָבער אַזוי נישט טהון! ... איך וועל טהון, וואָס איך וויל, וואָס איך האָב רעכט צו טהון אַלס אַ זוהן און אַ יורש פון געטער, אָדער איך וועל אומקומען...

פענטוער האָט זיך צוריקגערוקט און געזאָגט עפּעס אַ שפּרוך.

— זאָג נישט אַזוי, גרויסער העֶרר! — האָט ער דערנאָך געזאָגט — זאָלען דײַנע ווערטער נישט אויפגעכאַפּט ווערען פון די שלעכטע רוחות, וועלכע פליהען אַרום אין דער מדבר... יעדעס וואָרט, געדענק דאָס, העֶרשער, איז ווי אַ שטײן, וואָס ווערט געשלײַדערט דורך אַ בויגען; ווען דער שטײן טרעפט אין אַ וואַנד, שלאָגט ער זיך אָב און טרעפט דעם, וואָס שלײַדערט איהם...

דער קרוינפּרינץ האָט מיט פּעראַכטונג געוואָרפען די הענד.

— זאָל זײַן, וואָס עס וועט זײַן — האָט ער גענטפערט — קײן שום ווערט האָט נישט אַזאַ לעבען, ווי זיך נישט צו קאָנען ריהרען... דאָס ערלויבען נישט די געטער, עפּעס אַנדערש ערלויבען נישט שלעכטע רוחות אין דער מדבר, וואו עס זענען נישט פאַרהאַנען קײן שלעכטע רוחות, זענען דאָ כהנים... און דאָס זאָל זײַן די מאַכט פון פרעה'ן? ... איך וויל טהון דאָס, וואָס איך וויל און רעכענונג אָבגעבען נאָר פאַר מײַנע אײַביגע אבות, נישט פאַר יעדען געגאָלטען קאָפּ, וועלכער ערקלערט כלומר'שט, וואָס די געטער האָבען בדעה צו טהון, און אין אמת'ן פערנעהמט

ער די מאַכט און פערפולט זיינע אוצרות מיט מיין פערמעגען . . .

נישט וויַט פון זיי האָט זיך פלוצלונג געהערט אַ משונה'דיג געשריי און אַ גרויסער שאָטען איז אָנגעקומען. דער שאָטען איז געלאָפען ווי אַ שאָס און האָט געהאַט אַ לאַנגען האַלז און אַ הויקער.

די סוויטע פון דעם קרוינפּרינץ איז זעהר דערשראָקען געוואָרען.

— דאָס איז אַ גרייף ... *) איך האָב געזעהן פליגעל!... — האָט געזאָגט איינער פון די אַזיאַטען.

— אין דער מדבר זענען פערהאַנען זעהר פיעל גרייפען ! ... — האָט געזאָגט אַ אַלטער לובי.

רעמסס איז אויך דערשראָקען געוואָרען ; איהם האָט זיך אויך געדאַכט, אַז דער שאָטען האָט געהאַט אַ קאָפּ פון אַ לייב און פליגעל פון אַ אָדלער.

— צי זענען טאַקי פערהאַנען אין דער מדבר פיעל גרייפען ? — האָט רעמסס געפרעגט דעם כהן.

— אודאי ! — האָט פענטוער געזאָגט — אין אַזאַ אָרט, וואו קיין מענשען געפינען זיך נישט, זענען פערהאַנען שלעכטע רוחות אין פערשידענע געשטאַלטען. מיר דאַכט זיך אָבער, אַז דאָס, וואָס איז פאַרביַיגעגאַנגען פאַר אונז, איז אַ חיה, זי איז עהנליך געווען צו אַ אָנגעזאָטעלט

*) גרייף — אַ מין פויגעל, וועלכער איז אויף דער וועלט נישט פערהאַנען, נאָר אין די פאָלקס-ערצעהלונגען איז ער געשילדערט געווען, ווי אַ לייב מיט אַ קאָפּ פון אַ שלאַנג און פליגעל פון אַ אָדלער

פערד, נאר זי איז גרעסער געווען פון א פערד און גיכער איז זי געלאפען. די איינוואוינער פון די אאזען זאגען, אז די חיה קאן לעבען לאנג אהן וואסער. ווען עס וואלט אזוי געווען, וואלט מען געקאנט אויף דער חיה דורכרייטען די מדבר.

— איך וואלט מורא געהאט זיך צו זעצען אויף אזא מיאוס'ע חיה — האט דער קרוינפרינץ געענטפערט.

— דאס זעלבע האבען אנדערע אבות געזאגט וועגען פערד, וועלכע האבען נעהאלפען די היקסאסען איינעהמען מצרים און היינט זענען זיי אזוי נויטווענדיג אונזער ארמעע. די צייט ענדערט זעהר מענשענס מיינונגען!...— האט פענטוער געזאגט.

אויפ'ן הימעל איז פערשוואונדען געווארען דער לעצטער וואלקען און די נאכט איז געווארען א ליכטיגע. חאטש די לבנה האט דאמאלס נישט געשיינט, איז געווען אזוי ליכטיג, אז מען האט געקאנט דערקענען אלעס, וואס האט זיך געפונען אויף דעם ווייסען זאמד.

די קעלט איז אויך קלענער געווארען. א געוויסע צייט איז די מחנה געגאנגען שטיל, שלעפענדיג די פיס אין זאמד. פלוצלונג איז ווידער געווארען א מהומה צווישען די אזיאטען און עס האבען זיך געהערט געשרייען:

— ספינקס!... זעהט, א ספינקס!... מיר וועלען שוין לעבענדיג נישט ארויס פון דער מדבר...

אויף א ווייס קאלך-בערגעל האט מען טאקי דערזעהן א געשטאלט פון א ספינקס: א קערפער פון א לייב, א גרויסער קאפ אין א הויב און א פנים פון א מענשען.

בערוהיגט זיך, בארבארען! — האט דער אלטער

לובי געזאָגט — דאָס איז דאָך נישט קיין ספינקס, נאָר אַ לייב און אַ לייב וועט אַפילו קיין שלעכטס נישט טהון וואָרום ער איז בעשעפטיגט מיט עסען.

— דאָס איז טאַקי אַ לייב! — האָט רעמסס געזאָגט, פערהאַלטענדיג זיך אויף דעם אָרט, וואו ער איז געשטאַנען — אָבער ווי ענהליך איז ער צו אַ ספינקס...

— ער איז דער פאָטער פון אונזערע ספינקסען — האָט זיך דער כהן אָנגערופען — זיין פנים איז ענהליך צו אַ מענשליך פנים און זיינע האָר אויפ'ן קאָפּ זעהען אויס ווי אַ פערוק...

— צי אויך אונזער גרויסער ספינקס, דער, וואָס געפינט זיך הינטער די פיראַמידען...

— נאָך פיעל דורות איידער עס זענען געווען פיראַמידען — האָט פענטוער געזאָגט — האָט אויף דעם אָרט געוואַקסען אַ פעלז, וואָס איז ענהליך געווען צו אַ ליגענדען לייב. די געטער האָבען מיט דעם פעלז בעצייכענט די גרענעץ פון דער מדבר.

די דאַמאָלסטיגע הייליגע כהנים האָבען געהייסען קינסטלער, זיי זאָלען אומאַרבייטען דעם פעלז און צוגעבען איהם, וואָס עס פעהלט. די קינסטלער, וועלכע האָבען עפּטער געזעהן מענשען ווי לייבען, האָבען אויסגעשניצט אַ מענשליך פנים און אויף אַזאַ אופן איז בעשאַפען געוואָרען דער ערשטער ספינקס אויף דער וועלט...

— וועלכען מיר האַלטען פאַר אַ גאָט... — האָט דער קרוינפּרינץ געזאָגט מיט אַ שמייכעל.

— און מען דאַרף איהם טאַקי האַלטען פאַר אַ גאָט — האָט דער כהן געזאָגט — די געטער האָבען דאָך

איהם אָנגעהויבען מאַכען און מענשען האָבען איהם פערעג־
דיגט אויך נאָר, ווייל די געטער האָבען זיי בעגייסטערט.
אונזער ספינקס האָט אַ געשטאַלט פון גייסטער, וועלכע
קרייזען ארום אין דער מדבר און ער וואַרפט אויף מענשען
שרעק, ווי די מדבר. ער איז טאַקי אַ זוהן פון געטער און
אַ פאָטער פון שרעק.

— און דאָך — האָט רעמסס געזאָגט — האָט זיך
אַלעס גענומען פון דער ערד. דער נילוס פליעסט נישט
פון הימעל, נאָר פון בערג הינטער כוש, די פיראַמידען,
וועגען וועלכע הרהור האָט מיר געזאָגט, אַז זיי זענען אַ בילד
פון אונזער מלוכה, זענען געבויעט לויט אַ מוסטער פון
שפיצען פון פעלזען, און אויך אונזערע בית־המקדש'ס מיט
זייערע טהורמען, זייער פינסטערקייט און קיהלקייט זענען
געבויעט לויט די מוסטערען פון היילען אין בערג, וועלכע
ציהען זיך אין דער לענג פון נילוס. אַלע מאָל ווען איך
בין פערבלאָנדזעט געוואָרען, געהענדיג אויפ'ן יאַגד צווישען
די מזרח־פעלזען, האָב איך אָנגעטראָפען אויף שטיינער,
וואָס זענען אַזוי געלעגען, ווי אונזערע בית־המקדש'ס זענען
געבויעט. נישט איין מאָל האָב איך געזעהן אויף די שטיי־
נער היעראָגליפען, וועלכע זענען געשריבען געוואָרען דורך
ווינדען און רעגענס...

— דאָס איז טאַקי אַ בעווייז, אַז אונזערע בית
המקדש'ס זענען געבויעט לויט דעם פלאַן, וואָס די געטער
האָבען געמאַכט — האָט דער כהן געזאָגט — און פונקט,
ווי פון אַ קערנדעל, וואָס מען לעגט אין דער ערד, וואַקסט
אַרויס אַ גרויסע פאַלמע, אַזוי אויך, ווען אַ בילד פון אַ
פעלז, הייל, לייב, אָדער לאָטוס ווערט געזייעט אין אַ נשמה

פון א פרומען פרעה, וואקסען ארוים אלעען מיט ספינקסען, בית־המקדש'ם מיט זייערע ריזיגעדיגע זיילען, דאס אלעס איז געטליך, און גליקליך איז דער הערשער, וועלכער קוקט ארום זיך און אין ערדישע זאכען קאן ער ענטדעקען א געטליכען געדאנק, וועלכען ער שטעלט פאר די קינפטיגע דורות אין א געשטאלט, וואס יעדער קאן איהם זעהן און פערשטעהן.

— אזא הערשער מוז אבער האבען מאכט און א גרויס פערמעגען — האט זיך רעמסס אנגערופען — און נישט זיין אבהענגיג פון די כהנים...

פאר זיי איז געוועזען נאך א זאמד־בערגעל, אויף וועלכען מען האט דערזעהן עטליכער רייטער.

— אונזערע זענען זיי, אדער צו די שונאים געהע־רען זיי? ... — האט רעמסס געפרעגט.

פון בארג האט זיך געהערט א שופר־שטימע און באלד האט מען אין דער מחנה פון קרוינפרינץ אויך גע־בלאזען שופר. די רייטער זענען גיך אראבגעריטען פון בארג און צוקומענדיג נאהנט צו דער מחנה, האט איינער פון זיי געשריען:

— דער קרוינפרינץ איז דא?...

— ער איז דא און איז געזונד! — האט רעמסס געענטפערט.

זיי זענען אראב פון די פערד און געפאלען אויף די פנים'ער.

— קרוינפרינץ! — האט געזאגט דער אנפיהרער פון די אנקומענדע — דיינע סאלדאטען צערייסען זיך די מלבושים און מיט אש בעשיטען זיי זייערע קעפ, מיינענדיג,

אז דו ביזט אומגעקומען... אלע רייטער זענען פונאנדער־
געריטען אין דער מדבר, אום דיינע שפורען צו זוכען און
נאר אונז האבען די געטער ערלויבט דיך צו געפינען.

דער קרוינפרינץ האט דעם אנפיהרער בעשטימט
פאר א אנפיהרער פון הונדערט און איהם געהייסען, ער זאל
צוזאמענגעמען פארשטעלען זיינע סאלדאטען, אום זיי זאלען
א נאגראדע בעקומען.

## צוואנציגסטעס קאפיטעל.

א האלבע שעה דערנאך איז דער קרוינפרינץ שוין
געווען אין דער מחנה פון זיין מיליטער. פון אלע זייטען
האט מען געהערט שופר בלאזען, די סאלדאטען האבען
געחאפט זייער געוועהר און זיך אויסגעשטעלט אין רייהען.
די אפיציערען זענען געפאלען דעם קרוינפרינץ צו די פיס
און ווי נעכטען נאכ'ן נצחון האבען זיי איהם אויך איצט
אויפגעהויבען אויף די הענד און איהם געטראגען צו יעדער
אבטהיילונג פון מיליטער. די גאנצע מדבר האט געהילכט
פון די געשרייען: „אייביג זאלסטו לעבען, מנצח!... די
געטער שיצען דיך!"...

זייענדיג ארומגענומען מיט שטאלקאצען, איז ער
צוגעגאנגען צו'ם הייליגען מנטו־זופית.

— ווייסטו, הייליגער פאטער? — האט רעמסס גע־
זאגט צו איהם — דעם אנפיהרער פון די לובים, תחנה'ן,
האבען מיר געחאפט!..

— דאס איז דיר אזוי וויכטיג געווען, — האט מנטו־
זופית שטרענג געענטפערט, — אז דו האסט פערלאזט די

אַרמע אין אַ צײַט, ווען אַ פײַער שונא קאָן יעדע ווײַלע אָנקומען! ...

דער קרוינפּרינץ האָט פֿערשטאַנען, אַז מנטו־זופית האָט רעכט און. דאָך האָט זיך אין איהם דערוועקט אַ שרעקליכער כעס. ער האָט צונויפגעדריקט זײַנע פויסטען און זײַנע אויגען האָבען געשאָסען מיט פײַער.

— איך בעשווער דיך בײַ דײַן מוטער, אַז דו זאָלסט שווײַגען! — האָט איהם אײַנגערוימט פענטוער, וועלכער איז געשטאַנען הינטער איהם.

רעמסס האָט זיך אַזוי געוואונדערט אויף פענטוער'ן, וועלכער האָט זיך צו איהם געווענדעט פלוצלונג מיט זײַנע ווערטער, אַז אין איין מינוט איז ער אָבגעקיהלט געוואָרען און האָט פֿערשטאַנען, אַז אמבעסטען וועט זײַן, אויב ער וועט זיך מודה זײַן, אַז ער האָט געמאַכט אַ פֿעהלער.

— דו זאָגסט אמת, גרויסער כהן, — האָט ער געענטפֿערט — דער אָנפֿיהרער דאַרף קיינמאָל נישט פֿערלאָזען די אַרמעע און די אַרמעע דאַרף קיינמאָל נישט פֿערלאָזען דעם אָנפֿיהרער. איך האָב אָבער געמײנט, אַז דו, היילִיגער כהן, וועסט מיך פֿערטרעטען. דו ביזט דאָך בײַ אונז דער שטעלפֿערטרעטער פֿון קריעגס־מיניסטער.

דער רוהיגער ענטפֿער האָט געשטילט דעם כעס פֿון מנטו־זופית'ן און דאַדורך האָט ער דעם קרוינפּרינץ שוין נישט דערמאָהנט די פֿאַראַיאָהריגע מאַנעווערען, איף וועלכע ער איז פלוצלונג פֿערשוואונדען געוואָרען פֿון מיליטער און פּרעה'ס גנאָד האָט זיך פֿון איהם אָבגעטהון.

פלוצלונג איז צו זיי צוגעגאַנגען פּאַטראָקלעס מיט אַ גרויס געשריי. דער גריעכישער אָנפֿיהרער איז ווידער שכּור

געוועזן און פון ווײַטענס האָט ער געשריען צו דעם קרוין־פּרינץ :

— זעה, קרוינפּרינץ, וואָס דער הײליגער מנטו־זופּית האָט געטהון !... דו האָסט פערפּעסטיגט, אַז דו ביזט מוחל די זינד פון אַלע לובים, וועלכע פערלאָזען די מחנה פון די אַנפאַלער און קומען צוריק צו'ם מיליטער פון הײַליגען פּרעה. צו מיר זענען די מענשען געקומען, און מיט זייער הילף איז מיר געלונגען פונאַנדערצוטראָגען דעם לינקען פליגעל פון דעם שונא... דערנאָך איז געקומען דער הײליגער מנטו־זופּית און האָט געהײסען אויסהרג'ענען די אַלע מענשען... עס זענען אויסגעהרג'עט געוואָרען לערך טויזענד געפאַנגענע, ווי אַלע זענען פריהער געווען סאָלדאַטען פון הײליגען פּרעה און זיי האָבען געוואָלט בעגנעדיגט ווערען ...

אין דעם קרוינפּרינץ האָט זיך ווידער דערוועקט אַ שרעקליכער כעס, נאָר פּענטוער, וועלכער איז געשטאַנען הינטער איהם, האָט איהם ווײטער אײַנגערויסט :

— שווײַג, אין דעם נאָמען פון די געטער, שווייַג !..

פּאַטראָקלעס האָט אָבער קײן יועץ נישט געהאַט, האָט ער נישט אויפגעהערט צו שרייַען :

— פון איצט אָן וועלען מיר שוין מעהר קײן צוטרוי בייַ קײן פרעמדע נישט האָבען. בייַ אײַגענע... אויך נישט!... אונזער אַרמעע מוז אויך ענדליך פונאַנדערפאַלען, ווען זי וועט געוואָהר ווערען, אַז אָן איהר שפּיץ שטעהען פעררעטהער...

— עלענדער געדונגענער ! — האָט מנטו־זופּית געענטפערט קאַלטבלוטיג — ווי האָסטו די העזה צו רעדען

אויף דער אַרמעע פון הייליגען פרעה און זיינע פערטרויע-טע? ווי לאנג די וועלט שטעהט, האָט מען נאָך אזא לעסטערונג נישט געהערט!... די געטער וועלען זיך אודאי נוקם זיין...

פּאַטראָקלעס האָט הויך געלאַכט.

— ווי לאנג איך שלאָף צווישען גריעכען, האָב איך קיין מורא נישט פאר די נאַכט-געטער.. און ווען איך שלאָף נישט, וועלען מיר די טאָג-געטער גארנישט קאָנען טהון...

— געה, לעג זיך שלאָפען, געה!... שלאָף צווישען דיינע גריעכען, דו שכור! — האָט מנטו-זופית געזאָגט — זאָל איבער דיינע זינד נישט פאַלען צווישען אונז אַ דונער!...

— אויף דיין געגאָלטען קאָפּ וועט קיין דונער נישט פאַלען, ווארום ער וועט מיינען, אז דאָס איז נישט קיין קאָפּ, נאָר עפּעס אנדערש!... — האָט פּאַטראָקלעס געענטפערט. זעהענדיג אָבער, אז דער קרוינפּרינץ שטיצט איהם נישט, איז ער צוריקגעגאַנגען צו זיין מחנה.

— ציי האָסטו טאקי, הייליגער כהן, געהייסען אויסהרג'ענען די געפאנגענע, וועלכע איך האָב פערשפּראָ-כען צו לאָזען לעבען? — האָט רעמסס געפרעגט מנטו-זופית'ן.

— דו ביזט נישט געוועזען אין דער מחנה — האָט מנטו-זופית געענטפערט — ביזטו נישט פערענטוואָרטליך אויף דעם, וואָס איך האָב געטהון. איך היט אָב אונזערע קריעגס-געזעצען, וועלכע הייסען אונז אויסראָטען די סאָלדאָ-טען, וועלכע זענען פעררעטהער. די סאָלדאַטען, וועלכע האָבען פריהער געדיענט ביים הייליגען פרעה און דערנאָך האָבען זיי זיך מתחבר געווען מיט אונזער שונא, מוזען

באַלד גערהרג'עט ווערען — אַזוי הייסט דאָס געזעץ.

— און ווען איך וואָלט דאָ געוועזען?

— אַלס הויפּט־אָנפיהרער און דער זוהן פון פּרעה'ן, קאָנסטו בטל מאַכען אויף אַ געוויסער צייט עטליכע געזעצען. אָבער איך מוז דאָס געזעץ האַלטען — האָט מנטו־זופית געענטפערט.

— האָסטו שוין ניט געקאָנט וואַרטען ביז איך וועל צוריקקומען?

— דאָס געזעץ הייסט באַלד הרג'ענען, האָב איך געמוזט אַזוי טהון.

דער קרוינפּרינץ איז אַזוי אויפגערעגט געוועזען, אַז ער האָט שוין מעהר גאָרנישט געזאָגט און איז געגאַנגען אין זיין געצעלט. ערשט דאָרט איז ער אַנידערגעפאַלען אויף זיין שטוהל און געזאָגט צו טוטמאַזיס'ען:

— איך בין שוין היינט פערשקלאַפט ביי די כהנים!... זיי הרג'ענען די געפאַנגענע, זיי בעשרעקען מיינע אָפיציערען, מיינע ווערטער און הבטחות אַכטען זיי נישט... איהר האָט מנטו־זופית'ן גאָרנישט געזאָגט, ווען ער האָט געהייסען הרג'ענען די געפאַנגענע?...

— ער האָט זיך פערורופען אויף דעם קריעגס־געזעץ און אויף נייע בעפעהלען פון הרהור'ן...

— איך בין דאָך דאָ דער אָנפיהרער, חאָטש איך בין אַ האַלבען טאָג נישט דאָ געוועזען!...

— דו האָסט די אָנפיהרעריי אָבגעגעבען מיר און פּאַטראָקלעס'ן — האָט טוטמאַזיס געענטפערט — ווען עס איז אָנגעקומען דער הייליגער מנטו־זופית האָבען מיר איהם געמוזט אָבטרעטען, וואָרום ער איז דאָך העכער פון אונז...

דער קרוינפּרינץ האָט זיך נעקלערט, אז צו טייער האָט ער בעצאָהלט פאַר תחנה'ן, וועלכען ער האָט געחאַפּט. און גלייכצייטיג האָט ער דערשפּירט די וויכטיגקייט פון דעם געזעץ, וועלכעס ערלויבט נישט דעם אָנפיהרער צו פערלאָזען דאָס מיליטער. ער האָט געמוזט מודה זיין, אז ער האָט נישט ריכטיג געטהון, דאָס האָט איהם אָבער נאָך מעהר געררייצט געגען די כהנים און ער האָט זיי נאָך מעהר געהאַסט, ווי פריהער.

„אָט — האָט ער געזאָגט — בין איך פערשקלאַפּט, נאָך איידער איך בין אַ פרעה (זאָל מיין הייליגער פאָטער אייביג לעבען!). איך מוז אַלזאָ היינט אָנהויבען זיך צו בעפרייען פון דער שקלאַפענשאַפט און — שווייגען. פענ-טוער האָט רעכט: איך מוז שווייגען און דעם כעס מוז איך בעהאַלטען אין דעם שאַץ פון מיין זכרון, ווי דאָס טייער-סטע ציערונג — ערשט ווען עס וועט זיך אָנזאַמלען... אַ נביאים. איהר וועט מיר דאַן בעצאָהלען!“...

— דו פרעגסט גאָר נישט וועגען דעם רעזולטאַט פון דער מלחמה? — האָט טוטמאַזיס געפרעגט.

— יאָ, טאַקי... וואָס איז געוואָרען?

— מעהר פון צוויי טויזענד געפאַנגענע, מעהר פון דריי טויזענד געהרג'עטע און נאָר עטליכע הונדערט זענען אַנטלאָפען.

— וואָס פאַר אַ אַרמעע האָבען די לובים געהאַט? — האָט זיך דער קרוינפּרינץ געוואונדערט.

— זייער אַרמעע איז בעשטאַנען פון זעקס—זיעבען טויזענד מאַן.

— דאָס איז אונמעגליך... איז דען מעגליך, אז אין

אזא צוזאמענשטוים זאל אומקומען דאס גאנצע מיליטער ?...

— אזוי איז אבער דאך געשעהן ; עס איז פארגעקומען א שרעקליכער שלאכט—האט טוטמאזיס געענטפערט—דו האסט זיי ארומגענומען אין אלע זייטען. דאס איבעריגע האבען שוין געטהון די סאלדאטען און . . . דער הייליגער מנטו-זופית ... אזא מפלה פון די שונאים פון מצרים איז נישט בעשריבען אפילו אויף די קברים פון די בעריהמטסטע פרעה'ס .

— געה שלאפען , טוטמאזיס , איך בין מיעד — האט איהם דער קרוינפרינץ איבערגעהאקט די ווערטער , שפירענדיג , אז ער ווערט פול מיט גאוה .

„בכן האב איך געהאט אזא נצחון !" — האט ער זיך געקלערט .

ער האט זיך געלעגט אויף פעל, נאר חאטש ער איז געוועזען שרעקליך מיעד , האט ער נישט געקאנט אנטשלאפען ווערען .

עס איז ערשט פיערצעהן שטונדען פאראיבער, זייט ער האט זיך גענומען צו דער מלחמה... ערשט פיערצעהן שטונדען און שוין האט ער אזא נצחון ! ...

ער האט מנצח געוועזען ?... ער האט אפילו נישט געזעהן די מלחמה ! . . . ער האט נאר געזעהן א געלען , געדיכטען וואלקען פון שטויב, פון וועלכען עס האבען זיך געהערט שרעקליכע געשרייען . איצט זעהט ער אויך דעם וואלקען פון שטויב , הערט דאס גערויש , שפירט די היץ און קיין מלחמה ווערט דאך איצט נישט געפיהרט ...

דערנאך האט ער געזעהן די אונגעהויער ריזענדיגע מדבר , אין וועלכער ער האט זיך געשלעפט . ער און

זיינע מענשען האבען געהאט די בעסטע פערד פון דער גאנצער ארמעע און פונדעסטוועגען האבען זיי זיך קוים גע-ריהרט. און די היץ!... עס איז אונמעגליך, אז א מענש זאל אויסהאלטען אין אזא היץ...

און אט איז אנגעקומען דער טיפאן, וועלכער האט פינסטער געמאכט די גאנצע וועלט, געברענט, געביסען, געשטיקט... פון פענטוער'ס געשטאלט האבען זיך געשיט פונקען... דונערען האבען זיך איבער זייערע קעפ געווארפען, ערשיינונגען, וועלכע ער האט נאך קיינמאל נישט געזעהן... דערנאך איז אנגעקומען די שטילע נאכט אין דער מדבר... דער גרייף איז געלאפען, אויף דעם קאלך-בארג איז געפלויגען א ספינקס.

„אזוי פיעל ערשיינונגען האב איך געזעהן, אזוי פיעל האב איך דורכגעלעבט—האט זיך רעמסס געקלערט—איך בין געוועזען ביים בויען אונזערע בית-המקדש'ם און אויך ביים געבוירען ווערען פון ספינקס און... דאס אלעס האט פאסירט אין משך פון פיערצעהן שטונדען"...

און נאך איין געדאנק: „א מענש, וועלכער האט אזוי פיעל דורכגעלעבט, קאן נישט לאנג לעבען"...

עס איז איהם זעהר קאלט געווארען און ער איז איינ-געשלאפען.

צומארגענס האט ער זיך אויפגעהאפט עטליכע שטונ-דען נאכ'ן זון-אויפגאנג. אין זיינע אויגען האט איהם גע-שטאכען, אלע ביינער האבען איהם געשמערצט. ער האט אביסעל געהוסט, נאר זיין געדאנק איז געוועזען העל און דאס הארץ זיינס איז געוועזען פול מיט שרעק.

אין דער טהיר פון דעם געצעלט איז געשטאנען טוטמאזיס.

— וואס ווילסטו? — האט איהם דער קרוינפרינץ געפרעגט.

— די שפיאנען פון דער גרענעץ ביי לוב ברענגען וואונדערליכע ידיעות — האט טוטמאזיס געענטפערט — עס געהט אויף אונז א גרויסער המון. דאס איז אבער נישט קיין מיליטער, נאר אונבעוואפענטע מענשען, פרויען און קינדער און אן שפיץ געהט מוסף-אסא מיט די פארנעהמסטע לובים.

— וואס זאל דאס בעדייטען?

— זיי ווילען אודאי בעטען, מען זאל מיט זיי שלום שליעסען...

— נאך איין צוזאמענשטויס?... — האט זיך דער קרוינפרינץ געוואונדערט.

— אבער וואס פאר א צוזאמענשטויס!... די אימה, וואס זיי האבען, מעהרט אין זייערע אויגען די צאהל פון אונזער מיליטער... זיי שפירען זיך זעהר שוואך און האבען מורא פאר'ן טוידט...

— מיר וועלען זעהן, צי זיי ווילען אונז נישט נארען — האט דער קרוינפרינץ געענטפערט — און וואס מאכען אונזערע סאלדאטען?

— זיי זענען געזונד, זאט, אויסגערוהט און לוסטיג, גאר...

— נו?...

— פאטראקלעס איז געשטארבען ביי נאכט — האט טוטמאזיס געזאגט.

— וואָס איז די סבה פֿון זײַן טוידט ?—האָט רעמסס געפֿרעגט, אויפֿהאָפּענדיג זיך פֿון אָרט.

— מען זאָגט, אז ער האָט געשכּור'ט צו פֿיעל. אנדערע זאָגען, אז די געטער האָבען איהם געשטראָפֿט... זײַן פּנים איז בלוי און זײַן מויל איז פֿול מיט שוים...

— ווי יענער שקלאַף אין אַטריבּיס, דו געדענקסט איהם ? ... ער האָט געהײַסען בּכורה און ער איז אַרײַן אין זאל, וואו עס איז פֿאָרגעקומען א מאָהלצײַט און האָט זיך בּע־קלאָגט אויף דעם הויפּטמאַן ... עס פֿערשטעהט זיך, אז די זעלבּע נאַכט איז ער געשטאָרבּען, אויך פֿון שכּרות ...

טוטמאַזיס האָט אַראָבּגעלאָזט דעם קאָפּ.

— מיר מוזען זעהר פֿאָרזיכטיג זײַן, מײַן העֶרר ! ...— האָט ער שטיל געזאָגט.

— מיר וועלען זיך בּעמיהען צו זײַן פֿאָרזיכטיג — האָט דער קרוינפּרינץ זעהר רוהיג געענטפֿערט — איך וועל זיך אפילו נישט וואונדערן, פֿאַרוואָס פּאַטראָקלעס איז געשטאָרבּען... ווארום האָס פֿאַר א זעלטענעס קאָן דאָ זײַן, אז עס איז געשטאָרבּען עמעס א שכּור, וועלכער האָט געלעסטערט די געטער און די כּהנים...

טוטמאַזיס האָט אָבּער דערשפּירט אין די ווערטער פֿון דעם קרוינפּרינץ, אז ער האָט בּדעה אַרויסצוטרעטען געגען די כּהנים.

דער קרוינפּרינץ האָט זעהר געליעבּט פּאַטראָקלעס'ן, וועלכער איז איהם טרײַ געווען, ווי א הונד. ער האָט גע־קאָנט פֿערגעסען פֿיעל עולות, וואָס זענען איהם געטהון געוואָרען, אָבּער דעם טוידט פֿון פּאַטראָקלעס'ן וואָלט ער קײנמאָל נישט מוחל געווען.

פאַר מיטאָג איז אָנגעקומען צו דער מחנה פון קרוינפּרינץ אַ פרישער פאָלק פון טעבי און אויסער דעם האָבען עטליכע טויזענד מענשען און עטליכע הונדערט איזלען געבראַכט פיעל שפּייז און געצעלטען. גלייכצייטיג זענען ווידער אָנגעקומען שפּיאָנען און האָבען געבראַכט ידיעות, אַז די מחנה אונבעוואָפענטע מענשען, וועלכע געהען צו דעם אָרט, וואו די מצריים געפינען זיך, ווערט וואָס אַמאָל גרעסער.

אויפ'ן בעפעהל פון דעם קרוינפּרינץ האָבען קליינע אָבטהיילונגען רייטער בעטראַכט דעם אומגעגענד: צי עס בעהאַלט זיך נישט ערגעץ די אַרמעע פון שונא? די כהנים האָבען מיט זיך גענומען אַ קליין געצעלט, וועלכעס האָט געזאָלט דיענען פאַר אַ בית-מקדש פון גאָט עמון און זענען דערמיט אַרויפגעגאַנגען אויף דעם שפּיץ פון גרעסטען באַרג, וואו זיי האָבען מתפלל געווען. צוריקקומענדיג אין דער מחנה, האָבען זיי פערזיכערט דעם קרוינפּרינץ, אַז עס געהען טאַקי עטליכע טויזענד אונבעוואָפענטע מענשען אָבער קיין אַרמעע זעהט מען נישט.

דער קרוינפּרינץ האָט געלאַכט פון דעם ראַפּאָרט, וואָס די כהנים האָבען איהם געגעבען.

— איך האָב געזונדע אויגען, אָבער אַזוי ווייט, ווי איהר זאָגט, קאָן איך נישט זעהן.

די כהנים האָבען אָבגעהאַלטען אַ בעראַטונג, און דערנאָך האָבען זיי איהם געזאָגט, אַז אויב ער וועט זיך פערפליכטען קיינעם נישט אויסצוזאָגען, וואָס ער וועט זעהן, וועלען זיי איהם ווייזען, ווי מען קאָן זעהן זעהר ווייט.

רעמסס האָט געשוואָרען, אַז ער וועט דעם סוד נישט

אויסגעבען און דערנאך האבען די כהנים אויפגעשטעלט א מזבח פאר דעם גאט עמון אויף איינעם פון די בערג און האבען דארט מתפלל געווען. ווען דער קרוינפרינץ האט זיך טובל געווען, אראבגענומען פון זיך די סאנדאלען און האט מקריב געווען א גאלדענע קיט און קטורת. האבען זיי איהם אריינגעפיהרט אין א ענגען קאסטען, וואו עס איז זעהר פינסטער געווען און האבען איהם געהייסען קוקען אויף דער וואנד.

א ווייל דערנאך האבען זיי אנגעהויבען צו זינגען פרומע לידער און גלייכצייטיג האבען זיך געוויזען אויף א וואנד פון קאסטען העלע רעדעלעך, באלד איז די העלע קאליר געדיכט געווארען און דער קרוינפרינץ האט דערזעהן א גלייבען שטח מיט זאמד, אין מיטען זענען געווען פעלזען און נעבען זיי אזיאטישע פאסטען!...

די כהנים האבען לעבהאפטיגער געזונגען און דאס בילד האט זיך געענדערט. רעמסס האט דערזעהן א אנדער שטיקעל מדבר און דארט איז געווען א גרויסער המון מיט מענשען, וועלכע זענען נישט גרעסער געווען פון מוראשקעס. און דאך האט ער גוט געזעהן די פנים'ער, די בעוועגונגען און מלבושים פון די מענשען...

די ערשטוינונג פון דעם קרוינפרינץ איז אונגעהויער גרויס געווען. ער האט זיך געריבען די אויגען און בעריהרט דאס בילד, וואס איז געווען פאר איהם... פלוצלונג האט ער אומגעדרעהט דעם קאפ. דאס בילד איז פערשוואונדען געווארען און פינסטער איז צוריק געווארען.

ווען ער איז ארויסגעגאנגען פון קאסטען, האט איהם דער עלטסטער כהן געפרעגט:

— נו, קרוינפרינץ! גלויבסטו שוין איצט אַז דער מאַכט פֿון די געטער פֿון מצרים?

— איהר זענט טאַקי אַלע גרויסע חכמים, — האָט ער געענטפֿערט — אַז די גאַנצע וועלט איז מחויב אייך כבוד אָבצוגעבען. אויב איהר קאָנט אַזוי זעהן אויך די צוקונפֿט, קאָן אייך קיינער נישט בייקומען.

איינער פֿון די כהנים, הערענדיג די ווערטער, איז ער אריין אין דעם געצעלט, וואָס איז אויפֿגעשטעלט געוואָרען אַלס בית־המקדש און האָט אָנגעהויבען מתפלל צו זיין. באַלד האָט זיך פֿון דאָרט געהערט אַ שטימע:

— רעמסס! דער גורל פֿון מלוכה ווערט געוועגען אויף אַ וואָג־שאָל און איידער דער צווייטער חודש וועט אָנקומען, וועסטו הערשען איבער דער מלוכה.

— געטער! ...— האָט רעמסס געשריען מיט שרעק— איז מיין פֿאָטער אַזוי קראַנק?...

ער איז געפֿאַלען מיט'ן פנים אויפֿ'ן זאַמד און איינער פֿון די כהנים, וועלכע זענען דאָרט געשטאַנען, האָט איהם געפֿרעגט, צי ער וויל נישט נאָך עפּעס זיך דערוויסען.

— זאָג מיר, פֿאָטער עמון,— האָט ער געענטפֿערט— צי איך וועל קאָנען אויספֿיהרען, וואָס איך וויל?

באַלד האָט איהם געענטפֿערט אַ שטימע פֿון בית־המקדש:

— אויב דו וועסט נישט אָנהויבען צו פֿיהרען אַ מלחמה מיט אשור, אויב דו וועסט מקריב זיין קרבנות צו די געטער און דו וועסט אַכטען זייערע דיענער, וועסטו לאַנג לעבען און דיין מלוכה וועט אַ קיום האָבען...

נאָך די נסים, וואָס רעמסס האָט געזעהן אין העלען טאָג, אויפֿ'ן אָפֿענעם פֿעלד, איז ער צוריק אריין אין זיין געצעלט.

„קיינער קאָן די כּהנים נישט בּייקומען!“ ... — האָט ער זיך געקלערט מיט שרעק.

אין געצעלט האָט ער אָנגעטראָפען פּענטוער'ן.

— זאָג מיר, מיין יועץ, — האָט ער געזאָגט — צי איהר כּהנים קאָנט לעזען אין מענשענס הערצער און ווייסען, וואָס ער האָט אין זינען.

פּענטוער האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ

— מען קאָן גיכער זעהן, וואָס עס איז אינוועניג אין אַ פעלז — האָט ער געענטפערט — ווי צו ערפאָרשען אַ מענשענס הארץ. דאָס הארץ פון אַ מענשען איז פערמאַכט אַפילו פאַר געטער, נאָר דער טוידט ענטדעקט זיינע געדאַנקען.

רעמסס האָט טיעף אָבגעעטהעמט, נאָר אונבערוהיגט איז ער ווייטער געוועזען. ווען מען האָט פאַר נאַכט בּעדאַרפט צונויפרופען די קריעגס־ראַטה, האָט ער פערבעטען מנטו־זופית'ן און פּענטוער'ן.

קיינער האָט נישט דערמאָהנט דעם פלוצלונג פערשטאָרבענעם פּאַטראָקלעס; אפשר ווייל מען איז בּעשעפטיגט געוועזען אין וויכטיגערע ענינים. עס זענען אָנגעקומען שליחים פון די לובים און אין נאָמען פון מוסף־אַסאַ'ן האָבען זיי געבעטען, מען זאָל רחמנות האָבען אויף זיין זוהן תחנה. זיי האָבען פערזיכערט, אַז די לובים וועלען זיך אונטערגעבען און וועלען שליסען אַ איבּיגען שלום.

— שלעכטע מענשען — האָט איין שליח געזאָגט — האָבען אונז גענאַרט, דערצעהלענדיג אונז, אַז מצרים איז שוואַך און פּרעה איז נאָר אַ שאָטען פון אַ הערשער, נעכטען האָבען מיר זיך איבּערצייגט, אַז אייער ארמעע איז שטאַרק

און מיר האַלטען פאַר פיעל פערשטענדיגער זיך אונטער־צוגעבען און אייך צאָהלען מס, ווי אָבצוגעבען מענשען צו'ם טוידט און אונזער פערמעגען צו רואינירען.

ווען די קריעגס־ראַטה האָט אויסגעהערט די ווערטער, האָט מען געהייסען די לובים אַרויסגעהן פון געצעלט און רעמסס האָט געפרעגט מנטו־זופית'ן, ווי זיין מיינונג איז.

— נאָך געכטען — האָט דער נביא געזאָגט — וואָלט איך געהייסען אָבוואַרפען די ביטע פון מוסף־אסאַ'ן, איבער־טראָגען די מלחמה און רואינירען די נעסט פון רוצחים. היינט האָב איך אָבער דערהאַלטען פון מעמפיס ידיעות, וועלכע האָבען אויף מיר אַזוי געווירקט, אַז איך וועל מוזען שטימען דערפאַר, אַז מען זאָל רחמנות האָבען אויף די בעזיעגטע.

— ציִ איז מיין היליגער פאָטער קראַנק?... — האָט רעמסס געפרעגט מיט טרויעריגקייט.

— ער איז קראַנק. נאָר איידער מיר ענדיגען מיט די לובים, דאַרפסטו ווענען דעם נישט קלערען...

ווען דער קרוינפּרינץ האָט טרויעריג אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ, האָט מנטו־זופית צוגעגעבען:

— איך מוז נאָך איין פליכט אויספיהרען... נעכטען האָב איך דיר, גרויסער קרוינפּרינץ, געמאַכט אַ בעמערקונג, אַז אום צו חאַפּען תחנה'ן האָט זיך נישט געלוינט צו פער־לאָזען די אַרמעע. היינט זעה איך, אַז איך האָב געהאַט אַ טעות: וואָרום ווען דו וואָלסט תחנה'ן נישט געחאַפּט, וואָלטען מיר אַזוי גיך נישט געהאַט קיין שלום מיט מוסף־אסאַ'ן... דיין חכמה איז נאָך גרעסער פון די קריעגס־געזעצען...

דער קרוינפּרינץ האָט זיך געוואונדערט, הערענדיג די ווערטער פון מנטו-זופית'ן.

„פאַרוואָס זאָגט איר אַזוי?... — האָט ער זיך געקלערט — ווי איך זעה, ווייסט נישט נאָר עמון, אַז מיין הייליגער פאָטער איז קראַנק!..."

אין הארץ פון דעם קרוינפּרינץ האָבען זיך ערוועקט די צוויי אַלטע געפיהלען: פעראַכטונג צו די כהנים און אונגלויבען צו זייערע מופתים.

„נישט די געטער האָבען מיר געזאָגט, אַז קירצליך וועל איך ווערען אַ פּרעה, נאָר פון מעמפיס איז אָנגעקומען אַ ידיעה און די כהנים האָבען מיך גענאַרט. און אויב דאָס איז קיין מופת נישט געוועזען, איז אויך קיין מופת נישט געוועזען די ערשיינונג, וואָס איך האָב געזעהן אויף דער וואַנד פון קאַסטען..."

און ווייל דער קרוינפּרינץ האָט געשוויגען און די גענעראַלען האָבען נישט געהאַט די העזה זיך געגענצושטעלען מנטו-זופית'ן, איז איינשטימיג בעשלאָסען געוואָרען צו נעהמען אַ גרויסען מס פון די לובים, שיקען צו זיי מיליטער און איבעררייסען די מלחמה.

איצט האָט שוין יעדער געוואוסט, אַז קירצליך וועט פּרעה שטאַרבען. און אום קובר צו זיין דעם הערשער מיט גרויס כבוד, האָט מצרים בעדאַרפט רוה.

ווען רעמסס איז אַרויסגעגאַנגען פון דעם געצעלט פון קריעגס-ראַטה, האָט ער געפרעגט מנטו-זופית'ן:

— דער גרויסער פּאַטראָקלעס איז די נאַכט געשטאַרבען; צי ווילען די הייליגע כהנים איהם קובר זיין בכבוד?

— ער איז געוועזן א בארבאר און א גרויסער זינדי־
נער — האט דער כהן געענטפערט — ער האט אבער אזוי פיעל
נוצען געבראכט מצרים, אז מען דארף אזוי טהון, אז ער
זאל קאנען לעבען אייביג. אויב דו וועסט ערלויבען, וועלען
מיר נאך היינט אבשיקען זיין קערפער קיין מעמפיס, וואו
מען וועט פון איהם מאכען א מומיע, וועלכע וועט אבגע־
פיהרט ווערען קיין טעבי, זי זאל ליעגען אין די קברים פון
די מלכים.

דער קרוינפרינץ האט זעהר גערן מסכים געווען
דערצו, נאר זיין אונרוהיגקייט איז גרעסער געווארען.

— האט ער זיך געקלערט — האט מנטו־
נעכטען — זופית זיך געבייזערט אויף מיר, ווי אויף א פוילען תלמיד,
און נאך גוט, וואס ער האט מיך נישט געהייסען שלאגען מיט
שטעקענס, און היינט רעדט ער צו מיר, ווי א געהארזא־
מער זוהן צו זיין פאטער און ער פאלט כמעט אויף זיין בויך
פאר מיר. איז דאס נישט קיין צייכען, אז די מאכט קומט
אן אין מיין געצעלט און באלד וועל איך זיך קאנען מיט
איהם אברעכענען?"...

טראכטענדיג אזוי, איז זיין שטאלצקייט גרעסער גע־
ווארען און זיין הארץ איז פול געווארען מיט כעס אויף די
כהנים. דער כעס זיינער איז געוועזן זעהר געפעהרליך, ווייל
ער איז געווייי שטיל. בעהאלטען און ביי יעדער געלעגענ־
...ט האט ער געוואלט אויפברעכען.

## איין און צוואנציגסטעס קאפיטעל.

...... האבען די וואכען געמעלדעט, אז די לובים,
וועלכע געהען בעטען, מען זאל אויף זיי רחמנות האבען.

זענען שוין דאָ אין טהאָל. אויפ'ן הימעל האָט מען שוין געזעהן דעם אָבבלאַנק פון דעם פייער, וואָס זיי האָבען געברענט.

ווען די זון איז אויפגעגאַנגען, האָבען זיך געהערט די שופרות און די גאַנצע אַרמעע פון מצרים האָט זיך געשטעלט מיט איהר געוועהר אויף דעם ברייטסטען אָרט פון דעם טהאָל. לויט דעם בעפעהל פון רעמסס'ן, וועלכער האָט די לובים נאָך מעהר געוואָלט בעשרעקען, האָט מען צווישען די סאָלדאַטען געשטעלט טרעגער און צווישען די רייטער — אייזעל-טרייבער מיט זייערע אייזלען. די לובים האָבען פלוצלונג דערזעהן, אַז דאָס מיליטער פון מצרים איז אַזוי פיעל, ווי זאַמד אויף דעם ברעג פון ים.

ניין אַ זייגער אין דער פריה איז פאַר דעם געצעלט פון קרוינפּרינץ אָנגעקומען אַ פערגאָלדעטער קריעגס-וואָגען. די פערד, וועלכע זענען געווען אויסגעציערט אין פעדערען פון שטרויספויגעל, האָבען נישט געקאָנט דערשטעהן אויף'ן אָרט און פיער שמייסער האָבען געמוזט האַלטען איין פערד.

רעמסס איז אַרויסגעגאַנגען פון געצעלט, האָט זיך געזעצט אויפ'ן וואָגען און אַליין האָט ער גענומען אין זיין האַנד די לייצעס און אַלס קוטשער האָט ער געזעצט ביי זיך זיין יועץ פענטוער. איינער פון די גענעראַלען האָט געעפענט אַ גרויסען שירם און איהם געהאַלטען איבער דעם קאָפּ פון קרוינפּרינץ, פון הינטען און אין ביידע זייטען פון וואָגען זענען געגאַנגען די גריעכישע אָפיציערען. אַביסעל אָבגערוקט פון דער סוויטע איז געגאַנגען אַ קליינע אָבטיילונג פון דער גוואַרדיע, וועלכע האָט געפיהרט תחנה'ן, דעם זוהן פון דעם אַנפיהרער פון די לובים, מוסף-אַסאַ'ן.

עטליכע הונדערט טריט אָבגערוקט פון די מצריים איז געשטאַנען אַ גרופּע לובים, וועלכע זענען געווען זעהר טרויעריג.

ווען רעמסס איז מיט זיין סוויטע געפאָהרען אויף דעם בערגעל, וואו ער האָט געוואָלט אָננעהמען די פאָרשטעהער פון די בעזיעגטע, האָט די אַרמעע פון זיין כבוד וועגען אַזוי געשריען, אַז מוסף-אַסאַ איז נאָך טרויעריגער געוואָרען און ער האָט געזאָגט צו די עלטסטע פון לוב:

— איך זאָג אייך, אַז דאָס איז אַ געשריי פון מיליטער, וואָס ליעבט זיין אָנפיהרער!...

איינער פון די אונרוהיגסטע פירשטען פון לוב, וועלכער איז געווען אַ גרויסער באַנדיט, האָט געזאָגט צו מוסף-אַסאַ'ן:

— וואָלט דען ניט בעסער געווען, ווען מיר וואָלטען איצט מעהר געגלויבט אין דער פלינקייט פון אונזערע פערד, ווי אין דער גוטהערציגקייט פון פרעה'ס זוהן?... מען זאָגט, אַז ער איז אַ בייזער לייב, וועלכער רייסט די הויט, אפילו ווען ער גלעט און מיר זענען, ווי די לעמער, וועלכע זענען אָבגעריסען געוואָרען פון זייערע מוטערס...

— טהו, ווי דו ווילסט — האָט מוסף-אַסאַ געזאָגט — די גאַנצע מדבר איז פאַר דיר. מיך האָט אָבער דאָס פאָלק אַרויסגעשיקט, איך זאָל בעטען, מען זאָל מיר מוחל זיין מיינע זינד, און איך האָב אַ זוהן תחנה, אויף וועלכען דער קרוינפּרינץ וועט אויסגיעסען זיין כעס, גלויב איך וועל נישט פועל זיין ביי איהם, ער זאָל מיר מוחל זיין.

צו דער גרופּע לובים זענען דייטענדיג אָנגעקומען צוויי אַזיאַטען, מעלדענדיג זיי, אַז דער קרוינפּרינץ וואַרט

אויף זיי — זיי זאָלען קומען און זיך אונטערטעניג מאַכען פאַר איהם.

מוסף-אַסאַ האָט געזיפצט מיט ביטערקייט און איז צוגעגאַנגען צום באַרג, וואו דער בעזיעגער איז געווען. קיינמאָל האָט ער נאָך אַזאַ שווערע רייזע נישט געהאַט!... דיקע לייַנוואַנד האָט בעדעקט נאָר אַ טייל פון זיין רוקען; זיין קאָפּ איז געווען בעשיט מיט אַש און די זון האָט איהם געברענט; דאָס הייסע זאַמד האָט געבריהט זיינע באָרוויסע פיס און זיין האַרץ איז געדריקט געווען פון אייגענעם אומגליק און פון זיין פאָלקס טרויעריגקייט.

נאָר עטליכע הונדערט טריט איז ער אָבגעגאַנגען און עטליכע מאָל האָט ער זיך געמוזט פערהאַלטען און אָברוהען. זעהר אָפט האָט ער געקוקט הינטער זיך און אַכטונג געגעבען, אַז די נאַקעטע שקלאַפען, וועלכע האָבען געטראָגען מתנות פאַר דעם קרוינפּרינץ, זאָלען נישט גנב'ענען קיין גאָלדענע פינגערלעך, אָדער אַנדער ציערונג. מוסף-אַסאַ, אַלס ערפאַהרענער מענש, האָט גוט געוואוסט, אַז פון יענעמס אומגליק ציהען מענשען ווי אַממעהרסטען נוצען פאַר זיך.

„געלויבט זאָלען זיין די געטער דערפאַר, — האָט ער זיך געטרייסט, — וואָס אויף מיר איז געפאַלען דער גורל, זיך אונטערטעניג צו מאַכען פאַר דעם קרוינפּרינץ, וועלכער וועט קירצליך ווערען אַ פּרעה. די הערשער פון מצרים זענען גנעדיג, בפרט ווען זיי זיעגען. אויב איך וועל ביי איהם פועל זיין, ער זאָל מיר מוחל זיין, וועט ער פערשטאַרקען מיין מאַכט אין לוב און ער וועט מיר ערלויבען צו נעהמען גרויסע אָבצאָהלונגען. אַ נס איז מיר אויך גע-

שעהן, וואס דער קרוינפרינץ מיין האט געחאפט פון זוהן; ער וועט איהם קיין עולה נישט מהון און וועט איהם מאכען פאר א גרויסען מאן"...

טראכטענדיג אזוי, האט ער זיך שטענדיג אומגעקוקט הינטער זיך, ווארום דער שקלאף, חאטש ער איז געווען נאקעט, האט געקאנט גנב'ענען ציערונג און בעהאלטען אין מויל, אדער גאר אראבשלינגען.

דרייסיג טריט פאר דעם וואגען פון קרוינפרינץ איז מוסף-אסא מיט די פארנעהמסטע לובים געפאלען אויף די בייכער און זיי זענען געלעגען אין זאמד, ביז דער אדיוטאנט פון דעם קרוינפרינץ האט זיי געהייסען אויפשטעהן. אבגעהענדיג עטליכע טריט, זענען זיי ווידער געפאלען אויף די בייכער. אזוי האבען זיי געטהון דריי מאל און יעדעס מאל האט רעמסס געמוזט הייסען, זיי זאלען זיך אויפהויבען.

פענטוער, וועלכער איז געשטאנען הינטער דעם וואגען פון קרוינפרינץ, האט איהם שטיל געזאגט:

— זאל דיין פנים זיי נישט ווייזען קיין שטרענגקייט און קיין פרייד. זיי בעסער רוהיג. ווי דער גאט עמון וועלכער פעראכטעט זיינע שונאים און פרעהט זיך נישט פון קליינע נצחונות...

ענדליך זענען די לובים געשטאנען פאר דעם פנים פון רעמסס'ן, וועלכער, זיצענדיג אויפ'ן וואגען, האט ער געקוקט אויף זיי, ווי א ווילדע חיה אויף שעפעלעך, וועלכע קאנען זיך נישט שיצען פאר איהם.

— דו ביזט דאס — האט רעמסס זיך פּלוצלונג אנגערופען — דו ביזט דאס מוסף-אסא, דער קלוגער אנפיהרער פון די לובים?

— איך בין דיין קנעכט — האט מוסף-אסא געענט־פערט און איז ווידער געפאלען מיט'ן בויך צו דער ערד.

ווען מען האט איהם געהייסען אויפשטעהן, האט דער קרוינפרינץ געזאגט צו איהם:

— ווי האסטו געקאנט אזוי שווער זינדיגען און אויפהויבען דיין האנד אויף דעם לאנד פון די געטער? צי האסטו פערלוירען דיין קלוגשאפט און דו ביזט אזוי פער־נארישט געווארען?...

— מיין הערר, —"האט מוסף-אסא געענטפערט — דער פערדרוס האט פערמישט דעם שכל פון דעם הייליגע פרעה'ס פונאנדערגעטריבענע סאלדאטען און זיי זענען געלאפען צו'ם טוידט, מיטשלעפענדיג מיט זיך מיך און מיינע מענשען. און די געטער ווייסען, ווי לאנג די מיאו־סע מלחמה וואלט זיך געצויגען, ווען אן דער שפיץ פון הייליגען פרעה'ס ארמעע וואלט נישט געשטאנען דער גאט עמון אליין אין דיין געשטאלט. דו ביזט אנגעקומען, ווי א מדבר-ווינד, ווען מען האט דיך נישט ערווארט, וואו מען האט דיך נישט ערווארט, און ווי א אקס צעברעכט דינע ריטלעך, אזוי האסטו צעבראכען דעם פערבלענדעטען שונא. דערנאך האבען אלע אונזערע פעלקער פערשטאנען, אז אפילו די שרעקליכע פאלקען פון לוב האבען נאר א ווערט, ווען דיין האנד פיהרט זיי...

— קלוג רעדסטו —האט דער קרוינפרינץ געזאגט— און זעהר גוט האסטו געטהון, וואס דו ביזט ארויסגעגאנגען געגען דער ארמעע פון געטליבען פרעה און דו האסט נישט געווארט ביז זי וועט קומען צו דיר. איך וואלט

אָבּיִער געֶרן געֶוואוסט, צי איהר זעֶנט אײַך באמת מכניע פאַר אונז.

— מאַך העֶל דײַן פּנים, גרויסעֶר גבור פון מצרים,— האָט מוסף-אסא געֶענטפעֶרט — מיר קומעֶן צו דיר אלס אונטעֶרטאנעֶן, אום דײַן נאָמעֶן זאָל געֶאַכטעֶט ווערעֶן אין לוב און דו זאָלסט זײַן אונזעֶר זון, ווי דו ביזט אַ זון פון נײַן פעֶלקעֶר.

בעֶפעֶהל נאָר דײַנעֶ קנעֶכט, זיי זאָלעֶן מיט יושר בעֶהאַנדלעֶן די בעֶזיעגטעֶ, וועֶלכעֶ זעֶנעֶן צוגעֶנומעֶן געֶוואָ-רעֶן צו דײַן מאַכט. זאָלעֶן דײַנעֶ מעֶנשעֶן העֶרשעֶן איבּעֶר אונז מיט רעֶכטשאפעֶנהײַט, מיט געֶוויסעֶן און נישט מיט זייעֶר שלעֶכטקײַט. זאָלעֶן זיי נישט עֶרוועֶקעֶן דײַן כעס אויף אונז און אונזעֶרעֶ קינדעֶר. בעֶפעֶהל זיי, דו זוהן פון גוטעֶן פרעה'ן, זיי זאָלעֶן רעֶגיערעֶן לויט דײַן רצון, אכטעֶן די פרײַהײַט, דאָס פעֶרמעֶגעֶן, די שפּראַך און מדות פון אונזעֶרעֶ אבות.

זאָלעֶן דײַנעֶ געֶזעֶצעֶן זײַן גלײַך פאַר אַלעֶ פעֶלקעֶר, וועֶלכעֶ זעֶנעֶן דיר אונטעֶרוואָרפעֶן, זאָלעֶן דײַנעֶ בעֶאַמטעֶ נישט זײַן צו-גוט צו אײַנעֶ און אַכזרים צו אַנדערעֶ. זאָלעֶן זיי נעֶהמעֶן אָבצאָהלונגעֶן, וועֶלכעֶ זעֶנעֶן בעֶשטימט אויף דײַן בעֶדערפניש, אָבעֶר נישט אזעֶלכעֶ אָבצאָהלונגעֶן, פון וועֶלכעֶ דו ווייסט נישט, וועֶלכעֶ געֶהעֶן נישט אין דײַן שאַץ אַרײַן, נאָר דײַנעֶ קנעֶכט און די קנעֶכט פון דײַנעֶ קנעֶכט געֶהמעֶן זיי.

בעֶפעֶהל, זיי זאָלעֶן העֶרשעֶן איבּעֶר אונז, נאָר קײן עולות זאָלעֶן זיי נישט טהון אונז און אונזעֶרעֶ קינדעֶר. דו ביזט דאָך אונזעֶר גאָט און אונזעֶר אײבּיגעֶר העֶרשעֶר. זיי

ווי די זון, וועלכע גיעט יעדען גלייך איהר בלאנק, קראפט און לעבען. מיר בעטען דיך, מיר, דיינע אונטער־טאנען פון לוב, בעטען דיך: גיעב אונז דיין גנאד. מיר פאלען מיט אונזערע פנים׳ער פאר דיר, שני־למלך פון גרויסען און מעכטיגען פרעה.

אזוי האט געזאגט דער פירשט פון לוב, מוסף־אסא און ענדיגענדיג זיין רעדע, איז ער ווידער געפאלען אויף זיין בויך צו דער ערד. און דער קרוינפרינץ, ווען ער האט געהערט די קלוגע ווערטער, האבען געבלאנקט זיינע אוי־גען און זיינע נאז־לעבער האבען זיך אויסגעשפרייט, ווי א יונג פערד, וועלכעס לויפט ארום אויף דער לאנקע, זייענדיג זאט.

— שטעה אויף, מוסף־אסא, — האט ער זיך אנגע־רופען — שטעה אויף און הער, וואס איך וועל דיר זאגען. דיין גורל און דער גורל פון דיין פאלק איז נישט אבהענ־גיג פון מיר, נאר פון דעם גנעדיגען הערר, וועלכער איז אזוי הויך פון אונז אלע, ווי דער הימעל איבער דער ערד. איך גיעב דיר א עצה, אז דו און די עלטסטע פון לוב זאלט געהן פון דאנען קיין מעמפיס און דארט זאלט איהר פאלען אויף די פנים׳ער פאר דעם הערשער און דעם גאט פון דער וועלט און פאר איהם זאלסטו זאגען די ווערטער, וואס דו האסט מיר געזאגט.

איך וויים נישט, וואס פאר א רעזולטאט אייערע ווערטער וועלען האבען, נאר וויל די געטער ווענדען זיך נישט אב פון די, וועלכע זענען זיך מכניע פאר זיי און זענען מתפלל צו זיי מיין איד, אז איהר וועט גוט אנגענומען ווערען.

און איצט ווייזט מיר די מתנות, וועלכע איהר האָט בעשטימט פאַר דעם הייליגען פרעה, אום איך זאָל קאָנען וויסען, צי זיי וועלען ווירקען אויף דעם הארץ פון אל-מעכטיגען פרעה.

אין דער זעלבער מינוט האָט מנטו-זופית געוואונ-קען צו פענטוער'ן, וועלכער איז געשטאַנען אויף דעם קרוינפרינצ'ם וואָגען. און ווען ער איז אראָב פון וואָגען און איז מיט עהרע צוגעגאַנגען צו דעם הייליגען כהן, האָט מנטו-זופית איהם איינגערוימט:

— איך האָב מורא, אז דער נצחון זאָל נישט פער-דרעהען דעם קאָפּ פון קרוינפרינץ. עס וואָלט אפשר גלייך געווען זיין שמחה איצט פערשטערן...

— פערקעהרט — האָט פענטוער געענטפערט — זאָל זיין שמחה נישט פערשטערט ווערען און איך האָפט דיר, אז ער וועט נישט צופיעל לוסטיג זיין.

— א מופת וועסטו מאַכען?

— קאָן איך דען מאַכען מופתים? איך וועל איהם נאָר ווייזען, אז אויף דער וועלט ווערט יעדע שמחה גע-מישט מיט גרויסע דאגות.

— טהו, ווי דו ווילסט — האָט מנטו-זופית געענט-פערט — די געטער האָבען דיר געגעבען א חכמה, וועל-כע פאַסט פאַר א מיטגליעד פון דער העכסטער ראַט.

עס האָבען זיך געהערט טראָמפּעטען און פויקען און די טריאומף-פראָצעסיע האָט זיך אָנגעהויבען.

אין דער שפּיץ זענען געגאַנגען נאַקעטע שקלאַפען מיט מתנות, וועלכע זענען געהיט געוואָרען דורך אַנגעזעהענ-סטע לייט פון לוב. די שקלאַפען האָבען געטראָגען גאָל-

דענע און זילבערנע געטער, קעסטעלעך, וועלכע זענען גע־וועזן פול מיט שמעקענדיגע זאכען, עמאלירטע כלים, געוועב־שטאָף און גאָלדענע שיסלען מיט רובינען, שאפּי־רען און שמאראגדען. די שקלאפען, וועלכען האָבען דאָס געטראָגען, האָבען געהאט געגאָלטע קעפּ און בענדער אויף די מיילער, כדי זיי זאָלען נישט קאָנען עפּעס גנב'ענען.

דער קרוינפּרינץ האָט אָנגעשפּארט ביידע הענד אויף די ברעגען פון וואָגען און פון דעם בארג, וואו ער איז געווען, האָט ער געקוקט אויף די לופּים און אויף זיין מיליטער, ווי אַ אָדלער קוקט אויף קליינע פויגעלעך. ער איז פול געוואָרען מיט גאוה און ווער עס האָט איהם געזעהן, האָט דערקענט אָן איהם, אַז ער מיינט, אַז קיי־נער איז נישט מעכטיגער פון איהם.

אין איין מינוט האָבען זיינע אויגען פערלוירען זיי־ער בלאנק און אויף זיין פּנים האָט זיך געוויזען עפּעס אַ בעוואונדערונג.

פענטועָר, וועלכער איז געשטאַנען הינטער איהם, האָט איהם דאַמאָלס איינגערוימט:

— בויג איין דיין אויער, מיין הערר... ווען דו האָסט פערלאָזט פי־בושת, זענען דאָרט פאָרגעקומען עפּעס משונה־דיגע געשעהעניסען... דיין קמא, די פעניציאַנערין, איז אַנטלאָפען מיט'ן גרעק ליקאָן...

— מיט ליקאָנ'ען?... — האָט דער קרוינפּרינץ געפרעגט.

— ווער נישט אויפגערעגט, מיין הערר. און וויי

נישט דיינע טייזענדער שקלאפען, אז אין דיין טריאומף ביזטו טרויעריג ...

פאר דעם קרוינפרינץ האט זיך געצויגען א לאנגע שורה מיט לובים, וועלכע האבען געטראגען אין קארבען פרוכטען און ברויט און אין ריזענדיגע קרוגען — ווייץ און בוימעהל פאר דעם מיליטערס וועגען.

דאס מיליטער האט זיך זעהר געפרעהט, נאר רעמסס האט דאס נישט דערזעהן, זייענדיג פערנומען מיט דעם, וואס פענטוער האט איהם דערצעהלט.

— די געטער — האט פענטוער געזאגט — האבען געשטראפט די פעניציאנערין ...

— מען האט זי געחאפט ?... — האט דער קרוין-פרינץ געפרעגט.

— מען האט זי געחאפט און מען האט זי געמוזט אבשיקען אין די מזרח-קאלאניעס... א צרעת איז אויף איהר געפאלען ...

— א, געטער ! — האט רעמסס געזאגט — וועט דער צרעת זיך נישט בעהעפטען אן מיר ?...

— זיי רוהיג, מיין הערר : ווען דו וואלסט אנגע-שטעקט געווארען מיט צרעת, וואלסטו שוין געווען א מצורע...

דעם קרוינפרינץ איז קאלט געווארען אין אלע גליע-דער. ווי לייכט איז געוועזן, ער זאל אראבגעשטויסען ווע-רען פון זיין הויכער מדרגה אין א טיעפען גרוב פון צרות !...

— און דער ניעדערטרעכטיגער ליקאן ?...

— ער איז א שרעקליכער רוצח — האט פענטוער געזאגט — אזעלכע רוצחים זענען פערהאנען וועניג אויף דער וועלט ...

— איך קאָן איהם. ער איז עהנליך צו מיר, אז ער שטעהט פאר מיר, מיין איך, אז איך זעה מיך אין שפּיעגעל... — האָט רעמסס געענטפערט.

עס איז פארביינעגאנגען א גרופּע לובים מיט זעלטענע חיות. אָן דער שפּיץ איז געגאנגען א קעמעל מיט איין האָרב און ווייסע האר, וועלכען מען האָט געחאפּט אין דער מדבר. נאָך דעם קעמעל האָט מען געפיהרט צוויי איינהאָרנס, א סטאדע מיט פערד און א לייב אין א שטייג. ווייטער זענען געפיהרט געוואָרען שטייגען מיט פערשידען-פארבינע פויגעל, אפען און קליינע הענדלער, וועלכע זענען בעשטימט געוועזען פאר די הויפּס-דאמען, צו'ם סוף האָט מען געטריבען א סטאדע מיט אָקסען און שאָף אויף פליישׁ פאר דעם מיליטער.

דער קרוינפּרינץ האָט א בליק געוואָרפען אויף די חיות און בהמות און האָט געפרעגט פענטוער'ן:

— ליקאָנ'ען האָט מען געחאפּט?...

— איצט וועל איך דיר אָנזאָגען די ערגסטע בשורה, מיין אונגליקליכער הערר, — האָט פענטוער געזאָגט, זעה אָבער, אז די שונאים פון מצרים זאָלען נישט דערזעהן, אז דו ביזט טרויעריג...

דער קרוינפּרינץ איז געריהרט געוואָרען.

— דיין טייערע שרה, די יודענע...

— זי איז אויך אנטלאָפען?...

— זי איז געשטאָרבען אין דער תפיסה...

— אָ, געטער!... ווער האָט געהאט די העזה זי איינצוזעצען אין דער תפיסה?...

— זי האָט זיך אַליין בעשולדיגט, אַז זי האָט דיין זוהן געהרג׳עט...

— וואָס ?...

ביי דעם קרוינפּרינץ האָט זיך געהערט אַ גרויס געשריי: די געפאַנגענע לוביִם האָבען מאַרשירט און אָן דער שפּיץ איז געגאַנגען תחנה.

רעמסס׳ענס האַרץ איז פול געוועזען מיט שמערצען און ער איז נישט געוועזען אימשטאַנד צו דערטראָגען נאָך פרעמדע שמערצען.

— שטעה נעבען דיין פאָטער! — האָט ער געזאָגט צו תחנה׳ן — זאָל ער דיך זעהן און בעריהרען, אום ער זאָל זיך איבערצייגען, אַז דו לעבסט...

דערהערענדיג די ווערטער, האָבען אַלע לוביִם און דאָס גאַנצע מיליטער אַרויסגעגעבען אַ הויך געשריי לכבוד דעם קרוינפּרינץ; רעמסס האָט אָבער דאָס געשריי נישט געהערט.

— מיין זוהן לעבט נישט ?... — האָט דער קרוין־פּרינץ געפרעגט — שרה האָט זיך אַליין בעשולדיגט, אַז זי האָט דאָס קינד געהרג׳עט ?... ציִ איז אַ שגעון געפאַלען אויף איהר נשמה ?...

— דאָס קינד, האָט געהרג׳עט דער ניעדערטרעכטי־גער ליקאָן...

— אָ, געטער! גיִעט מיר קראַפט דאָס אויסצוהאַל־טען!... — האָט דער קרוינפּרינץ געזיפצט.

— האַלט ייד פעס[illegible]י עם פאַסט פאַר אַ אַנפיהרער. אַ מנצח...

— איז דען מעגליך צו בעזיעגען אזא צער!... אַ אכזריות'דיגע געטער!...

— דאָס קינד האָט געהרג'עט ליקאָן, שרה האָט זיך אליין בעשולדיגט, אום זיך צו רעטען... זעהענדיג דעם רוצח בייַנאַכט, האָט זי געמיינט, אז דו ביזט דאָס געוועזען...

— און איך האָב זי ארויסגעיאָגט פון מיין הויז!... פאַר אַ דינסט ביי דער פעניציאַנערין האָב איך זי געמאַכט!... — האָט דער קרוינפּרינץ געזאָגט.

איצט זענען אָנגעקומען סאָלדאַטען פון מצרים, וועלכע האָבען געטראָגען פולע קאָרבען מיט הענד, וועלכע זיי האָבען אָבגעהאַקט פון די געהרג'עטע לובים.

זעהענדיג דאָס האָט רעמסס זיך פערשטעלט דאָס פנים און ביטער געוויינט.

די גענעראַלען האָבען ארומגענומען דעם וואָגען און געטרייסט דעם קרוינפּרינץ. דער הייליגער נביא מנטוזופית האָט געגעבען אַ פאָרשלאָג, וועלכער איז באַלד אָנגענומען געוואָרען, אז פון דאַמאָלס אָן זאָל דאָס מצרי'שע מיליטער נישט אָבהאַקען קיין הענד פון די שונאים, וועלכע פאַלען אין אַ מלחמה.

מיט דעם אונערוואַרטעטען פאָרפאַל האָט זיך געענדיגט דער ערשטער טריאומף פון רעמסס'ן. די טרעהרען, וועלכע ער האָט פערגאָסען אויף די אָבגעהאַקטע הענד, האָבען צו איהם מעהר צוגעבונדען די לובים, ווי דער נצחון, וואָס ער האָט געהאַט. קיינער האָט זיך נישט געוואונדערט, ווען נעבען דעם פייער, וואָס איז געברענט געוואָרען ביי די מחנות, זענען זיך געזעסען בשלום די לובים מיט די מצריים, טיילענדיג זיך מיט ברויט און

טרינקענדיג וויין מיט איינע און די זעלבע בעכערלעך. אנשטאט מלחמה און שנאה, וועלכע האבען געזאלט דויערען יאהרען לאנג, האט אנגעהויבען צו הערשען א געפיהל פון רוהע און צופרידען.

רעמסס האט געהייסען, אז מוסף-אסא, תחנה און די פארנעהמסטע לובים זאלען באלד פאהרען קיין מעמפיס און ער האט זיי געגעבען מיליטער, זיי צו בעגלייטען, נישט זיי צו היטען, זיי זאלען נישט אנטלויפען, נאר זיי און די מתנות, וואס זיי האבען מיט זיך געפיהרט, זאלען געזיכערט זיין פון א אנפאל. ער אליין האט זיך פערבארגען אין געצעלט און עטליכע שטונדען האט ער זיך נישט געוויזען. ער האט צו זיך נישט ארייגעלאזט אפילו טוטמאזיס'ן.

פאר נאכט איז צו דעם קרוינפרינץ געקומען א דעפוטאציע פון גריעכישע אפיציערען מיט דעם אנפיהרער קאליפאס בראש. ווען דער קרוינפרינץ האט זיי געפרעגט, וואס זיי ווילען, האט קאליפאס געענטפערט:

— מיר קומען דיך בעטען, מיין הערר, אז דער קערפער פון אונזער אנפיהרער און דיין קנעכט פאטראקלעס, זאל נישט ארויסגעגעבען ווערען די מצרי'שע כהנים, נאר ער זאל פערברענט ווערען, ווי דער מנהג איז אין גריעכענלאנד.

דער קרוינפרינץ האט זיך געוואונדערט.

— איהר ווייסט אודאי — האט ער געענטפערט — אז פון דעם קערפער ווילען די כהנים מאכען א מומיע פון דער ערשטער קלאס און זי לעגען אין די קברים פון די פרעה'ס. צי קאן א מענש האבען נאך א גרעסערען כבוד?

די גריעבען האָבען נישט געוואוסט, וואָס זיי האָבען צו טהון, נאָר קאַליפּאָס האָט זיך צוגעגעבען מוט און געזאָגט:

— הערר אונזערער! ערלויב אונז צו עפענען אונזערע הערצער פאַר דיר. מיר ווייסען גוט, אז בעסער איז פאַר דעם מענשען, ווען מען מאַכט פון זיין קערפּער אַ מומיע, ווי ווען מען פערברענט איהם. די נשמה פון אַ מענשען, וואָס ווערט פערברענט, טראָגט זיך איבער באַלד אין די אייביגע לענדער און אַ נשמה פון אַ באַלזאַמירטען קאָן טויזענדער יאָהרען זיין אויף דער ערד און זיך פרעהען מיט איהר שענהייט.

אָבער די מצרי'שע כהנים (זאָלען די ווערטער נישט בעליידיגען דיינע אויערען!) האָבען געהאַסט פּאַטראָקלעס'ן! און ווער קאָן אונז פערזיכערען, אז די כהנים, מאַכענדיג זיין מומיע, וועלען נישט האַלטען זיין נשמה אויף דער ערד, נאָר אום זי צו קוועלען, איהר יסורים אָנצוטהון?... און וואָס פאַר אַ ווערט וואָלטען מיר געהאַט, ווען מיר וואָלטען נישט געשיצט די נשמה פון אונזער אָנפיהרער פון דער שנאה פון די כהנים?

רעמסס האָט זיך נאָך מעהר געוואונדערט.

— טהוט — האָט ער געזאָגט — וואָס איהר האַלט פאַר נויטיג.

— און אויב זיי וועלען אונז דעם קערפּער נישט ארויסגעבען?...

— פאַרבערייטעט פייער און מיט דעם איבעריגען וועל איך זיך אליין בעשעפטיגען.

די גריבעכען זענען ארויסגעגאנגען און רעמסס האט געשיקט נאך מנטו־זופית'ן.

## צוויי און צוואנציגסטעס קאפיטעל.

דער כהן האט זיך איינגעקוקט אין דעם קרוינפרינץ און ער האט דערזעהן, אז רעמסס איז זעהר געענדערט. אין עטליכע שטונדען איז ער בלאס געווארען און זיינע אויגען האבען פערלוירען זייער בלאנק.

הערענדיג, וואס רעמסס וויל, האט מנטו־זופית באלד איינגעשטימט ארויסצונעמען דעם קערפער פון פאטראקלעס'ן.

— די גריבעכען האבען רעכט! — האט מנטו־זופית געזאגט — מיר וואלטען טאקי געקאנט קוועלען די נשמה פון פאטראקלעס'ן. זיי זענען אבער נאראנים, ווען זיי גלויבען, אז א כהן פון מצרים, אדער א כשדישער כהן וואלט אזא פערברעכען געטהון.

זאלען זיי זיך צונעהמען דעם קערפער פון זייער אנפיהרער, אויב זיי מיינען, אז ווען ער וועט פערברענט ווערען, וועט ער גליקליכער זיין!...

רעמסס האט באלד ארויסגעשיקט א אפיציער מיט א געהעריג בעפעהל און מנטו־זופית'ן האט ער געהייסען בלייבען ביי איהם. ער האט איהם געוואלט עפעס זאגען, נאר ער האט זיך צוריקגעהאלטען.

לאנג איז דער קרוינפרינץ געזעסען שווייגענדיג, נאר דערנאך האט ער געזאגט:

— דו ווייסט אודאי, הייליגער נביא, אז איינע פון מיינע פרויען, שרה, איז געשטארבען אין דער תפיסה, און איהר קינד איז דערהרגעט געווארען...

— דאָס איז געשעהן — האָט מנטו־זופית געענט־פערט — די זעלבע נאַכט, ווען מיר זענען אַרויס פון פי־בושת...

דער קרוינפּרינץ איז זעהר דערצערנט געוואָרען.

— עס איז שוין אַזוי לאַנג ווי דאָס איז געשעהן, — האָט ער געשריען — און איהר האָט מיר גאָרנישט גע־זאָגט!... איהר האָט מיר אַפילו נישט געזאָגט, אַז מען האָט מיך חושד געווען, אַז איך האָב געהרג'עט מיין קינד?...

— מיין העדר! —האָט איהם דער כהן געענטפערט— אין דעם טאָג פון אַ מלחמה האָט אַ הויפּט־אָנפיהרער נישט קיין פאָטער, נישט קיין קינד, קיינעם האָט ער נישט, אויסער דער אַרמעע און די שונאים. צי האָבען מיר דיך געקאָנט בעאונרוהיגען מיט אַזעלכע ידיעות אין אַזעלכע וויכטיגע צייטען?

— דאָס איז אמת — האָט דער קרוינפּרינץ געענט־פערט — ווען עס וואָלט היינט אָנגעפאַלען אויף אונז אַ שונא, וואָלט איך נישט געקאָנט גוט פיהרען דאָס מיליטער... איך ווייס נישט, צו איך וועל אַ מאָל זיך קאָנען בערוהיגען...

אַזאַ קליין... אַזאַ שען קינד!... אָבער די פרוי, וועלכע האָט זיך פאַר מיר געאָפּפערט, בעת איך האָב איהר אַזאַ שווערע עולה געטהון!... עס איז מיר קיינמאָל נישט געקומען אויף די געדאַנקען, אַז עס קאָן פאָרקומען אַזאַ אונגליק און אַז אַ הארץ פון אַ מענשען זאָל קאָנען דאָס אַריבערטראָגען...

— די צייט היילט אַלעס... די צייט און די תפלות— האָט דער כהן געזאָגט.

דער קרוינפּרינץ האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און אין געצעלט איז געוואָרען זעהר שטיל.

דער קרוינפּרינץ האָט זיך ווידער אויפגעחאַפּט.

— זאָג מיר, — האָט ער געזאָגט — הייליגער פאָטער, אויב דאָס געהער נישט צו די גרויסע סודות, וואָס פאַר אַ אונטערשיעד איז צווישען פערברענען אַ טוידטען און מאַכען פון איהם אַ מומיע? איך האָב עפּעס וועגען דעם געהערט אין דער שולע, איך פערשטעה אָבער נישט די פראַגע, וועלכע די גריבען האַלטען פאַר זעהר וויכטיג.

— ביי אונז איז די פראַגע נאָך וויכטיגער! — האָט דער כהן געענטפערט—דאָס זעהט מען פון דעם, וואָס אונזערע שטעדט פון מתים פערנעהמען ביי אונז די גאַנצע מערב־מדבר. דאָס זעהט מען פון די פּיראַמידען, וועלכע זענען קברים פון די פאַרצייטישע פרעה'ס און די קברים, וועלכע זענען אויסגעהאַקט אין די פעלזען פאַר די מלכים פון אונזערע צייטען.

אַ לויה און אַ קבר זענען גאָר גרויסע ענינים, די וויכטיגסטע ענינים פון מענשען. וואָרום ווען מיר לעבען אין קערפּערליכען געשטאַלט פונפציג אָדער הונדערט יאָהר, עקזיסטירען אונזערע נשמות צעהנדליגער טויזענדער יאָהר ביז זיי ווערען אין גאַנצען אויסגערייניגט.

די באַרבאַרען אין אַשור לאַכען פון אונז, אַז מיר אָפּפערן מעהר פאַר מתים, ווי פאַר לעבענדיגע. ווען זיי וואָלטען אָבער געוואוסט ווי מיר דעם סוד פון טוידט און פון קבר, וואָלטען זיי געוויינט אויף זייער פערנאַכלעסיגען די מתים...

דער קרוינפּרינץ האָט אַ ציטער געטהון.

— דו בעשרעקסט מיך — האָט ער געזאָגט — דו ווייסט דאָך, אז צווישען מתים האָב איך צוויי געליעבטע נשמות, וועלכע מען האָט נישט קובר געוועזען לויט די מצרי'שע דינים ...

— איך ווייס דאָס. איצט מאַכט מען פון זיי מומיעס. און שרה, ווי אויך דיין זוהן, וועלען האָבען אלעס, וואָס עס וועט זיי קאָנען נוצען אין זייער לאַנגער וואַנדערונג.

— טאַקי? — האָט רעמסס געפרעגט.

— איך פערזיכער דיר — האָט דער כהן געענטפערט — מען וועט טהון אלעס, וואָס עס איז נויטיג, אום דו זאָלסט זיי אָנטרעפען גליקליכע, ווען דיר וועט אויך אַמאָל די וועלט פערמיאוס'ט ווערען.

דער קרוינפּרינץ איז זעהר געריהרט געוואָרען, הערענדיג די ווערטער.

— רעכענסטו, הייליגער פאָטער, — האָט ער געפרעגט — אז אַמאָל וועל איך געפינען מיין זוהן און איך וועל קאָנען זאָגען דער פרוי: שרה, איך ווייס, אז איך בין צו שטרענג געוועזען צו דיר? ...

— איך בין אזוי זיכער, אז דאָס וועט געשעהן, ווי איך בין זיכער, אז איך זעה דיך, גרויסער הערר.

— זאָג ... רעד ווייטער וועגען דעם! ... — האָט דער קרוינפּרינץ געזאָגט — אַ מענש אינטערעסירט זיך נישט מיט קיין קברים, ווי לאַנג ער לעגט נישט אריין אין זיי שטיקלעך פון זיך זעלבסט ... מיך האָט געטראָפען דאָס אונגליק און פונקט דאַמאָלס, ווען איך האָב געמיינט, אַז אויסער פרעה'ן איז נישט פערהאַנען קיין מעכטיגערער פון מיר אויף דער גאַנצער וועלט!

— דו האָסט מיך געפֿרעגט — האָט מנטו־זופית געזאָגט — וואָס פֿאַר אַ אונטערשיעד עס איז צווישען פֿערברענען אַ טוידטען און מאַכען פֿון איהם אַ מומיע? אזא אונטערשיעד, ווי צווישען פֿערניכטען אַ מלבוש און בעהאַלטען איהם אין דער קאַמער. אַז מען האַלט דעם מלבוש, קאָן ער נישט איין מאָל נוצען. אָבער ווען מען האָט נאָר איין מלבוש און מען פֿערברענט עס, טהוט מען דאָך ווי אַ משוגע'נער.

— איך פֿערשטעה דאָס נישט — האָט זיך דער קרוינפּרינץ אָנגערופֿען — דאָס לערנט איהר נישט אַפילו אין דער העכערער שולע...

— מיר מעגען אָבער דאָס זאָגען דעם קרוינפּרינץ.

— דו ווייסט דאָך — האָט דער כהן ווייטער געזאָגט — אַז דער מענש בעשטעהט פֿון דריי חלקים: פֿון קערפּער, גאָטס־פֿונק און שאָטען, „קאַ" הייסט ער, וועלכער שליעסט דעם קערפּער מיט גאָטס פֿונק.

ווען דער מענש שטאַרבט, טיילען זיך אָב דער שאָטען מיט'ן פֿונק פֿון דעם קערפּער. ווען דער מענש וואָלט נישט געזינדיגט, וואָלטען זיין פֿונק מיט'ן שאָטען באַלד געגאַנגען צו די געטער, וואו זיי וואָלטען אייביג געלעבט. יעדער מענש זינדיגט אָבער, ווערט פֿערפֿלעקט אויף דער וועלט און דאַדורך מוז זיין שאָטען, „קאַ", זיך רייניגען אין משך פֿון טויזענדער יאָהרען. גערייניגט ווערט ער דאַדורך, וואָס ער בלאָנדזעט אַרום אויף אונזער ערד צווישען מענשען און טהוט גוטע מעשים. די שאָטענס פֿון שווערע פֿערברעכער זינדיגען אויך נאָכ'ן טוידט און ענדליך פֿערניכטען זיי זיך אין גאָטס־פֿונק, וועלכער איז אין זיי.

און דאס ווייסטו דאך אודאי אויך, אז דער שאטען „קא" איז ענליך צו א מענשען, נאר ער זעהט אויס, ווי ער וואלט געוועזען געוועבט פון א גאנץ דינעם נעבעל. דער שאטען האט א קאפּ, הענד און פיס, ער קאן געהן, רעדען, אויפהויבען און ווארפען אלערליי געגענשטענדען. ער קליידט זיך, ווי א מענש, און די ערשטע עטליכע הונדערט יאהר נאכ'ן טוידט מוז ער אמאל אויך עפּעס עסען. דערנאך האט ער גענוג, ווען ער זעהט בילדער פון מאכלים...

אממעהרסטען קראפט ציהט אבער דער שאטען פון זיין קערפּער, וועלכער בלייבט אויף דער ערד. ווען מיר ווארפען דעם קערפּער אין קבר אריין, ווערט ער גיך פערדארבען און דער שאטען מוז זיך זעטיגען מיט די פערפוילטע חלקים, וואס בלייבען איבער. ווען מיר פערברענען דעם קערפּער, האט דער שאטען נאר אש. אבער ווען מיר מאכען פון דעם קערפּער א מומיע, דאס הייסט ווען מיר באלזאמירען דעם קערפּער און ער קאן זיך האלטען טויזענדער יאהרען, איז דער „קא" שטענדיג געזונד און שטארק, און רוהיג פערברענגט ער אויף דער וועלט די צייט, וואס ער מוז זיך דא רייניגען.

— וואונדערבאר איז דאס אלעס!... — האט דער קרוינפּרינץ געזאגט —

וועגען דעם לעבען נאכ'ן טוידט האבען די כהנים זיך דערוואוסט זעהר וויכטיגע זאכען אין משך פון טויזענדער דורות. זיי האבען זיך איבערצייגט, אז ווען אין דעם קערפּער פון מת בלייבען איבער זיינע געדערם, האט זיין שאטען א אונגעהויערען אפּעטיט און ער דארף אזוי פיעל

עסען, וויפיעל א לעבענדיגער מענש, און ווען ער האט ניט אזוי פיעל שפייז, פאלט ער אן אויף לעבענדיגע מענ-שען און זויגט זיי אויס דאס בלוט. ווען מען נעהמט אבער ארויס די געדערם פון קערפער, ווי מיר טהוען, ווען מיר באלזאמירען די מתים, קאן זיך דער שאטען בענעהן אהן מאכלים: זיין אייגענער קערפער, וועלכער ווערט באלזא-מירט און אויסגעפילט מיט שמעקענדיגע געווירצען, קלעקט איהם אויף מיליאנען יאהרען.

דאס איז אויך בעשטעטיגט געווארען, אז ווען דער קבר פון א געשטארבענעם איז לעער, בענקט דער שאטען נאך דער וועלט און אוננוצליך שלעפט ער זיך אויף דער ערד. אבער ווען מען לעגט אין קבר אריין מלבושים, כלים, געוועהר און אינסטרומענטען, וועלכע דער מת האט געליעבט, ווען מיר בעדעקען די וועגד פון קבר מיט מאלערייען, וועלכע שטעלען פאר: מאהלצייטען, יאגד, תפלות, מלחמות און בכלל פארפאלען, אין וועלכע דער פערשטארבענער האט זיך בעטייליגט, ווען מיר געבען איהם צו בילדער פון זיינע קרובים, דיענער, פערד, הינד און בהמות — געהט דער שאטען ניט ארום אוננוצליך אויף דער וועלט, ווייל ער האט זיין וועלט ביי זיך אין קבר.

מען האט זיך אויך איבערצייגט, אז פיעל שאטענס קאנען ניט אריינקומען אין לאנד פון אייביגען גליק, אפילו ווען זי איז שוין אבגערייניגט, ווייל זיי קאנען ניט די געהעריגע תפלות און די שמועסען מיט די געטער. ווען מיר וויקלען איין די מומיע אין פאפירוסען, אויף וועלכע דאס איז אויפגעשריבען און ווען מען לעגט נעבען

דעם מת „דאס בוך פון די מתים", האט דער שאטען שטענ־דיג פאר זיך די תפלות און אלעס, וואס איהם איז נויטיג.

דאס וואס מיר טהוען מיט מתים נאכ'ן טוידט, היט זיי אב פון בענקעניש און יסורים, מאכט זיי לייכט אנצוקו־מען צו די געטער, און לעבענדיגע מענשען ליידען נישט פון די שאטענס. און טאקי דאדורך בעמיהען מיר זיך אזוי פיעל פאר די מתים, בויענדיג פאר זייערטוועגען פאלא־צען מיט אויסגעציערטע דירות.

רעמסס האט געטראכט און דערנאך האט ער געזאגט:

— איך פערשטעה גיט, אז איהר טהוט אגרויסען חסד די שאטענס, וועלכע קאנען זיך אליין נישט העלפען. אבער... פון וואנען ווייסען מיר, אז עס זענען פערהאנען שאטענס?...

אז עס איז פערהאנען א מדבר— האט דער קרוינפרינץ ווייטער געזאגט — ווייס איך. וואָרום איך זעה זי דאך, איך האב געזינקט אין איהרע זאמדען און געשפירט איהר היץ, אז עס זענען פערהאנען ערטער, אין וועלכע וואסער ווערט פערשטיינערט און פון דאמפף ווערט ווייסער פוך, ווייס איך אויך, ווייל דאס האבען מיר דערצעהלט אמת'ע מענשען...

אבער פון וואנען ווייסט איהר, אז עס זענען פער־האנען שאטענס, וועלכע קיינער האט נישט געזעהן? קיין שום מענש איז דאך פון דארט נישט צוריקגעקומען...

— דו האסט א טעות—האט דער כהן געענטפערט— נישט איין מאל האבען זיך די שאטענס בעוויזען מענשען. זיי האבען אויך פיעל מאל דערצעהלט זייערע סודות.

מען קאן וואהנען אין טעבי צעהן יאהר און קיין רע־

גען נישט זעהן; מען קאָן לעבען אויף דער ערד הונדערט יאָהר און נישט זעהן קיין שאָטען. ווער עס וואָלט אָבער געוואָהנט אין טעכי הונדערטער יאָהרען, אָדער טויזענדער יאָהרען אויף דער ערד, וואָלט ער געזעהן נישט איין רע־גען און נישט איין שאָטען!...

— ווער האָט געלעבט טויזענדער יאָהרען?... — האָט דער קרוינפּרינץ געפרעגט.

— דער הייליגער שטאַנד פון די כהנים האָט גע־לעבט, לעבט און וועט לעבען — האָט מנטו־זופית געענט־פערט — פאַר דרייסיג טויזענד יאָהר האָט דער שטאַנד זיך בעזעצט נעבען דעם און געפאָרשט הימעל און ערד, ער האָט בעשאַפען אונזער קלוגשאַפט און געצייכענט די פּלאַנען פון אלע פעלדער, קאַנאַלען, פּיראַמידען און בית־המקדש'ס...

— דאָס איז אמת — האָט איהם דער קרוינפּרינץ איבערגעהאַקט די ווערטער — דער שטאַנד פון די כהנים איז קלוג און מעכטיג, אָבער — וואו זענען די שאָטענס?... ווער האָט זיי געזעהן און מיט זיי גערעדט?...

— דאָס מוזטו וויסען — האָט מנטו־זופית געזאָגט — אז אין יעדען לעבענדיגען מענשען איז פערהאַנען אַ שאָטען. און ווי עס זענען פערהאַנען מענשען, וועלכע צייכענען זיך אויס מיט אַ גרויסער קראַפט אָדער מיט אַ שטאַרקער ראיה, אזוי זענען פערהאַנען מענשען, וועלכע בעזיצען אַ אייגע־שאַפט אָבצוטיילען פון זיך זייערע אייגענע שאָטענס...

אונזערע ספרים זענען פול מיט אמת'ע ערצעהלונ־גען וועגען דעם, נישט איין נביא האָט געקאָנט אויף זיך ווארפען אַ שלאָף, וועלכער איז געווען עהנליך צום טויט. זיין שאָטען האָט זיך דאַמאָלס אָבגעטיילט פון דעם קערפּער

און אײַן רגע איז ער איבערגעטראָגען געוואָרען קײן צור, נינוה, אָדער בבל, וואו ער האָט געזעהן, וואָס ער האָט בעדאַרפט, געהערט די בעראַטונגען, וועלכע זענען אונז נוגע געוועזען, און ווען דער נביא האָט זיך אויפגעוועקט, האָט ער אָבגעגעבען אַ בעריכט פון דעם, וואָס ער האָט געזעהן און געהערט. נישט אײַן שלעכטער מכשף האָט איבערגעטראָגען זײַן שאָטען, ווען ער איז אַנטשלאָפען געוואָרען, אין דעם הויז פון אַ מענשען, וועלכען ער האָט געהאַסט און דאָרט האָט ער אומגעדרעהט אָדער צעבראָכען כלים און בעשראָקען די גאַנצע פאַמיליע.

עס האָט פּאַסירט, אַז אַ מענש, אויף וועלכען אַ שאָטען איז אָנגעפאַלען, האָט איהם געשלאָגען מיט אַ שפּיעז, אָדער אַ שווערד. דאַמאָלס זענען אין הויז געבליבען שפּורען פון בלוט און דער מכשף איז געוועזען פערוואונדערט.

פיעל מאָל האָט מען אויך געזעהן, אַז דער שאָטען פון אַ מענשען האָט זיך בעוויזען מיט איהם צוזאַמען, עטליכע טריט אָבגערוקט פון איהם...

— איך קאָן אַזעלכע שאָטענס!... — האָט דער קרוינפּרינץ געזאָגט מיט איראָניע.

— איך מוז דיר אויך זאָגען — האָט מנטו־זופית ווײַטער געזאָגט — אַז נישט נאָר מענשען, אָבער אויך בעלי־חיים, געוואוקסען, שטײַנער, בנינים און כלים האָבען שאָטענס. און דער שאָטען פון טוידטע זאַכען איז נישט טוידט; ער לעבט: ריהרט זיך, רוקט זיך פון אײַן אָרט אויפ'ן אַנדערען, טראַכט און לאָזט זיך הערען...

ווען אַ מענש שטאַרבט, לעבט זײַן שאָטען און בעווײַזט זיך מענשען. אין אונזערע ספרים זענען פערשריבען

טויזענדער אזעלכע פאקטען. מאנכע שאטענס האבען פערלאנגט, מען זאל זיי געבען עסען, אנדערע זענען ארומגעגאנגען אין שטוב, האבען געארבייט אין גארטען, געגאנגען אויפ'ן יאגד אין די בערגער צוזאמען מיט די שאטענס פון זייערע הינד און קעץ. אנדערע שאטענס האבען בעשראקען מענשען, רואינירט זייער פערמעגען, אויסגעטרונקען זייער בלוט, אדער געצויגען מענשען צו אויסגעלאסענהייט... עס זענען אבער געווען אויך גוטע שאטענס, שאטענס פון מוטערס, וועלכע האבען געשיצט קינדער, פון סאלראטען, וועלכע זענען אומגעקומען אויף א מלחמה, פון כהנים, וועלכע האבען אונז ענטדעקט וויכטיגע סודות...

נאך אין דער צייט פון דער אכטצעהנטער דינאסטיע, האט דער שאטען פון פרעה חעאפס (וועלכער בלאנדזעט ארום אויף דער וועלט, ווייל ער האט געדריקט דאס פאלק, בעת ער האט געהייסען בויען א פיראמידע פאר זיך) האט זיך בעוויזען אין די גאלד-גרובען פון ניב און ערבארמענדיג זיך אויף די ארעסטאנטען, וועלכע האבען זעהר געליטען, האט ער זיי געוויזען א נייע וואסער-קוועלע.

— דו ערצעהלסט אינטערעסאנטע זאכען — האט רעמסס געזאגט — ערלויב אבער מיר אויך דיר עפעס צו דערצעהלען, א מאל, ביי נאכט, האט מען מיר אין פיבושת געוויזען „מיין אייגענעם שאטען”... ער איז געווען זעהר ענהליך צו מיר און איך אזוי געקליידעט, ווי איך. איך האב מיך אבער באלד איבערצייגט, אז דאס איז נישט קיין שאטען, נאר א לעבענדיגער מענש, דער נידערטרעכטיגער ליקאן, וועלכער האט געהרג'עט מיין זוהן...

ער האט אנגעהויבען ארויסצוטרעטען געגען מיר.

בעשרעקענדיג די פעניציאנערין קמא, איך האב בעשטימט א בעלויהנונג פאר דעם, וואס וועט איהם חאפען ... אונזער פאליציע האט איהם אבער נישט געחאפט און ערלויבט, ער זאל ארויסגנב'ענען קמא'ן און הרג'ענען מיין זוהן ...

היינט האב איך געהערט, אז מען האט געחאפט קמא, אבער וואס עס איז געווארען מ מ ליקאנ'ען, ווייס איך נישט ... ער איז זיך פריי און געזונד און ער פרעהט זיך מיט די געגנב'עטע אוצרות; ער גרייט זיך אודאי שוין צו א נייער רציחה! ...

— דעם נידערטרעכטיגען ליקאן זוכען אזוי פיעל מענשען, אז ער וועט מוזען געחאפט ווערען, — האט מנטו-זופית געזאגט — און ווען ער וועט קומען אין אונזערע הענד אריין, וועט איהם מצרים בעצאהלען פאר דעם צער, וואס ער האט געמאכט אונזער קרוינפרינץ. גלויב מיר, אז ער וועט בעשטראפט ווערען לויט זיין פערברעכען...

— איך וואלט איהם בעסער אליין געוואלט האבען אין מיינע הענד — האט דער קרוינפרינץ געענטפערט — דאס איז זעהר געפעהרליך צו האבען אזא „שאטען" ביי'ם לעבען.

דער הייליגער מנטו-זופית, וועלכער איז נישט צופריעדען געוועזען פון דעם סוף פון זיין שמועס, האט זיך געזעגענט מיט דעם קרוינפרינץ און איז אוועקגעגאנגען. דערנאך איז אין געצעלט אריינגעקומען טוטמאזיס, וועלכער האט געמעלד'עט, אז די גריעכען פארבערייטען שוין א בראנד צו פערברענען זייער אנפיהרער און צוואנציג פרויען פון די לובים האבען איינגעווילגט צו וויינען, בעת

דער קערפער וועט געפיהרט ווערען צו'ם פערברענען.

— מיר וועלען זיין אויף דער לויה — האט דער קרוינפרינץ געענטפערט —

— דו ווייסט, אז מען האט מיין זוהן גערהרג'עט?... אזא קליין קינד!... ווען איך האב איהם געהאלטען אויף דער האנד, האט ער צו מיר אויסגעצויגען דאס הענטדעל און געלאכט!... עס איז גאר נישט צו בעגרייפען, וויפיעל נידערטרעכטיגקייט א מענשליך הארץ קאן האבען אין זיך!... ווען דער נידערטרעכטיגער ליקאן וואלט אנגעפאלען אויף מיר, וואלט איך איהם פערשטאנען און אויך מוחל געווען... אבער א קינד!...

— און דאס האט מען דיר געזאגט, ווי שרה האט זיך געאפפערט פון דיינעט וועגען? — האט טוטמאזיס געפרעגט.

— יא. מיר דאכט זיך, אז זי איז געווען די טרייעסטע פון אלע מיינע פרויען און איך האב זי שלעכט בעהאנדעלט. אבער ווי איז דאס מעגליך — האט דער קרוינפרינץ גע־שריען, קלאפענדיג מיט דער פויסט אויפ'ן טיש — אז מען האט ביז איצט נישט געזאלט חאפען דעם מערדער ליקאן?... די פעניציאנער האבען מיר געשוואוירען, אז זיי וועלען העל־פען איהם חאפען... איך האב דעם הויפטמאן פון דער פאליציע פערשפראכען צו בעלוינען...

דאס איז עפעס נישט פשוט!...

טוטמאזיס איז צוגעגאנגען צו'ם קרוינפרינץ און האט איהם איינגערוימט:

— עס איז געקומען צו מיר א שליח פון חירום'ען, וועלכער איז ארויסגעפאהרען פון מצרים, ווייל ער האט

מוֹרָא פאַר די כּהנים. חידוּם האָט זיך דערוואוסט פון דעם הויפּטמאַן פון דער פּאָליציע אין פּי-בּושת, אז ליקאָן... איז געכאַפּט געוואָרען... נאָר, שטיל!... — האָט טוטמאָזיס צוגעגעבּען מיט שרעק.

דער קרוינפּרינץ איז א ווײַלע געוואָרען אין כּעס, נאָר בּאַלד האָט ער זיך בּעהערשט.

— מען האָט איהם געכאַפּט?... — האָט ער געזאָגט — פאַר וואָס האַלט מען דאָס בּסוד?...

— ווײַל דער הויפּטמאַן פון דער פּאָליציע האָט איהם געמוזט אָבּגעבּען דעם הײליגען מפּרים'ן, וועלכער האָט דאָס פון איהם פערלאַנגט אין נאָמען פון דער העכסטער ראַט...

— אהא... אהא!... — האָט דער קרוינפּרינץ זיך א כאַפּ געטהון — דער הײליגער מפּרים און די העכסטע ראַט דאַרפען האָבּען אײנעם, וואָס זאָל אזוי ענליך זײַן צו מיר!... אהא!... מײַן קינד און שרה'ן וועלען זיי מאַכען א שענע לויה, זיי וועלען בּאַלזאַמירען זײערע קערפּערם... נאָר דעם רוצח בּעהאַלטען זיי אין א זיכער אָרט... אהא!...

און דער הײליגער מנטו-זופית איז א גרויסער חכם. ער האָט מיר הײַנט ענטדעקט אַלע סודות פון דעם לעבּען נאָכען טוידט. ער האָט מיר ערקלערט אַלע דינים פון דער לויה און דער קבורה, ווי איך וואָלט געווען אלײן א כּהן, חאָטש פון דער דריטער מדרגה. דאָס האָט ער מיר אָבּער נישט געזאָגט, אז דער מערדער איז געכאַפּט געוואָרען און מפּרים האָט איהם פערבּאָרגען!... ווי איך זעה, פערבּאָרגען די הײליגע כּהנים מעהר די קלײנע סודות פון דעם קרוינפּרינץ, ווי די גרויסע סודות פון עולם-הבּא... אהא!...

— מיר דאַכט זיך, אז דו דאַרפסט זיך נישט וואונ-

דערן — האָט טוטמאָזיס געענטפערט — דו ווייסט, אַז די כהנים זענען דיך חושד, אַז דו האַסט זיי און דאָדורך זענען זיי פאַרזיכטיג... נאָך דערצו...

— וואָס נאָך דערצו?

— דער הייליגער פרעה איז זעהר קראַנק... זעהר...

— אַהאַ!... מיין פאָטער איז זעהר קראַנק און איך מוז דאָ מיט מיין מיליטער אַבהיטען די מדבר, אַז דאָס זאַמד זאָל פון איהר נישט אַנטלויפען... גוט, אַז איך ווייס דאָס!... יאָ, מיין הייליגער פאָטער איז אודאי זעהר קראַנק, וואָרום די כהנים זענען עפּעס צו גוט צו מיר... אַלעס ווייסען זיי מיר און ווענען אַלעס זאָגען זיי, אויסער דאָס, אַז מפּרים האָט בעהאַלטען ליקאָנ'ען...

— טוטמאָזיס — האָט דער קרוינפּרינץ פּלוצלונג געזאָגט — מיינסטו היינט אויך, אַז איך קאָן רעכענען אויף דעם מיליטער?...

— צו'ם טויט וועלען מיר געהן פון דיינעטוועגען, ווען דו וועסט נאָר הייסען...

— דו קאָנסט אויך פערזיכערן, אַז די אָרעל-לייט וועלען מיטהעלפען מיט מיר?...

— פּונקט ווי דאָס מיליטער.

— גוט — האָט דער קרוינפּרינץ געענטפערט — איצט קאָנען מיר געהן צו דער לויה פון פּאַטראָקלעס'ן.

## דריי און צוואַנציגסטעס קאַפּיטעל.

אין די עטליכע חדשים, וואָס רעמסס איז געוועזן שני-למלך אין נידערינגערן מצרים, איז דער הייליגער פרעה וואָס אַמאָל מעהר קראַנק געוואָרען. און עס האָט זיך גע-

בעהנט די ציַיט, אין וועלכער דער איַיביגער הערר, וואָס גיעט שמחה אין די הערצער, דער הערשער פֿון מצרים און אַלע לענדער, וועלכע די זון בעלייַכט, האָט געזאָלט זיך לעגען ביַי זייַנע עלטערן אין די קברים אין טעבי.

נישט זעהר אַלט איז געוועזען דער הערשער, וועלכער איז גלייַך צו די געטער, גיעט לעבען זייַנע אונטערטאַנען און האָט די מאַכט אָבצונעהמען פֿרויען פֿון זייערע מענער, ווי איהם געפֿעלט. ער איז אָבער אַזוי מיעד געוואָרען פֿון זיַין הערשען אין משך פֿון עטליכע און דרייַסיג יאָהר. אַז ער אַלייַן האָט שוין געוואָלט רוהען, געפֿינען זיַין יוגענד און שענהייַט אין דער מערב-פּראָווינץ, וואו יעדער פרעה הערשט איַיביג איבער די פֿעלקער אָהן שום דאגות און אַזוי גליקליך, אַז קיינער פֿון זיי האָט נאָך קיינמאָל נישט גע-וואָלט צוריקקומען.

נאָך פֿאַר אַ האַלב יאָהר האָט דער הייליגער הער-שער געטהון, וואָס צו איהם געהער, אום * געבען גליק דער גאַנצער וועלט.

אין דער פֿריה, ווען דער האָהן האָט געקרעהט, האָ-בען איהם די כהנים אויפֿגעוועקט מיט זייער תפלה לכבוד די זון, וועלכע געהט אויף. פרעה איז דאַמאָלס אויפֿגע-שטאַנען פֿון שלאָף און אין אַ גאָלדענער וואַנע האָט ער זיך טובל געוועזען אין רויזען-וואַסער. דערנאָך איז זיַין געט-ליכער קערפּער איַינגעריבען געוואָרען מיט די טייערסטע שמעקענדע זאַכען, בעת ער האָט געזאָגט תפלות, וועלכע האָבען פֿערטריבען שלעכטע רוחות.

ווערענדיג אַזוי געריייניגט דורך די כהנים, איז ער דערנאָך געגאַנגען אין זיַין קלייַנעם בית-מקדש׳ל, ער האָט

אָבגעריסען די לעהמענע חתימה פון דער טהיר און איז איינער אליין אריינגעגאנגען אין דעם קודש-קדשים, וואו עס איז געלעגען דאס בילד פון גאט אָזירים אויף א בעט פון עלפאנט-ביין. דער גאט האט געהאט אזא איינגעשאפט, אז יעדע נאכט זענען איהם אראָבגעפאלען די הענד, די פים און דער קאפ, וועלכע זענען איהם א מאל אָבגעהאקט געווארען דורך דעם שלעכטען שת; נאר נאך דער תפלה פון פרעה'ן זענען אלע זיינע גליעדער איהם צוריקגעוואקסען.

ווען דער הייליגער פרעה האט דערזעהן, אז אָזירים איז וויעדער גאנץ, האט ער ארויסגענומען דאס בילד פון בעט, אויסגעבאדען איהם, אנגעקליידט אין טייערע מלבושים, און—זעצענדיג איהם אויף א טראָהן פון טייערע שטיינער, האט ער איהם מקריב געווען קטורת. די צערעמאניע איז געווען זעהר וויכטיג; ווארום ווען די געטליכע גליעדער פון אָזירים'ן וואלטען אמאל זיך נישט צונויפגעוואקסען, וואלט דאס געווען א סימן, אז מצרים און אפשר גאר דער גאנצער וועלט שטעהט פאר א אונגליק.

דערנאך האט דער הייליגער פרעה געלאזט אָפען די טהיר פון קודש-קדשים, כדי די ברכות פון אָזירים'ן זאל דורך דער טהיר ארויס אויף דער גאנצער וועלט. גלייכצייטיג האט ער בעשטימט כהנים, וועלכע האבען דעם גאנצען טאג געזאלט היטען דאס בית-מקדש'ל פאר דער מענשליכער לייכטזיניגקייט. ווארום נישט איין מאל האט פאסירט, אז א מענש איז נישט געווען פארזיכטיג און איז צוגעגאנגען צו דעם קודש-קדשים, דאן איז ער געפאלען און געשטארבען.

נאכדעם איז פרעה אין בעגלייטונג פון זינגענדע כהנים

אריינגעגאנגען אין דעם גרויסען עס־זאל, וואו עס איז געשטאנען א שטוהל מיט א טישעל פאר איהם און 19 טישלעך פאר 19 בילדער, וועלכע האבען פארגעשטעלט 19 דינאסטיעס פון מצרים. ווען דער הערשער האט זיך געזעצט, זענען אריינגעלאפען יונגלעך און מיידלעך מיט זילבערנע טעלערס, אויף וועלכע עס איז געווען פלייש און קובען און מיט קרוגען וויין. דער כהן, וועלכער האט געהאט אויפזיכט אויף פרעה'ס מאכלים, האט פערזוכט פון דעם ערשטען טעלער און פון דעם ערשטען קרוג, וועלכען ער האט דערנאך, קניענדיג, אבגעגעבען פרעה'ן און די איבעריגע טעלערס מיט די קרוגען האט מען געשטעלט פאר די בילדער פון די אבות. ווען דער הערשער האט אבגעגעסען און איז ארויס פון זאל, האבען די פרינצען אדער די כהנים געמעגט עסען די מאכלים, וועלכע זענען בעשטימט געווען פאר פרעה'ס אבות.

פון דעם־זאל איז פרעה אריינגעגאנגען אין דעם גרויסען אודיענץ־זאל. דא זענען געפאלען פאר איהם אויף די פנים'ער די גרעסטע לייט פון דער מלוכה און זיינע נאהנטסטע קרובים און דערנאך האבען איהם אבגעגעבען ראפארטען דער גרויסער הרהור, דער העכסטער שאץ־מייסטער און דער העכסטער הויפטמאן פון דער פאליציע. די ראפארטען זענען געלעזען געווארען פאר פרעה'ן און צווישען איין ראפארט און דעם אנדערען איז געווארען געשפיעלט און געטאנצט. בעת די טענץ זענען פארגעקומען, איז דער טראהן בעשיט געווארען מיט קרענץ און בוקעטען.

נאך דער אודיענץ, איז פרעה אריינגעגאנגען אין קאבינעט, וואו ער האט זיך געלעגט אויף א קאנאפע און

א ביסעל געשלאָפֿען . דערנאָך האָט ער מקריב געווען צו די געטער וויין און קטורת און דערצעהלט די כהנים זיינע חלומות, לויט וועלכע זיי האָבען צונויפגעשטעלט די פֿעראָרדנונגען אין די ענינים, וואָס פרעה אליין האָט בע־דארפט פֿעראָרדנען .

טיילמאָל, ווען פרעה'ן האָט גאָרנישט גע'חלום'ט, אָדער ווען ער האָט איינגעזעהן, אז מען האָט איהם די חלומות נישט ריכטיג בעשיידט, האָט ער געשמייכעלט און אליין בעפֿעהלען, ווי מען זאָל טהון . דאָס בעפֿעהל איז געווען א געזעץ, וועלכעס קיינער האָט נישט געקאָנט ענדערן .

נאָך מיטאָג האָט מען פרעה'ן אין א לעקטיקא ארויס־געטראָגען אויפֿ'ן הויף צו זיין גוואַרדיע און דערנאָך איז ער ארויף אויף דעם דאַך פֿון זיין פּאַלאַץ און געקוקט אין די פֿיער זייטען פֿון דער וועלט, אום זיי צו געבען זיין ברכה. דאַן זענען ארויסגעהאַנגען געוואָרען פֿאָהנען אויף די שפּיצען פֿון די טהורמען און מען האָט שופֿר־געבלאָ־זען. ווער עס האָט געהערט דאָס שופֿר־בלאָזען, סיי אין שטאָדט, סיי אויפֿ'ן פֿעלד, א מצרי אָדער א אויסלענדער, איז געפֿאַלען מיט'ן פּנים אויף דער ערד, אום עס זאָל אויף זיין קאָפּ קומען די ברכה פֿון פרעה'ן.

אין דער צייט, ווען מען האָט שופר געבלאָזען, האָט מען נישט געטאָרט שלאָגען קיין מענשען און קיין בהמה: דער שטעקען, וועלכער איז אויפגעהויבען געוואָרען צו'ם שלאָגען, איז ארויסגעלאָזט געוואָרען פֿון דער האַנד. ווען איינער, וואָס איז פֿער'משפּט געוואָרען צו'ם טוידט, האָט דערוויזען, אז מען האָט איהם געלייענט דעם פּסק אין

דער צייט, ווען פרעה, דער הער פון הימעל און דער ערד, האט זיך בעוויזען אויף דער וועלט, איז איהם די שטראף פערקלענערט געווארען, ווארום פאר פרעה'ן געהט גבורה און הינטער איהם — רחמנות.

בעגליקענדיג זיין פאלק, איז דער הערשער פון אלעם, וואס אונטער דער זון איז, אראבגעגאנגען אין זיינע גערטנער צווישען פאלמען און סיקאמארען און דא איז ער געזעסען אמלענגסטען, אבנעהמענדיג לויב און געזאנג פון זיינע פרויען און איינקוקענדיג זיך אין די פערוויילונגען פון די קינדער אין זיין הויז. ווען איינם פון די קינדער איז איהם געפעלען געווארען צוליעב זיין שענהייט, אדער פלינקהייט, האט ער דאס קינד צוגערופען צו זיך און געפרעגט:

— ווער ביזטו, קליינער?

— איך בין פרינץ בינה־תריס, דעם הייליגען פרעה'ס זוהן — האט דער קליינער געענטפערט.

— ווי הייסט דיין מוטער?

— מיין מוטער הייסט אמיצת, פרעה'ס פרוי איז זי.

— וואס קאנסטו?

— איך קאן שוין צעהלען ביז צעהן און אויפשרייבען „עס זאל לעבען דער אייביגער פאטער, אונזער גאט פרעה רעמסס"...

דער אייביגער הערשער האט געשמייכעלט מיט זיין גוטקייט און מיט זיין עדעלער האנד האט ער בעריהרט דעם גלאטען קאפ פון דעם יונגעל. דאמאלס איז דאס קינד אין אמת'ן געווארען א פרינץ, חאטש דער הייליגער פרעה האט נישט אויפגעהערט צו שמייכלען, ווי ער וואלט

ניִשט געגלויבט, אז דאָס קינד איז זיין.

דער, וואָס די געטליכע האַנד האָט איהם בעריהרט, האָט אָבער שוין ניִשט בעדאַרפט צו ליידען אויף דער וועלט און האָט שוין געמוזט זיין העכער פון אנדערע מענשען.

אויף מיטאָג איז דער הערשער אריינגעגאַנגען אין א אנדערען עס־זאַל און ער האָט זיך געטיילט דאָס עסען מיט די געטער פון אלע פראָווינצען אין מצרים, וואָס זייערע בילדער זענען געוועזען אויסגעשטעלט נעבען די ווענד. וואָס די געטער האָבען ניִשט אויפגעגעסען, האָבען צוגענומען די כהנים און די העכסטע לייט פון הויף.

פאַר נאַכט האָט דער היילינגער פרעה אויפגענומען ביי זיך פרוי ניקאָטריס. די מוטער פון קרוינפרינץ, ער האָט זיך איינגעקוקט די רעליגעזע טענץ און זיך איינגעהערט דעם קאָנצערט. דערנאָך האָט ער זיך ווידער געבאָדען און איז אריינגעגאַנגען אין בית־המקדש פון אָזיריס, אום איהם צו לעגען שלאָפען. ארויסגעהענדיג פון דאָרט, האָט ער פערמאַכט די טהיר און זי פערחתמ'עט, און זייענדיג ארומגענומען מיט א פראָצעסיע פון כהנים, איז ער אריינגעגאַנגען אין זיין שלאָפצימער.

ביז די זון איז אויפגעגאַנגען זענען די כהנים געזעסען אין א שטוב נעבען דעם שלאָפצימער און האָבען שטיל מתפלל געוועזען אויף דער נשמה פון פרעה'ן, וועלכע געפינט זיך בעת ער שלאָפט צווישען די געטער. זיי האָבען צו דער נשמה מתפלל געוועזען, זי זאָל זיך מיהען פאַר דעם גליק פון דער מלוכה, די גרענעצען פון מצרים און די קברים פון די מלכים זאָלען געשטיצט ווערען, קיין גנב זאָל דאָרט ניִשט קאָנען אריינקומען און שטערען די אייביי־

גע רוה פון די גבורים, וועלכע זענען פול מיט לויב. די תפלות פון די כהנים האבען אבער נישט אלע מאל גע-פועל'ט: די צרות פון דער מלוכה זענען געוואקסען און די הייליגע קברים זענען בעגנב'עט געווארען: מען האט פון זיי ארויסגעטראגען נישט נאר קאסטבארע זאכען, אבער אויך מומיעס פון פרעה'ס.

דאס איז געווען א רעזולטאט פון דעם, וואס אין לאנד האבען זיך בעזעצט פערשידענע אויסלענדער און פון זיי האבען זיך די מצריים געלערנט גרינג צו שעצען די געטער פון מצרים און די הייליגסטע ערטער.

דער שלאף פון דעם, וואס הערשט איבער הער-שער, איז איבערגעריסען געווארען יעדע האלבע נאכט. די שטערן-זעהערס האבען דאמאלס אויפגעוועקט פרעה'ן און איהם געמעלדעט, ווי דער צושטאנד פון דער לבנה איז, וועלכע פלאנעטען לייכטען איבער דעם האריזאנט און צי האט אויפ'ן הימעל נישט פאסירט עפעס. ווארום טייל-מאל האבען זיך געוויזען וואלקענס אויפ'ן הימעל, עס זע-נען אראבגעפאלען שטערען מעהר, ווי געוועהנליך, אדער פייערדיגע קוילען זענען געפלויגען איבער דער ערד.

פרעה האט אויסגעהערט דעם ראפארט פון די שטער ן-זעהערס. ווען עס איז פארגעקומען עפעס אונגעוועהנ-ליכעס, האט ער זיי בערוהיגט און פערזיכערט, אז די וועלט וועט נישט אונטערגעהן, און אלעס. וואס עס איז בעמערקט געווארען, האט ער געהייסען אויפשרייבען אויף טאוולען. וועלכע זענען יעדען חודש אבגעשיקט געווארען צו די כהנים פון דעם בית-מקדש פון נאט ספינקס, וועלכע זענען געווען די גרעסטע חכמים אין מצרים. די חכמים

האָבען געלערנט די טאָוולען און געזעהן אין זיי, וואָס עס וועט פאָרקומען. די וויכטיגסטע זאַכען האָבען זיי קיינעם נישט ענטדעקט, אויסער די כשדי'שע כהנים אין בבל.

נאָך האַלבער נאַכט האָט שוין דער היילּיגער פרעה געקאָנט רוהיג שלאָפען ביז דער האָהן האָט געקרעהט פאַר טאָג, אויב ער האָט נאָר געוואָלט.

נאָך פאַר א האַלב יאָהר האָט געפיהרט אזא פרום און אַרבּייטזאַם לעבען דער גוטער גאָט, וועלכער טיילט פונאַנדער שוץ, לעבען און געזונד, אָבּהיטענדיג די ערד און דעם הימעל ביי טאָג און ביי נאַכט. אָבער שוין א האַלב יאָהר זענען זיין אייביגער נשמה פערמיאוס'ט גע־וואָרען די ערדישע ענינים און דער קערפּערליכער מאַנטעל. עס זענען געוועזען טעג, ווען ער האָט גאָרנישט געגעסען, און נעכט — ווען ער האָט נישט געשלאָפען. טיילמאָל האָט זיך אויף זיין פנים געוויזען א אויסדרוק פון יסורים און זעהר אָפט, וואָס אמאָל עפטער האָט ער געחלש'ט.

די מלכּה ניקאָטריס, דער גרויסער הרהור און די כהנים האָבען פיעל מאָל געפרעגט דעם הערשער: צי האָט ער שמערצען? דער הערשער האָט אָבער געהויבען די פּלייצעס און געשוויגען, ערפילענדיג וויטער זיינע פפליכטען.

די הויפּס־דאָקטוירים האָבען איהם אונטערגערוקט די שטאַרקסטע מיטלען צו'ם קרעפטיגען. מען האָט איהם גע־מישט אין וויין אַש פון א פערד אָדער פון א אָקס, דערנאָך האָט מען אַריינגעטהון אין זיין וויין אַש פון א לייב, איינ־האָרן און עלפאַנט; די רפואות האָבען אָבער קיין רעזול־טאַט נישט ארויסגעגעבען. דער היילּיגער פרעה האָט אזוי אָפט געחלש'ט, אַז מען האָט אויפגעהערט איהם לעזען ראַפּאָרטען.

אמאל זענען הרהור מיט די קעניגין און כהנים געפאלען אויף זייערע פנים'ער פאר פרעה'ן און איהם געבעטען, ער זאל ערלויבען צו בעטראכטען זיין געטליכען קערפער. פרעה האט איינגעשטימט, די דאקטוירים האבען איהם בעטראכט, אבער אויסער דארקייט האבען זיי אין איהם קיין קראנקהייט נישט געפונען.

— וואס שפירסטו אליין, הייליגער מלך? — האט איהם געפרעגט דער גרעסטער חכם פון די דאקטוירים פרעה האט געשמייכעלט.

— איך שפיר — האט ער געענטפערט — אז איך מוז צוריקגעהן צו דעם ליכטיגען פאטער.

— דו, הייליגער מלך, קאנסט נישט צוריקגעהן צו דיין ליכטיגען פאטער, ווארום דיינע פעלקער וועלען דערפון זעהר פיעל ליידען — האט זיך הרהור אנגערופען.

— איך וועל אייך איבערלאזען מיין זוהן, רעמסס'ן, וועלכער איז אי א לייב, אי א אדלער — האט דער הערשער געענטפערט — און אויב איהר וועט איהם הארכען, וועט ער ברענגען אויף מצרים אזא גליק, פון וועלכען מען האט נאך נישט געהערט, זייט די וועלט איז בעשאפען געווארען.

הרהור'ן און אנדערע כהנים איז קאלט געווארען, הערענדיג די ווערטער. זיי האבען געוואוסט, אז רעמסס איז אי ווי א לייב, אי ווי א אדלער און אז זיי מוזען איהם הארכען. זיי וואלטען אבער בעסער געוואלט לאנגע יאהרען האבען דעם גוטען הערשער, וואס זיין הארץ איז פול מיט רחמנות און גוטסקייט, ווי א צפון-ווינד, וועלכער ברענגט די פעלדער רעגען און מענשען — קיהלקייט.

דאַדורך זענען אַלע ווי אײן מענש געפֿאַלען אויף דער ערד און געזיפֿצט, און זיי זענען אַזוי לאַנג געלעגען אויף די בײַכער, ביז פּרעה האָט מסכים געווען זיך צו לאָזען היילען

די כהנים האָבען איהם דאַמאָלס אַרויסגעטראָגען אין גאָרטען אַרײַן, וואו ער איז פֿערבליבען דעם גאַנצען טאָג צווישען שמעקענדע נאָדעל־בוימער, זיי האָבען איהם געשפּײַזט מיט געהאַקט פֿלייש, איהם געגעבען צו טרינקען שטאַרקע זופּען, מילך און אַלטען ווײַן. די מיטלען האָבען אַ וואָך געשטאַרקט די קרעפֿטען פֿון היילינגען פּרעה; באַלד איז ער אָבער ווידער אָבגעשוואַכט געוואָרען און אום ער זאָל צוריק געשטאַרקט ווערען, האָט מען איהם גענויט ער זאָל טרינקען פֿריש בלוט פֿון קעלבלעך, וועלכע שטאַמען פֿון דעם אָקס אפּים.

דאָס בלוט האָט אָבער אויך נישט געפּועל׳ט און מען האָט געמוזט זיך ווענדען צו דעם כהן־גדול פֿון דעם בית־מקדש פֿון שלעכטען גאָט שת, ער זאָל זאָגען, וואָס מען האָט צו טהון.

דער כהן איז אַרײַנגעגאַנגען אין דעם שלאָפֿצימער פֿון היילינגען פּרעה, ער האָט אַ קוק געטהון אויף דעם קראַנקען און געהייסען בענוצען אַ שרעקליכע רפואה.

— מען דאַרף פּרעה׳ן געבען צו טרינקען — האָט ער געזאָגט — בלוט פֿון אונשולדיגע, קליינע קינדער, יעדען טאָג אַ בעכער בלוט.

די כהנים און די גרויסע לײַט, וועלכע זענען געווען אין צימער, זענען פֿערשטיינערט געבליבען, הערענדיג די רפואה. דערנאָך האָבען זיי שטיל געזאָגט, אַז אַמבעסטען

חעט זײַן, אויב מען װעט צו דעם צװעק בענוצען בלוט פון פויערישע קינדער, װײַל קינדער פון כהנים און פון גרויסע לײַט זענען שוין נישט אונשולדיג, װען זײ זענען נאך גאר קלײנע קינדער.

— מיר איז אַלץ אײנס װעמענס קינדער איהר װעט נעהמען — האט דער כהן גדול געענטפערט — אַבי נאר דער הײליגער פרעה זאל יעדען טאג האבען פריש בלוט.

ליגענדיג אין בעט מיט פערמאַכטע אויגען, האט פרעה אויסגעהערט די עצה און די װערטער פון די הויפס־לײַט. און װען אײנער פון די דאקטוירים האט געפרעגט הרהור׳ן: צי קאן מען אנהויבען זוכען קינדער?... האט פרעה זיך אויפגעחאפט. ער האט געקוקט אויף די מענשען, װאס זענען געשטאַנען נעבען איהם, און געזאגט:

— א קראקאדיל פרעסט נישט אויף זײַנע אײגענע קינדער, אַ שאקאל און אַ היגע געבען אַב זײער לעבען פאר זײערע קינדער און איך זאל טרינקען בלוט פון די קינדער פון מצרים, װעלכע זענען מײַנע קינדער?... איך װאלט קײנמאל נישט נעגלויבט, אַז עמיץ זאל האבען די העזה מיר דאס צו זאגען!...

דער כהן פון שלעכטען גאט איז געפאלען מיט׳ן פנים צו דער ערד און האט ערקלערט, אַז אין מצרים האט נאך קײנמאל קײן שום מענש נישט געטרונקען קײן קינדער־בלוט, נאר איצט װעלען די כוחות פון גיהנום אַזוי אַרום צוריקגעבען פרעה׳ן דאס געזונד. אַזא מיטעל װערט אויך בענוצט אין סוריא און אין פעניציען.

— שעהם זיך — האט פרעה געענטפערט — צו דער־מאהנען אין פאלאץ פון די מלכים אין מצרים װעגען אַזעלכ״

בֿע מיאוס'ע זאכֿען. ווייסטו דען נישט, אז די אשורים און די פעניציאַנער זענען גאַרישע באַרבאַרען? אָבער ביי אונז וועט אפילו קיין שום פויער נישט גלויבען, אז אונשולדיג בלוט זאָל קאָנען נוצען.

אַזוי האָט געזאָגט פרעה, וועלכֿער איז גלייך צו געטער. די הויפּט-לייט האָבען זיך פערשטעלט די פנים'ער פון בושה און דער כהן גדול פון דעם גאָט שת איז שטיל ארויסגעגאנגען פון צימער.

הרהור, וועלכֿער האָט דאָך געוואָלט ראַטעווען דאָס געזונד פון דעם קעניג, האָט איהם געזאָגט, אז אין א בית-מקדש אין מעמפיס פערבאָרגען א כשדי בר-אוֹת, דער גרעסטער חכם פון די כהנים אין בבל, וועלכֿער איז א גרויסער בעל-מופת.

— פאַר אונזער הייליגען מלך — האָט הרהור געזאָגט — איז ער א פרעמדער מענש און ער האָט נישט דאָס רעכֿט איהם צו היילען. ערלויב אָבער, מלך, ער זאָל קוקען אויף דיר. איך בין זיכֿער, אז ער וועט געפינען א רפואה פאַר דיין קראַנקהייט און יעדענפאַלס וועסטו נישט הערען פון איהם קיין ווערטער, וועלכֿע זאָלען דיין הייליגקייט נישט געפעלען ווערען.

פרעה האָט אויך איצט זיך געלאָזט אָברעדען פון זיין טרייען קנעכֿט און צוויי טעג דערנאָך איז בר-אוֹת אָנגעקומען קיין מעמפיס.

דער כשדי האָט, נישט בעטראַכֿטענדיג פרעה'ן, אַזאַ עצה געגעבען:

— מען דאַרף צו געפינען אין מצרים א מענשען, וואָס זיינע תפלות דערגרייכֿען ביז צו גאָטס טראָהן, און ווען ער

וועט ערנסט מתפלל זיין אויף דעם געזונד פון פרעה'ן, וועט ער צוריק בעקומען דאס געזונד און וועט לאנג לעבען.

הערענדיג די ווערטער, האט פרעה געווענדעט זיינע אויגען צו די כהנים, וועלכע זענען געשטאנען ארום איהם און האט אזוי געזאגט:

— איך זעה דא אזוי פיעל הייליגע לייט! ווען איי־נער פון אייך וואלט ערנסט מתפלל געוועזען, וואלט איך גע־זונד געווארען...

און פרעה האט געשמייכעלט.

— מיר אלע זענען נאר מענשען — האט זיך בר־אות אנגערופען — און אונזערע נשמות קאנען נישט אלע מאל זיך אויפהויבען צו דעם פיסענבענקעלע פון דעם אייביגען גאט. איך וועל אבער געבען א זיכער מיטעל, דורך וועל־כען דו, הייליגער פרעה, וועסט קאנען ענטדעקען דעם מענשען, וועלכער איז אמערנסטען מתפלל און זיינע תפלות העלפען.

— אדרבה, ענטדעק מיר דעם מענשען און ער וועט בלייבען מיין גוטער פריינד אין דער לעצטער צייט פון מיין לעבען.

דער כשדי האט פערלאנגט א צימער, אין וועלכען עס איז פערהאנען נאר איין טהיר און קיינער וואהנט דארט נישט. און דעם זעלבען טאג, איין שעה איידער די זון איז אונטערגעגאנגען, האט בר־אות געהיימ"י איבערטראגען פרעה'ן אין אזא צימער

אין א בעשטימטער צייט האבען פיער גרעסטע כהנים אנגעקליידט פרעה'ן אין א נייע מלבוש פון פלאקס און

אָבגעזאָגט אַ גרויסע תפלה, וועלכע האָט זיכער געזאָלט פערטרייבען די שלעכטע רוחות און אריינזעצענדיג איהם אין אַ לעקטיקאַ פון צעדערהאָלץ, האָבען זיי איהם איבער־געטראָגען אין דעם לעערען צימער, וואו עס האָט זיך גע־פונען נאָר אַ קליין טישעל

בר־אות איז שוין דאָרט געוועזען. ער האָט זיך גע־שטעלט מיט'ן פנים צו מזרח און מתפלל געוועזען.

ווען די כהנים זענען ארויסגעגאנגען, האָט דער כשדי פערמאַכט די טהיר, גענומען אויף זיינע אָרמען אַ פורפור־באַנד, און אויפ'ן טישעל פאַר פרעה'ן האָט ער אָני־דערגעשטעלט אַ גלעזערנע שוואַרצע קויל. דערנאָך האָט ער זיך געווענדעט צו אַלע זייטען פון דער וועלט און גע־זאָגט:

„עם־ערל, תניה, לטיסטון... האָט רחמנות אויף מיך און ריינינגט מיך. פאָטער אין הימעל! גנעדיגער און באַרמהארציגער פאָטער!... ניעם אוים אויף דיין קנעכט דיין ברכה און ציה אוים דיין אַלמעכטיגע האַנד צו די איינ־געשפאַרטע רוחות, אום איך זאָל קאָנען רוהיג בעטראַכ־טען דיין הייליג ווערק..."

ער האָט איבערגעריסען די תפלה און זיך געווענדעט צו פרעה'ן:

— מר־אמן־רעמסס, כהן גדול פון גאָט עמון, צי זעהסטו אַ פונק אין דער שוואַרצער קויל?...

— איך זעה אַ ווייסען פונק, וועלכער ריהרט זיך, ווי אַ ביהן אויף אַ בלימעלע...

— מר־אמן־רעמסס, קוק אויף דעם פונק און רייס נישט אָב פון איהם קיין אויג... קוק נישט אויף דער רעכ־

טער זײַט, נישט אויף דער לינקער זײַט, נישט אויף קיין זאַך, וואָס וועט זיך אַרויסרוקען פון די זײַטען...

און ער האָט ווידער שטיל געזאָגט:

„כר-על-ענתות, בעל-דך-ענתות. אין דעם נאָמען פון גניה און לכידה, די מיניסטאָרען פון דעם גיהנום, רוף איך אײַך מיט דער קראַפט פון דעם העכסטען מאַיעסטעט, וועלכען איך פערמאָג, איך בעשווער און בעפעהל אײַך..."

פרעה האָט אַ ציטער געטהון.

— מר-אַמן-רעמסס, וואָס זעהסטו? — האָט דער כשדי געפרעגט.

— פון הינטער דער קייל רוקט זיך אַרויס עפּעס אַ שרעקליכער קאָפּ... די געלע האָר שטעלען זיך קאַפּויר... דאָס פּנים איז גרין... די אויגען-עפּעל זענען אויסגעדרעהט און נאָר דאָס ווײַסע פון די אויגען זעהט מען... דאָס מויל איז געעפענט ברײַט, ווי עס וואָלט געוואָלט שרײַען...

— דאָס איז די שרעק אַליין — האָט בר-אית געזאָגט און האָט אויסגעצויגען די שאַרף פון מעסער צו דער קייל.

פלוצלונג האָט זיך פרעה אַראָבגעבויגען ביז צו דער ערד.

— גענוג! — האָט ער אויסגעשריען — פאַר וואָס קוועלסטו מיך אַזוי?... דער מידער קערפּער וויל האָבען רוה, די נשמה וויל אַנטלויפען אין דעם לאַנד פון אײביגער ליכטיגקײַט... און איהר ערלויבט מיר נישט צו שטאַרבען און יעדע ווײַלע טראַכט איהר אויס נײַע יסורים פאַר מיר... ניין!... איך וויל נישט...

— וואָס זעהסטו?...

— פון סופית לאזען זיך אראב צוויי שפינען־פים, און שרעקליך זענען זיי... זיי זענען, ווי פאלמען, בעיואקסען מיט האר, פערענדיגט מיט האקענס. איך שפיר, אז איבער מיין קאפ הענגט א ריזענדיגער שפין און וועבט ארום מיר א נעץ פון דיקע שטריק...

בר־אות האט אויפגעהויבען דאס מעסער אין דער הויך.

— מר אמן רעמסס — האט ער ווידער געזאגט — קוק שטענדיג אין דעם פונק און קוק נישט אין די זייטען...

„דאס איז דער צייכען, וואס איך ווייז אייך — האט ער שטיל געזאגט — איך, מעכטיגער און בעוואפענטער מיט גאטס הילף. רוף אייך עי, שרי, עי, שרי... אין נאמען פון אלמעכטיגען און אייביג־לעבענדען גאט..."

אויף דעם פנים פון פרעה'ן האט זיך געוויזען א רוהיגער שמייכעל.

— עס דאכט זיך מיר — האט ער געזאגט — אז איך זעה מצרים, גאנץ מצרים... יא, דאס איז דער נילוס... די מדבר... דא איז מעמפיס, דארט טעבי...

ער האט טאקי געזעהן מצרים, גאנץ מצרים, אבער נישט גרעסער איז מצרים געווען, ווי די אלעע, וועלכע האט זיך געצווייגען דורך דעם גארטען פון זיין פאלאץ... דאס וואונדערבארע בילד האט אבער געהאט די איינענשאפט, אז ווען פרעה האט אויף איין פונקט געקוקט מיט אביסעל מעהר אויפמערקזאמקייט, האט דער פונקט אויפגעוואקסען און פון איהם איז געווארען א גאנץ געגענד, כמעט אין דער נאטירליכער גרויסקייט.

די זון איז שוין אונטערגעגאנגען, בעגיעסענדיג די

ערד מיט גאָלד-פורפורנע ליכטיגקייט. די טאָג-פויגעל האָבען זיך שוין געזעצט שלאָפען, די נאַכט-פויגעל האָבען זיך געוועקט פון שלאָף. אין דער מדבר האָבען געגענעצט היענען און שאַקאַלען און די דרעמלענדע לייבען האָבען אויסגעצויגען זייערע ריזענדיגע קערפערם, פאַרבערייטענדיג זיך צו לויפען זוכען עסען.

די פישערס האָבען גיך אַרויסגעצויגען זייערע נעצען, די גרויסע טראַנספּאָרט-שיפען זענען צוגעפאָהרען צו די ברעגען. די מידע ערד-אַרבייטער האָבען פון די ברונענס אַראָבגענומען די עמערס, מיט וועלכע זיי האָבען געשעפּט וואַסער דעם גאַנצען טאָג; אַנדערע זענען לאַנגזאַם אַהיים געגאַנגען מיט דעם אַקערוואָגען. אין די שטעדט האָט מען אָנגעצונדען לעמפּלעך, און די בית-מקדש'ים האָבען זיך די כהנים צונויפגעקליבען צו דער אָווענד-תפלה. אויף די וועגען איז אָנגעפאַלען אַ שטויב און דאָס קריצען פון די רעדער האָט מען שוין נישט געהערט, פון די שפּיצען פון די טהורמען האָבען זיך געהערט זיפצענדע שטימען, וועלכע האָבען גערופען דאָס פאָלק צו די תפלות.

אַ ווײַלע דערנאָך האָט פרעה דערזעהן עפּעס, וואָס האָט אויסגעזעהן, ווי אַ סטאַדע פון זילבערנע פויגעל, וועלכע זענען געפלויגען איבער דער ערד. זיי זענען אַרויסגעפלויגען פון די בית-מקדש'ים, פּאַלאַצען, גאַסען, פאַבריקען, שיפען אויף דעם נילוס, פויערישע הײַזלעך און אויך פון גראָבענס. אָנפאַנגס איז יעדעם פויגעל געפלויגען אין דער הויך, באַלד האָט ער אָבער אָנגעטראָפען אַ אַנדערן זילבערנעם פויגעל, וועלכער האָט איהם דעם וועג פערשטעלט, האָט איהם מיט'ן גאַנצען כח אַ קלאַפּ געטהון,

און — בײדע זענען טוידט אראבגעפאלען אויף דער ערד.

די פײגעל זענען געװעזען תפלות פון מענשען, װעלכע האבען געבעטען גאט אײנער פערקעהרט פון אנדערן און דאדורך האט אײן תפלה נישט דערלאזט, אז די צװײטע זאל זיך אויפהויבען צו דעם טראהן פון גאט...

פּרעה האט זיך גוט אײנגעהערט... אין אנפאנג האט ער געהערט נאר דאס גערויש פון פליגעל; באלד דערנאך האט ער אבער געהערט אויך װערטער.

און אט האט ער געהערט, װי א קראנקער בעט, ער זאל געזונד װערען און גלײכצײטיג האט ער געהערט די תפלה פון א דאקטאר, אז דער חולה זאל װי אם־לענגסטען קרענקען. אײנער האט געבעטען דעם גאט עמון, ער זאל היטען זײן שפײכלער און זײן שטאל; א גנב האט אויסגעצויגען די הענד צום הימעל און מתפלל געװעזען, ער זאל אהן שטערונג קאנען ארויספיהרען א פרעמדענס קוה און אנפילען זײנע זעק מיט א אנדערנס תבואה.

די תפלות האבען געשטויסען אײנע די אנדערע, װי שטײנער, װעלכע װערען געשלײדערט פון א שלײדערער.

א װאנדערער אין דער מדבר איז געפאלען אויפ'ן זאמד און האט געבעטען, עס זאל אנקומען א צפון־װינד, װעלכער זאל איהם ברענגען א טראפען װאסער; א שיפער אויפ'ן ים האט מתפלל געװעזען, אז חאטש נאך א װאך זאל װעהען א מזרח־װינד א ערד־ארבײטער האט געבעטען, אז די זומפען, װעלכע זענען געבליבען נאך די רעגענס זאלען באלד אויסגעטריקענט װערען און א ארימער פישער האט פערלאנגט אז די זומפען זאלען קײנמאל נישט טרוקען װערען.

און אויך די תּפלות האָבּען זיך געשטויסען איינע די אַנדערע און זיי זענען נישט אָנגעקומען צו די אויערען פון דעם גאָט עמון.

דאָס גרעסטע געוויש האָט געהערשט איבּער די שטיינגראָבּענס, וואו פערבּרעכער, געשמידעטע אין קייטען, האָבּען צעשמעטערט גרויסע פעלזען. אַ גרופּע טאָג-אַרבּייטער האָבּען געבּעטען, אַז די נאַכט זאָל שוין אָנקומען, אום זיי זאָלען זיך שוין קאָנען לעגען שלאָפען; און גלייכצייטיג האָבּען גרופּעס פון נאַכט-אַרבּייטער געבּעטען, אַז עס זאָל קיינמאָל נישט נאַכט ווערען סוחרים, וועלכע האָבּען געקויפט אויסגעאַרבּייטע שטיינער, האָבּען געבּעטען, אַז אין די גראָבּענס זאָלען זיין ווי אַממעהרסטען פערבּרעכער און אין דער זעלבּער צייט זענען געלעגען אויף זייערע פּנים'ער די, וועלכע האָבּען צוגעשטעלט שפּייז, און האָבּען היים מתפּלל געווען, עס זאָל קומען אַ מגפה אויף די אַרבּייטער און זיי זאָלען נישט דאַרפען צושטעלען אַזוי פיעל שפּייז.

בּכן זענען אויך די תּפלות פון די מענשען אין די גראָבּענס נישט אָנגעקומען צו'ם הימעל.

אויף דער מערבֿ-גרענעץ האָט פּרעה דעריזעהן צוויי אַרמעען, וועלכע פאַרבּערייטען זיך צו דער מלחמה, בּיידע זענען געלעגען אויף זאַמדען, רופענדיג דעם גאָט עמון, ער זאָל אויסראָטען די שונאים. די לובֿים האָבּען געבּעטען, אַז די מצריים זאָל פערשעהמט און געהרג'עט ווערען; די מצריים האָבּען מתפּלל געווען, אַז די לובֿים זאָלען אומקומען.

די אַלע תּפלות, ווי צוויי סטאַדעס פון רויב-פויגעל

האָבּעָן זיך צוזאַמענגעשטויסען און זיי זענען אַראָבּגעפאַלען אויף דער מדבר. עמון האָט זיי אפילו ניִשט געזעהן.

און וואו נאָר פּרעה האָט געווענדעט זיינע מיִדע אויגען, האָט ער אומעטום געזעהן דאָס זעלבּע. פּויערען האָבּען געבּעטען, זיי זאָלען האָבּען רוה און זייערע אָבּ־צאָהלונגען זאָלען זיי ערנידערט ווערען; שרייבּערם — אַז די אָבּצאָהלונגען זאָלען פערגרעסערט ווערען און די אַר־בּייט זאָל זיך קיינמאָל ניִשט ענדיִגען. די כהנים האָבּען געבּעטען דעם גאָט עמון, אַז רעמסס דער צוועלפטער זאָל לאַנג לעבּען און עס זאָלען אויסגעראָטעט ווערען די פֿעְ־ניִציאַנער, וועלכע שטערען זיי אין זייערע געשעפטען; די הויפטמענער פון די פּראָוויִנצען האָבּען געבּעטען די געְ־טער, זיי זאָלען געבּען לעבּען און געזונד די פעניִציאַנער און רעמסס דער דרייצעהנטער זאָל וויִ אמגיכסטען ווערען פּרעה, ווייל ער וועט קעמפּפען געגען דעם ווילקיר פון די כהנים; לייבּען, שאַקאַלען און היִענען האָבּען געשטרעבּט צו פריִש בּלוט; היִרשען און האָזען זענען אַרוים פון זייערע בּעהעלטניִשען מיִט שרעק, קלערענדיִג נאָר וועגען דער־האַלטען זייער לעבּען חאָטש נאָך איין טאָג, חאָטש מען האָט געוואוסט, אַז אום אַנדערע חיות זאָלען קאָנען לעבּען, מוזען די נאַכט אויך צעהנדליִגער אומקומען.

אַזוי האָט געהערשט מחלוקת אויף דער גאַנצער וועלט. יעדער האָט געוואָלט דאָס, פאַר וועלכען אַנדערע האָבּען זיך געשראָקען. יעדער האָט מתפּלל געווען נאָר זיין טובה, ניִשט טראַכטענדיִג, צי דאָס וועט ניִשט שאַדען אַנדערע.

דאַדורך זענען זייערע תפלות ניִשט אָנגעקומען וואו־

הײן מען האָט בעדאַרפֿט, חאָטש זײ זענען געװען, װי זיל־
בערנע פֿויגעל, װעלכע זענען געפֿלויגען ביז צו׳ם הימעל.
און דער גאָט עמון. צו װעלכען עס איז נישט אָנגעקומען
קײן שום תפלה פֿון דער ערד, אָנשפּאַרענדיג די הענד
אויף זײנע קניען, האָט זיך װאָס אַ מאָל מעהר פֿערטיעפֿט
אין בעטראַכטען זײן געטליכקײט, און אויף דער ערד האָ־
בען װאָס אַ מאָל מעהר געהערשט די װילדע קראַפֿט און
דער צופֿאַל.

פּלוצלונג האָט פרעה דערהערט אַ שטימע פֿון אַ
פֿרוי.

— קונדעס!... קונדעסעל!... קים צוריק אין שטוב,
װאָרום עס איז שוין צײט צו בעטען גאָט...

— באַלד... באַלד!... — האָט געענטפֿערט אַ
קינדישע שטימע.

פרעה האָט דאָרטהין געקוקט און ער האָט דער־
זעהן אַ לעהמען הײזעל פֿון אַ שרײבער בײ בהמות. דער
אײגענטהימער פֿון הײזעל האָט געענדיגט צו שרײבען זײן
צעטעל בײ דעם בלאַנק פֿון דער אונטערגעהענדער זון.
זײן פֿרוי האָט מיט אַ שטײן צעשטויסען װײץ אויף פלעצלעך.
און פֿאַר׳ן הויז איז אַ זעקס־יעהריג יונגעל געלאָפֿען און גע־
שפּרונגען, װי אַ יונגער באָק, לאַכענדיג און אַלײן נישט
װיסענדיג פֿון װאָס ער לאַכט.

די שמעקענדע אָװענד־לופֿט האָט אודאי דאָס קינד
אַזוי לוסטיג געמאַכט.

— קונדעס!... קונדעסעל!... קום בעטען גאָט...—
האָט די פֿרוי געזאָגט.

— באַלד!... באַלד!...

און ער איז ווידער געלאָפען און זיך געפרעהט ,ווי א משוגע'נער .

ענדליך , ווען די מוטער האָט געזעהן , אז די זון הויבט אָן צו זינקען אין די זאמדען פון דער מדבר , האָט זי אנידערגעלעגט איהר שטיין און ארויסגעהענדיג אויפ'ן הויף , האָט זי געחאפּט דאָס לויפענדע קינד . דאָס יונגעלע האָט בשום אופן נישט געוואָלט אריינגעהן אין שטוב , ער האָט זיך אָבער געמוזט אונטערגעבען . די מוטער האָט איהם אריינגעצויגען אין שטוב , האָט איהם אנידערגעזעצט אויף דער ערד און איהם צוגעהאלטען מיט די הענד , ער זאָל נישט צוריק ארויסלויפען .

— דרעה זיך נישט — האָט זי געזאָגט — לעג די פיס אונטער זיך , זיץ גלייך און די הענד הויב אויף ... או דו שלעכט קינד ! ...

דאָס יונגעל האָט געזעהן , אז עס וועט שוין מוזען אָבזאָגען די תפלה און כדי עס זאָל ווי אמגיכסטען קאָנען צוריק ארויסלויפען אויפ'ן הויף , האָט עס אויפגעהויבען די הענד און די אויגען צו'ם הימעל און מיט א דינער שטי-מע האָט עס הויך געזאָגט :

— איך דאנק דיר , גוטער גאָט עמון , דערפאר . וואָס דו האָסט היינט אָבגעהיט דעם טאַטען פון פאַרפאַ-לען און דער מוטער האָסטו געגעבען ווייץ אויף פלעצ-לעך ... און וואָס נאָך ? ... דערפאר , וואָס דו האָסט בע-שאפען הימעל און ערד און אויף דער ערד האָסטו אראָבגעשיקט דעם נילוס , וועלכער ברענגט אונז ברויט ... און וואָס נאָך ? ... אהא , איך ווייס שוין ! און אויך דערפאר דאנק איך דיר , וואָס עס איז אין דרויסען אזוי שען , עס

וואַקסען בלומען, עס זינגען פֿויגעל און אויף די פּאַלמען וואַקסען זיסע טייטלען. און פֿאַר די גוטע זאַכען, וועלכע דו האָסט אונז געשענקט, זאָלען אַלע דיך ליעבען, ווי איך, און לויבען בעסער פֿון מיר, ווייל איך בין נאָך קליין און מען האָט מיך נאָך נישט געלערנט קיין קלוגשאַפֿט, נאָר שוין גענוג...

— אַ שלעכט קינד! —האָט געמורמעלט דער שרייבער פֿון די בהמות, זייענדיג איינגעבויגען איבער זיין צעטעל — אַ שלעכט קינד, ווי ער בעט צו דעם גאָט עמון!

פּרעה האָט אָבער אין דער קייל דערזעהן, אַז די תּפילה פֿון דעם ווילדען יונגעל איז געפֿלויגען ביז צום הימעל און, קלאַפּענדיג מיט די פֿליגעל, האָט זי זיך אויפֿגעהויבען וואָס אַ מאָל העכער און העכער ביז צו דעם טראָהן, אויף וועלכען עס איז געזעסען עמון מיט די הענד אויף די קניען און געטראַכט וועגען זיין אייגענער אַלמעכטיגקייט.

דערנאָך האָט זי זיך אויפֿגעהויבען נאָך העכער, ביז איבער דעם קאָפּ פֿון דעם גאָט עמון און זי האָט געזונגען מיט אַ דינער, קינדישער שטימע:

— און פֿאַר די גוטע זאַכען, וועלכע דו האָסט אונז געשענקט, זאָלען אַלע דיך ליעבען, ווי איך...

דער גאָט עמון, וועלכער איז געזעסען פֿערטיעפֿט אין זיינע געדאַנקען, האָט געעפֿענט די אויגען און פֿון זיי איז געפֿאַלען אויף דער וועלט אַ שטראַהל פֿון גליק. פֿון דער ערד ביז צום הימעל איז זעהר שטיל געוואָרען, יעדער שמערץ האָט אויפֿגעהערט, קיין אומה, קיין עולה איז אויף דער וועלט נישט געוועזען. אַ פֿייל, וועלכע איז אַרויס פֿון

בויגען, איז געבליבען אין לופט, דער לייב, וועלכער איז צוגעשפּרונגען צו אַ הירש, האָט זיך פֿערהאַלטען, דער שטעקען, וואָס איז אויפגעהויבען געוואָרען, איז נישט אַראָבגעפאַלען אויף די פּלייצעס פון אַ שקלאַף. אַ קראַנקער האָט פערגעסען אָן זיינע ליידען, אַ פערבלאָנדזשעטער אין דער מדבר האָט פערגעסען אָן הונגער, אַ אַרעסטאַנט — אָן זיינע קייטען, דאָס געוויטער האָט אויפגעהערט און די פאַליע אויפ'ן ים, וועלכע איז געווען גרייט צו דערטרינקען אַ שיף, איז געבליבען שטעהן. און אויף דער גאַנצער ערד האָט געהערשט אַזאַ רוהע, אַז די זון, וועלכע איז שוין געווען בעהאַלטען, האָט ווידער אויפגעהויבען איהר שטראַהלענדען קאָפּ...

פּרעה האָט זיך אויפגעחאַפּט. ער האָט דערזעהן פאַר זיך אַ קליין טישעל, אויף דעם טישעל איז געווען די שוואַרצע, גלעזערנע קויל, און נעבען דעם טישעל איז געשטאַנען בר-אות.

— מר-אמן-רעמסס — האָט דער כשדי געפרעגט — האָסטו געפונען אַ מענשען, וואָס זיינע תפלות דערגרייכען צו דעם פיסענבענקעלע פון דעם אייביגען גאָט?

— יאָ — האָט פּרעה געענטפערט.

— צי איז ער אַ פּרינץ, אַ ריטער, אַ נביא, אָדער אַ געוועהנליכער איינזאַמער כהן?

— ער איז אַ קליין זעקס-יעהריג יונגעל, וועלכעס האָט גאָרנישט געבעטען, נאָר פאַר אַלעם געדאַנקט.

— און ווייסטו, וואו ער וואָהנט? — האָט דער כשדי געפרעגט.

— איך ווייס, נאָר איך וויל נישט אַרויסגנב'ענען פאַר

זיך די מאכט פון זיינע תפלות. די וועלט איז א ווירבעל-ווינד, אין וועלכען מענשען ווארפען זיך, ווי זאמד, און דאס אונגליק ווארפט זיי, דאס קינד גיעט מענשען דאס, וואס איך קאן זיי נישט געבען: א קורצע ווײלע פון מנוחה און שמחה... פערשטעהסטו, בר-אות? ...

בר-אות האט געשוויגען.

## פיער און צוואנציגסטעס קאפיטעל.

ווען די זון איז אויפגעגאנגען אין איין און צוואנציגסטען טאג פון דעם חודש התור, איז אין דער מחנה פון קרוין-פרינץ אנגעקומען א בעפעהל פון מעמפיס, אז דריי פאלקען זאלען געהן קיין לוב און שטעהן אין די שטעדט; די איבעריגע פאלקען, צוזאמען מיט'ן קרוין-פרינץ, זאלען געהן צוריק א היים.

דאס מיליטער האט מיט שמחה בעגריסט די פערארדנונג; עס איז שוין די סאלדאטען פערמיאוס'ט געווארען צו זיין אין דער מדבר. חאטש מען האט צוגעפיהרט שפייז פון מצרים און פון לוב, דאך איז אויסגעקומען צו ליידען הונגער. דאס וואסער אין די ברונענס, וועלכע זענען אויף דער גיך אויסגעגראבען געווארען, האט זיך אויסגעשעפט, די היץ האט געברענט און דאס געלע זאמד האט געפלאגט די אויגען און די לונגען.

רעמסס האט געהייסען זיך פארבערייטען אין וועג אריין, דריי פאלקען פון געבוירענע מצריים האט ער געשיקט קיין לוב, בעפעהלענדיג די סאלדאטען, זיי זאלען זיך גוט בעגעהן מיט די איינוואהנער און אײנצעלנע פון זיי זאלען זיך נישט ארומשלעפען. די איבעריגע ארמעע האט

ער געפֿיהרט קיין מעמפֿיס, איבערלאָזענדיג אַ ביסעל סאָלדאַטען אין דעם קליינעם פֿעסטונג און אין די גלאָז-פֿאַבריקען.

9 אַ זייגער אין דער פֿריה זענען שוין ביידע טיילען פֿון מילימער געווען אויפֿ'ן וועג; איין טייל איז געגאַנגען אויף צפֿון, די צווייטע טייל אויף דרום.

צו דעם קרוין-פּרינץ איז דאַמאָלס צוגעגאַנגען דער הייליגער מנטו-זופֿית און איהם געמעלדעט:

— עס וואָלט גוט געווען, ווען דו וואָלסט ווי אַם-ניכסטען געפֿאָהרען קיין מעמפֿיס. אויף העלפֿט וועגס וועלען דיך אָבוואַרטען פֿרישע פֿערד.

— מיין פֿאָטער איז שווער קראַנק?... — האָט רעמסס אויסגעשריען.

דער כהן האָט אַראָבגעבויגען דעם קאָפּ

דער קרוינפּרינץ האָט איבערגעגעבען מנטו-זופֿית'ן די הויפּט-אָנפֿיהרונגען, בעטענדיג איהם, ער זאָל נישט ענדערן זיינע פֿעראָרדנונגען, איידער ער וועט זיך בעראַטען מיט די גענעראַלען. ער האָט גענומען מיט זיך פֿענטוער'ן, טוטמאָזיס'ן און צוואַנציג פֿון די בעסטע אַזיאַטישע רייטער און איז גיך געריטען קיין מעמפֿיס.

רייטענדיג פֿינף שטונדען, זענען זיי אָנגעקומען צו העלפֿט וועגס, און דאָרט, ווי מנטו-זופֿית האָט פֿריהער געזאָגט, האָבען זיי אָבגעוואַרט פֿרישע פֿערד. די אַזיאַטען זענען דאָ איבערגעבליבען און דער קרוינפּרינץ מיט פֿענטוער'ן, טוטמאָזיס'ן און אַ נייע וואַך זענען געריטען ווייטער.

— וועה איז מיר! — האָט טוטמאָזיס געזיפֿצט — פֿינף טעג האָב איך זיך שוין נישט געבאָדען און נישט געשמירט מיט רויזענעהל און איצט מוז איך אַזאַ ווייטען וועג.

רייטען אין איין טאָג!... איך בין זיכער, אז ווען מיר וועלען שטעהן אויפ'ן אָרט, וועט קיין שום טענצערין נישט וועלען אויף מיר קוקען...

— מיט וואָס ביזטו בעסער פון אונז? — האָט דער קרוינפרינץ געפרעגט.

— איך בין שוואַכער! — האָט טוטמאָזיס געזיפצט — דו ביסט געוואוינט צו רייטען, ווי אַ היקסאָס, און פענטוער קאָן רייטען אפילו אויף אַ גליהענדע שווערד. אָבער איך, אזאַ איידעלער...

ווען די זון איז אונטערגעגאַנגען, זענען זיי געקומען אויף אַ הויכען בארג, וואו זיי האָבען געזעהן פון ווייטענס דעם גריזגעם טהאָל פון מצרים און אויף איהם האָבען די פיראַמידען געבלאַנקט, ווי פלאַמען. אַ ביסעל אָבגערוקט פון די פיראַמידען, רעכטס, האָבען געבלאַנקט די שפיצען פון די טהורמען אין מעמפיס, וועלכע זענען געווען איינגעהילט אין אַ בלויען נעבעל.

— גיכער גיכער!... — האָט דער קרוינפרינץ געשריען

ווען עס איז נאַכט געוואָרען, זענען זיי אָנגעקומען אין דער גרויסער פראָווינץ פון מתים, וועלכע האָט זיך געצויגען אויף אַ שטח פון עטליכע צעהנדליג וויאָרסט.

דאָ האָט מען פאַרצייטענס געלעגט קובר זיין די מצריים: מלכים אין גרויסע פיראַמידען, פרינצען און גרויסע לייט אין קלענערע פיראַמידען, געוועהליכע מענשען אין לעהמענע הייזלעך. עס זענען דאָ געלעגען מיליאָנען מומיעס, נישט נאָר פון מענשען, אָבער אויך פון

היגד, קעץ, פויגעל און אנדערע בעשעפעניש, וועלכע זענען מענשען בעליעבט געוועזען.

אין רעמסס'ענם צייטען האט מען גרויסע לייט אנ־געהויבען קובר זיין אין טעבי און נעבען די פיראמידען האט מען קובר געוועזען נאר פויערען און ארבייטער פון די נאהנטסטע געגענדען.

צווישען די קברים האט דער קרוינפרינץ בעגעגענט א גרופע מענשען.

— ווער זענט איהר? — האט דער אנפיהרער פון ער וואך געפרעגט.

— מיר זענען ארימע קנעכט פון פרעה'ן און מיר געהען צוריק פון אונזערע מתים... מיר האבען זיי געבראכט א ביסעל רויזען, פלעצלעך און ביער.

— איהר האט אפשר ארייננעקוקט אין פרעמדע קברים?

— א, נעטער! — האט איינער פון דער גרופע געענטפערט — מיר זענען צו אזא שווערער זינד נישט פעהיג!... נאר די שווינדלערס פון טעבי (זאלען זיי ד הענד אויסגעדארט ווערען!) בעאונרוהיגען מתים, אום זיי זאלען אין די שענקען פער'שכור'ן זייער איינענטהום.

— וואס בעדייטען די בראנדען דארט, אויף צפון־זייט? — האט דער קרוינפרינץ געפרעגט.

— דו קומסט אודאי פון ווייט, ווען דו ווייסט נישט, וואס דאס איז — האט מען איהם געענטפערט — מארגען קומט דאך אן אונזער קרוינפרינץ מיט זיין מיליטער, וועל־כעס האט אבגעהאלטען אזא נצחון!... א גרויסער אנפיה־רער איז ער!... אין איין צוזאמענשטויס האט ער מנצח געוועזען

די עֶלֶענדע לוּבִים ... דאַדורך איז דאָס פֿאָלק פֿון מִצְרַיִם אַרויסגעגאַנגען, אום איהם צו בּעגריסען ... דרייסיג טויזענד מענשען זענען אַרויסגעגאַנגען ... װעלען זײ דאָס שרײַען ! ...

— איצט פֿערשטעה איך — האָט דער קרוינפּרינץ אײַנגערוימט פֿענטוער'ן — דער הײליגער מנטו-זופּית האָט מיך פֿאָראויס געשיקט, אום איך זאָל נישט אָבּהאַלטען קײן טריאומף-פּראָצעסיע ..., נאָר זאָל זײַן אַזוי ...

די פֿערד זענען געװען מיעד און מען האָט בּעדאַרפֿט אָבּרוהען. דער קרוינפּרינץ האָט דאַדורך געשיקט עטליכע רײַטער, זײ זאָלען בּעשטעלען שיפֿען און די איבּעריגע סװיטע האָט ער פֿערהאַלטען נעבּען אַ גרופּע פּאַלמען, װעלכע זענען געװאַקסען צװישען פּיראַמידען און ספֿינקסען.

די פּיראַמידען און ספֿינקסען זענען געװען דער צפֿון-עק פֿון דעם גרויסען בּית-הקברות. אויף אַ שטח פֿון אַ קװאַדראַט קילאָמעטער, װעלכער איז געװען בּעװאַקסען מיט געװאוקסען פֿון דער מדבּר, האָבּען זיך צוזאַמענגעשטופּט זעהר פֿיעל פּיראַמידען, פֿון װעלכע די גרעסטע זענען געװען דרײַ: חעאָפּס, כּפֿרון און מקרין. דאָרט איז אויך געװען דער ספֿינקס. די ריזענדיגע בּנינים זענען געװען אָבּגערוקט אײנער פֿון אַנדערען נאָר עטליכע הונדערט מעטער. די דרײַ פּיראַמידען אין אײן רײהע פֿון צפֿון-מזרח צו דרום-מערב און אויף מזרח-זײַט פֿון דער ליניע, נעבּען נילוס, געפֿינט זיך דער ספֿינקס, װאָס בּײַ איהם איז געזען דער אונטערערדישער בּית-המקדש פֿון גאָט חירות.

די פּיראַמידען און בּפֿרט די פּיראַמידע חעאָפּס בּעשרעקט פּשוט מיט איהר גרויסקײַט. זי בּעשטעהט פֿון אַ בּאַרג מיט שפּיציגע שטײנער און הויך איז זי געװען פֿינף

און דרייסיג שטאק (הונדערט זיבען און דרייסיג מעטער).
געשטאנען איז די פּיראמידע אויף א קוואדראט גרונד-לאגע,
וואס יעדע זייט האט געהאלטען לערך דריי הונדערט און
פֿונפֿציג פֿוס (צוויי הונדערט זיבען אין צוואנציג מעטער)
אין דער לענג. די פּיראמידע האט פֿערנומען א שטח פֿון
צעהן מארגעס און איהרע פֿיער דריי-עקיגע ווענד וואלטען
פֿערדעקט א שטח פֿון זיבצעהן מארגעס. צו'ם בויען די
פּיראמידע זענען בענוצט געווארען אזוי פֿיעל שטיינער, אז
מען וואלט מיט זיי געקאנט אויפֿבויען א מויער, וועלכע
זאל זיין הויך ווי א מענש, אין דער ברייט זאל זי האלטען
א האלבען מעטער און אין דער לענג — צוויי טויזענד פֿינף
הונדערט קילאמעטער!...

ווען די סוויטע פֿון דעם קרוינפּרינץ האט זיך גע-
זעצט אבּרוהען אונטער די בוימער, האבען עטליכע סאל-
דאטען געזוכט וואסער און טוטמאזיס איז געפֿאלען אויף
דער ערד און איז אנטשלאפֿען געווארען. דער קרוינפּרינץ
און פֿענטוער האבען שפּאציערט און געשמועסט

די נאכט איז געוועזן א ליכטיגע. אין איין זייט האט
מען געזעהן דאס געשטאלט פֿון די פּיראמידען און אויף
דער אנדערער זייט — דעם ספֿינקס, וועלכער האט אויס-
געזעהן קליין געגען די פּיראמידען.

— איך בין דא שוין דאס פֿירטע מאל — האט
דער קרוינפּרינץ געזאגט — און ווען איך קום דא אהער
ווערט מיין הארץ פֿול מיט בעוואונדערונג און טרויעריגקייט.
ווען איך בין נאך געוועזן א שילער פֿון דער העכערער שו-
לע, האב איך זיך געקלערט, אז ווען איך וועל ווערען א
מלך, וועל איך גרינדען עפּעס גרעסערס און בעסערס, ווי

די פּיראַמידע, אָבער היינט ווילט זיך מיר לאַכען פון מיין חוצפה, ווען איך דערמאָהן זיך, אז דער גרויסער פּרעה, ווען ער האָט געבויעט זיין קבר, האָט בעצאָהלט טויזענד זעקס הונדערט טאַלענטען (ערך 3½ מיליאָן רובל) פאַר בלויס גרינצייג פאַר זיינע אַרבייטער׳ס וועגען... פון וואַנען וואָלט איך געקאָנט בעקומען אַזוי פיעל געלד און אַזוי פיעל מענשען?...

— זיי נישט מקנא דעם גרויסען פרעה — האָט איהם דער כהן געענטפערט. — אַנדערע פרעה׳ס האָבען בע־סערע ווערק איבערגעלאָזט: אַזיערעס, קאַנאַלען, וועגען, בית־המקדש׳ס און שולען.

— צי קאָן מען די זאַכען פערגלייכען מיט פּיראַ־מידען?

— אודאי נישט — האָט גיך געענטפערט דער כהן — אין מיינע אויגען און אין די אויגען פון גאַנצען פאָלק, איז יעדע פּיראַמידע אַ גרויסע זינד און די גרעסטע זינד איז די פּיראַמידע פון חעאָפּס...

— דו ווערסט בייז — האָט איהם געזאָגט דער קרוינפּרינץ.

— ניין. דער גרויסער פרעה האָט געבויעט זיין ...יעזענדיגען קבר אין משך פון דרייסיג יאָהר. הונדערט טויזענד מענשען האָבען געאַרבייט ביי דער פּיראַמידע דריי חדשים יעדעס יאָהר. און וואָס פאַר אַ נוץ האָט מען פון ...ער פּיראַמידע?.. ווען האָט זי געשפּייזט, געהיילט, ...עקליידט?... און ביי דער אַרבייט זענען אומגעקומען יע־...עס יאָהר ביז צוואַנציג טויזענד מענשען... אָדער, אַנדערש ...עזאָגט, דער קבר פון דעם גרויסען פרעה בעשטעהט פון

דעם לעבען פון א האלבען מיליאן מענשען... און וויפיעל בלוט, טרעהרען, שמערצען, — ווער קאן דאס בערעכע־נען?...

דאדורך וואונדער זיך נישט, מיין הערר, פארוואס דער מצרי׳שער פויער קוקט ביז היינט מיט שרעק אויף מערב־זייט, וואו מען זעהט די פיראמידען. די פיראמידען זענען דאך עדות פון זיינע שרעקליכע יסורים און אומזיס־טיגע ארבייט...

און אזוי וועט זיין שטענדיג, ביז די בעוויזען פון מענשליכער גאוה וועלען נישט פערשוואונדען ווערען! אבער ווען וועט דאס זיין? ווען וועלען זיי פערשוואונדען ווערען? שוין דריי טויזענד יאהר סטראשען זיי אונז מיט זייער עקזיסטענץ און זייערע ווענד זענען נאך גלאטיג און זייערע גרויסע אויפשריפטען זענען אונלעזבאר.

— יענע נאכט, אין דער מדבר, האסטו מיר אנ־דערש געזאגט — האט זיך אנגערופען דער קרוינפרינץ.

— ווייל איך האב נישט געקוקט אויף זיי. אבער ווען איך האב זיי פאר מיינע אויגען, נעהמען מיך ארום די זיפצענדע נשמות פון די פערמאטערטע פויערען און זיי זאגען צו מיר: „זעה, וואס מען האט מיט אונז געשאפט!... אונזערע ביינער האבען דאך אויך געשפירט יסורים און אונזערע הערצער האבען געבענקט נאך רוה"...

רעמסס איז גערירט געווארען פאר די ווערטער.

— מיין הייליגער פאטער האט מיר אנדערש די זאך פארגעשטעלט — האט ער געזאגט נאך א ווייל — ווען מיר זענען דא געוועזן פאר פינף יאהר, האט מיר מיין געט־ליכער פאטער דערצעהלט אזא געשיכטע:

אין דער צייט פון פרעה טומטאַזים דעם ערשטען, זענען געקומען שליחים פון לאַנד כּוש, אום זיך אָבצושמועסען וועגען דעם מס. וואָס זיי דאַרפען צאָהלען. שטאָלץ זענען געווען די כּושים! זיי האָבען געזאָגט, אַז איין פערשפּיעלטע מלחמה איז גאָרנישט, וואָרום אין דער צווייטער מלחמה קאָנען זיי געווינען — און עטליכע חדשים האָבען זיי זיך געדונגען וועגען דעם מס.

דער קלוגער מלך האָט זיי געוויזען אונזערע קאַנאַלען און וועגען, כּדי זיי זאָלען וויסען, ווי שטאַרק מיר זענען. זיי האָבען אָבער געענטפערט, אַז אין זייער לאַנד האָבען זיי אומזיסט וואַסער, וואו נאַר זיי ווילען. אומזיסט האָט מען זיי געוויזען די אוצרות פון די בית-המקדש'ס: זיי האָבען געזאָגט, אַז זייער ערד האָט מעהר גאָלד און ציערונג, ווי גאַנץ מצרים האָט. אומזיסט האָט דער הייליגער פרעה מושטרירט פאַר זיי דאָס מיליטער זיינס: זיי האָבען געזאָגט, אַז כּושים איז פערהאַנען מעהר, זעהר פיעל מעהר, וויפיעל פרעה האָט סאָלדאַטען.

דאַמאָלס האָט זיי פרעה געבראַכט אויף דעם אָרט, וואו מיר שטעהען איצט, און ער האָט זיי געוויזען די פּיראַמידען.

די שליחים פון כּוש זענען געגאַנגען אַרום די פּיראַמידען, זיי האָבען געלעזען די אויפשריפטען — און צו מאָרגענס האָבען זיי געשלאָסען דעם אָבמאַך, ווי פרעה האָט געוואָלט.

ווייל איך האָב די געשיכטע נישט פערשטאַנען — האָט רעמסס ווייטער געזאָגט — האָט מיין הייליגער פאָטער מיר ערקלערט

— מיין זוהן, — האט ער מיר געזאגט — די פּיראַמידען זענען אַ אייביגע עדות פון דער איבערמענשליכער גבורה פון מצרים. ווען אַ מענש וואלט זיך געוואלט אויפבויען אַ פּיראַמידע, וואלט ער גלעגט אַ בערגעל מיט שטיינער און נאך עטליכע שטונדען וואלט ער געווארפען זיין אַרבייט, פרעגענדיג: צו וואס טויג מיר די אַרבייט? צעהן, הונדערט און טויזענד מענשען וואלטען צונויפגעזאמעלט אַביסעל מעהר שטיינער, וואלטען זיי געלעגט נישט אין אָרדנונג — און נאך עטליכע טאג וואלטען זיי די אַרבייט אוועקגעווארפען. ווארום צו וואס טויג זיי די אַרבייט?

אָבער ווען פּרעה, ווען די מצרי'שע מלוכה בעשליסט צו זאמלען שטיינער, ווערען צונויפגענומען הונדערטער טויזענדער מענשען און מען בויעט צעהנדליגער יאהרען, ביז די אַרבייט ווערט געענדיגט.

נישט וועגען דעם האנדעלט זיך נאך, צי די פּיראַמידען זענען נויטווענדיג? נאר וועגען דעם, נאר אז דער רצון פון פּרעה'ן זאל ערפילט ווערען.

יאָ, פּענטוער. די פּיראַמידען זענען נישט קיין קברים, נאר דער רצון פון די פּרעה'ס. דער רצון ווערט אויסגעפיהרט דורך אזוי פיעל מענשען, וואס קיין אנדערער מלך האט נישט און אין אזא אָרדנונג און דויערהאַפטיגקייט און ווירקען, ווי ביי די געטער.

נאך אין דער שולע האט מען מיך געלערנט, אז דער רצון פון אַ מענשען איז אַ גרויסע קראַפט, די גרעסטע קראַפט אונטער'ן הימעל. דער רצון פון אַ מענשען קאָן דאך אָבער אויפהויבען נאר איין שטיין. ווי גרויס איז אַלזאָ דער רצון פון דעם פּרעה, וועלכער האט געלאָזט אָנשיטען אזא בארג

מיט שטיינער, נאר ווייל ער האט אזוי געוואלט, האטש אהן שום צוועק.

— צי וואלסטו אויך געוואלט אויף אזא אופן דער־ווייזען, ווי מעכטיג דו ביזט?... — האט איהם פענטוער פלוצלונג א פרעג געטהון.

— ניין — האט דער קרוינפרינץ געענטפערט — ווען די פרעה'ס האבען א מאל געוויזען זייער מאכט, קאנ[ג]ען זיי איצט שוין זיין רחמנות'דיגער, אויסער ווען עס וואלט עמיץ געפרובט זיי נישט צו פאלגען.

„דער יונגער מאן איז דאך ערשט [צ]ואנציג יאהר אלט דריי און צוואנציג יאהר!" — האט דער כהן געזאגט צו זיך אליין.

זיי האבען זיך געווענדעט אין דער זייט פון נילוס און זענען געגאנגען שווייגענדיג.

— לעג זיך שלאפען — האט דער כהן ענדליך גע־זאגט צו איהם — מיר האבען אזא ווייטע רייזע היינט געמאכט

— קאן איך דען אנטשלאפען ווערען?...— האט דער קרוינפרינץ געענטפערט — א מאל נעהמען מיך ארום די מיליאנען פויערען, וועלכע זענען, לויט דיינע ווערטער, אומגעקומען ביי'ם בויען דו פיראמידען (ווי אהן די פירא־מידען וואלטען זיי אייביג געלעבט!...) דערנאך קלער איך וועגען מיין הייליגען פאטער, וועלכער איז אפשר איצט א גוסס... פויערען ליידען!... פויערען פערגיסען בלוט!... ווער קאן מיר דערווייזען, אז מיין הייליגער פאטער ליידט נישט מעהר אויף זיין טייער בעט, ווי דיינע פויערען, וועלכע טראגען גליהענדע שטיינער?...

פויערען, שטענדיג גאר פויערען!... ביי דיר · פ.הג.

פֿערדיענט אויף רחמנות נאָר דער, וואָס די לײַז עסען איהם. אַ גאַנצע רײַהע פּרעה'ס זענען אויסגעשטאָרבען. מאַנכע האָבען געגוסס'ט אין שרעקליכע יסורים, אַנדערע זענען געהרג'עט געוואָרען. דו געדענקסט אָבער נישט די פּרעה'ס נאָר די פֿויערען, וועלכע האָבען אויף דער וועלט מעהר נישט געטהון, נאָר דאָס, וואָס זיי זענען געוואָרען פֿאָטערס פֿון אונזערע פֿויערען, זיי האָבען געשעפּט וואַסער פֿון נילוס אָדער זיי האָבען אַרײַנגעשטופּט אין די פּיסקעס פֿון זייערע קיה קײַלעכלעך פֿון גערשטען.

און מײַן פֿאָטער... און איך?... האָט מען דען מיר נישט געהרג'עט אַ זוהן און אַ פֿרוי פֿון מײַן הויז? האָט דען דער טיפֿאָן אין דער מדבר געהאַט אויף מיר רחמנות?... צי שמערצען מיר נישט די ביינער נאָך אַ לאַנגער רײַזע?... האָב איך דען אַ אָבמאַך געשלאָסען מיט דער קראַנקהײַט, אָדער מיט יסורים, אָדער מיט'ן טויט, אַז זיי זאָלען אויף מיר מעהר רחמנות האָבען, ווי אויף דײַנע פֿויערען?...

זעה, וואָס דאָרט טהוט זיך... די אַזיאַטען שלאָפֿען און אַ שטילקײַט הערשט אַרום זיי; אָבער איך, זייער הערר, האָב אַ האַרץ, וועלכעס איז פֿול מיט נעבעטיגע זאָרג און מיט אונרוהע וועגען מאָרגען. פֿרעג אַ הונדערט־יעהריגען פֿויער, צי ער האָט אין זײַן גאַנץ לעבען געהאַט אַזוי פֿיעל ערביטערונג, וויפֿיעל איך האָב געהאַט אין די עטליכע חדשים, וואָס איך הערש אַלס שני־למלך און אָנפֿיהרער?...

פֿאַר זיי האָט זיך לאַנגזאַם אַרויסגערוקט עפּעס אַ משונה'דיגער שאָטען. דאָס איז געווען אַ בנין, וועלכעס האָט געהאַלטען 50 טריט אין דער לענג און דרײַ שטאָק אין דער הויך. אין די זײַטען איז געווען עפּעס ווי אַ פֿינף

שטאָקיגער טהאָרם מיט אַ אונגעוועהנליכער פֿאָרם.

— אָט איז דער ספֿינקס! — האָט דער צערײַצטער
קרוינפּרינץ געזאָגט — ער איז די כּהנים׳ס אַרבּײַט!...
וויפֿיעל מאָל איך האָב איהם געזעהן, בּײַטאָג, צי בּײַנאַכֿט
האָט מיך שטענדיג געקוועלט די פֿראַגע. וואָס איז דאָס
און צו וואָס טויג דאָס?...

די פּיראַמידען — פֿערשטעה איך. דער מעכֿטיגער
פּרעה האָט געוואָלט ווײַזען זײַן קראַפֿט, און אפשר האָט
ער געוואָלט זיך פֿערזיכֿערן אין קינפֿטיגען לעבען אַזאַ רוה,
וועלכֿע זאָל נישט קאָנען געשטערט ווערען דורך קײַן שונא
און קײַן גנב. אָבער דער ספֿינקס! דאָס שטעלט פֿאָר
אונזער כּהנים שטאַנד, וועלכֿער האָט אַ גרויסען און קלו-
גען קאָפּ, און אונטער דעם קאָפּ — נעגעל פֿון אַ לײבּ...

אַ שרעקליך מיאוס בּילד, וועלכֿעס איז פֿול מיט
צווייַדײַטיגקײַטען און עס דאַכֿט זיך, אַז ער שטאָלצירט
דערמיט, וואָס מיר זעהען אוים געגען איהם, ווי אַ הײַשע-
ריק. דאָס איז דאָך נישט קײַן מענש, נישט קײַן חיה און
נישט קײַן פֿעלז... נו, וואָס דען איז עס? וואָס פֿאַר אַ
בּעדײַטונג האָט עס?... און זײַן שמײַכֿעל... דו בּעוואונ-
דערסט די אײַבּיג-דויערהאַפֿטיגקײַט פֿון פּיראַמידען — שמײַ-
כֿעלט דער ספֿינקס; דו געהסט שפּאַצירען מיט די קברים —
שמײַכֿעלט ער אויך. ווען די פֿעלדער פֿון מצרים ווערען
גרין, ווען דער טיפֿאָן לאָזט אַרוים זײַנע פֿײַערדיגע פֿערד,
ווען דער שקלאַף זוכֿט פֿרײַהײַט אין דער מדבּר, יעזען
רעמסס דער גרויסער בּרענגט צו פֿיהרען די בּעזיעגטע פֿעל-
קער — פֿאַר אַלע האָט ער זײַן טויטען שמײַכֿעל.

נײַנצעהן קעניגליכֿע דינאַסטיעס זענען פֿאַראיבּער

ווי די שאָטענס, און ער האָט געשמייכעלט. אפילו ווען דער נילוס וואלט אויסגעטריקענט און מצרים וואָלט אומגעקומען אונטער די זאמדען, וואָלט אויך דער ספינקס געשמייכעלט.

ציִ איז דער ספינקס נישט אַ שרעקליך מיאוס בילד, חאָטש ער האָט אַ פנים פון אַ מענשען?

— דו געדענקסט נישט דאָס פנים פון געטער — האָט זיך פענטוער אָנגערופען — אָדער דו האָסט קיין מומיעם נישט געזעהן? אלע אונשטערבליכע קוקען מיט אזאַ רוהיגקייט אויף זאַכען, וועלכע דויערען נישט אייביג. אפילו אַ מענש קוקט מיט אַזאַ רוהיגקייט, ווען זיך אליין איז שוין אומגעקומען...

— די געטער הערען אַ מאָל אוים אונזערע תפלות — האָט דער קרוינפרינץ געזאָגט, ווי צו זיך אליין — אָבער דער ספינקס ווערט קיינמאָל נישט געריהרט, ער האָט נישט קיין רחמנות, נאָר זעהר פיעל ליצנות און שרעק. ווען איך וואָלט אפילו געוואוסט, אז אין זיין מויל האָט ער אַ נבואה פאַר מיינע־וועגען אָדער אַ מיטעל צו הויבען די מלוכה, וואָלט איך אויך נישט געהאַט די העזה איהם צו פרעגען. עס דאַכט זיך מיר, אז איך וואָלט געהערט פון איהם עפּעס אַ שרעקליכע זאך, וועלכע וואָלט ארויסגעזאָגט געוואָרען מיט אַ שרעקליכער רוהע. אזעלכער איז דער ספינקס, דאָס בילד פון די כהנים, ער איז ערגער פון אַ מענשען, וויייל ער האָט אַ לייבען־קערפּער; ער איז ערגער פון אַ חיה, וויייל ער האָט אַ מענשען־קאָפּ; ער איז ערגער פון אַ פעלז, וויייל אין איהם איז פערבאָרגען עפּעס אַ לעבען.

פלוצלונג האָבען זיי דערהערט זיפצענדע, געשטיקטע שטימען, וועלכע זיי האָבען נישט געקאָנט בעצייכנען.

— ער זינגט ?... — האט דער קרוינפרינץ געפרעגט מיט בעוואונדערונג.

— אין דעם אונטערערדישען בית־מקדש זינגט מען דאס — האט דער כהן געענטפערט — אבער פארוואס ווענען זיי איצט מתפלל ?

— זאג בעסער : וואס בעטען זיי, ווען קיינער הערט נישט זייער תפלה ?

פענטווער איז גיך געגאנגען אין דער זייט, פון וואנען דאס געזאנג איז אנגעקומען. דער קרוינפרינץ האט געפונען א שטיין מיט א אנלעהן און ער האט זיך געזעצט אבּרוהען. ער האט אויסגעצויגען די הענד און געקוקט אויף דעם ריזענדיגען פנים פון ספינקס.

האטש עס איז דאמאלט טונקעל געוועזן, האט מען דייטליך געזעהן דאס איבער־מענשליכע פנים, וועלכע דער שאטען האט צוגעגעבען לעבען. און וואס לענגער דער קרוינפרינץ האט זיך איינגעקוקט אין דעם פנים, דאס שטארקער האט ער געשפירט, אז ווענען דעם ספינקס האט ער אומזיסט געהאט א שלעכטען מיינונג.

אויף דעם פנים פון ספינקס איז קיין אכזריות נישט געוועזן. אין זיין שמייכעל איז נישט געוועזן קיין ליצנות, נאר א טרויעריגקייט. ער האט נישט געלאכט פון עלענדקייט און יסורים, נאר ער האט דאס נישט געזעהן.

זיינע אויגען האבען געקוקט ווייט איבער'ן נילוס, אין לענדער, וועלכע דעם מענשענס אויג קאן נישט דערזעהן. צי האט ער געפארשט דאס אויפוואקסען פון דער מאנארכיע אין אשור? צי דאס לויפען פון די פעניציאנער? צי דאס וואקסען פון גריעכענלאנד? און אפשר נאר די געשע־

הענישען נעבען דעם ירדן ?... — ווער קאן דאס וויסען ?

דאס איינע איז דער קרוינפרינץ זיכער געווען, אז — דער ספינקס קוקט, טראכט און מיט א רוהיגען שמייכעל ווארט ער עפּעס אב. און דאס האט זיך איהם אויך געדאכט, אז ווען דאס „עפּעס" וועט זיך ווייזען אויפ'ן האריזאנט וועט דער ספינקס זיך אויפשטעלען און געהן געגען דעם.

וואס דאס וועט זיין און ווען וועט זיך דאס ווייזען ?... דאס איז א סוד, וועלכען מען דערקענט אין דעם פנים פון ספינקס. דאס וועט אבער א ודאי געשעהן פלוצלונג, ווארום מען זעהט דאך, אז אין משך פון אזוי פיעל הונדערטער יאהרען האט דער ספינקס אפילו אויף איין מינוט נישט פערמאכט די אויגען און ער קוקט, קוקט שטענדיג אהן אויפהער...

פענטוער האט דערווייל געפונען דאס פענסטער, דורך וועלכען עס זענען ארויס פון אונטער דער ערד די זיפצענדע קולות פון די זינגענדע כהנים.

ערשטער כאהר: „שטעה אויף, שטראהלענדער די איזיס, ווי עס שטעהט אויף סאטיס אין דער פריה.

צווייטער כאהר: דער גאט עמון-רע איז געווען אויף מיין רעכטער זייט און אויף מיין לינקער זייט. ער אליין האט מיר געגעבען די ממשלה איבער דער גאנצער וועלט און מיינע שונאים האט ער געווארפען פאר מיר.

ערשטער כאהר: דו ביזט נאך געווען יונג, דיינע האר זענען נאך געווען געפלאכטען, נאר אין מצרים האט מען אהן דיין בעפעהל גארנישט געטהון און קיינער האט מען נישט אויפגעהויבען אהן דיין ווילען

צווייטער כאָהר: איך בין געקומען צו דיר, דו הערשער איבער געטער, דו גרויסער גאָט, העדר פון דער זון. דער גאָט תום פערשפרעכט מיר, אז די זון וועט זיך ווייזען און אז איך וועל צו איהר זיין ענהליך, און דער נילוס פערשפרעכט מיר, אז איך וועל דערגרייכען צו דעם שטוהל פון אָזירים און איך וועל דעם שטוהל האָבען אויף אייביג.

ערשטער כאָהר: דו ביזט צוריקגעקומען בשלום, דו הערשער איבער ביידע וועלטען, דו רע־מרי־אמן־רעמסס. איך פערזיכער דיר אייביגע מאַכט מלכים וועלען קומען צו דיר און דיר כבוד אָבגעבען.

צווייטער כאָהר: אָדו, אָזירים־רעמסס! דו אייביג לעבענדער זוהן פון הימעל, וועלכער ביזט געבוירען געוואָרען פון דער געטין נוט. זאָל דיין מוטער דיך ארום־נעהמען מיט א סוד פון הימעל און זי זאָל ערלויבען, אז דו זאָלסט ווערען א גאָט, אָדו, אָזירים־רעמסס!" *)

— איז שוין דער הייליגער פרעה געשטאָרבען!...— האָט פענטוער צו זיך געזאָגט.

ער איז אוועקגעגאנגען פון דעם פענסטער און איז צוגעגאנגען צו דעם אָרט, וואו דער קרוינפּרינץ איז געזע־סען פערטיעפט אין זיינע געדאנקען.

דער כהן האָט אנידערגעקניעט פאר איהם, איז געפאלען אויף זיין פנים און האָט אויסגעשריען:

— זיי בעגריסט, פרעה, הערשער פון דער וועלט!

---

*) פון די אויפשריפטען אויף די פּיראַמידען.

— וואס זאגסטו? ... — האט דער קרוינפּרינץ אויסגעשריִען, אויפהאפּענדיג זיך פון ארט.

— דער אלמעכטיגער גאט זאל אויסגיִעסען אויף דיר קלונשאפט און קראפט און גליק זאל ער געבען דיין פאלק ...

— שטעה אויף, פענטוער, בכן איך ... בכן איך ...

פּלוצלונג האט ער גענומען דעם כהן ביי דעם ארעם און ער האט איהם אויסגעדרעהט צו דעם ספינקס.

— קוק אויף איהם — האט ער געזאגט.

אויף דעם ספינקס האט מען אבער קיין שום ענדערונג נישט געזעהן. איין פרעה איז אוועקגעגאנגען פון דער וועלט, דער צווייטער איז אנגעקומען און דאס פנים פון דעם ספינקס איז געבליבען דאס זעלבע. אויף דעם מויל האט ער געהאט זיין שמייכעל, אויף די אויגען — א אבוואַרטונג אויף עפּעס, וואס זאל אנקומען א מאל, נאר מען ווייסט נישט ווען.

קירצליך זענען צוריקגעקומען צוויי שליחים און האבען געמעלדעט, אז די שיפען ווערען פארבערייטעט.

פענטוער איז געגאנגען צווישען די פאלמען און געשריִען:

— חאפּ זיך אויף! ... חאפּ זיך אויף! ...

די אזיאטען האבען זיך באלד אויפגעחאפּט און אנגעהויבען רייניגען די פערד. אויך טוטמאזיס האט זיך אויפגעחאפּט און שרעקליך געגענעצט.

— בררר! ... — האט ער געמורמעלט — ווי קאלט איז! ... דער שלאף איז א זעהר גוטע זאך! ... איך בין נאר א ביסעל געשלאפען און קאן שוין פאהרען אפילו אויף

עק וועלט ... ברר!... איך האב שוין פערגעסען, וואס פאר א טעם וויין האט, און עס דאכט זיך מיר, אז די הענד האבען מיר אנגעהויבען בעוואקסען צו ווערען ווי א שאקאל... און ביז צו'ם פאלאץ האבען מיר נאך צו פאהרען צוויי שטונדען.

גליקליך זענען די פויערען!... זיי שלאפען זיך. שפירען גארנישט, אז מען דארף זיך באדען און צו דער ארבייט געהען זיי נישט, ביז די ווייבער געבען זיי גערשטען גריץ, און איך, איך, גרויסער מאן, מוז ביי נאכט זיך שלעפען אין דער מדבר, נישט האבענדיג אין מויל א טראפען וואסער...

די פערד זענען געשטאנען גרייט און רעמסס איז אויפגעזעסען אויף זיין פערד. פענטוער איז צוגעגאנגען, האט אנגענומען די לייצען פון דעם הערשערס פערד און געפיהרט עס, געהענדיג אליין צו פוס.

— וואס איז דאס? — האט טוטמאזיס געפרעגט מיט בעוואונדערונג.

באלד האט ער זיך אבער א חאפ געטהון, ער איז צוגעלאפען און גענומען רעמסס'ענס פערד ביי די לייצען אין דער צווייטער זייט. און אזוי זענען זיי געגאנגען אלע, שווייגענדיג און וואונדערנדיג זיך אויף דעם כהן, חאטש זיי האבען געשפירט, אז עס איז עפעס וויכטיגס געשעהן.

אברייטענדיג עטליכע הונדערט טריט, און זיי האבען געהאט פאר זיך א וועג צווישען פעלדער.

— זעצט זיך אויף די פערד — האט רעמסס געזאגט — מיר מוזען זיך איילען.

— דער הײליגער רעססס הײסט זיצען אויף די פערד! — האט פענטוער געזאגט.

אלע זענען געבליבען, ווי פערשטײנערט, טוטמאזיס האט אבער באלד פערשטאנען, וואס עס איז געשעהן און ארויפלעגענדיג די הענד אויף דער שווערד, האט ער אויסגעשריען:

— אײביג זאל לעבען אונזער אלמעכטיגער, אײביג לעבענדער און גנעדיגער אנפיהרער, פרעה-רעססס!

— אײביג זאל ער לעבען!... — האבען די אויפסען אויסגעשריען, קלינגענדיג מיט זײער געוועהר.

— איך דאנק אײך, מײנע טרײע סאלדאטען! — האט רעססס זײ געענטפערט.

א ווײלע דערנאך איז די סוויטע געריטען צום גלום.

---

# ענדע צווייטער טייל.

עָק וועלט ... בררר!... איך האָב שוין פֿערגעסען, וואָס פֿאַר אַ טעם וויין האָט, און עס דאַכט זיך מיר, אַז די הענד האָבען מיר אָנגעהויבען בעוואַקסען צו ווערען ווי אַ שאַקאַל... און ביז צו'ם פּאַלאַץ האָבען מיר נאָך צו פֿאָהרען צוויי שטונדען.

גליקליך זענען די פֿויערען!... זיי שלאָפֿען זיך. שפּירען גאָרנישט, אַז מען דאַרף זיך באָדען און צו דער אַרבייט געהען זיי נישט, ביז די ווייבער געבען זיי געשטעןְ גריץ, און איך, איך, גרויסער מאַן, מוז ביי נאַכט זיך שלעפּען אין דער מדבר, נישט האָבענדיג אין מויל אַ טראָפּען וואַסער...

די פֿערד זענען געשטאַנען גרייט און רעמסס איז אויפֿגעזעסען אויף זיין פֿערד. פּענטוער איז צוגעגאַנגען, האָט אָנגענומען די לייצען פֿון דעם הערשערס פֿערד און געפֿיהרט עס, געהענדיג אַליין צו פֿוס.

— וואָס איז דאָס? — האָט טוטמאָזיס געפֿרעגט מיט בעוואונדערונג.

באַלד האָט ער זיך אָבער אַ חאַפּ געטהון, ער איז צוגעלאָפֿען און גענומען רעמסס'ענס פֿערד ביי די לייצען אין דער צווייטער זייט. און אַזוי זענען זיי געגאַנגען אַלע, שווייגענדיג און וואונדערנדיג זיך אויף דעם כהן, חאָטש זיי האָבען געשפּירט, אַז עס איז עפּעס וויכטיגס געשעהן.

אָברייטענדיג עטליכע הונדערט טריט, און זיי האָבען געהאַט פֿאַר זיך אַ וועג צווישען פֿעלדער.

— זעצט זיך אויף די פֿערד — האָט רעמסס געזאָגט — מיר מוזען זיך איילען.

— דער הײליגער רעמסס הײסט זיצען אויף די פֿערד! — האט פענטוער געזאגט.

אלע זענען געבליבען, ווי פֿערשטײנערט, טוטמאזיס האט אבער באלד פֿערשטאנען, וואס עס איז געשעהן און ארויפֿלעגענדיג די הענד אויף דער שווערד, האט ער אויסגעשריען:

— אײביג זאל לעבען אונזער אלמעכטיגער, אײביג לעבענדער און גנעדיגער אנפֿיהרער, פרעה־רעמסס!

— אײביג זאל ער לעבען!... — האבען די אויפֿשטען אויסגעשריען, קלינגענדיג מיט זײער געוועהר.

— איך דאנק אײך, מײנע טרײע סאלדאטען! — האט רעמסס זײ געענטפֿערט.

א װײלע דערנאך איז די סוויטע געריטען צום פּאלאץ.

---

## ענדע צווייטער טייל.